# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

אָרגאַן פון שרייבערפאַרבאַנד פון סססר

דערשיינט פון 1961

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל"
מאָסקווע

7 יול

1987

# אינהאַלט



■


**הויפּט־רעדאַקטאָר**

א. ווערגעליס

**רעדקאָלעגיע:**

כ. ביידער (שטעלפאַרטרעטער פון הויפּט־רעדאַקטאָר),

ש. גאָרדאָן, ט. גען,

א. טווערסקאָי, נאָטע לוריע,

ב. מאָגילנער, ב. מילער,

כ. מעלאַמוד, ה. פּאָליאַנקער,

י. שוסטער (פאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר), י. שרײַבמאַן

פאַראַרן איז דער יול־נומער פון „סאָוועטיש היימלאַנד“
אָפּגעגעבן געוואָרן דער יונגער גענעראַציע
ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער.
די דאָזיקע זשורנאַל־זאַמלונג,
וואָס איז דורכויס באַשטאַנען פון ווערק,
אָנגעשריבענע מיצאַד אוטאָרן־אָנפאַנגער,
האָט געמאַכט א רוישעם
אין דער ייִדישער ליטעראַרישער סוויווע,
זײַענדיק אַן אָנזיט אַף דעם שפּעטערישן העמשעך.

עס האָבן זיך אָבער אויך געהערט פאָרזיכטיקע
אַרויסזאָגונגען וועגן דעם,
אַז דאָס איז, מעגלעך, אַן איינמאָליקע דערשײַנונג.
ס'איז דורכגעגאַנגען אַ יאָר צײַט,
און מיר גיבן ווידער אָפּ דעם יול־נומער פון „סאָוועטיש היימלאַנד“

פאַר נײַע ווערק פון די יונגע.
דאָ וועלן די לייענער טרעפן שוין באַקאַנטע נעמען,
ווי אויך נעמען פון יונגע שרײַבער,
וועלכע זײַנען געקומען מיט זייערע ווערק
אײַנגיכן נאָכן דערשײַנען
פונעם ערשטן יוגנטלעכן נומער
פון אונדזער זשורנאַל.

גענאַדי עסטרײַך

# די
# רויטע
# באַלקע

## 1

— גיט נאָר א קוק! — דער זיידע יערוכעם ווײַזט אַלעמען זײַן דלאָניע, וווּ ס'ליגט א בייגל, וואָס ער האָט צעבראָכן מיט די פינגער, — ס'ברעכט זיך שטענדיק אויף פיר טיילן. און דאָ, נא דיר גאָר, אויף דרײַ.

דער זיידע זיצט אין זײַן שווארצן צווייבאָרטיקן יאַמטעווו־אַנצוג, אין א ווײַס העמדל מיט א ברייטן שניפּס אין גלאַנצנדיקע פּאַסן. ער איז ערשט הײַנט געקומען פון זײַן געבורט־דאָרף אָדער, ווי ער רופט עס, פון „מײַן קאַלאָניע", און קאָן זיך נאָך ניט אָנפרייען סײַ מיט דער רײַזע, סײַ מיטן אומקערן זיך אהיים.

— יאָ, זלאַטע, איך האָב פארגעסן דיר זאָגן. כ'האָב דאָך געזען מאשע אַשעראַווע. דו האָסט זיך, דאכט זיך, געלערנט מיט איר אין איין קלאַס?

— ניין, טאטע, כ'האָב זיך געלערנט מיט זיאמקען, איר שוועסטערקינד, — זלאַטע לייגט אונטער אין אָקסאַנעס טעלער נאָך א קעז־לאַטקע.

— מאמע, איך וויל מער ניט, — קאַניוקעט ווי א קליין קינד אָקסאַנע.

— עס. גיב א קוק אויף אניוטען. — אניוטע, אויף פינף יאָר ייִנגער פון אָקסאַנען, עסט סאָליד. ס'פילט זיך גלײַך, אז איר דאַרף מען ניט אײַנריידן נעמען אן איבעריק שטיקל. — זאָג איר, זאָל זי כאַטש איין מאָל אָפּעסן ווי א מענטש. פארוואָס עפּעס נאָר איך דאַרף זײַן שטענדיק א שלעכטע? — זלאַטע קוקט אפן מאַן.

מאַקסימאָוו שאָקלט אויף „יאָ", נעמט זיך א פּאָר לאַטקעס און כאַזערט איבער אויף א קאָל:

— יאָ. עס.

— עס, עס, אָקסאַנע, — כאַפּט אונטער דער זיידע יערוכעם, — וואָלט איר נאָר א קוק געטאָן אויף מאשע אַשעראַווען. ברייט איז זי געוואָרן, ווי א קאַליטקע. און א בעריע — איינע אין דער וועלט. אָט אזוי בײַט זיך אַלץ. ריסיע, די מוטער אירע, איז געווען פויל ווי א שטעקן, א שלימעזאַלניצע. און בא דער טאָכטער ברענט אַלץ אונטער די הענט.

— זיי לעבן, אזוי ווי פריִער, באַם קלוב? — פרעגט זלאַטע.

— יאָ, אָבער דו וואָלסט די גאַס גאָר ניט דערקענט. עמעס, די גאַס אַליין איז דאַפקע געבליבן אזא, ווי פאַר דער מילכאָמע. נאָר ארום דעם קלוב... ערשטנס, דער קלוב איז גאָר א נײַער. אָבער דעריקער זײַנען די ביימער. דו געדענקסט דעם דירעקטאָר פון דײַן שול? דאַכט זיך, סאָרקין איז געווען זײַן פאַמיליע.

— סימקין, — פאַריכט אים זלאַטע.

— יאָ, יאָ, סימקין. זײַן ווײַב האָט נאָך געארבעט אינעם דאָרפסאָוועט. דאָס האָט דאָך ער צוגעטראַכט פאַרלייגן א פּאַרק ארום דעם קלוב. שטעלט זיך פאָר, די ביימער וואַקסן. נאַט אײַך, איינ־

מיטנדערינען אַ פּאַרק. אַ טראַכט טאָן נאָר. מיט הונדערט יאָר צוריק איז אױף דעם דאָזיקן אָרט געווען אַ ווילדער סטעפּ. מײַן זיידע פֿלעגט דערציילן...

— און וואָסערע ביימער האָט פֿאַרפּלאַנצט אײַער סימקין? — מאַקסימאָוון אינטערעסירט שטענדיק צו וויסן גאָר אומדערוואַרטע פּראַטים.

— מערסטנטייל ניסנביימער.

זלאַטע גיסט אָן טיי. זיי האָבן אַלע ליב טיי מיט בייגל, וואָס מע פֿאַרקויפֿט אינעם ברויט־מאַגאַזין באַם טראַמוויי־אָפּשטעל. זלאַטע קויפֿט גלײַך צו עטלעכע בינטלעך, פֿאַר וועלכע מאַקסימאָוו האָט צוגעקלאַפּט אַ באַזונדערן צוואָק אין אַ ווינקל פֿון דער קיך.

— איר האָט שוין געזען די נײַע שכיינים, וואָס קלײַבן זיך אַריבער אין דער צוואַנציקסטער דירע? — דער זיידע צעברעכט נאָך אַ בייגל, דאָס מאָל אױף פֿיר טיילן.

— כ׳האָב געזען עפּעס אַ מאַשין. דער עלטערער אַריאַל האָט זיך דאָרט געדרייט, — מאַקסימאָוו טרינקט, צובײַסנדיק אַ שטיקל צוקער מיט אַ פֿערטל בייגל צו יעדע עטלעכע זופּן טיי.

— כ׳בין געשטאַנען אַ ווײַלע און געקוקט, — דער זיידע הייבט אױף זײַן ווײַזפֿינגער. דאָס הייסט, אַז ער האָט פֿאַרענדיקט די הקדמה און גייט איבער צום טאַמציס. — דאַכט זיך, דער מאַן איז אַ ייִד. דו ווייסט, אַזאַ מין, אַ גרויסער, אַ שוואַרצער, ווי דו, זלאַטע, דאַרפֿסט געדענקען, זאַלמען דער קאַצעוו, מענדל מאַלקעס מיזיניק. און דאָס ווײַב איז מיסטאָמע אַ רוסישע. רײַכע מענטשן.

— פֿונוואַנען האָסטו דערזען די רײַכקײַט? ס׳שײַט זיך פֿון זיי גאָלד? — פֿרעגט זלאַטע, קלויַמערשט גלײַכגילטיק.

— מע זעט דאָך גלײַך. שטעל זיך פֿאָר, זיי פֿאַרמאָגן אַפֿילו אַ וועלאָסיפּעד. זיי האָבן אים געשלעפּט אינצווייען: אַריאַל מיט עפּעס אַ באָכער. ווײַזט אויס, דער זון פֿון די נײַע שכיינים. אַריאַל איז שוין, פֿאַרשטייט זיך, געווען גוט שיכּור.

### Z

דער ווילדער סטעפּ, וואָס באַהאַלט זיך הײַנט אונטער דער שטאָט, אַ צעוואָרפֿענער אױף צענדליקער קילאָמעטער, האָט גאָר אַמאָל ניט אויסגעהאַלטן די טויזנטיאָריקע אויספּרוּוון מיט רעגן, שניי, ווינט און איז צעשפּאָלטן געוואָרן, איבערלאָזנדיק אױף דעם אָרט אַ לאַנגע טיפֿע באַלקע. דאָס אָרט האָט מען אין שטאָט גערופֿן „די רויטע באַלקע״. „רויט״ איז זי געוואָרן ניט איבער איר זעלטענער שיינקײַט אָדער באַזונדערע רעוואָליוציאָנערע פֿאַרדינסטן. פּאַשעט, נאָך אין די דרײַסיקער יאָרן האָט אין דער באַלקע פֿון די נײַע זאַוואָדן צו דעם גיכן אין די ערטער טײַך אַ פֿלאָס געטאָן אַ וואַרעמער רויטלעך־ברוינער שטראָם. ווי אַ בלוטיקער שפּור פֿון אַ פֿאַרוווּנדעטער כײַע, האָט דער שטראָם זיך געטראָגן אינעם אַ האַלבער שטאָט, אַרויסוואַרפֿנדיק אַמאָל צוריק, אין טײַך, האַלב־לעבעדיקע פֿיש, וואָס האָבן נאַרישערהייט פֿאַרבלאָנקעט אינעם פֿאַרפֿירעריש וואַרעמען גאַניידן.

דאָ, אױפֿן ברעג פֿון דער רויטער באַלקע, צווישן געדיכטע טרויער־ווערבעס, איז נאָך דער מיל־כאָמע סטיכיייש אויסגעוואַקסן „נאַכאַלאָווקע״ — אַ יישעוו פֿון עטלעכע צענדליקער ליים־שטיבלעך, וואָס — אָפּצולאָכעס אַלע אַרכיטעקטור־פֿאַרוואַלטונגען — זײַנען כוצפּעדיק געשטאַנען לענגויס צוויי קרומע נאָמענלאָזע געסלעך. אין דער כאָרעוו געוואָרענער שטאָט האָבן די מאַכט־פֿאָרשטייער געקוקט אױף דער ווילקירלעכקײַט צווישן די פֿינגער, און די אײַנוווינער פֿון דער שטאָטישער הויפּט־מאַגיסטראַל, וואָס איז קימאַט האַרט צוגעגאַנגען צו די נײַע ליים־שטיבלעך, האָבן זיך אײַנגיכן צוגעוווינט צו די ווײַט זיך הערנדיקע אין דער פֿרימאָרגנדיקער שטילקײַט מישעביירעכן פֿון נאַכאַלאָווקער הענער. אין אַ יאָר פֿינף אַרום האָט מען דעם יישעוו אײַנגאַנצן פֿאַרגעזעצלעכט. די צוויי קרומע, אָפּט פֿאַרבלאָטיקטע געסלעך האָבן באַקומען אָפֿיציעלע נעמען — נעקראַסאָוו־גאַס און טאָלסטאָי־גאַס. די נעקראַסאָוו־גאַס האָט מען שפּעטער אַפֿילו טיילוויַז פֿאַראַספֿאַלטירט, און אױפֿן ראָג איז אויסגעוואַקסן אַ פֿינפֿשטאָקיק הויז, וווּ אױפֿן צווייטן שטאָק האָט באַקומען אַ באַזונדערע דירע פּיאָטער אַריאַל מיט זײַן געזינד: דעם ווײַב און דעם איינציקן זון אַלעקסיי. דעם ווײַבס נאָמען האָט קיינער, דאַכט זיך, ניט געוווּסט, אַלע האָבן זי גערופֿן פּאָשעט — קאַרפּאָוונע, לויט איר פֿאָטערנאָמען.

די דירע האָט אַריאַל באַקומען ווי אַ באַוווּסטער שטאָלקאָכער, כאָטש זײַן רום האָט זיך שוין צו יענער צײַט געהאַלטן מערסטנטייל לויט אינערץ, ווײַל פּיאָטער איז אומבאַמערקט פֿאַר זיך צוגעוווינט געוואָרן צו מאַשקע. אַ פּאָר יאָר האָט ער זיך נאָך געהאַלטן אין אַ רעזשים — „הונדערט גראַם פֿאַרן אומבײַט, הונדערט און פֿופֿציק נאָכן אומבײַט״. דערנאָך האָט די דאָזע אָנגעהויבן וואַקסן,

און סאָפּקאָלסאָף האָט ער געמוזט אוועקגיין פונעם זאַוואָד אין עפּעס, ווי ער פלעגט אַליין זאָגן, „אַ שאַראַגע". פון דעמלט אָן האָט ער זיך שטענדיק געדרייט אַף דער פּוסטקע צווישן די צוויי נאַכאַלאָווקער געסלעך, ווו ס'האָט זיך צוגעטוליעט אַ קליינע ווייַן־פּאַלאַטקע.

אַלעקסיי אַריאַל פלעגט אַלע פרייַע שאָען דורכפירן אין דער רויטער באַלקע. דער יונגער דאָר פון די צוויי געסלעך איז געווען באַוווּסט מיט אָפט גאָר ניט אומגעפערלעכע שפּילן. דאָסראָוו דערצויגלינגען פון דער באַלקע פלעגט סאָפּקאָלסאָף „איבערוואַקסן", אָבער מיט אייניקע האָט די מיליציע זיך אינטערעסירט נאָך זייער לאַנג.

ס'איז שווער צו זאָגן, אין וואָס פאַר אַ קאַטעגאָריע וואָלט אַרייַנגעפאַלן אַלעקסיי, ווען ניט מאַקסימאָוו, וועלכער האָט געוווינט אַף איין טרעפּ־פּלאַטפאָרמע מיט אַריאַלס מישפּאָכע און געהאַט באַ אַלעקסייען ביז גאָר אַ גרויסן אויטאָריטעט. די סיבעס פונעם אויטאָריטעט דאַרף מען ניט זוכן אין עפּעס אַ באַזונדערן אָנטייל מיצאַד מאַקסימאָוון אין אַלעקסייס דערציִונג, ווי ס'טרעפט צייַטנווייַז צווישן שכיינים. מאַקסימאָוו איז געווען פון די לייַדנשאַפטלעכע אינזשעניערן, וועלכע לעבן נאָר מיט זייער אַרבעט, און אינדערהיים נודיען זיי זיך, געפינען זיך ניט קיין אָרט. פאַר לאַנגווייַל האָט ער מיסטאַמע אַ צענדליק מאָל געשפּילט מיט אַלעקסייען אין שאָך, און אַ פּאָר מאָל, דאַכט זיך, האָבן זיי אינייַנעם רעמאָנטירט זלאַטעס פּרעסל. האַקיצער, די סיבעס פון אַלעקסייס ציִונג צו מאַקסימאָוון דאַרף מען זוכן אין עפּעס אַנדערש, עפשער אין דעם, וואָס יעדעס ייִנגל קלייַבט אויס פאַר זיך אַ מאַנצבל, פון וועמען ער נעמט איבער די „דערוואַקסענע" גענג. באַנאַנד מיטן שטענדיק שיקערן פאָטער האָט מאַקסימאָוו אויסגעזען צו זייַן קימאַט ווי עפּעס אַ ליכטיקער צייַטונגס־העלד, טאָמיד אַ פאַרזאָרגטער מיטן פּראָדוציר־פּלאַן. און עפשער האָט אַלעקסיי אינסטינקטיוו אָנגעטאַפּט אין מאַקסימאָוון דאָס געפיל פון ניט־באַפרידיקטקייַט, וואָס טרעפט זיך אָפט באַ פּאָטערס פון טעכטער.

מאַקסימאָוו האָט אינדערעמעסן געטרוימט וועגן אַ זון. אָבער נאָך צוויי טעכטער האָט זיך זייַן ווייַב לאַכלוטן אָפּגעזאָגט פאַרזעצן די עקספּערימענטן, דערקלערנדיק, אַז זי, זלאַטע, איז ניט קיין אַרבעס און מאַקסימאָוו איז ניט קיין מענדעל[1], וועגן וועמענס פאַלשער לערע האָט זי געשריבן אַ רעפעראַט נאָך אין מעדינסטיטוט.

— דו זעסט, — פלעגט זי ניט דורכלאָזן קיין מעגלעכקייַט אַ שטאָך טאָן איר מאַן נאָך יעדן אַלעקסייס פּאַרטל, — מיט טעכטער איז רויִקער, איידער מיט אַזאַ מין שיבעניק.

מיטן ווייַב האָט זיך מאַקסימאָוו ניט געשפּאַרט, אָבער צו דעם עלטערן אַריאַל האָט ער זיך צוגעטשעפּעט:

— פון דייַן זון וועט זיך באַקומען אַ גוטער אינזשעניער. איך פיל. ער האָט קלוגע אויגן. לאָז אים נאָר פאַרענדיקן צען קלאַסן, און דערנאָך — אין אינסטיטוט.

— יאָ, אַ קאָפּ האָט מייַן פּאַצאַן אַ ליכטיקן, — האָט געמורמלט פּיאָטער, צוגלעטנדיק מיט דער האַנט זייַן ליסינע, ווי ער פלעגט טאָן אין זעלטענע פאַר די לעצטע יאָרן מאָמענטן פון גייַסטיקע אָנשטרענגונגען, — אַמאָל האָב איך פון דיר געמאַכט אַ לייַט. איצט מאַך דו אַ לייַט פון אַלעקסייען.

פאַר דער מילכאָמע האָט מאַקסימאָוו נאָכן קינדערהיים (דאָרט האָט ער באַקומען זייַן פאַמיליע) טאַקע בעעמעס געאַרבעט עטלעכע יאָר אין אַריאַלס בריגאַדע, איצט, אַף דער פּוסטקע, פלעגט פּיאָטער ליב האָבן דערציילן וועגן דעם ליכטיקן וועג, וואָס ער, אַריאַל, האָט דורכגעלייגט פאַר מאַקסימאָוון.

אָקסאַנע, מאַקסימאָווס עלטערע טאָכטער, האָט זיך געלערנט אין איין קלאַס מיט אַלעקסייען. אין זיבעטן קלאַס, ווען מע האָט זיי אַריבערגעפירט אין דעם צווייטן אומבייַט, נאָך מיטיקצייַט (די שול איז געווען שטאַרק איבערגעפּולט), האָט מאַקסימאָוו געבעטן אַלעקסייען באַגלייטן אָקסאַנען פון דער שול, מאַכמעס דער וועג פאַרבייַ דער רויטער באַלקע האָט געהאַט אַ שלעכטן שעם. די ראָליע פון אַ לייַבוועכטער איז ניט שטאַרק געפעלן געוואָרן אַלעקסייען. דער נאַכאַלאָווקער ערע־קאָדעקס האָט זיך מיט טאַדל באַצויגן צו אַלע אָנטפּלעקונגען פון ריטערלעכקייַט. אָבער אָפּזאָגן מאַקסימאָוון האָט ער ניט געקאָנט.

אין סאָף לערניאָר איז צו זיי צוגעשטאַנען מאַראַט טורדזולאַדזע — דער באַזיצער פונעם וועלאָסיפּעד, וואָס ער האָט צוזאַמען מיטן עלטערן אַריאַל אַרייַנגעטראָגן אין דער צוואַנציקסטער דירע אינעם טאָג, ווען דער זיידע יערוכעם איז געקומען פון זייַן קאָלאָניע.

אַלע האָבן שוין געוווּסט, אַז מאַראַטס פאָטער איז אַ פּאָלקאָווניק, מע האָט אים אַריבערגעפירט אַהער פון קאַלינינגראַד קאָמאַנדעווען מיטן מיליטער־טייל, וואָס שטייט לעבן אַעראָדראָם, אין די אַזויגערופענע סיבירער קאַזאַרמעס (פאַר דער רעוואָליוציע איז דאָרט געשטאַנען עפּעס אַ סיבירער פּאָלק). דעם מיליטערישן סאָד האָט אין הויף גלייַך געבראַכט אַ שיינע פונעם ערשטן שטאָק — אַ סאַניטאַרקע אינעם גאַרניזאָן־שפּיטאָל.

---

[1] מענדעל — דער גרינדער פון גענעטיק האָט עקספּערימענטירט אַף אַרבעס.

דער קלאַס האָט אופגענומען מאראטן גאנץ קאלט. באַכערים האָבן אים געהאלטן פאר א מאמעס זונעלע, מיידלעך — פאר א פראנט און אפילע פאר א בארימער, האגאם ער האָט אינדערעמעסן ניט געהאט קיין איינע פון די כאטאָים. אים האָבן פּאָשעט אונטערגעפירט די צו גוטע פאר יענע יאָרן האלבאָשע, דער וועלאָסיפּעד און אנדערע „גרויסארטיקע" כפייצים. ווען ניט אַלעקסיי מיט זײַנע איַיזערנע קולעקעס, גוט באוווסטע סײַ אין נאכאלאָווקע, סײַ אין ארומיקע גאסן, וואָלט מאראט געוויס ניט איין מאָל באקומען פאר זײַן גרויסארטיקײַט.

3

אין עטלעכע טעג נאָכן סאָף פון די זומער-קאניקולן, ערעוו דעם געאָגראפיע-לימעד, האָבן אַלעקסיי און נאָך עטלעכע באָכערים פארמאכט מיטן לערער-בענקל פון אינווייניק די טיר פונעם קלאַס. דאָסראָוו האָט גלײַך פּאָרגעלייגט עפענען די טיר, וואָרעם ס'איז שוין בעסער באקומען צו „צוויי" באלן, איידער זיך דערנאָך ארויספּלאָנטערן פון אזא אויסזיכטלאָזער געשיכטע. שורע זעלעניז, דער קלאַס-סטאראָסטע, האָט אפילע געפּרוווט ארויסרײַסן מיט גוואלד דאָס בענקל פון דער קליאמקע, אָבער ער האָט געמוזט אָפּטרעטן.

אַלעמען האָט אומגעריכט פארייניקט מאראט. ער האָט דערקלערט, אז אויסזיכטלאָזיקײַט הייסט נאָך ניט קיין זינלאָזיקײַט און אז די אופשטאנדן פון קנעכט האָבן ניט געהאט קיין שום אויסזיכטן,



האגאם זיי האָבן סאָפּקאָלסאָף כּאָרעוו געמאַכט די רוימישע אימפּעריע. דער מוסטער פון די רוימישע קנעכט האָט ווער ווייסט פאַרוואָס באַגײַסטערט דעם גאַנצן קלאַס, און די שוץ איז פאַרשטאַרקט געוואָרן מיט שורע זעלענינס פּאַרטע.

בייס דער גרויסער האַפּסאָקע איז פאַרגעקומען אַן אויסעראָרדנטלעכער פּעדסאָוועט[1]. ס'איז אָנגענומען געוואָרן דער פאָרשלאָג פון וואַלענטינע פּעטראָוונע, דעם קלאַס־אָנפירער, וועגן אופהערן די אומדערפאָלגלעכע אונטערהאַנדלונגען מיטן פאַרבאַריקאַדירטן קלאַס און אויסניצן דעם מאַנצבלשן קויעך פונעם פּעדאַגאָגישן קאָלעקטיוו. די אויפגאַבע האָט גלײַך געלייזט דער גוטמוטיקער לערער פון פיזקולטור מיט אַ צונעמעניש שאַלאָפּײַ. ער האָט זיך דער ערשטער ארײַנגעריסן אין קלאַס און איז פאַרשטיינערט געוואָרן מיט אַ קאַמפּלוסטיקן אויסזען באַם פענצטער, האַלטנדיק נאָך אַלץ אין דער האַנט זײַן אופּבראָך־געצײַג — אַ האַקמעסער פון דער שול־גאָרקיך.

גלײַך נאָך שאַלאָפּײַען איז אין קלאַס ארײַנגעפלויגן וואַלענטינע פּעטראָוונע. צום אַלעם ערשטן האָט זי דערלאַנגט אַ פּליאַסק זעלענינען, וועלכער האָט גלײַך פּאָפּאַדיעט איר אונטער די הענט. זיך אָפּגערעכנט מיטן סטאַראָסטע, איז זי צוגעלאָפן צו אָקסאַנען.

וואַלענטינע פּעטראָוונע האָט געהאַלטן אָקסאַנען פאַר עפּעס אַ וווּרטיכוואָסטקע, אַ האָצעליכע, דעריקער ווײַל יענע פלעגט אַקשאָנעסדיק איגנאָרירן די קאַנאָנישע שול־פאָרמע, לעכאָלהאַפּאַכעס פון אָט אַזאַ קליינקײַט האָט זיך דער קאָנפליקט אָנגעהויבן נאָך אינעם פינפטן קלאַס. די סיכסוכים פלעגן געוויינלעך אופקומען בייס די לימודים פון געאָגראַפיע, וועלכע ס'האָט באַ זיי געפירט וואַלענטינע פּעטראָוונע. אָקסאַנעס שוואַכע ענטפערס (זי האָט אינדערעמעסן נעפלדיק באַנומען אַלע פלעקן און צייכנס אַף די געאָגראַפישע מאַפּעס) פלעגט וואַלענטינע פּעטראָוונע שטענדיק יאַקאָס פאַרבינדן מיט מיידל־ערע, מיט ווירדע פון אַ קינפטיקער מוטער. עטלעכע מאָל האָט זי ארויסגערופן אין שול מאַקסימאָוון. ער, וועלכער האָט שטרענג פאַרוואַרט די קינדער ארומריידן זייערע לערער, פלעגט קומען אַהיים אַ צערודערטער.

— שטעל זיך פאָר, — האָט ער זיך געטיילט מיטן ווײַב, — די שול איז פול מיט גוטע לערער, אָבער די קלאַס־אָנפירערן דערשטוינט מיך מאַמעש.

קאַלזמאַן דער דירעקטאָר האָט געפירט אונטערהאַנדלונגען מיטן אומגעריכט צעבונטעוועטן קלאַס, האָט וואַלענטינע פּעטראָוונע זיך אויסגעמאָלט שרעקלעכע זנוס־סצענעס הינטער דער פאַרמאַכטער טיר, אין וועלכע אָקסאַנע האָט, לויט איר מיינונג, געדאַרפט שפּילן די הויפּט־ראָליע. זי האָט זיך אַזוי בוילעט פאָרגעשטעלט די דאָזיקע סצענעס, וואָס זײַנען ניט קלאָר פונוואַנען ארײַן אין איר גרײַז־גראָוון מוידישן קאָפּ, אַז ס'האָט זי אפילע אָנגעהויבן איבלען.

...וואַלענטינע פּעטראָוונע האָט אַזוי לאַנג געקוקט אַף אָקסאַנען, אַז די אַנדערע בונטאַרן, וועלכע זײַנען איצט געשטאַנען אויסגעצויגן באַ די פּאַרטעס, האָבן סאָפּקאָלסאָף ניט אויסגעהאַלטן די אָנשטרענגונג און אַ סקריפּע געטאָן מיט די דילברעטער. דאָס סקריפּען האָט ארויסגעפירט וואַלענטינע פּעטראָוונען פון פאַרגליווערטקײַט, און זי האָט קימאַט אַ קוויטשע געטאָן:

— נו וואָס, איר האָט זיך שוין אָנגעטאָפּט?!

דער דאָזיקער קוויטש האָט אַלץ איבערגעקערט. אָקסאַנע האָט גלײַך פעסט פאַרנומען דעם קיסע־האַמאַלקעס פון דער ערשטער שול־שיינהײַט, וואָס האָט זיך באַפרײַט נאָך דעם, ווי מילע קוקושקינאַ איז אוועקגעפאָרן קיין קיִעוו זיך לערנען אין אַ טעאַטראַלער שול. און מאַראַט מיט אַלעקסייען זײַנען פאַרוואַנדלט געוואָרן פון לײַבוועכטער אין ריטערס פון זייער האַרץ־דאַמע. דערבײַ איז אינגיכן קלאָר געוואָרן, אַז די דאַמע גופע באַמערקט געוויינלעך בלויז איינעם פון די ריטער — מאַראַטן, און אַלעקסיי האָט, דאַכט זיך, געמאַכט שאָלעם מיט זײַן דריטן אָרט.

## 4 ۞

צוזאַמען מיט די טורדזעלאַדזעס זײַנען אין הויף געקומען אַזעלכע מאָדנע, שיקער מאַכנדיקע מיט אומבאַוווּסטער גרויסאַרטיקײַט ווערטער, ווי „גאַרניטור", „קילקאַסטן" און אפילע טעלעפאָן, דער אייַנציקער אינעם גאַנצן הויז. דעם „סאָצגאָראָד[2], וואָס האָט זיך געצויגן פון דער רויטער באַלקע ביזן טײַך־פאָרט, האָט באַדינט אַ קאָמוטאַטאָר, ווו ס'האָבן געאַרבעט מיידלעך מיט שיינע ברוסטיקע שטימען,

---

[1] אַ פּעדאַגאָגישע באַראַטונג.
[2] בוכשטעבלעך: אַ סאָציאַליסטישע שטאָט.

וועלכע האָבן געקלונגען נאָך נידעריקער און אַפילו וואָרעמער מאַכמעס דעם דאַרעמדיקן „ה״ אַנשטאָט דעם קילבלעכן נאָרמאַנישן „ג״. די אַבאַנענטן פֿונעם קאָמוטאַטאָר האָט מען נאָך דעמלט ניט פֿאַרנומערירט. ס׳איז געווען גענוג פּשוט אופֿהייבן דאָס טרײַבל און זאָגן איינער פֿון די שײן־שטימיקע מיידלעך: „טורדזועלאַדזועס דירע״, און דאָס מיידל האָט שוין אַליין געוווּסט, וואָס מע דאַרף טאָן קעדיי פֿאַרייניקן מיט דער צוואַנציקסטער דירע אויפֿן ראָג פֿון דער נעקראַסאָוו־גאַס. מע דאַרף זאָגן אַז „טורדזועלאַדזועס דירע״ האָט געווירקט, לעמאַשל, אויף אַקסאַנען שטאַרקער, איידער „גאַרניטור״, „קילקאַסטן״ אָדער אַפֿילו „שטיין־קרישטאָל״. „טורדזועלאַדזועס דירע״ האָט געקלונגען פֿאַר איר ערגעץ באַנאַנד מיט „די קאַרעטע פֿונעם פֿירשט באַלקאָנסקי״.

אַקסאַנעס מוטער איז אויכעט ניט געבליבן גלײַכגילטיק צו דער גרויסאַרטיקײַט פֿון דער צוואַנציקסטער דירע. קוידעמקאָל איז זי אַוועקגעפֿאָרן צו זיאַמקע אַשעראָווען, וועלכער האָט פֿאַרוואַלטעט מיט אַן אוניווערמאַג, וואָס איז געשטאַנען סאַמע לעבן דעם גרויסן מאַרק, און יענער האָט איר געקראָגן אַ פּויליש גאַרניטור: אַ נידעריקער סערוואַנט, אַ צעלייג־טיש מיט זעקס בענקלעך און אַ בעט־דיוואַן.

דעם גאַרניטור האָט מען צעשטעלט אינעם גרויסן צימער, און דער אַלטער אָפּגעריבענער דיוואַן מיט אַ קליין שפּיגעלע אינעם אָנלען האָט איבערגעוואַנדערט אין דער קיך, אויפֿן אָרט פֿונעם פֿאַרנעמיקן אויוון, וואָס מע האָט ניט לאַנג צוריק צענומען און פֿאַרביטן אויף אַ גאַז־פּליטקע מיט שוואַרצע פֿליגעלעך. דאָ, אין דער קיך, פֿלעגן זיך אָפּט צונויפֿקלײַבן אָפּדערנאַכט אַקסאַנע, מאַראַט און אַלעקסיי. צו זיי פֿלעגט זיך דורכשלײַכן אַניוטע, כאָטש אַקסאַנע האָט זי שטענדיק געטריבן, ווי ס׳טרײַבן אָפּט עלטערע ברידער און שוועסטער זייערע ייִנגערע ברידער און שוועסטער, קעדיי יענע זאָלן זיי ניט דערמאָנען וועגן דעם, אַז זיי, די עלטערע, זײַנען אויך נאָך ניט זייער דערוואַקסענע.

רוזיקער פֿלעגט מען אופֿנעמען די אָנוועזנהײַט פֿון עדיקן, וועלכער איז געווען אויף צוויי יאָר ייִנגער פֿון זיי. עדיק — זלאַטעס פּלימעניק — האָט געוווינט אין נאַכאַלאָווקע און איז באַוווּסט געווען אַלס בעסטער אין דער שטאָט ראַדיאָ־ליבהאָבער. גאַנצענע נעכט פֿלעגט ער אָפּזיצן בײַ זײַן אַליין־געמאַכטער ראַדיאָסטאַנציע, אײַנשלאָפֿנדיק דערנאָך אויף די לימודים. עדיקס פֿאָטער, אַ שויכעט אויף דעם גרויסן מאַרק, האָט שוין געפּרוּווט צעברעכן די סטאַנציע, אָבער — נאָך דעם, ווי דער זון איז ערגעץ פֿאַרשווּנדן געוואָרן אויף עטלעכע טעג, האָט ער אַ מאַך געטאָן אויף אים מיט דער האַנט און פֿילאָסאָפֿיש זיך געטיילט מיט די פֿרומע ייִדן, וועלכע האָבן צו אים געטראָגן די אויפֿעס: „וואָס קאָן איך טאָן מיט אים? ווי מע זאָגט, קליינע קינדער לאָזן ניט שלאָפֿן, גרויסע — לאָזן ניט לעבן״.

ניט זעלטן פֿלעגט אין דער קיך, צו די יונגע, קומען דער זיידע יערוכעם. דעמלט פֿלעגט זיך צום דיוואַן צורוקן אַ רונדער טיש און אויף דער ריין דורכגעווישטער צעראַטע פֿלעגט זיך אויסשטעלן אַ מעשונעדיקער דעסן פֿון שוואַרצע מיט ווײַסע פֿינטעלעך —ביינדלעך פֿון דאָמינאָ. דער דאָמינאָ איז געווען די איינציקע שפּיל, וואָס דער זיידע יערוכעם האָט אָנערקענט נאָך דעם, ווי עפּעס אַ שווינדלער האָט איינמאָל, מיט פֿופֿציק יאָר צוריק, אויסגענאַרט בײַ אים אין קאָרטן קימאַט אַלצדינג — דאָס אָנגעקליבענע פֿאַר אָנדערהאַלבן יאָר שווערער אַרבעט.

אָבער צום אָפֿטסטן פֿלעגט מען רעדן. עמעס, גערעדט האָט מערסטנטייל מאַראַט. אַ שלאַבעריקער, פֿלעגט ער פֿאַרכאַפּן דעם גרעסטן טייל פֿונעם דיוואַן. ווען ער פֿלעגט אָבער אָנהייבן זשעסטיקולירן — און אַנדערש, אַפֿאַנעם, האָט ער ניט געקאָנט אויסרעדן קיין איין וואָרט, — דאַן פֿלעגט אַפֿילו די גענוג גרויסע קיך שוין אויסזען צו זײַן ענג.

אַלעקסיי איז בעטעווע געווען ניט קיין גרויסער דאַברען. אין דער דירע בײַ אָריאָלן איז ביכלאַל געווען שטענדיק שטיל. נאָך דעם, ווי דער פֿאָטער האָט זיך אַרײַנגעלאָזט אין שיקרעס, איז קאַרפּאָוונע געוואָרן אַן אָפּטער גאַסט אינעם איינציקן אין דער שטאָט קלויסטער, וואָס איז געשטאַנען ניט ווײַט פֿון דער רויטער באַלקע, אַנטקעגן דעם ספּאָרט־זאַל „דינאַמאָ״. אין שטוב האָט זי אַלץ געטאָן שווײַגנדיק, נאָר צײַטנווײַז עפּעס געמורמלט צו דער איקאָנע, וואָס זי האָט געבראַכט פֿון איר געבורטס־דאָרף. דער עלטערער אָריאָל פֿלעגט זיך אויסרעדן אויף דער פּוסטקע. אינדערהיים איז ער אָדער געשלאָפֿן, אָדער געזעסן אין דער קיך, זיך גערייכערט און געקוקט אין פֿענצטער אויף די טראַמווײַען, וואָס האָבן דאָ, אַנטקעגן זייער הויז, פֿאַרקערעוועט צו די זאַוואָדן.

אַ צוהערער איז אַלעקסיי געווען אַ גלענצנדיקער. זײַנע גרויסע באַלכעוואַטע אויגן פֿלעגן ווערן נאָך גרעסער, די קינדעריש־פּוכקע ליפּן — זיך אָנהייבן באַוועגן, גלײַך ווי איבערכאַזערנדיק דאָס דערהערטע. און ער, אַ הויכער, אַ מאָגערער און אַ ביסל אײַנגעהויקערטער, פֿלעגט זיך אינגאַנצן אַרײַנציִען אין דעם דערציילערס רייד.

די הויפּט־טעמע פֿון אַלע זייערע „קיך״־ריידערײַען איז געווען מאָסקווע, ווו אַלע דרײַ — מאַראַט, אַקסאַנע און אַלעקסיי — האָבן געטרוימט זיך לערנען. ווען ניט דער זיידע יערוכעם מיט זײַן דאָמינאָ

און זײַנע מײַסעס וועגן דער „אימפּעריאַליסטיטשעסקע" און דער קאָלעקטיוויזאַציע, וואָלט זיי, דאַכט זיך, גערעדט בלויז וועגן מאָסקווע. נאָר דער זיידע איז אימשטאַנד געווען איבעררײַסן מאַראַטן:

— ששמענדערבעגעץ! — קיינער פֿון זיי האָט ניט געוווּסט, וואָס עס באַטײַט דעם זיידנס „שמענדערבעגעץ", אָבער עס האָט געווירקט אויף זיי ווי אַ קישעף־וואָרט; אַלקאַלפּאָנעם, מאַראַט פֿלעגט גלײַך אַנשוויגן ווערן. — מאָסקווע־שמאָסקווע. דוויגײַטיע לוטשע סטאָל[1].

אָבער ס'איז גענוג געווען דעם זיידן ערגעץ אַרויסגיין, ווי אַלץ פֿלעגט זיך אָנהייבן פֿונסניי. מאַראַט פֿלעגט שרײַען אויף אַלעקסייען, אַז יענער איז אַ נאַר, ווײַל ער קלײַבט זיך גיין אין ענערגעטישן אינסטיטוט.

— פֿונוואַנען האָסטו גענומען, אַז גראָד ענערגעטיק איז דער יעסאָד פֿון אַלצדינג? אויב דו ווילסט שוין וויסן, איז אונדזער יעסאָד לאַנדווירטשאַפֿט. האַגאַם פֿאַרנעמען זיך דאַרף מען מיט פֿיזיק, זי וועט איבערקערן אַלע דײַנע יעסוידעס.

איינמאָל האָט אַלעקסיי איבערגעריסן דעם וויקועך:

— קיין מאָסקווע וועל איך סײַווי ניט אַרײַנדרינגען. מײַנע וועלן ניט אויסציִען אַזאַ ליאַמקע.

— וויפֿל מאָל האָב איך דיר געזאָגט, אַז אין מאָסקווע קאָן מען שטענדיק געפֿינען אַ פֿאַרדינסט, — האָט אָנגעהויבן זיך היצן מאַראַט, — און דער פֿאָטער דײַנער, ווען ניט די מאַשקע, וואָלט געקאָנט אויסלערנען אַפֿילע דרײַ זין.

— דיר איז גרינג צו רעדן, — האָט געענטפֿערט אַלעקסיי און מער זיך ניט געשפּאַרט.

מאַראַט האָט איבערגעלעבט, געשלעפּט אַלעקסייען צו אַ באַקאַנטן סטודענט, וועלכער איז געקומען אויף קאַניקולן. יענער האָט זיי פֿרײלעך דערציילט, ווי ער מיט נאָך עטלעכע באָכערים לאָדן אויס וואַגאָנען מיט זאַמדצוקער און גייען אַרום מיט פֿולע קעשענעס געלט. אַלעקסיי האָט געהערט שווײַגנדיק, אָבער דערנאָך, אין דרויסן, געזאָגט מאַראַטן און עדיקן, ווען מאַראַט האָט אײַנגערעדט גיין מיט זיי ווי אַן אײדעס, אַז דאָס אַלץ איז אַ קונדייסערײַ, ער דאַרף אַ גאַראַנטירט שטיקל ברויט.

## ❂ 5

אין סאָף יאָר האָט מען מאַראַטס פֿאָטער געשיקט אין אַ קאָמאַנדירונג קיין מאָסקווע. הײַנט איז שוין שווער צו זאָגן, וועמענס אידיי איז דאָס געווען, ער זאָל נעמען מיט זיך מאַראַטן און אָקסאַנען. דאַכט זיך, די איניציאַטיוו האָט אַרויסגעוויזן מאַראַטס מוטער.

אָקסאַנע האָט עטלעכע טעג זיך ניט אַנטשלאָסן פֿאַרטרויען די עלטערן דעם פּלאַן, וואָס איז געווען פֿאַר איר ווי עפּעס אַ כאָלעם, אַ וווּנדערלעכער און גלײַכצײַטיק אַן אומעגלעכער. אַזוי האָט זי זיך געהאַלטן ביזן סאַמע איר געבורטסטאָג, פֿינקטלעכער, ביזן טאָג, ווען מע האָט אָפּגעמערקט איר געבורטסטאָג, ווײַל זלאַטע האָט באַשלאָסן רופֿן אַלעמען ניט פֿרײַטיק, נאָר זונטיק. עמעס, פֿרײַטיק זײַנען סײַווי געקומען עטלעכע קרויוים, אָבער — אויב ניט רעכענען דעם גרויסן טעלער מיט סאַלאַט „אָליוויע" און אַ פּאָר פֿלעשער היימישן ווײַן — איז דאָס געווען אַ געוויינלעכע פֿאַמיליען־וועטשערע.

זונטיק האָט דער זיידע יערוכעם אָנגעטאָן זײַן אַרויסגאַנג־אָנצוג און איז לאַנג געזעסן בײַ זיך אין צימער: געגרייט דעם טאָסט. אַ מיזיניק בײַ זײַנע שוין דאַן באַיאָרטע עלטערן, איז יערוכעם פֿאַרטיאַנסקי געוואַקסן ווי אַ צעבאַלעוועט קינד. זײַן פֿאָטער, אַ פּויער פֿון אַ ייִדישער קאָלאָניע אויפֿן ברעג פֿונעם טײַך אינגול, האָט באַשלאָסן מאַכן פֿון זײַן יערוכעלע „אַ מענטש". אַזוי האָט יערוכעם פֿאַרענדיקט אין דער שטאָט אַ קאָמערץ־שול (הײַנט געפֿינט זיך אין דער געבײַדע פֿון דער שול דער שטאָטישער מוזיי מיט אַ טשוטשעלע פֿון אַן אומגלייבלעך ריזיקן כאַזער אינמיטן דעם געוועזענעם אַקטן־זאַל). אָפּגעאַרבעט אַלע יאָרן אַלס בוכהאַלטער, האָט יערוכעם זיך פֿאַרעכנט צווישן די היגע אינטעלעקטואַלן. און בעעמעס, ווען דער זיידע יערוכעם פֿלעגט גיין מיט זײַן שטעקעלע אין פֿילהאַרמאָניע אויף אַ סימפֿאָנישן קאָנצערט, פֿלעגן די פֿאַרבײַגייער קוקן אויף אים אַזוי, גלײַך ער וואָלט געווען אַ פּערסאָנאַזש פֿון ווערא כאָלאָדנאַיאַס סינעמאַטאָגראַף.

ווען אָקסאַנעס געסט האָבן זיך רויִשיק צעזעצט אַרום דעם טיש — כוץ מאַראַטן, אַלעקסייען און עדיקן האָט זי אײַנגעלאַדן נאָך עטלעכע קלאַס־כאַווערטעס — איז אויפֿגעשטאַנען דער זיידע יערוכעם:

— טײַערע געסט, — האָט ער אָנגעהויבן פֿײַערלעך, — מײַן ווײַב און אָקסאַנעס באָבע, וואָס איז אַזוי פֿרי אַוועק פֿון אונדז, איז געווען אַ פּראָסטע דאָרפֿישע פֿרוי. ווען מיר האָבן כאַסענע געהאַט

[1] רוקט בעסער דעם טיש (רוס.).

און זי איז אַריבערגעפֿאָרן צו מיר אַהער, אין שטאָט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי קען קימאַט קיין איין רוסיש וואָרט ניט. אָבער שטעלט זיך פֿאָר, זי פֿלעגט זיך יאַקאָס צונויפֿרעדן מיט אַלע אונדזערע שכיינים. און שכיינים זײַנען בײַ אונדז געווען דאַן, קיין אײַנהאָרע, נײַן. אַלזאָ, איך וויל דיר, אַקסאַנע, ווינטשן, דו זאָלסט שטענדיק פֿאַרשטיין דײַנע כאַווירים, דײַנע עלטערן און אַפֿילע מיך, דײַן אַלטפֿרענ־קישן זיידן, — ער האָט זיך אופֿגעהויבן און אַ קוש געטאָן אַקסאַנען אין שטערן.

אַקסאַנע איז געווען אין קאַס אויף אים. טאָמיד קריכט ער אומעטום מיט זײַנע „ייִדישע" מוסער־האַסקלאָס. זי האָט געפֿילט, אַז דער אַלטער וועט זײַן קעגן איר רײַזע קיין מאָסקווע, וועט אָנהייבן טײַנען: „אין מײַנע צײַטן" און אַזוי ווײַטער.

דאָס פֿאַרגעפֿיל האָט זי ניט אונטערגעפֿירט. דעם ערשטן אָנגריף האָט זי אונטערגענומען אינעם זעלבן אָוונט, ווען די געסט זײַנען זיך פֿאַנאַנדערגעגאַנגען. ווי מע האָט זיך געקאָנט דערוואַרטן, האָט דעם זיידנס „אין מײַנע צײַטן" געמאַכט דעם פּרווו צו נישט, פּינקטלעכער: זלאַטע האָט צעבראָכן אַ גרויסן טעלער פֿונעם דײַטשישן קאָבאַלט־סערוויז, מאַקסימאַוו האָט זיך געוואָרפֿן צונויפֿקלײַבן די שפּליטערס, קעדיי שפּעטער פּרווון זיי צונויפֿקלעפּן (כאָטש זלאַטע האָט אויף אים טראַגיש געשריִען, אַז אַ צע־קלאַפּטן נאַכעס האָט נאָך קיינער ניט צונויפֿגעקלעפּט), דער זיידע האָט ציטירט עפּעס אויף פֿראַנצויזיש פֿון „מאַדאַם באָוואַרי", און אַקסאַנע האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר, זיך פֿאַרבאַהאַלטן אינעם וואַנע־צימער, פֿונוואַנען זי איז אַרויס, ערשט ווען אין דער דירע איז געוואָרן שטיל, בלויז די מוטער האָט דעמאָנסטראַטיוו הילכיק געזוכט די האַרץ־טראָפּנס.

אויפֿן אַנדערן טאָג זײַנען אַלעמאָל אויסגעבראָכן „שלאַכטן פֿון אַרטיקער באַדײַטונג", נאָר — זלאַטע און דער זיידע האָבן זיך געהאַלטן פֿעסט: ס'איז ניט לײַטיש, און גאָר. צום אָוונט איז צו זיי פּלוצעם געקומען מאַראַטס מוטער (דערפֿון דרינגט אַרויס די האַשאָרע, אַז זי, אייגנטלעך, האָט פֿאַרקאָכט די קאַשע). שפּעטער וועט זלאַטע דערפֿילן, אַז זי האָט געגעבן די האַסקאָמע, ווי אונטער היפּנאָז. ס'האָט געווירקט אַלץ: אי דער קאַראַקולענער פֿוטער, אי דאָס אַלטצײַטיקע פֿינגערל, אי דער דופֿט פֿון אַ שײנער זעלבסטזיכערער פֿרוי, אי אַפֿילע דאָס וואָרט „גענעראַל". האַקיצער, מאַראַטס מוטער האָט אײַנגערעדט זלאַטען, אַז וועגן לײַטישקייט איז ניטאָ ביכלאַל וואָס צו רעדן — קסיושע (אַזוי האָט זי גערופֿן אַקסאַנען) און מאַראַט זײַנען נאָך קינדער. שוין אָפּגערעדט פֿון דעם, אַז זיי וועלן זיך אָפּשטעלן אין זייער אַ לײַטישער שטוב, בײַ איינעם אַ פֿרײַנט, אַ גענעראַל. דעם גענעראַלס טאָכטער האָט דורכן טעלעפֿאָן צוגעזאָגט צו ווײַזן זיי די שטאָט.

סאַפּקאָלסאָף (כאָטש דער זיידע איז געבליבן קעגן און האָט, פֿאַרשטייט זיך, געזאָגט זײַן „שמענ־דערבעגעץ") איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אַזאַ רײַזע גייט ניט אַרויס אויסער די ראַמען פֿון אָנשטענ־דיקײַט.

אַפּדערנאַכט, ערעוו דעם אָפּפֿאָר, איז צו אַקסאַנען געקומען אַלעקסיי. אַקסאַנע איז געווען אין דער „דעוויטשיאַ", ווי מאַקסימאַוו האָט גערופֿן דעם צימער בײַ דער קיך.

— קלײַבסט זיך צונויף? — האָט געפֿרעגט אַלעקסיי.

— יאָ, איך קלײַב זיך צונויף. צוליב וואָס ביסטו געקומען?

— וואָס זשע, מע טאָר ניט?

— פֿאַרוואָס? זיך, אויב דו ווילסט וויסן, וואָס איך נעם מיט זיך קיין מאָסקווע.

אַקסאַנע האָט אַרויסגענומען פֿונעם שיפֿאָניער דאָס נײַע גרינע וואָלענע קלייד און האָט עס זאָרגפֿעליק צונויפֿגעלייגט, קעדיי עס זאָל אַרײַנגיין אין טשעמאָדאַן. אַלעקסיי האָט זיך דערמאָנט, ווי אַקסאַנע איז שיין געווען אין דעם דאָזיקן קלייד אויפֿן שול־אָוונט, געווידמעט דעם טאָג פֿון קאָנסטי־טוציע.

— איך בין געקומען, אַקסאַנע, קעדיי איבערעדן מיט דיר.

— רעד. אָבער פֿריִער העלף מיר פֿאַרמאַכן דעם טשעמאָדאַן.

אַלעקסיי האָט אָנגעקוועטשט פֿון אויבן אויף דער פּיבערע פֿונעם טשעמאָדאַן, און אַקסאַנע האָט פֿונעם ערשטן פּרווו באַוויזן אַ ליאַזגע טאָן מיט די שלעסער.

זיי זײַנען געזעסן אויף די בענקלעך בײַ דעם טיש, אויף וועלכן ס'איז געלעגן דער טשעמאָדאַן.

— אַקסאַנע, דו ווייסט, ווי איך באַצי זיך צו דיר?

— לעמאַשל, יאָ. וואָס ווײַטער?

— וויבאַלד אַזוי, פֿאַרוואָס פֿאָרסטו מיט מאַראַטן?

— ערשטנס, דו רופֿסט דאָך מיך ניט. כוץ דעם, וואָס איז דאָ אַזוינס? דו ביסט אַ מאַמעש ווי דער זיידע. איך פֿאָר דאָך ניט, קעדיי ווערן פֿאַרהייראַטעט אין דעם יעלאָכאָווער קלויסטער. כ'וויל אַ קוק טאָן אויף מאָסקווע.

— אָבער דו קלײַבסט זיך כאַסענע האָבן.

— אויב אַפֿילע איך קלײַב זיך, איז וואָס?

— דו האָסט שוין פֿעסט באַשלאָסן?

זי האָט זיך צעלאַכט:

— דו ביסט, ליאָשקע, אַ נאַר. מיר דאַרפֿן נאָך אַ האַלב יאָר זיך לערנען אין שול. און הער אויף דרייען דעם טישטעך. מיר קלײַבן זיך דערווײַל אים ניט אַרויסוואַרפֿן.

אַלעקסיי האָט אויסגעגלײַכט די פֿרענדזלעך, וואָס ער האָט פֿאַרפּלאָכטן אין עטלעכע צעפּעלעך.

— און פֿאַר מיר ווילסטו ניט כאַסענע האָבן?

— ניין.

— פֿאַרוואָס?

— פּאַשעט. איך וויל ניט, און גאָר. אַ נאַפּקעמינע? כ׳האָב דיך ניט ליב.

— אָבער פֿריִער האָסטו זיך געכאַוועדט מיט מיר, — אַלעקסיי האָט פֿאַרפּלאָכטן אַ נײַ צעפּעלע.

— כ׳האָב זיך ניט געכאַוועדט מיט דיר. מיר פֿלעגן פּאַשעט צוזאַמען גיין אין שול.

אַלעקסיי איז אָפּגעשטאַנען און האָט מיט ביידע הענט זיך אָנגעשפּאַרט אַפֿן אַנלען פֿונעם בענקל, גלײַך ווי ער וואָלט זיך געקליבן עס אַרײַנקוועטשן אין דיל.

— אַקסאַנע, איך וויל, דו זאָלסט כאַסענע האָבן פֿאַר מיר.

— ווען? מאַמעש הײַנט? — זי האָט זיך ווידעראַמאָל צעלאַכט.

— פֿאַרוואָס הײַנט? נאָך דעם, ווי מיר וועלן פֿאַרענדיקן די שול.

— דעמלט וועל איך אַוועקפֿאָרן קיין מאָסקווע.

— כ׳וועל דאָך אויך פֿאָרן אַהין.

— אין ערגעץ וועסטו ניט פֿאָרן, — זי האָט דאָס געזאָגט הארט, אין טאָן פֿון וואַלענטינע פּעטראָוונען, — דו ווייסט וועגן דעם אַליין.

— דערפֿאַר האָסטו אויסגעקליבן מאַראַטן?

אַקסאַנע איז אָפּגעשטאַנען.

— וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט צו מיר? באַ אונדז מיט מאַראַטן איז אַ ליבע. פֿאַרשטייסט? אַ ליבע! — די לעצטע ווערטער האָט זי קימאַט אויסגעשריִען.

— און אויב איך וועל פֿונדעסטוועגן פֿאָרן קיין מאָסקווע?

— וועסטו זײַן אַ מאַלאַדיעץ. און איצט גיי, איך וויל שוין שלאָפֿן.

**6**

וועגן דעם בריוו איז באַוווּסט געוואָרן, ווען מע האָט אַלעקסייען צוזאַמען מיטן פֿאָטער אַרויסגערופֿן אין דער שול.

וואַלענטינע פּעטראָוונע האָט געגעבן דעם פֿאָטער, אַ בייזן פֿון געצוווּנגענער ניכטערקײַט איבערלייענען דעם בריוו, וואָס אַלעקסיי האָט אָנגעשריבן צו דעם ערשטן סעקרעטאַר פֿונעם צק פֿון קאָמיוג. אַלעקסיי האָט געשריבן, אַז דער פֿאָטער איז באַ אים אַ שיקער, פּאַרטרײַנקט אַלצדינג, אַז ער, אַלעקסיי, וויל זיך לערנען אין מאָסקווע, אָבער ער ווייסט ניט, צי וועט ער קענען אַליין אויסהאַלטן די הוצאָעס, און ער בעט וועגן דעם אַן אײַלע באַם ערשטן סעקרעטאַר. צו דעם בריוו איז געווען צוגעלייגט דער ענטפֿער, ווו דער ערשטער סעקרעטאַר האָט געבעטן דעם פּעדאַגאָגישן קאָלעקטיוו פֿון דער שול און די קאָמיוגאָרגאַניזאַציע העלפֿן אַלעקסייען, ווײַל ס׳איז שווער פֿונדערווײַטנס אונטערקלײַבן אַן אײַלע פֿאַר אַ מענטשן, וועלכן ער ווייסט ניט. כּוץ דעם, איז געווען אָנגעשריבן, אַז ער, דער ערשטער סעקרעטאַר, האָט אויך אַלעקסייען געענטפֿערט, זאָל יענער, אויב ער וועט טאַקע פֿאָרן קיין מאָסקווע, אַרײַנגיין אין צק, און זיי וועלן אים אומבאַדינגט העלפֿן.

— דעם בריוו האָסטו באַקומען? — האָט וואַלענטינע פּעטראָוונע געפֿרעגט באַ אַלעקסייען.

— יאָ, — אַלעקסיי איז געזעסן און געקוקט אין פֿענצטער. „יאָ" האָט ער אויך געזאָגט ניט צו דער לערערקע, נאָר צום פֿענצטער, גלײַך ווי ניט זי, נאָר עמעצער פֿון דרויסן האָט גערעדט מיט אים.

— נו, וואָס וועלן מיר איצט טאָן? — וואַלענטינע פּעטראָוונע האָט זיך צוריקגעוואָרפֿן צו דער וואַנט מיט אַ גרויסן פּאָרטרעט פֿון מאַקאַרענקאָ.

די ביידע אַריאַלן האָבן געשוויגן.

— איר פֿאַרשטייט כאָטש, וואָס ער האָט אָנגעאַרבעט? — וואַלענטינע פּעטראָוונע האָט אופֿגעהויבן מיט ביידע הענט אַלעקסייס בריוו און מיט קאַס אַ וואָרף געטאָן אַפֿן טיש. — עפּעס אַ ווערטיכוואַסטקע פֿליט קיין מאָסקווע, ווײַל אונדזערע רעסטאָראַנען שטייען איר ניט אָן, און דו, איבער אַזאַ גאָרנישט, פֿאַרפֿלעקסט די גאַנצע שול. אײַך, פּיאָטער וואַסיליעוויטש, האָב איך אַרויסגערופֿן

בלויז צוליב דעם, איר זאָלט וויסן, אַלס דער פּאַטער, וועגן אײַער זונס נאַרישקײַטן. מיטן איניען וועט זיך פאַרנעמען די קאָמיוג־אָרגאַניזאַציע. זאָל די יוגנט שוין אַליין באַשליסן, וואָס אַזאַ מין קאָמ־סאָמאָלעץ פאַרדינט.

דער פּאַטער האָט עטלעכע מאָל א רײַב געטאָן זײַן ליסינע.

— און וואָס האָט ער אַזוינס אָנגעאַרבעט? — האָט ער פּלוצעם געפרעגט בא וואַלענטינע פּעט־ראָווונען, — דאַכט זיך, קיינעם ניט געהאַרגעט, ניט באַראַבעוועט.

— אײַך איז ווייניק, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אַזאַ מין כוצפּעדיקן בריוו? — איז אויפגעבראַכט געוואָרן וואַלענטינע פּעטראָווונע.

— קיינעם האָט ער ניט באַליידיקט, — אַלעקסיי האָט מיט א פּאַרווונדערונג א קוק געטאָן אויפן פּאַטער. ער איז געווען צוגעוווינט, אַז דער פּאַטער מורמלט בעטעווע עפּעס אומדײַטלעכס, — פאַר־שרײַבט זיך אויפן שטערן. דעם זון מײַנעם טשעפּעט ניט, אַנדערש וועל איך אַליין פאָרן קיין מאָסקווע און דערציילן, ווער ס׳האָט זיך דאָ געפּונען א מאָקעם־מיקלעט. מע האָט דאָך אײַך דײַטלעך אָנגע־שריבן — העלפֿן. און וואָס טוט איר? — פּיאָטער האָט זיך אויפגעהויבן, — קום, אַלעקסיי.

וואַלענטינע פּעטראָווונע האָט אָבער באַוויזן צו דערלאַנגען איבערן טיש פּיאָטערס פּלייצע און אָוועקזעצן אים אויפן בענקל.

— פּיאָטער וואַסיליעוויטש, איר האָט מיך מיסטאָמע ניט פאַרשטאַנען און אָנגעהויבן גלײַך צו טומלען. אַלעקסיי האָט דאָך געקאָנט צוגיין צו אונדז, זיך טיילן מיט זײַנע שוועריקײַטן. צו וואָס דאַרף מען גלײַך שרײַבן אין צק? מיר קאָנען דאָך אַליין אויך עפּעס צוטראַכטן, אים העלפֿן.

— אָט אַזוי איז שוין בעסער, — האָט זיך עטוואָס באַרויִקט פּיאָטער, — אַנדערש באַקומט זיך, דער יאַט וויל קיין מאָסקווע, אין אינסטיטוט, און איר באַלד — דער קאָמיוג וועט זיך פאַנאַנדער־קלײַבן.

...אויף דער אַרבעט איז שוין פּיאָטער ניט אַוועק, ער האָט פאַרקערעוועט גלײַך צו דער פּאָסטקע. אַלעקסיי האָט פּאָסטעפּאַסעוועט איבער די גאַסן. באַם וואָקזאַל איז ער אַרײַן אין אַן ענג ביכער־קלייטל, וווּ א דריטל פון דער סטאַיקע האָט פאַרנומען א ריזיקער שרײַב־קאָמפּלעקט מיט א בראָנזע־נעם פערד. ער האָט לאַנג געמישט די זײַטלעך פון „אײַוועגאָ", ביז א יונגע פאַרקויפערין האָט אים ניט געזאָגט, אַז בא זיי איז א קלייט און ניט קיין לייענזאַל. אַלעקסיי האָט אַוועקגעלייגט דעם בוך און איז אַרויס אויף דער פאַרשנייטער גאַס.

## 7

אין יול זײַנען מאַראַט און אַקסאַנע אַוועקגעפאָרן קיין מאָסקווע. צו דער צײַט האָט זיך אַלעקסיי שוין אײַנגאַנצן פון זיי אָפּגעריסן מיט דער צענטריפוגאַלער קראַפט פון דער דרײַ־אומבײַטיקער זאַוואָד־קאַרוסעל.

מאַקסימאַוו האָט פאַרגעלייגט, ער זאָל זיך אײַנאָרדענען צו אים, אין ענערגאָ־צעך, ווו מע קאָן זיך גרייטן צו די עקזאַמענס אַפילע בייס דער אַרבעט. אָבער אַלעקסיי האָט אויסגעקליבן דעם מאַר־טען־צעך. דאָרט האָט ער געאַרבעט ביזן סאַמע פרילינג.

## קימאַט א העמשעך

(עפּילאָג)

עדיק האָט זיך שוין לאַנג געקליבן אָפּגעבן פּלעשער. מע טרינקט, דאַכט זיך, קימאַט ניט, סײַדן אויף סימכעס, אָבער פאַר א יאָר האָבן זיך אָנגעקליבן צוויי שווערע נעץ־קוישלעך.

אויפן גאַנעק פונעם אויפנאַם־פּונקט האָט געהאַלטן א דראַשע עפּעס א מאַנצבל אין א גרויען מאַנטל. „ווי אויף א מיטינג", — האָט א טראַכט געטאָן עדיק, קוקנדיק, ווי דער אָראַטאָר פּאַכט מיט דער רעכ־טער האַנט אין טאַקט צו זײַנע ווערטער. לעכאַטכילע האָט זיך עדיק ניט צוגעהערט צו דער דראַשע, געפּרווּוט אויסרעכענען, וויפל ער וועט אָפּשטיין דאָ, אויפן פראָסט, אין דער ריי, וואָס האָט מיט די זעק, קוישלעך און קאַסטנס פאַרשיידענע פּלעשער און באַנקעס דערמאָנט עפּעס אין אַן אייגנאַרטיקן

צופּוס־אַבאַ. די אויסגערעכנטע פּערספּעקטיוו האָט אים שיר ניט ארויסגעבראַכט פון גלייכגעוויכט, און ער האָט באַשלאָסן, אַז ס׳איז שוין בעסער זיך אָפּוועגדן פון די געדאַנקען.

דער מאַנצבל אָפן גאַנעק האָט פּונקט גערעדט וועגן דעם מאַנגל פון מעטאַל, וואָס עס גיט זיך צו וויסן אין אַלע אָפּצווייַגן פון דער עקאָנאָמיק. דערנאָך האָט ער גיך געמאַכט טיל־טעל פון דער אַרבעט־פּראָדוקטיוויקייט, אַריבערגעגאַנגען צו די אינסטיטוטן מיט די אוניווערסיטעטן, זיך דורכגעפּאָרן איבער דער מאָראַלישער פיזיאָגנאָמיע פון די אָנפירער אין זייַן רעמאָנט־צעך און איז אומבאַמערקט איבערגעגאַנגען צו דער פּראַגע, פאַרוואָס א פּראָסטער מענטש קאָן ניט נאָך דער אַרבעט קויפן א פלעשל „רויטינקן". לויט די היפּשע און פעסטע שטריכן, מיט וועלכע ס׳האָט זיך געמאָלט דאָס בילד פון אַזאַ מין טרויעריק אומאַלקאָהאָלישן אָפּרו, האָט מען געקאָנט גלייך דערפילן די האַנט פון א קענער. אָבער דאָס בילד איז געבליבן ניט דערשריבן: דער מאַנצבל האָט אינמיטן די רייד אונטערגעכאַפּט זייַן רוקזאַק און איז נעלעם געוואָרן הינטער דער טיר פון א שמאָל צימערל, ווו מע גיט אָפּ די גלעזערנע טאַרע.

די רייַ האָט זיך כאַאָטיש א ריר געטאָן מיט בראַזגען פון איבערגעשלעפּטע אָף א נייַער גרענעץ־ליניע פלעשער.

— מע פּרוּווט אונדז איינעמען דורך פּראָסט, — האָט מיט קאַס א בורטשע געטאָן דער קאַפּיטאַן־פּליער, וואָס איז געשטאַנען פאַר עדיקן.

— וואָס מיינט איר?

— פונעם הויף קאָן מען די פלעשער אָפּגעבן אין איין אויגנבליק. ווּלוועלער, פאַרשטייט זיך. לאָמיר עפּשער זיך אויך לאָזן? פאַרברענט זאָלן זיי ווערן!

„פאַרברענט זאָלן זיי ווערן", — איז מיט אים מאַסקים געווען עדיק. ער האָט אונטערגעכאַפּט זייַנע נעץ־קוישלעך און זיך א לאָז געטאָן נאָכן בייזן קאַפּיטאַן דורכן לאַבירינט פון פאַרשיידענע קאַסטנס.

אָף א גרויסן קאַסטן אין צענטער פון דער פּאַדסאָבקע[1] איז געזעסן א יאַט מיט ביינער אין א בלאָוון כאַלאַט. עס האָט זיך גלייך געפילט, אַז ער איז דאָ דער עלטסטער. נאָך צוויי „סינעבלויזניקעס" האָבן שווייַגנדיק געסאָרטעוועט די פלעשער.

— ווי טייַער נעמט איר צו? — האָט געפרעגט דער קאַפּיטאַן.

— דאָ איז ניט קיין מאַרק, — האָט אים שטרענג געענטפערט דער יאַט מיט ביינער, — שטעל אַרויס. וועסט ניט כאַראָטע האָבן.

עדיק האָט אויך אַרויסגעשלעפּט זייַנע פלעשער אָפן שמוציקן קאַכל־דיל אין א קאָלאָנע צו פיר, פאַרבאַהאַלטן אין קעשענע די נעץ־קוישלעך און איז צוגעגאַנגען צום באַלעבאָס, ווי ער האָט פאַר זיך אָנגערופן דעם יאַט מיט ביינער.

— רעכנט אונטער.

דער באַלעבאָס האָט א קוק געטאָן אָף דער אויסגעפּאַראַמירטער גרינער קאָלאָנע, דערנאָך אופמערקזאַם באַטראַכט עדיקן און געפרעגט:

— פריִער האָבן מיר זיך מיט אייַך קיינמאָל ניט באַגעגנט?

„וואָס טשעפּעט ער זיך צו מיר, ווי צו א מיידל", — האָט א טראַכט געטאָן עדיק און איז אָפּגעקומען מיט א וויץ:

— דאַכט זיך, אין איין קאַדעט־קאָרפּוס האָבן מיר זיך ניט געלערנט.

— אָט איצט האָב איך דיך דערקענט! ווי דו האָסט נאָר א שמייכל געטאָן, האָב איך דיך גלייך דערקענט! — דער יאַט איז אַראָפּגעשפּרונגען פון זייַן קיסע־האַמאַלקעס. מיט דער רעכטער האַנט האָט ער אָנגעהויבן אַרויסשלעפּן עדיקס שמאָלע דלאָניע פונעם אַרבל, און מיט דער לינקער האַנט האָט ער מעטאָדיש און געניט שמערצלעך געקלאַפּט איבער זייַן פּלייצע, — איך בין פּאַשעט א שפּור־פּאָרשער! מיט אַזאַ באָרד! מאַמעש יעפים מאָיסייעוויטש.

עדיק האָט אַפילע ניט גלייך פאַרשטאַנען, אַז דער יאַט רעדט וועגן דעם זיידן יערוכעם. און יענער האָט דערוויַיל נאָכאַמאָל א קלאַפּ געטאָן עדיקן איבער דער פּלייצע:

— נו, וואָס, דערקענסט מיך ניט?

— אַלעקסיי? — האָט ניט זיכער געפרעגט עדיק.

— ענדלער! — האָט זיך דערפרייט דער יאַט, — אָט דאָס איז, כאַווער, א באַגעגעניש! מע דאַרף זי גלייך באַשפּריצן. וואַרט אָפּ, כ׳וועל זיך נאָר איבערטאָן אין ציווילער.

עדיק האָט ניט ליב געהאַט „באַשפּריצן", אָבער זיך שפּאַרן אין אַזעלכע פאַלן פלעגט ער ניט האָבן קיין האַזע. הייַנט איז ער אויך אָן טאַרומעס אוועק מיט אַלעקסייען צו דעם גלעזערנעם קוב, וואָס מע האָט ניט לאַנג צוריק אויסגעבויט צווישן א קינאָ־טעאַטער און א גרויסן אוניווערסאַם.

---

[1] א באַהעלפיקער לאָקאַל אין קלייט (רוס.).

אפן דריטן שטאָק פונעם קוב האָט זיך איַינגעאָרדנט א קולינאַר־אָפּטייל מיט זייַנע האלב־הונגעריקע סטאַיקעס, פארבייַ וועלכע אלעקסיי האָט דורכגעפירט עדיקן אפן צווייטן שטאָק, אין רעסטאָראַן.

— איז וויפל יאָר האָבן מיר זיך ניט געזען? — האָט זיך אלעקסיי אומגעקערט צו עדיקן, ווען די אָפיציאַנטקע איז אוועק פון זיי.

— א סאך. פון דעמלט אָן, ווען דו ביסט אוועק אין דער ארמיי.

— יאָ, מיר זייַנען נאָך דעמלט אָפּגעזעסן מיט דיר א גאנצע נאכט אפן וואָקזאל, געדענקסט? — עדיק האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אף „יאָ". — און דו, די מוטער האָט מיר דערציילט, אווטאָמאטיזירסט. אלץ נאָכאנאנד? אָדער אזוי ווי מאקסימאָוו — נאָר די מעטאלורגיע?

— אלץ נאָכאנאנד, — האָט א שמייכל געטאָן עדיק.

— נו, און ווי גייט עס?

די אָפיציאַנטקע האָט געבראכט א פלעשל „אָדעסער" קאָניאק, עטלעכע טעלער מיט פארבייַסעכץ און אריבערגעשטעלט פון אן אנדערן טיש צוויי קעלישקעס.

— וואָס קאָן איך דיר זאָגן? מע דארף פריִער ברענגען אין אָרדענונג אלץ, וואָס מע קאָן אָן אווטאָמאטיזאציע. און אנדערש... מע פאטערט גאנץ אָפּט אזויפיל געלט צוליב א פייגעלע, אבי אווטאָמאטיזירן.

— מיילע, לעב ניט איבער, — אלעקסיי האָט אָנגעגאָסן קאָניאק, — זיַי געזונט, אָדער, ווי ס'פלעגט זאָגן דייַן זיידע, פאר כערעס.

— נאכעס, — איז געפאלן אפן סייכל עדיק.

— יאָ, נאכעס, — אלעקסיי האָט פלינק „איבערגעקערט" אין זיך זייַן קעלישעק. — דו, זע איך, ביסט ניט קיין ליבהאָבער. און איך, כאָוועך, בין געווען א גרויסער ליבהאָבער, — דאָס וואָרט „גרויסער" האָט ער געצויגן, קימאט דורכגעזונגען. — דאנקען גאָט, דערווייַל נאָך ניט געוואָרן קיין פראָפעסיאָנאַל. כאָטש, ווער ווייסט, עפשער וועלן זיך נאָך בא מיר צעשפילן די געניעס. דו געדענקסט מייַן פאָטער?

עדיק האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— דו ביסט שוין פון לאנג אין דער שטאָט? — ער האָט געפרעגט, צערייַסנדיק מיט זייַן שטומפיקן מעסער א שטיק פיש פון עפּעס א גרויסארטיקן אָפּשטאם.

— שוין מער פון א יאָר. נאָך דעם, ווי די מוטער האָט כאסענע געהאט, בין איך גלייַך אריבערגעפאָרן אהער. דו ביסט אין קורס, אז איך האָב צוגענומען די מוטער צו זיך נאָכן פאָטערס טויט?

— יאָ. מאקסימאָוו האָט מיר דערציילט.

— מאקסימאָוו, מאקסימאָוו, — אלעקסיי האָט לייַכט א קלאַפּ געטאָן מיטן פויסט איבערן טיש. — ווען מייַן כאסענע האָט ער דיר אויך מיסטאמע דערציילט? — ער האָט זיך מיטאמאָל פארקרימט, ווי פון א שארפן ווייטיק, — וועגן דער ברויטגעבערקע מייַנער.

— ניין, וועגן דייַן ווייַב ווייס איך גאָרניט. דאָס האָט זי דיך אזוי אויסגעהאָדעוועט?

— יאָ, — ער האָט זיך א קלאַפּ געטאָן אין בויך, — איצט איז נאָך נישקאָשע, קאָלזמאָן איך האָב לעבן איר קליידל געדינט, האָט זי מיך אזוי אויסגעהאָדעוועט, אז מע האָט שוין בא מיר קימאט די אויגן ניט געזען. אָט אזוי, — ער האָט אָנגעבלאָזן די באקן און פארזשמורעט די אויגן. — אין דער שטאָט האָט זי קאָמאנדעוועט מיט א פלייש־קראָם. גלייַך אנטקעגן מייַן קאזארמע. שטעל זיך פאָר! אף דער סטאַיקע פארקויפט מען פארשיידענע טינויפעס, ווי פון א געפייגערטן קראָקאָדיל. אָבער פאר מיר — זאָרג זיך ניט, אלץ איז געווען אזוי ווי מע דארף.

— וואָס זשע ביסטו אנטלאָפן פון אזא מין אכילע?

— א, ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אז זי, אָט די גאנעווטע, האָט פייַנט פעטע, — אלעקסיי האָט זיך צעלאכט, — פריִער, פארשטייסטו, האָדעוועט זי אויס, און דערנאָך זאָגט זי: „עפּעס ביסטו, ליאָשענקע, א שווערער געוואָרן. איך האָב מוירע זיך אפילע מיט דיר אין בעט לייגן, אזא בוהייַ ביסטו!" און לאכט, זאראזע. און איך לאך אויך, ווי א טיפּעש. לאך איך אָט אזוי מיט איר, ביז מע דערציילט, אז זי האָדעוועט שוין אן אנדערן, א מאָגערן. א כאָוועך האָט מיר וועגן דעם דערציילט.

עדיק האָט אופגעגעסן ביזן סאָף דעם אדלשטאמיקן פיש און געדרייט זייַן מעסער, אונטערזוכנדיק פאר אים אן אָרט, סימעטריש צו דער טאָץ אפן טישטעך.

— אף דער הייסער מינוט האָב איך דעם כאָוועך, פארשטייט זיך, אָנגעריבן די מאָרדע, — אלעקסיי האָט פאוואָליע א פיר געטאָן מיטן פויסט איבערן טיש, גלייַך ווי צעשמירנדיק עפּעס אומאָנזעעוודיקס ארום דעם אשבעכער פון דיקן גרינעם גלאָז. — גלייַך אף דער וואָטאָבאזע האָב איך אים צעמיימעסט. די ברויטגעבערקע מייַנע האָט מיך באשטאט אף דער באזע נאָך דער דעמאָביליזאציע. ויסגעפוצט האָב איך אים די מאָרדע, זיך אוועקגעזעצט אין מאשין און — אהיים. כאַפּ איך דאָרט די מוטער, די בעבעכעס מייַנע און פיר זי אריבער צו איינער א באקאנטער באבקע. אזוי האָבן מיר בא איר געוווינט ביז די מוטער האָט פאר זיך געפונען איינעם א זאָקן.

עטלעכע ווײַלעס זײַנען זיי געזעסן שווײַגנדיק.

— און וווּ וווינסטו דאָ? — האָט געפֿרעגט עדיק.

— דאָ האָב איך, עדיק, כאַסענע געהאַט. אַ גוט ווײַבל, אַ שטילע. אָבער דו ווייסט, — אַלעקסיי האָט זיך פֿאַרקרימט, — אַ מיִעסקײַט. יענע, די נעקייווע, איז אַ שיינע געווען. כ׳האָב זיך שוין געקליבן אַנטלויפֿן. און איצט, פֿאַרשטייסטו, האָב איך זיך אַפֿילו אַרײַנגעצויגן, ס׳געפֿעלט מיר. — ער האָט זיך צעלאַכט. — אַ זון איז בײַ אונדז געבוירן געוואָרן. כ׳האָב אים אָנגערופֿן נאָכן פֿאָטער, פֿיאָטער. באַלד וועל איך דיר ווײַזן זײַן פֿאָטאָגראַפֿיע.

ער האָט אַ פּאָר מאָל איבערגעגנישטערט אַלע זײַנע קעשענעס.

— אַ שאָד, כ׳האָב זי מיסטאָמע אַרויסגעלייגט, — ער איז בעפֿייִרעש צערודערט געוואָרן. — פֿאַרשטייסט, אָט דער זון מײַנער האָט אַלץ איבערגעקערט, — אַלעקסיי האָט אַ שמייכל געטאָן. — שטעל זיך פֿאָר, כּמעט מיר, אַנערקענט ער קיינעם ניט. אַ באָכער — וואָס מע דאַרף. — ער האָט אָפּגעבראָכן אַ שטיקל ברויט און צונויפֿגעקאַטשעט אַ קײַקעלע. — איצט בין איך, עדיק, זיכער, אַז קיין שיקער וועל איך ניט ווערן, אַזוי, ווי מיט דיר, אויסטרינקען, דאָס — ביטע, אָבער שיקערן, ווי מײַן באַטיאַ? ניין. און דו ווייסט פֿאַרוואָס? — ער האָט זיך צוגערוקט נעענטער צו עדיקן. — ווײַל איך ווייס, וואָס דאָס איז אַזוינס, ווען מע נאַרט דיך אָפּ, און דו ביסט נאָך גאָרנישט, אַ שטיקל לײַם, — ער האָט צעקוועטשט דאָס ברויט־קײַקעלע. — ניין, כ׳וועל אים ניט אָפּנאַרן. דו דאַרפֿסט אַרײַנגיין צו מיר. וועסט אַ קוק טאָן. כ׳האָב שוין פֿאַר אים אָנגעקויפֿט אַזויפֿיל ביכער — אַ גאַנצע לעניִנקע. דאָס ווײַב אַרבעט דאָך בײַ מיר אין אַ ביכער־קראָם. זי איז פֿון דײַנע, אַ ייִדישקע. און דײַנע? אויך אַוטאָמאַטיזירט עפּעס?

— אויך. מיר האָבן זיך מיט איר געלערנט אויף איין פֿאַקולטעט.

— לאָמיר עפּשער אַרײַנגיין צו מיר, — האָט פֿאָרגעלייגט אַלעקסיי, — איך וווין דאָ ניט ווײַט. מע קאָן בײַ מיר פֿאַרזעצן, — ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיטן פֿינגער איבער זײַן קעלישעק.

— אַן אַנדערש מאָל. כ׳האָב צוגעזאָגט דער מוטער אַרײַנפֿאָרן צו איר.

— זאָל זײַן אַזוי, — ער האָט פֿאַרבאַהאַלטן דעם פֿאַרדראָס, — מע דאַרף שוין גיין. אַ טעלעפֿאָן האָסטו?

— ניין.

— וואָסי, אַזוי שוואַך?

— ניטאָ, קיין פֿרײַע נומערן. די שוויגער האָט געפֿונען עפּעס אַ באַקאַנטשאַפֿט, אָבער מע בעט זייער טײַער. כ׳פֿאַרדין ניט אַזויפֿיל.

— ס׳הייסט, אַז דו אַרבעטסט פּאַשעט שלעכט, — האָט ערנסט געזאָגט אַלעקסיי און צוגערופֿן די אָפֿיציאַנטקע. — פֿאַרבאַהאַלט, — ער האָט אָפּגערוקט דאָס צענערל, וואָס עדיק האָט אַרויסגעלייגט ווי זײַן כײַלעק, — איך האָב דיך אַהער פֿאַרשלעפּט. צו דעם איז דאָך בײַ אונדז ווי אין די אַנעקדאָטן — אַ רײַכער אַמהאָרעץ און אַן אָרעמער אינזשעניער.

— ווי דו ווילסט. אָבער קיין אָרעמער בין איך ניט.

אין דרויסן האָט אַלעקסיי פּלוצעם געפֿרעגט:

— מאַקסימאָוו לעבט נאָך?

— יאָ. אָבער זיי זײַנען אַלע אַריבערגעפֿאָרן קיין נאָוואָסיבירסק. מאַראַט איז דאָך דאָרט געוואָרן...

— נו, זײַ געזונט, — אַלעקסיי האָט האַסטיק אַ דריק געטאָן עדיקס האַנט און איז אַוועק צו די נײַע נײַנשטאָקיקע הײַזער.

⁂

# אין דער צווייטער העלפֿט טאָג

צוזאַמען מיט וואָלאָדקע זשוקאָוון, דעם שאָפֿער פֿון אַ געדעקטן „גאַזאָן“, האָט לייזער גלײַך נאָכן מיטיק אָנגעהויבן אויסלאָדן די שרײַב־מאַכשירים. עמעס, וואָלאָדקע האָט זיך מער געדרייט אַרום דעם נײַער קלאַדאָווסטשיצע, איידער געאַרבעט. ביכלאַל מיינט ער, אַז זײַן אַרבעט איז צו האַלטן די „באַראַנקע“. וואָס פֿירט ער, וויִאַזוי פֿאַלט עס אַרײַן אין דער קוזאָווע און ווער רייניקט אָפּ די מאַשין — איז ניט זײַן, וואָלאָדקעס, אייסעק.



ל̄ייזער האָט גוט געוווּסט וואָלאָדקעס פּרינציפּן און האַכנאָעדיק געשל̄עפּט אין סקל̄אַד אַרייַן פּעקעל̄ער מיט פּאַפּיר, פּאַפּקעס, בל̄ייַערס. יעדער פּעקעל̄ע איז, דאַכט זיך, ניט קיין שווערס, אָבער אינגיכן איז ל̄ייזער שוין געוואָרן גוט פאַרשוויצט. ער האָט אַפּילע ניט אויסגעהאַלטן, אַראָפּגעוואָרפן אַף אַ פּאַס זייַן וואַטניק. גיסיע וואָלט אים פאַר אַזאַ שוואַכמוט געוויס געמאַכט אַ פּסאַק. איבער גיסיען גייט ער אַרום נאָך איצט, אין אַפּרעל̄, אין ווינטערדיק ל̄ייַבגרעט, כאָטש באַטאָג איז שוין גאָר וואַרעם און נאָר אינדערפרי און צום אָוונט פּילן זיך נאָך אָפּקל̄אַנגען פון אַנומל̄טיקע קעל̄טן.

גיסיע איז טאַקע גערעכט. מיט זייַנע קריזשעס דאַרף מען זיך היטן. יעדעס מאָל̄, ווען עס צעשפּילט זיך בא אים דער ראַדיקוליט, הייבט גיסיע אָן בורטשען, אַז ער דאַרף אונטערזוכן פאַר זיך עפּעס אַן אַנדער אַרבעט. מע קאָן מיינען, אַז מע שטייט אומעטום און מע וואַרט אַף אים.

פאַר דער מיל̄כאָמע האָט ל̄ייזער באַוויזן אָפּאַרבעטן אַ יאָר מיטן פאָטער. דער פאָטער איז געווען אַ קירזשנער, האָט גענייט היטל̄ען פאַר די פויערים פון די אַרומיקע דערפער. ל̄ייזער, זייַן בעניאָכיד, האָט געמוזט, פאַרשטייט זיך, איבערנעמען בא אים די מעל̄אָכע. אָבער קיין טאָל̄ק האָט זיך פון אים ניט באַקומען. דער פאָטער, אַ שטיל̄ער און אַ שעמעוודיקער ייִד, האָט אים ניט געזידל̄ט. בלויז איין מאָל̄ האָט ער אַף פּורים, נאָך אַ גל̄עזל̄ בראַנפן, אַרומגענומען ל̄ייזערן פאַר די אַקסל̄ען און צוגעפירט צום ווייַב:

— גיב נאר א קוק, וואסערע גראטענע קינדער האבן מיר. וועגן די טעכטער איז שוין אפגערעדט. אבער אפילע לייזערקע איז אויך א געראטענער, — און ווען די מוטער האט אופגעהערט וואשן דאס געפעס און א קוק געטאן אף אים מיט פארוואונדערונג, האט ער צוגעגעבן מיט א געלעכטער: — וואס קוקסטו אף מיר? ער איז בא אונדז, קיין איינהארע, אן עוועונטאוו! שטעל זיך פאר, צווישן אלע ליימענע הענט איז ער מיסטאמע דער ערשטער.

אין זיבן־און־פערציקסטן, נאך דער דעמאביליזאציע, האט אים דער אלטער שלאסער אויכעט באזונדערס ניט געזידלט. אבער לייזער האט אליין דערפילט, אז ס׳גייט ניט בא אים די ארבעט. דעריבער איז ער קימאט גלייך אוועק פונעם רעמאנט־זאוואד אהער, אין אינסטיטוט. עמעס, דעמלט האט מען אים נאך ניט גערופן ווי איצט — „אינסטיטוט”. אין יענע יארן איז דאס געווען א פראיעקט־קאנטאר בא איינער פון די מיליטערישע אמטשאפטן. לייזערן האט אהער איינגעארדנט ארקאדי טשערנאמארדיק, וועלכער האט געוווינט אין איין הויף מיט גיסיעס עלטערן אף דער וואראשילאוו־גאס. טשערנאמארדיק — א הויכער מאנצבל, מיט א מאגער פאנעם, מיט דינע הענט און פיס, מיט א שמאלן ברוסטקאסטן און מיט א ריזיקן, קיילעכדיקן, ווי א גלאבוס, בויך, האט אנגעפירט אין דער קאנטאר מיט באזארגונג.

...לייזער האט זיך סאפקאלסאף דערקליבן צו דעם לעצטן פעקעלע, וואס איז געלעגן בא דעם וויטן ווענטל פון דער קוזאווע. דאס פעקעלע איז געווען לענגער פון אלע אנדערע. „מילימעטראווקע אדער קאלקע”, — האט זיך מעשאער געוועזן לייזער, אונטערוקנדיק עס צום ברעג פון דער קוזאווע. ער איז ארויסגעשפרונגען אפן גאנעק פון דעם סקלאד און, ארומגעכאפט דאס פעקעלע מיטביידע הענט, אריינגעטראגן און אוועקגעלייגט עס בא דעם טיש פון דער נייער כיינעוודיקער קלאדאוושטשיצע. „גענוג, — האט באשלאסן לייזער, — זאלן שוין אנדערע צעלייגן אלץ אף די ערטער. כ׳בין אויכעט ניט קיין טרעגער”.

אפן גאנעק האט ער ארופגעכאפט אף זיך דעם וואטניק, זיך אוועקגעזעצט אף דער פאס און פארייכערט. טשערנאמארדיק, באקומט זיך, האט אים ווידער אפגענארט: צוגעזאגט צושיקן עטלעכע יאטן פון ראפקינס לאבאראטאריע און — א נעכטיקער טאג. כאטש ער, טשערנאמארדיק, ווייסט דאך גוט, ווי עס מאטערט לייזערן דער ראדיקוליט.

זיצן אף דער אויסגעקרימטער פאס איז געווען ניט באקוועם, אפילע ביז ווייטיק. לייזער האט נאכאמאל אויסגעטאן דעם וואטניק, צונויפגעלייגט אים אינצווייען און אוועקגעלייגט אונטער זיך. די פאס שטייט שוין דא פון זומער. טשערנאמארדיק האט זיך דעמלט געפרייט, ווי א קליין קינד. ער האט אפילע געהאלפן לייזערן און וואלאדקען ארויסקאטשען זי פונעם „גאזאן”.

— גיי, רוף ראפקינען, — האט ער געשיקט לייזערן, ווי נאר די פאס האט פארנומען איר ארט אפן גאנעק, — זאג אים, דעם קראוואפיעץ, אז ער קאן זיך שוין איצט אפילע ווארגן מיט זיין קאניפאל.

ראפקין, דער אנפירער פון דער נייער לאבאראטאריע, וואס האט פארנומען א היפשן טייל פונעם אויבער־פונדאמענט אינעם אלטן קארפוס, האט מאמעש פארדרייט טשערנאמארדיקן דעם קאפ: זיינע יאטן קאנען ניט ליידן, ווייל זיי האבן ניט קיין שטיקל קאניפאל. איצט וועט אים סטייען אף א יאר צוואנציק געוויס.

זיצנדיק אף דער פאס, האט לייזער שוין קימאט דערייכערט דעם סיגארעט, ווען אים האט דער־זען ליובע בוריאק. זי ארבעט אינעם טעכנישן ארכיוו, אבער מערסטנטייל לויפט זי ארום מיט פרא־פאריינישע איניאנים.

— אט ווו דו באהאלטסט זיך! הער נאר, לאזאר, מארגן וועט מען אלע וועטעראנען פאטאגראפירן צום טאג פון זיג, פארגעס זשע ניט אנטאן אלע דיינע באלוינונגען. פארשטאנען?

און איז אנטלאפן ערגעץ ווייטער.

בא ליובען איז שטענדיק אזוי: לויפט הענדום־פענדום, שיט מיט ווערטער, שוויצט. זי זאגט, אז בא זיי אין לעבעדיאן, פונוואנען זי שטאמט, זיינען אלע אזעלכע גיכע. לייזער גלייבט איר ניט. ער קאן זיך ניט פארשטעלן אזוינס — א גאנצע שטאט מיט טאמיד אופגערעגטע, טראנצעוואטע מענטשן.

לייזער האט א טראכט געטאן, אז די קלאדאוושטשיצע האט שוין מיסטאמע איבערגעשריבן אלע פעקעלעך און מע דארף איר פונדעסטוועגן העלפן צעלייגן אלצדינג אף די פאליצעס. אבער דורך דער אפענער טיר פונעם סקלאד הערט זיך א הילכיקער געלעכטער פון דער קלאדאוושטשיצע. מיס־טאמע דערציילט איר וואלאדקע זיינע פאסקודנע אנעקדאטן, וועלכע לייזער טראגט ניט איבער. א ווייל איז ער געשטאנען, זיך געוואקלט. דערנאך האט ער אונטערגעכאפט זיין וואטניק און איז אוועק הינטער דעם סקלאד, ווו ער האט ביזן סאמע סאף טאג געסארטעוועט נאסע ברעטער. אן אוויי־

רע: מע קאָן דאָך מאַכן פֿון זיי גאָר נישקאַשעדיקע סטעלאַזשן. פֿונדעסטוועגן וועט דאָס זײַן בעסער, אײדער זיצן בײַ פֿאַרוואַלגערטע טישן. לייזער האָט געוואָלט אָפּלייגן די ברעטער נאָך דעמלט, ווען מע האָט צעפּאַקעוועט דעם נײַעם קאָמפּיוטער. האָט אים, ווי אַפּצולאַכעס, צונויפֿגעדרייט דער ראַדיקוליט, און מע האָט די גאַנצע אײַנפּאַקונג אַרויסגעוואָרפֿן אַהער, אויף די צוויי פֿאַרזשאַווערטע ווערקשטעלן. בײַ טשערנאָמאָרדיקן איז שטענדיק אַזוי: פּיטש־מיטש, אַבי נאָר פֿאַרשפּאָרן אַ קלאַפּאָט.

אַהיים איז לייזער אַוועק צופֿוס. בעסער איז שוין גיין, אײדער זיך שטופּן אין די איבערגעפּילטע אויטאָבוסן. כּוח דעם, באַקומט זיך אַזוי, אַז ער גייט איבער דער אַלטער שטאָט, איבער די גאַסן, וועלכע זײַנען געבליבן אַזעלכע, ווי פֿאַר דער מילכאָמע. קימאַט אַזעלכע. ווי שימען מערעמינסקי: דאַכט זיך, ענלעך, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער, אויף הירש מערעמינסקין, דעם פֿאָטער זײַנעם, אָבער סײַווי איז בײַ הירשן די נאָז געווען לענגער, די קנייטשן טיפֿער.

די שטאָט האָט זיך שטאַרק געענדערט. דעמלט איז זי געווען קלענער: פֿון איין זײַט באַגרענעצט מיט אַן אַלטער פֿעסטונג און פֿון דער צווייטער — מיט אַ ייִדישן בעסאַלמען און, אַנטקעגן אים, אַ קריסטלעכער צווינטער. איצט זײַנען פֿון דער גאַנצער פֿעסטונג געבליבן בלויז דרײַ קאַזאַרמעס. הינטער דעם בעסאַלמען איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסער כימישער קאָמבינאַט מיט קוואַרטאַלן פֿון נײַע הײַזער, וואָס הייבן זיך אָן גלײַך בײַ דעם נידעריקן פּאַרקן פֿונעם צווינטער.

הײַנט האָט לייזער אויסגעקליבן פֿאַר זיך גאָר אַ זײַטיקן וועג. פֿאַרבײַ דעם מאַרק מיט צוואָרפֿענע אַרום אים קלייטן, קלייטלעך און לאַריאָקן, מיט אַן ענגן אויטאָ־וואָקזאַל און מיט עטלעכע אַלטע ייִדן באַם קיאָסק „סאָיוזפּעטשאַט”, ווו שימען מערעמינסקי זיצט אין זײַנע גרויסע ברילן און קריגט זיך טאָמיד מיט די אַלטע ייִדן.

לייזער שמוגלט זיך דורך פֿאַרבײַ שימענס קיאָסק. ער ווייסט, אַז ס'איז גענוג זיך נאָר אָפּשטעלן און — ס'איז פֿאַרפֿאַלן: אַהיים וועט ער שוין קומען אין בעסטן פֿאַל צו דער פּראָגראַם „ווּרעמיאַ”. באַזונדערס, אויב צווישן די ייִדן דרייט זיך זאַלמען מאַלקין, וואָס האַלט זיך פֿאַרן איינציקן אין דער שטאָט כאָסיד (דערפֿאַר טאַקע רופֿט אים שימען „אַ כאָסידוואַטער ייִד”). און הײַנט איז ער דאָ. לייזער האָט נאָך פֿונדערווײַטנס דערזען זאַלמענס דורכגערייכערטע ביז געלקײַט על־גרעקישע באָרד.

פֿונעם מאַרק פֿאַרקערעוועט לייזער אויף לינקס, צו דער פּאָטשט, ווו פֿאַר דער מילכאָמע האָט געאַרבעט זײַן שוועסטער דאָרע, און גייט אַרײַן אין אַ סקווער מיט אַ פֿאַרוואָרפֿענעם פֿאָנטאַן. ער זעצט זיך אַוועק אויף אַ בענקל אַנטקעגן אַן אַלטן מויער. אַמאָל האָט דאָ געוווינט עפּעס אַ גראַף. אַלעווסקי, האָט ער, דאַכט זיך, געהייסן. אָפּן אָרט פֿונעם לינקן פֿליגל, פֿון וועלכן עס איז איצט ניט געבליבן אַפֿילע קיין סימען, שטייט אַ הויז מיט ברייטע פֿענצטער — די שטאָטישע דרוקערײַ. די רעשטלעך פֿונעם רעכטן פֿליגל האָט מען באַנײַט, צוגעבויט אַ דריטן עטאַזש און צעטיילט צווישן אַ טעכניקום און דעם אָרטיקן פֿיליאַל פֿון אַ מינסקער אינסטיטוט.

פֿריִער איז בײַ דעם אַלטן פּאַלאַץ געווען אַ גרויסאַרטיקער אַרײַנגאַנג מיט זעקס קאָלאָנעס, איבער וועלכע עס איז געווען אָנגעצויגן אַ ברייטער רויטער לײַוונט מיט ווײַסע אויסיִעס: „קולטור־פּאַלאַץ”. אָנגעשריבן איז דאָס געווען אויף פֿיר שפּראַכן — רוסיש, ווײַסרוסיש, פּויליש און ייִדיש. אויף דער צווייטער פֿון לינקס קאָלאָנע האָט לייזער אײנעם זיבעטן קלאַס אָנגעדראַפּעט מיט אַ נאָגל „גיסיע”. אים האָט דעמלט געמאָסערט מאָסקע סלאָצניק — יענער האָט צוזאַמען מיט לייזערן און גיסיען באַזוכט דאָס שיס־קרײַזל. בײַ מאָסקען איז ביכלאַל געווען אַ לאַנגע צונג. ס'איז גענוג געווען אים געוויר ווערן וועגן עפּעס אַ סאָד, ווי ער פֿלעגט זיך ניט קאָנען געפֿינען קיין אָרט. מע האָט אים טאָמיד געשלאָגן, צומאָל ביז בלוט. מאָסקע האָט געגעבן שרעקלעכע שוווּעס, געגעסן ערד, אָבער האַלטן ס'מויל איז געווען איבער זײַנע קויכעס.

אַקים לוקיטש, וועלכער האָט אָנגעפֿירט מיטן שיס־קרײַזל, האָט געוואָרנט לייזערן, אַז פֿאַר אַזאַ אויפֿשריפֿט וועט ער מיסטאָמע מוזן פֿאַרבײַטן די גאַנצע קאָלאָנע. זיי האָבן זיך אַפֿילע ניט פֿאָרגעשטעלט, אַז דער שטרענגער וואָיענרוק, שטענדיק אַ פֿאַרצויגענער אין סקריפּענדיקע רימענס, קאָן טרײַבן קאַטאָוועס, און האָבן שטאַרק איבערגעלעבט. מער פֿון אַלעמען — מאָסקע.

די אופֿרײַסן, אויף כּידושים שטילע, עפּעס פֿאַרדומפּענע, האָבן זיי דערהערט שוין הינטער דער שטאָט. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט: אַקים לוקיטש, שימען און ער, לייזער. אַקים לוקיטש האָט אָבער גלײַך געזאָגט, אַז ס'איז ניטאָ דאָ וואָס צו שטיין, מע דאַרף וואָס גיכער זיך דערקלײַבן צום וואַלד. זיי האָבן באַוויזן — קאַיאָר זײַנען זיי געווען אין דער בריגאַדע.

די צווייטע גרופּע האָט מען אַרומגערינגלט אָפּן בעסאַלמען, ווו מע האָט שוין דעמלט אָנגעהויבן גרייטן לאַנגע ברייטע ריוון. מאָסקע סלאָצניק האָט זיך דערשאָסן, ווען אַלע אַנדערע פֿון דער גרופּע זײַנען פֿאַרשטיינערט געוואָרן צווישן די נידעריקע גרויע מאַציייוועס...

ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט זײַן, אָבער לײזער האָט זיך דערפֿרײט, ווען ער האָט אין פֿינף־און־פֿערציקסטן דערזען קימאַט אַ צווילינג פֿונעם אַלטן גראַפֿס פּאַלאַץ אויפֿן ראַנד פֿון שווערין, ווו עס איז געשטאַנען דער שטאַב פֿון זײער דיוויזיע. דער מויער איז אויך געווען מיט זעקס קאָלאָנעס, מיט היכע, אָוואַלע פֿון אויבן פֿענצטער און מיט אַ טראַפּעציעפֿאָרמיקן דאַך. לײזער איז אַפֿילע צוגעגאַנגען צו דער צווײטער פֿון לינקס קאָלאָנע. אָבער דאָרט האָט ער גאָרנישט ניט געפֿונען, כּוץ דעם סקלעראָטישן שפּינוועבס פֿון שפּאַלטן אויף דער אַמאָל העלער שטוקאַטורקע.

פֿון שײנבערג, אַ קלײן דײַטשיש שטעטל לעבן שווערין, האָט מען פֿונעם גאַנצן באַטאַליאָן אַרויסגערופֿן בלויז אים, לײזערן, און נאָך דרײַ יונגע סאָלדאַטן. דאָ, אין שטאַב, האָבן זײ זיך דערוווּסט, אַז דער פּאָליט־אָפּטײל זוכט אויס, ווער עס איז געבליבן אָן קײן שום באַלוין־צײכנס, קעדײ באַלוינען זײ מיט עפּעס אַ מעדאַל. לײזער איז געבליבן גלײַכגילטיק צו דער דאָזיקער נײַס. ער האָט קײנעם ניט, ווער עס זאָל וואַרטן אויף אים מיט אַ מעדאַל אָדער אָן איר (דאַן האָט ער נאָך ניט געוווּסט, אַז גיסיע מיט די עלטערן האָבן באַוויזן צו דעם צוג, וואָס האָט זיך דורכגעריסן אויף מיזרעך).

דער שעף פֿונעם פּאָליט־אָפּטײל, מאַיאָר נעטריפּײַלאָ, האָט מיט פֿאַרווּנדערונג דערזען לײזערן צווישן די „באַגראַזשדענצעס". נעטריפּײַלאָ איז פֿריִער געווען זאַמפּאָליט פֿון זײער באַטאַליאָן און האָט גוט געוווּסט לײזערן פֿון זינט יענער איז צוגעשיקט געוואָרן צו זײ אינאײנעם מיט נאָך עטלעכע פּאַרטיזאַנער. ער האָט אַפֿילע געדענקט, אַז מע האָט לײזערן צוגעשטעלט צום אָרדען פֿונעם רויטן שטערן.

לײזער האָט דעם מאַיאָר דערצײלט, אַז ער איז נאָך וואַרשע לאַנג געלעגן אין שפּיטאָל, און אַפּאָנעם פֿאַר דער צײַט האָט זיך אַלץ געביטן. פֿון די אַלטע שלאַכטלײַט זײַנען אינעם באַטאַליאָן געבליבן זײער װײניק. „וואָס הײסט: זיך געביטן? — האָט אַ שרײַ געטאָן אויף אים נעטריפּײַלאָ, — כ'וועל זיך שוין אַלײן פֿאַנאַנדערקלײַבן. דו וועסט דערווײַל באַקומען אַ מעדאַל „פֿאַר שלאַכט־פֿאַרדינסטן", און דערנאָך וועל איך געפֿינען דײַן אָרדען".

לײזער האָט דערײכערט דעם סיגאַרעט. גיסיע לאָזט אים ניט רײכערן אין דער דירע, און ער סטאַרעט זיך אָנרײכערן אין זאַפּאַס. ער האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז מע דאַרף נאָך הײַנט ניט פֿאַרגעסן פֿרעגן באַם ווײַב, ווו ס'ליגן זײַנע מעדאַלן. מאָרגן וועט זי אוועקגײן פֿרי, און ער וועט דערנאָך נישטערן אין דער לעצטער מינוט. טאָמיד פֿאַרשטופּט זי ערגעץ דעם אַלטן רידיקיול מיט דאָקומענטן, פֿאַרגעלטע קוויטאַנציעס, אָבליגאַציעס און זײַנע מעדאַלן: די יובילײנע, די, וואָס עס האָט אים דעמאָלט, אין שווערין, צוגעטײלט נעטריפּײַלאָ, און די פּאַרטיזאַנישע מעדאַל. לײזער האָט זי באַקומען נאָך דער מילכאָמע. דאָס איז שוין געווען שימען מערעמינסקיס אַרבעט.

ער האָט אַפֿילע ניט באַמערקט, ווען פֿונעם טעכניקום איז אַרויס מאַשע, זײַן ייִנגערע טאָכטער.

— העער אַ מײַסע! וואָס זשע, דאָס באַגעגנסטו מיך?
— נײן, כ'בין פּאָשעט פֿאַרבלאָנדזשעט געוואָרן.
— אַלצײנס איז גוט. לאָמיר גײן אַהײם.
— קום. די מאַמע לעבט שוין מיסטאַמע איבער.

●

# שוין לאַנג צוריק, און ניט קײן עמעס

עמעצער איז אַרײַן אינעם צימער. מיסטאַמע אָליע. רינע ווײסט דאָך, אַז ער וויל אַ ביסל אָפּרוען.

— פּאַפּיק, דו שלאָפֿסט?

— שוין ניט, — ס'האָט זיך שטאַרק ניט געוואָלט עפֿענען די אויגן, — ווי קאָנסטו אַזוינס דערלאָזן? — מישע האָט זיך דערמאָנט, ווי באַ העמינגווײען צערײַסט אַ לײב אַ זײַן קלײן לײבעלע, ווען יענץ האָט אים מיט עפּעס געשטערט.

— איך האָב ניט געוווּסט, פּאַפּיק, אַז דו שלאָפֿסט, — אָליע איז אַרופֿגעקראָכן אויפֿן דיוואַן, — פּאַפּיק, נאַטאַשע זאָגט, אַז „קראַסני זשיוואָט" הײסט אויף טשעכיש אַ גוט לעבן. און איך זאָג, אַז זי לײַגט. איך האָב איר דערצײלט, אַז מײַן פּאַפּיק קען טשעכיש.

— איך קען ניט טשעכיש, — מישע האָט עטוואָס געעפּנט די אויגן.

— אָבער דו שרײַבסט דאָך רעפעראַטן פון טשעכיש. איך האָב אַליין געזען, — דאָס קאָל איז בא איר געוואָרן א באַליידיקטס.

— רעפעראַטן שרײַב איך אפילע פון פּאָרטוגעזיש. ס'איז דאָך א טעכנישע שפּראַך, — יעדעס מאָל, ווען אַליע הייבט אָן אים דענערווירן, שווימט גלײַך אַרויס א בײַסיקער געדאַנק וועגן דעם, ווי ווייניק פאַרנעמט ער זיך מיט זײַן טאַכטער.

— וואָס איז דער אונטערשייד?

— פּונקט אזא, ווי צווישן לעבעדיקע קווייטן און אָנגעמאָלטע. נאַטיורמאָרט — אזוי רופט מען עס אָן. און איצט גיי און שליס אויס די שײַן, — ס'איז אזוי אָנגענעם ווידער צו פארמאַכן די אויגן.

...„קראַסני זשיוואָט". מיטן פאָטער איז איין גרופּע האָט זיך געלערנט א מיידל מיט א פאַמיליע־נאָמען זשיוואָט. אזוי פלעגן אַלע זי רופט — זשיוואָט, מיטן טראָפּ אפן לעצטן טראַף. און זי פלעגט שטענדיק פאַריכטן — זשיוואָט, מיטן טראָפּ אפן ערשטן טראַף. דער פאָטער האָט וועגן דעם דער־ציילט מיט א יאָר פופצן צוריק. ער האָט זיך דעמלט אומגעקערט פון זשיטאָמיר, וווּ ס'איז געווען עפּעס א באַראַטונג פאַר דירעקטאָרן פון אוקראַאינישע שולן. „גיי איך אַרויס פון האָטעל און זע — אנטקעגן מיר גייט זשיוואָט. שרײַ איך צו איר: „זשיוואָט!" קערעוועט זי זיך אויס און זאָגט גלײַך „זשיוואָט", מיטן טראָפּ אפן ערשטן טראַף. זי האָט מיך, פאַרשטייט זיך, ניט דערקענט. ס'איז דאָך שוין פאַריבער סאַכאַקל פערציק יאָר". — „ביסט געווען בא איר?" — האָט געפרעגט מישע. „ניין, זי איז געלאָפן צו דער טאַכטער, זיצן מיטן אייניקל..."

מישע איז אופגעשטאַנען, סײַווי נעמט אים ניט קיין שלאָף.

אין דער קיך האָט רינע געקאָכט וואַרמעס אף מאָרגן.

— דו האָסט שוין געכאַפּט א דרעמל? ביסט א גליקלעכער מענטש. ווען איך זאָל קאָנען אָט אזוי זיך לייגן און שלאָפן. עסן ווילסטו?

— ניין. אין וועג האָסטו מיר עפּעס צוגעגרייט?

— יאָ. אכט קאָטלעטן וועט אײַך סטײַען? — רינע ווייסט, אז אַרלאָוו, זייער הויפּט־אינזשעניער, מיט וועמען מישע פאָרט אָפּט אין קאָמאַנדירונגען, האָט ליב אירע קאָטלעטן. — איך האָב הײַנט געזען סאָפּקען. זי קלײַבט זיך צוניפרופן אונדזערע יאַטעכעס.

— וואָס אינמיטנדערינען? — מישע האָט קוים אַרײַנגעשטופּט די קאָטלעטן צווישן די שטעק־שיך און דעם עלעקטרישן גאָלמעסער.

— גלאַט אזוי זיך. שוין מיסטאמע א יאָר פינף, ווי מיר זײַנען זיך דאָס לעצטע מאָל צונויפ־געקומען. יאָ, ביסט דעמלט ערשט געקומען פון וויעטנאַם. געדענקסט, אין „סלאַוווטיטש"?

ער געדענקט. אין כאַנאָי האָט זיך בא אים צעשפּילט דער גאַסטריט, און ער האָט דעם גאַנצן אָוונט גאָרנישט ניט געגעסן, אויסער סאַלאַט פון געקאָכטע בורעקעס.

— כ'וואָלט שוין פאָרן מיסטאמע, — דער קייס האָט זיך בא אים קוים פאַרמאַכט. ער איז בא מישען אָן אוניווערסאַלער — סײַ צוליב דורכגיין די עטלעכע קוואַרטאַלן ביזן אינסטיטוט, סײַ צוליב אַרײַנשטופּן אין אים אַלע נייטיקע אין וועג כפייצים.

ער האָט אזא טעווע: אַרויסגיין פאַרפריִער. מאַלע וואָס... כאָטש פאָרן איז גאָר ניט ווײַט. נאָך דער דאַמבע, וואָס פאַרבינדט דעם סאַצגאָראָד מיט דער אַלטער שטאָט, דאַרף מען דורכפאָרן בלויז דרײַ אָפּשטעלן ביזן קינאָ־טעאַטער „ראַדינא" און דערנאָך — אף לינקס, פאַרבײַ די מאַסיווע „סטאַלי־נישע" הויפּט־קאָרפּוסן פון צוויי אינסטיטוטן, דעם פּאָליטעכנישן און דעם פּעדאַגאָגישן.

עפּשער איז דאָס א צופעליקייט, וואָס די ביידע אינסטיטוטן שטייען איינער אנטקעגן דעם אַנ־דערן. און עפּשער האָט עפּעס א שטעטבויער פאַרטראַכט א דרייסטן דעמאָגראַפישן עקספּערימענט. דעם פּעדינסטיטוט האָט מען אין שטאָט געוווּסט ווי א „פרויען־מאָנאַסטיר", און אינעם פּאָליטעכנישן, כאָטש קיינער האָט אים ניט גערופן „מאַנצבלשער מאָנאַסטיר", זײַנען דאָסראָוו סטודענטן געווען באָכערים.

מע דאַרף זאָגן, אז דער צופעליקער אָדער בעקיוונדיקער עקספּערימענט גיט אַלע יאָרן גוטע רעזולטאַטן. עפּשער איז דאָס פאַרבונדן מיט דעם, וואָס די „פּעדיטשקעס" זײַנען געוויינלעך בעסער אָנגעטאָן, איידער זייערע קאָנקורענטקעס פון דער קעגנאיבערדיקער זײַט גאַס. ס'איז באַוווּסט, אז די פרויען פּוצן זיך ניט אזוי צוליב געפעלן ווערן די מאַנצבלען, ווי איינע פאַר דער צווייטער, צוליב פאַרשטעקן די אַנדערע פרויען אין אַרבל. פאַראַן געוויס אויך אַנדערע סיבעס. רינע פלעגט דאָך קיינמאָל זיך ניט אָנטאָן צו מאָדיש...

מישע האָט א טראַכט געטאָן, אז אפילע די קאָלירן פון די קאָרפּוסן גיבן אַרויס די געשלעכטער פון ביידע אינסטיטוטן: א צאַרט־ראָזעווער, באַפּוצט מיט קאָרינפישע קאָלאָנעס פאַסאַד פון איין זײַט גאַס און א כמורנע גרויע מאַכינע פון דער צווייטער. עמעס, די אַנדערע, נײַע קאָרפּוסן פון די

אינסטיטוטן זײַנען שוין פּונקט אַזוי אומגעשלעכטלעך־אײַזנבעטאָניקע, ווי דער נײַער וואָקזאַל, וואָס מע האָט ניט לאַנג צוריק געעפֿנט אין עטלעכע צענדליקער מעטער פֿון דער אַלטער געבײַדע, ווו עס האָבן זיך איצט אומגעריכט פֿרײַ אײַנגעאָרדנט די בײַשטאָטישע קאַסעס.

מישע האָט פֿריִער דערזען אַרקאַדי מיראַנאָוויטשן און שוין דערנאָך יוליען. זי איז געוואָרן קאָנ־טיק פּעטלײַביקער און שענער.

— אוי, מישקע! אַ שאָק מיט יאָרן זיך ניט געזען! — און האָט צי אַ טשמאָקע, צי אַ בוצקע געטאָן אים אין די וואָנצעס, — ווּהין פֿאָרסטו?

— קיין מאָסקווע.

זיי זײַנען געשטאַנען באַם דינאַמיק, פֿונוואַנען אַ מעטאַלקלינגענדיק קאָל האָט אָן אויפֿהער אויס־געשריִען אויף רוסיש און אוקראַיִניש: צוג—פּלאַטפֿאָרמע—וועג. קימאַט מיט אַזאַ פּראָפֿעסיאָנעלער גלײַכילכקײַט פֿלעגט אַמאָל בײַ זיי אין הויף אַרויסשרײַען ציפּערן די מומע וואַרוואַרע, שפּילנדיק זומער מיט אַנדערע שכיינים אין לאָטאָ.

— אַ שאָד, איך האָב געמיינט, אַז מיר וועלן פֿאָרן אינײנעם, — אַרקאַדי מיראַנאָוויטש האָט אָוועקגעשטעלט זײַן טשעמאָדאַן, — דו רײַכערסט?

— ניין, — מישע האָט מיט צוויי וואָכן צוריק ווידעראַמאָל אויסגערייכערט דעם לעצטן סיגאַרעט.

— און איך קאָן ניט פֿאַטער ווערן, — פֿאַר די יאָרן איז אַרקאַדי מיראַנאָוויטש געוואָרן קימאַט אַ זאַקן מיט קוים קאָנטיקע איבערבלײַבענישן פֿון אַמאָליקער מיליטערישער אויסגעשולטקײַט, — כ׳וועל אַרויסגיין אויפֿן פּעראָן.



— יאָ, א שאָד, — האָט איבערגעכאַזערט יוליע, ווען דער פֿאָטער איז אַוועק, — מיר פֿאָרן צונעמען מײַנע זאַכן. דו ווייסט דאָך, אז איך האָב זיך געגעט?

— עפּעס האָב איך געהערט... — סאַפּקע שטערענשיט האָט ניט לאַנג צוריק געהאַלטן אים מיט דער דאַזיקער נאַווינע מיסטאַמע א שאָ אונטערן רעגן.

— געוויס, ס'איז שוין סאַפּקעס אַרבעט. כאָטש דאָס האָט קיין באַטרעף ניט. איך בין צופֿרידן, וואָס איך קאָן זיך אומקערן אהער, — יוליע האָט א ווײַז געטאָן מיט דער האַנט אויף דער ריי, וואָס איז געשטאַנען נאָך די וועג־אַנבײַסנס (א פּאָר האַרטע אייער, א שטיקל געקאַכט ווורשט און נאָך עפּעס), אָבער מישע האָט פֿאַרשטאַנען, אז זי מיינט זייער שטאָט. — און ווי לעבסטו? סאַפּקע האָט מיר דערציילט, אז בא דיר איז שוין א גרויס מיידל, אז דו פֿאַרדינסט משוגענע געלט און אז רינע, אויף כּידושים, איז געוואָרן אן אינטערעסנע דאַמע.

— דו האָסט סאַפּקען מיסטאַמע געזען מער, ווי מיט א וואָך צוריק?

— יאָ, — יוליע האָט זיך פֿאַרקלערט אויף א רעגע, — איך האָב זי געזען מיט א כּוידעש צוריק. און פֿונוואַנען ווייסטו וועגן דעם?

— ווײַל זי האָט דיר גאָרנישט ניט דערציילט וועגן דעם נײַעם שטויבזויגער. מיר האָבן אים געקויפֿט אַקאָרשט מיט א וואָך צוריק. דו ווייסט, אזא מין, ווי א פּופּיק.

— גיי שוין מיט דײַנע כאַכמעס, — יוליע האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט, — וואָס ווילסטו? סאַפּקע בלײַבט סאַפּקע, — יוליע האָט אָנגעדרייט א לאָקן אויפֿן פֿינגער. מישע האָט געדענקט די דאַזיקע אירע טעווע, — ווי אַלע אַלטע מיידן זוכט זי סענסאַציעס. דאָ, עפּשער האָסטו געהערט, האָט זי צוגעטראַכט צונויפֿשלעפּן די גאַנצע גרופּע.

— דו קלײַבסט זיך גיין? — דערמאָנט, מיט פֿינף יאָר צוריק, האָט זי צוגעשיקט א טעלעגראַמע. עפּעס געגראַמט וועגן דעם, אז דער מאַן און דער דירעקטאָר פֿון דער שול לאָזן זי ניט אַוועק.

— איך ווייס נאָך ניט. אויף אַזעלכע באַגעגענישן דאַרף מען קומען אָדער מיט א מאַנצבל, אָדער מיט גליקלעכע אויגן, ווי בא „אַנו־קאַ מיידלעך". און איך האָב מוירע, אז איצט וועט עס זיך בא מיר ניט באַקומען.

באַם בופֿעט מיט די וועג־אַנבײַסנס האָט זיך צעשפּילט א סקאַנדאַל. א פֿרוי אין א לעדער־מאַנטל האָט עפּעס געשריִען צו דער בופֿעטשיצע, און די בופֿעטשיצע איז געוואָרן רויט, האָט זיך גע־קלאַפּט אין דער ברוסט און אויך עפּעס געשריִען. פֿאַר מישען און יוליען איז די גאַנצע האַנדלונג פֿאָרגעקומען ווי אין א שטומען פֿילם מיט דער באַגלייטונג פֿון א טאַפּיאַר, וואָס האָלט אין איין אויס־שרײַען ציפֿערן: צוג — פּלאַטפֿאָרמע—וועג.

די פֿרוי אינעם לעדער־מאַנטל האָט עפּעס א וואָרף געטאָן אויף דער סטאַיקע, אונטערגעכאַפּט אירע זאַכן און זיך א לאָז געטאָן פֿונעם בופֿעט. יוליע האָט זיך אומגעקערט צו מישען:

— איך פֿאַרשטיי דעם נײַגעריקן אוילעם — אין די גאַסן־קריגערײַען איז פֿאַראַן עפּעס פֿאַר־כאַפּנדיקס, — זי איז גלײַך ווי צעמישט געוואָרן מיט איר אינטערעס צו דער סצענע. — מישע, — האָט זי געפֿרעגט אין א מינוט אַרום, — איך וויל פֿרעגן בא דיר, כאָטש, פֿאַרשטייט זיך, ס'איז שוין אַלץ געווען, אזוי צו זאָגן, לאַנג צוריק און ניט קיין עמעס. דײַן ליבע־בריוו איז בעעמעס געווען א שפּאַס?

— דו ווייסט דאָך, אז איך בין שטענדיק געווען א מאַזיק אויף נאַרישע שפּאַסן.

— יאָ, ס'איז טאַקע געווען א נאַרישער שפּאַס, — זי האָט אָנגעדרייט א נײַעם לאָקן.

ער געדענקט, ווי הײַנט: „וואָס פֿאַר א נאַרישקײַט האָסטו מיר צוגעשיקט? אגעוו, ווען וועסטו זיך שוין אויסלערנען שרײַבן אָן גרײַזן?" די אָרטאָגראַפֿיע שפּילט זיך מיט זײַן גוירל. איבער איר האָט ער ניט באַקומען קיין גאָלדענע מעדאַל, אָנגעקומען אין פּאָליטעכנישן. און יוליע אויך — „ווען וועסטו...". מיסטאַמע קיינמאָל ניט.

— נו, יוליעטשקע, מיר דאַרפֿן שוין גיין, — מישע האָט ניט באַמערקט, ווי אַרקאַדי מיראָנאָוויטש האָט זיך אומגעקערט, — א שאָד, וואָס דו פֿאָרסט ניט מיט אונדז.

מישע האָט זיך אופֿגעכאַפּט צי פֿון הונגער — ס'טרעפֿט זיך מיט אים אַזוינס אַמאָל באַנאַכט — צי פֿון אַרלאָווס כראָפּען. אין קופּע האָט געשמעקט מיט רינעס קאָטלעטן. פֿאַרן שלאָפֿן האָט מישע זיי אַרויסגעלייגט אויפֿן טיש. ער האָט אָנגעטאַפּט דאָס טרעשטשענדיקע מיט פּאַלגע פּעקעלע, אַרויס־גענומען א קאָטלעט און אָפּגעביסן גלײַך א האַלב. „אינטערעסאַנט, יוליע וואָלט געקאָנט מאַכן אַזעל־כע קאָטלעטן?" — און ער האָט זיך אויף א קאָל צעלאַכט פֿון אָט דעם געדאַנק.

# אַפּרון

אינעם לעצטן טאָג ערעוו אורלויב האָט נינע, ביסקינס סעקרעטאַרשע, אים פּריילעך געזאָגט:
— אַלעקסאַנדער שיַעוויטש, ווער פאָרט אזוי אין סאַנאַטאָריע? איר וועט דאָך שטענדיק דאָרט זיַין פאַר אונדזעריקע אין די אויגן, — און האָט זיך כיטרע צעלאַכט.

ביסקין האָט פאַרפריִער ניט פּלאַנירט גיין אין אורלויב גראָד איצט, ווינטער, ווען דאָס יאָר הייבט זיך ערשט אָן און מע דאַרף שליסן ניַיע אָפּמאַכן, פּראָלאָנגירן אַלטע, זיך יאַקאָס אוועקדרייען פון די מעסופּעדיקע אַרבעטן, אין וועלכע עס ציט זיי אַקשאָנעסדיק אַריַין דער ניַיער הויפּט־קאָנסטרוקטאָר, וועלכן מע האָט ניט לאַנג צוריק צוגעשיקט צו זיי אַזש פון קראַסנאָיאַרסק. די „ברענענדיקע" פּוטיאָווקעס זיַינען געקומען גאָר אומגעריכט, אָבער ביסקין האָט גליַיך דערפילט, ווי ער איז מאַט, און האָט געגעבן דעם וויַיב א מעגלעכקיַיט זיך איַינריידן, אַז דאָס געזונט איז וויכטיקער פון אַלע אָפּמאַכן.

געוויסנביסן האָט ביסקין דערפילט שוין אין דער עלעקטריטשקע, ווען ער האָט זיך דערמאָנט אין טיטאָווס פאַרלוירן פּאָנעם. פאַר די פינף יאָר, זינט מע האָט אָרגאַניזירט די ניַיע אָפּטיילונג און זינט טיטאָוו איז געוואָרן זיַין פאַרטרעטער, האָבן זיי טאַקע ניט געפונען קיין געמיינזאַמע שפּראַך. ביסקין האָט נערוועז פאַרגעפילט, אַז אין פיר און צוואַנציק טעג אַרום וועט ער מוזן אַנולירן אייניקע טיטאָווס באַשלוסן, און יענער וועט נאָך לאַנג זיך בלאָזן, וואָרענענדיק דערביַי:
— ווי איר ווילט איַיך. איך וואַש אָפּ די הענט.

קימאַט אויף צוואַנציק יאָר עלטער פון ביסקינען, האָט טיטאָוו אָנגעהויבן אַרבעטן נאָך אין די ציַיטן, ווען אַן איניציִאַטיווע האָט געקאָנט זיַין באַטראַכט ווי אַן אָפּוויַיכונג פון אַן אָנגעמערקטן פון אויבן קורס. דער באַוווּסטער מיט זיַינע פרימכעס פּראָפעסאָר טאַרלאָוו האָט זיי אַמאָל געזאָגט: „דער אינסטינקט פון זעלבסטפאַרהיטונג וויַיזט זיך אַרויס פאַר א האַנאָכע: קאָלעקטיוון מישפּעט מען ניט, קאָלעקטיוון קאָן מען נאָר אויסזידלען". און האָט צוגעגעבן: „אָט אַזוי, אין א סטאַדע איז א סאַך גרינגער". ביסקין פלעגט זיך שטענדיק דערמאָנען אין טאַרלאָווס זאָג, קוקנדיק אויף טיטאָווס בעטעווע באַרויגעזן אָדער פאַרלוירן פּאָנעם, וואָס האָט, דאַכט זיך, בעפּויעל מאַמעש אויסגעשטראַלט האַסראָעס: „איך וואַש אָפּ די הענט"...

די ערשטע דריַי נעכט איז ביסקין געשלאָפן שלעכט, כאָטש דער שאָכן, א באַיאָרטער שאָפער פון א סיבירער דאָרף, האָט קימאַט ניט געכראָפּעט, און אויב ער פלעגט אַפילע יאָ אָנהייבן אַרויספירן מיט דער נאָז עפּעס א ניגן, פלעגט אים דער אייגענער געוויש באַלד אויפוועקן און גליַיך ווי איבערשליסן אין קימאַט א רויִקן רעזשים, וועלכער וואָלט געווען גאָר א רויִקער, ווען ניט די שטילע, מאַמעש קינדערשע אונטערכליפּענישן. אָבער די רירנדיקע קלאַנגען, וועלכע עס האָט גענעריִרט זיַין שאָכן, האָבן ביסקינען גאָר ניט געשטערט. אין דער ערשטער נאַכט האָט ער אַפילע א טראַכט געטאָן, אַז עס דאַרף, אַדעראַבע, איַינוויגן, ווי א גריל, וואָס האָט אַמאָל קלינגענדיק געלעבט באַ זיי אויף דער דאַטשע ניט וויַיט פון דער סטאַנציע זשאַוואָראָנקי. פון אַזאַ מין פאַרגליַיך — א גריל און דער שווערליַיביקער, איַינגאַנצן ליסער פּיאַדאָר פּיאַדאָראָוויטש — האָט ער אָנגעהויבן זיך שטיקן פאַר געלעכטער און איז אַפילע אַרויסגעלאָפן אין וואַנע־צימער, קעדיי ניט אויפוועקן דעם שאָכן.

ער פלעגט זיך אויפכאַפּן פיר אַזייגער, ווי נאָר א וועקזייגער, און פלעגט זיך גליַיך לאָזן אין אַמפערניש מיטן הויפּט־קאָנסטרוקטאָר, וואָס האָט נאָך מייער מאַרקאָוויטשעס האַסכאָלע באַקומען א צונעמעניש „סטעפּ־ביַי־סטעפּ". מייער מאַרקאָוויטש האָט נאָך דעמלט אָנגעפירט מיטן טעכנישן אָפּטייל און האָט דער ערשטער דערפילט דעם איַינגעשפּאַרטן פּעדאַנטיזם פונעם ניַיעם „ערשטן". ביסקין האָט זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט מייער מאַרקאָוויטשן, ווען יענער איז אַרויסגעלאָפן פונעם „ערשטנס" קאַבינעט. רויט געוואָרן, האָט ער א שפּריץ געטאָן אויף ביסקינען מיט סלינע:
— דו ווייסט, וואָס עס הייסט אויף ענגליש „סטעפּ־ביַי־סטעפּ"?
— יאָ, נאָכאַנאַנדיק.

— ריכטיק. אָט אַזוי וועט איר איצט אַרבעטן. טעסע זיך עס איַין אין קאָפּ. איך פּערזענלעך וואַש אָפּ די הענט, — און ער האָט א טראַכקע געטאָן מיט דער טיר.

„נאָך איינער וואַשט אָפּ די הענט", — האָט דעמלט א טראַכט געטאָן ביסקין. מייער מאַרקאָוויטש, אַמאָליקע ציַיטן דער שטאָלץ פון זייער קאָנסטרוקטאָרן־ביוראָ, איז שוין פון לאַנג טעכניש אָפּגעשטאַנען, געבליבן ערגעץ צווישן די דריַיסיקער און פופציקער יאָרן. האַגאַם אים האָט מען געהאַלטן

פאר א לעבעדיקער ענציקלאָפּעדיע מיט פֿילצאָליקע אָפּט ווידערשפּרעכלעכע צירקוליארן און אינסט־רוקציעס, וועלכע זײַנען צו שטאַנד געקומען פון אונטער דער פּען פון עטלעכע דוירעס טשינאָווניקעס.

די ערשטע צײַט האָט ביסקין מיט באַפרידיקונג זיך צוגעקוקט צו דער טעטיקײַט פונעם הויפּט־קאָנסטרוקטאָר. יענער האָט געהאַט די מײַלע לעגאַבע זײַן פאָרגייער, ברעכנדיק אַנטשיידן די אַטאַוויזמען, וואָס האָבן זיך פריִער געהאַלטן נאָר לויט אינערץ. ביסקינען האָט ער גענומען אויך מיט זײַן אינטעליגענטישקײַט. זײַן פאָרגייער האָט ליב געהאַט פאַרדרייען א היפּע, סײַ אין אופּ־געבראַכטקײַט, סײַ גוטמוטיק, סײַ סטאַם אין געווײנלעכע רייד, אַפילע צווישן ספּעציפישע טעכנישע טערמינען.

אינגיכן אָבער האָבן אלע אָנגעהויבן באַמערקן, אַז די „סטעפּ־בײַ־סטעפּישע” קאַמפּאַניע פאַרציט זיך. מע האָט אויך באַמערקט, אַז דער הויפּט־קאָנסטרוקטאָר מײַדט אויס אָנעמען באַשלוסן, ווען ס'האַנדלט זיך וועגן עפּעס, וואָס ליגט אויסער די ראַמען פון פאַרשיידענע צירקוליארן. סאָפקאָלסאָף האָט ער זיך דערקליבן ביז דער טעמאַטיק פון ביסקינס אָפּטיילונג; הייסט עס, אַז די קאָנסטרוקטאָרן־ביוראָ פאַרנעמט זיך מיט דעם, וואָס עס איז ניט פאָרויסגעזען לויט דעם סטאַטוט פון זייער אָרגאַ־ניזאַציע.

„מע קאָן עפּשער טײַטשן דעם טאַמציס אַף אַזאַ אויפן, ווי איך, אַלעקסאַנדער שיַעוויטש, ווילט... האַגאַם עס איז פאַראַן דאָך די אינסטרוקציע נומער אַזאַ און אַזאַ פון אַזאַ און אַזאַ דאַטע... און אויבּ עמעצער וועט זיך כאַפּן... יאָ, מער קיינער פאַרנעמט זיך ניט מיט אַזעלכע זאַכן, לעכאָלהאַפּאָך כעס אַף אַזאַ מין ניוואָ. יאָ, ס'איז אַן אווירע, אין דער אָפּטיילונג האָט זיך געשאַפן א גוטער קאָלעקטיוו, כאָטש אַן אָנפירער דאַרף קענען אַרבעטן מיט א באַליביקן ביאָלאָגישן מאַטעריאַל. ס'איז, פאַרשטייט זיך, א שפּאַס. אָבער, יעדנפאַלס, מיר טאָרן ניט זײַן גוטהאַרציקער פון דער ראַטנומאַכט...”

אין די פרימאָרגנדיקע שאָען איז ביסקין געלעגן און האָט אונטערן אַקאָמפּאַנעמענט פונעם שאָכנס אונטערכליפּעניש גלײַך ווי געדרייט צענדליקער מאָל איין און דעם זעלבן פילם: דער הויפּט־קאָנסט־רוקטאָר, טיטאָוו, מייער מאַרקאָוויטש, נינע מיט אירע קעציש גרינלעכע אויגן, פאָרטנאָוו און זאַמבי־באַרשטש — די צוויי האַכנאָעדיקע „שלעפּ־פערד”, גלעב סאָלאָווייטשיק, וועלכער וואַלגערט דורך שוין די צווייטע טעמע נאָכאַנאַנד, דער אינספּעקטאָר־פײַערלעשער מיט זײַן כוידעשלעכן לײַבשטײַער — א פלעשל ספּירט... פאָרויס, צוריק, סטעפּ־בײַ־סטעפּ.

אָט איז ער, דער מענטשישער פאַקטאָר. פאַר די לאַנגע פרימאָרגנדיקע שאָען האָט ביסקין צע־טיילט אַלעמען אַף דרײַ שוואָטים: גאַנאָווים, היטער און קעמפער. מײלע, מיט גאַנאָווים איז קלאָר. ווי מע זאָגט: וואָס עס איז אויסגעוואַקסן, איז שוין אויסגעוואַקסן. מע דאַרף זיי פּאָשעט האַלטן וואָס ווײַטער פון אַלצדינג, ס'מעג זײַן א באַטאָן קאָלבעס צי א פרעמדע דערפינדונג. מיט די אַנדערע איז קאָמפּליצירטער. דער זעלבער הויפּט־קאָנסטרוקטאָר. ווי א היטער האָט ער די ווערט מי־יעדייע וויפל. אָבער אַן אָנפירער דאַרף זײַן א קעמפער. פאַרשטייט זיך, ניט סטראָם־האָלאָוואַי; זאָל זײַן סטעפּ־בײַ־סטעפּ, לעמאַנעשעם ערלעך, נאָר פאָרויס, ניט זוכן עפּעס א טאַמציס צווישן די שורעס, דורך וועלכע עס טרעטן נאָך, דאַכט זיך, אַרויס די אַלטע רוסישע אויסיִעס „יאַט”, „פיטאַ” און א וועלט מיט האַרט־צייכנס.

ניט אומזיסט האָט מוניע, זײַן עלטערער ברודער, געפּרוּווט אים אײַנטײַנען: „וואָס קריכסטו אין נאַטשאַלניקעס? פאַר א צענערל־צוויי וועסטו מוזן קעסיידער אופשטיין פון דײַן שוצגראָבן אין דער גאַנצער הייך. בעסער פון אַלץ זיך אָפּזיצן אַלס פאַרטרעטער”.

די שכיינים בא זײַן טיש זײַנען געקומען אין סאַנאַטאָריע פריִער, נאָך פאַרן נײַ־יאָר, האָבן זיך שוין דאָ אײַנגעוווינט. די צוויי פרויען — אינטאַ ראַמואַלדאָוונע, א לערערן פון ליִעפּײַע, און א מאָסק־ווער „עמאַנסיפּע” פון אַן אומבאַשטימטן עלטער — האָבן שטענדיק געטריבן לייצאָנעס מיט וויקטאָרס ליבע־אַוואַנטיורן. וויקטאָר, א שלאַבעריקער יאַזוועניק פון א יאָר פופציק, האָט געענטפערט מיט רעטענישפולע שמייכלען, אַף א קאַניבאַלישן אויפן, בעפּיירעש א שטאָלצער מיט זײַן אַמפּלוא פון א הערזאָי־קאָכאַנעק.

ניט רעכענענדיק די אַרײַנגענג אין דער רונדער, מיט גרינע קאָלאָנעס גאָרקיך, די פּראָצעדורן, די ריטועלע שפּאַצירן צו דעם קוואַל, איז ביסקין קימאַט גאַנצענע טעג געלעגן אין דער פּאַלאַטע און געלייענט. אין דרויסן איז געווען קאַלט, ביז פערציק גראַדוסן. ס'איז געווען געמיטלעך זיך פאַר־באַהאַלטן אונטער צוויי קאָלדרעס, וויסנדיק, אַז קיינער וועט דיך ניט טשעפּען, סײַדן דער שאָכן וועט אויסזידלען די קעלט צי זײַן קאָלווירט־פאָרזיצער. א פּאָר מאָל אין טאָג פלעגט אַרײַנגיין א יונגע פעטלײַביקע אופראַמערן — „שיסן” בא זיי א סיגאַרעט.



בעשאס זײַנע אָבליגאַטאָרישע מארשרוטן אינעם פירעק „פּאַלאַטע — גאָרקיך — קוואַל — פּראָצעדורן" פֿלעגט ער זיך אָפּט צונויפֿטרעפֿן מיט „זײַניקע", זיך איבערוואַרפֿן פֿאַרבײַגייענדיק מיט עטלעכע פֿראַזעס וועגן די גוואַלדיקע פֿרעסט, ביפֿראַט נאָך די קעלטן האָבן געמאַכט ניט אַזוי באַנאַל די אייביקע טעמע, און לויפֿן ווײַטער. קימאַט מיט קיינעם פֿון זיי איז ער פֿריִער ניט געווען גענוג באַקאַנט, ניט מער — בלויז זיך געגריסט מיט זיי אין די קאָרידאָרן פֿונעם קאָנסטרוקטאָרן־ביוראָ. אָבער דאָ האָט אָפּגעטאָן זײַנס דאָס געוויינלעכע אין אַזעלכע פֿאַלן געפֿיל פֿון אָנגעהעריקײַט צו איין פֿינף־טויזנטקעפּיקער קאָרפּאָראַציע, ווען גאָר פֿרעמדע מענטשן ווערן מיטאַמאָל „דײַניקע", קימאַט נאָענטע. דער איינציקער, וועמען ביסקין האָט אינדערעמעסן גוט געוווּסט, האָט אַפֿילו אַמאָל, מיט פֿופֿצן יאָר צוריק, אָנגעהויבן אַרבעטן אונטער זײַן אָנפֿירונג, איז געווען מייער מאַרקאָוויטש, וועלכער האָט איצט, שוין א יאָר אַף פּענסיע, גיריק אַרויסגעצויגן פֿון ביסקינען די פֿרישע נײַס אינעם קאָנסטרוקטאָרן־ביוראָ, איבערכאַזערנדיק דערבײַ, אויב אַפֿילו ס'איז געגאַנגען א רייד וועגן, ווערדליק ביסקינס מיינונג, עפּעס פֿריידיקס: „אוי, סאַשענקע, עס טויג אַלץ אַף קאַפּאָרעס".

אַפֿן פֿערטן טאָג, בײַסן מיטיק, ווען ביסקין האָט זיך געטייסעקט מיט א היִנער־פֿליגל, האָט די דיִעטע־שוועסטער צוגעפֿירט צו זיי עמעצן (דאָס פֿליגעלע האָט סאָפּקאָלסאָף אָנגעהויבן נאָכגעבן, און ביסקין, באַגײַסטערט מיט דעם לאַנג דערוואַרטן ניצאָכן, האָט ניט גלײַך א קוק געטאָן, ווער עס קלײַבט זיך פֿאַרנעמען דאָס אָרט פֿון אינטא ראַמונאַלדאָוונען, וועלכע האָט ניט אויסגעהאַלטן די פֿרעסט און איז אַוועקגעפֿאָרן אַף א וואָך פֿריִער):

— אַט האָט איר א נייַנקע. באַוואָלט זי ניט.

דאָ האָט ביסקין דערזען, אז די „נייַנקע" איז ניט קיין אנדערע, ווי נאַטאַשע מארקאָווא פונעם פּלאַניר־אָפּטייל.

— פּריוועט, — ער האָט פייַנט געהאַט די דאָזיקע אומפּערזענלעכע באַגריסונג, געהאַלטן זי נאָר פאַר אַזעלכע פאַלן, ווען ס'איז ניט קלאָר, וויאַזוי ער דאַרף זיך ווענדן — אויף „דו" אָדער אויף „איר", און דאָס נייטראַלע „דאָברי דען (וועטשער, אוטראָ)" קאָן זיך אויסווייַזן איבעריק מאַנירלעך.

— זדראַווסטוווי, סאַשע, — האָט נאַטאַשע גלייַך געלייזט די „גראַמאַטישע" פּראָבלעם פון פּערזאָן און, ווי אַן אַלטע באַקאַנטע, אָנגעהויבן אויסקלאָרן זייַן טאָג־רעזשים, זייַנע אייַנדרוקן, פּראָצעדורן (צי מע מאַכט אים מיקראָ־קליזמעס).

— א דאַמע האָסטו דאָ פאַר זיך שוין אונטערגעזוכט? — האָט זי פריילעך געפרעגט בײַ אים, ווען זיי זייַנען אַרויסגעגאַנגען פון דער גאָרקיך אין גרויסן זאַל (מייער מאַרקאָוויטש האָט אים גערופן „לאַבאַזיע מעסטאָ"), וווּ ס'פלעגן זיך אַלס קלאָל באַגעגענען פּאָרלעך, וואָס זייַנען — מאַכמעס פאַרשיידענע דיעטעס — ניט אויף לאַנג צעוואָרפן געוואָרן איבער פאַרשיידענע טישן און אומבייַטן. דאָ האָבן זיך שטענדיק געדרייט האַלב־דאַכלאָזע קוראָרטניקעס. דאָ, אייגנטלעך, פלעגט מען, לויט די „דאַטוזיבאַ" מיקויעך הייַנטיקע און מאָרגנדיקע קולטורטרעגערישע אונטערנעמונגען, פּלאַנירן, וויאַזוי צו פאַטערן די צייַט, וואָס איז פּלוצעם געוואָרן פאַר אַלעמען אַזוי קלעפּיק און איבעריק.

— ניין. איך האָב זיך איבערצייַגט, אַז אַלע רייצנדיקע פּרוּוון מאַכן קאַליע זייערע מאָגנס שוין אין די עלטערע יאָרן.

ביסקין האָט טייקעף פאַרשטאַנען, אַז ער האָט א זאָג געטאָן א נאַרישקייַט. נאַטאַשע איז געווען מיעס.

— לאָזט זיך אויס, אַז בײַ אייַך, סער, איז א ראַפינירטער געשמאַק, — האָט אָפּגעענטפערט מיט איזדיעקעניש נאַטאַשע, — זאָג שוין בעסער, אַז דו האָסט מוירע פאַר מעגלעכע קלאַנגען. איז לאָמיר מאַכן אַזוי: דו וועסט זייַן מייַן קאַוואַלער. די רעפּוטאַציע איז בײַ מיר, צום באַדויערן, זיכערער, איידער בײַ א סטאַטוע פון צעזאַרס ווייַב. אָפּגערעדט? הייַנט גייען מיר אויף טענץ.

„אָפּגערעדט". שפּעטער וועט מייער מאַרקאָוויטש אים זאָגן, אַז ער, ביסקין, איז געגאַנגען אויף די טענץ (מייער מאַרקאָוויטש האָט זיי צופעליק באַגעגנט בײַ דעם קורזאַל) מיט „א פּאָנעם, אויף וועלכן עס איז געווען אָנגעשריבן דאָס גליק פון אומטרייסטלעך אומגליקלעכע עלטערן".

נאָכן מיטיק האָט זיך ביסקין אומגעקערט צו זיך. דער שאָכן איז שוין געלעגן אַן אָנגעטאָנענער אונטער זייַן קאָלדרע. די קוים וואַרעמע באַטאַרייען (דער פּראָסט האָט זיך אָפּצולאָכעס געהאַלטן) זייַנען געווען די סיבע פון שטענדיקע טאַרומעס. עטלעכע אַמעריסטן ספּילטשעווע האָבן אַפילע צוגעסטראַשעט דעם הויפּט־דאָקטער מיט שרעקלעכע שטראָף־מיטלען, אָבער די פאַרשוווערער האָט מען גלייַך אַריבערגעפירט אינעם דריטן קאָרפּוס, דעם סאַמע נאָענטסטן צו דער קעסל־קאַמער, און דער שיר ניט צעבראָכענער סאָציאַלער שאָלעם איז ווידער געוואָרן גלייַך אופגעשטעלט.

ביסקין איז אויך אַרייַנגעקראָכן אונטער זייַן קאָלדרע און צודעק, געפּרוּווט לייענען עפּעס פון די עטלעכע זשורנאַלן, וואָס ער האָט אויסגעקליבן אין דער ביבליאָטעק. זשורנאַלן לייענט ער קלאָל נאָר בעשאַס אורלויבן, גלייַך פאַר א גאַנץ יאָר. אין פאַרלויף פון א יאָר קלעקט אים עטלעכע דעטעקטיוון. גלעב סאָלאָווייטשיק, וועלכער דרייט זיך שטענדיק אויף דעם „שוואַרצן" ביכער־מאַרק, וואַרפט אים אונטער צומאָל פרישע ראַריטעטן. פאַרשטייט זיך, צומוייניקסטן פאַר א טאָפּל־לוין.

הייַנט אָבער האָט זיך אים ניט געלייענט. די געדאַנקען האָבן זיך אַקשאָנעסדיק געדרייט אַרום דעם אָוונט, די טענץ, נאַטאַשען. ער איז געווען אין קאַס אויף זיך. ווער האָט אים געצווּנגען אייַנגיין אויף נאַטאַשעס „אָפּגערעדט"? זי האָט אים געכאַפּט, ווי א קעלבל. אָפּגערעדט. איצט מוז ער גיין אויף די טענץ מיט א מיעסער פרוי, נאָך אויף יאָר מיסטאַמע צען עלטער פון אים. עס איז נאָך ערגער פון א סאַנאַטאָרישן ראָמאַן, מעג זייַן א ראַשיקן, מיט עפּעס א שיינער פרוי. ביסקין האָט זיך דערמאָנט אין נינעס קעצישן שמייכל. גיי דערצייל דערנאָך מייַסעס וועגן צעזאַרס ווייַב.

ביסקין איז אופגעשטאַנען און אַרויס אין וואַנע־צימער. דאָ איז געווען היפּש וואַרעמער. דער ראַדיאַטאָר האָט געפּלאַמט, די וואָלענע שקאַרפּעטקעס, וואָס דער שאָכן האָט נעכטן אָפּדערנאַכט אויסגעוואַשן און אופגעהאַנגען אויף דער ניקעלירטער דער, האָבן זיך צונויפגעדרייט, ווי איבערגעטריקנטע בלעטער פון א פיקוס. ביסקין האָט פאַרריכערט, אַרייַנגעוואָרפן דאָס שוועבעלע אין מיסט־עמער.

אינעם שפּיגל איבערן אָפּגאָס־בעקן האָט ער זיך צונויפגעטראָפן מיט זייַן פּאָנעם. פאַרשטייט זיך, קיין גרויסאַרטיקער פאַרשוין איז ער אויכעט ניט, אַפילע מיט די וואָנצעס, וואָס ער האָט זיך פאַרלאָזט מיט א פאָר יאָר צוריק. כאָטש, ווי זייַן שוויגער זאָגט: „וואָס דאַרף האָבן א מאַנצבל? מיט

צווי הענט, מיט צווי פיס, ניט קיין קריפל — איז שוין א קראסאוועץ". לעכאַלהאפּאַכעס, די פרויען באטראכטן אים צומאָל גינסטיק...

נאָך דער היימלעכקייט פונעם ניקעלירטן ראדיאַטאָר האָט זיך אינעם צימער אויסגעדוכט גאָר קאַלט. ביסקין האָט זיך פעדערדיק איינגעקאָרטשעט אונטער די קאָלדרעס און, צוגעוואָרעמט זיין בערלאָגע, איינגעשלאָפן.

דער קורזאַל איז נאָך אַלץ געווען צוגעפּוצט, ווי צום ניי־יאָר: די יאָלקע, קאָנפעטי, וואַטע־שניי. ארום דער יאָלקע איז געווען פולגעפּאַקט מיט טאַנצנדיקע, וועלכע האָבן זיך גלייך ווי צעטיילט אף צווי גרופּעס.

נעענטער צו דער עסטראַדע, ווו עס האָט געשפּילט אַן אַנסאַמבל מיט א טאַנאַכישן נאָמען „נע־וויים", האָבן זיך פאַרמאָרעשכוירעדיק געטאָפּטשעט היגע יונגעלייט, מיידלעך און באָכערים באַזונדער. צווישן זיי האָט אונטער עפּעס א „ראָק"־ניגן מיט אָפּגעריסענע אומדייטלעכע ווערטער וואַלסירט זייער א שיינע פּראָצעדורן־שוועסטער פון דער גערעדעם־אָפּטיילונג. איר „קאַוואַלער", א הויך דאַר מיידל, האָט צוגעמאַכט די אויגן, שוועבנדיק נאָך איר בלענדיקער כאַוועריטע.

די „קראַנקע" האָבן זיך געהאַלטן פון דער אַנדערער זייט. אייניקע פרויען האָבן זיך איבערגעטאָן: קליידער, טופליעס מיט הויכע אָפּצאַסן. עפּעס א פרוי פון א יאָר פינף און זעכציק איז אפילע געווען אין א לאַנג שוואַרץ קליידל, וואָס זי האָט בייסן טאַנצן צוגעהאַלטן מיט דער האַנט. אפן אַנדערן פּאַ־ליוס פון „אויסגעפּוצטקייט" איז געווען ביסקינס שכיינע, די „עמאַנסיפּע". זי איז געקומען אין גרויסע וואַרעמע רייטוזן, ארומגעכאַפּטע אויבן אפן סוויטער מיט א גאָלדיקן פּאַס.

— דו געפינסט ניט, אַז די פרויען פון א יאָר פופציק און עלטער טאַנצן די אַלע „ראָקן" קימאַט ווי רוסישע פּערעפּליאַסן?

ביסקין האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אף „יאָ". „די באַיאָרטע יידן טאַנצן עס, ווי א מין „פריילעכס", — האָט אין זיך צוגעגעבן ביסקין, קוקנדיק אף דער „עמאַנסיפּעס" אשור־פּאָנעמדיקן פּאַרטניאָר, וועלכער האָט, טאַנצנדיק, געהאַלטן די הענט אף די לאַצן פון זיין פּידזשאַק.

דער אַנסאַמבל האָט אָנגעהויבן שפּילן א נייעם ניגן.

— דו קלייבסט זיך וואַרטן אף א „וויסן" טאַנץ?

ביסקין האָט גענומען נאַטאַשען אונטער דער האַנט און ארויסגעפירט צו דער יאָלקע. געטאַנצט האָט זי גוט, זיך אָפּרופנדיק אף יעדער ענדערונג פונעם ריטם. אין דער האַלב־פינצטערניש, אונטער פאַרשיידנפאַרביקע שייַנפּלעקן, איז זי געוואָרן ווייבלעכער, בלענדיקער. „א ביסל קאָסמעטיק — און זי וואָלט געוואָרן אפילע כיינעוודיק", — האָט א טראַכט געטאָן ביסקין. ער האָט זיך שטענדיק פאַרפּלאָנטערט אינעם ריטם, געשאַרט לעפיש מיט די פיס, געפילט זיין לעפישקייט, זיך געסטאַרעט כאַפּן די מעלאָדיע, אָבער די פיס האָבן אים ניט געפאָלגט, געטאַנצט עפּעס זייערס. די פּאַמעלעכע טענץ האָבן זיך באַקומען בא אים בעסער, עפּשער ווייל נאַטאַשע האָט ניט געלאָזט „ארויספאַלן" פונעם ריטם. די אויגן האָבן בא איר געלאַכט, קוקנדיק אף זיינע יעסורים. סאָפּקאָלסאָף האָט זי בעשאַס א האַפּסאָקע צווישן די טענץ ניט אויסגעהאַלטן:

— מיט געהער איז בא דיר שוואַך, — זי האָט פאַרקנייטשט די נאָז.

— יאָ, א פּאַרטניאָר האָסטו אויסגעקליבן א גראַטענעס.

— וואָס קאָן איך טאָן? — זי האָט ארומגעקוקט דעם גאַנצן זאַל, — איינער האָט זיך הייַנט געקלעפּט צו מיר אינעם הייל־קאָרפּוס. איך האָב זיך שוין פּאַנאַנדערגעיאָגט, דו זעסט, כ'האָב אפילע אָנגעצויגן אף זיך א פראַנצויזישע בלוזקע, — זי האָט א פיר געטאָן מיט די אַקסלען, — און אַלץ אומזיסט. עס בלייבט נאָר טאַנצן מיט דיר, — זי האָט גענומען ביסקינען אונטער דער האַנט אף א רעגע זיך צוגעטוליעט צו אים און קימאַט ארויסגעשטופּט אין צענטער פונעם זאַל, צו דער יאָלקע.

האַלב צען האָט דער אַנסאַמבל אויסגעשפּילט א געזעגן־וואַלס, און אַלע „קראַנקע" האָבן זיך אוועקגעלאָזט טרינקען קעפיר.

אין דרויסן איז געווען קאַלט, באַזונדערס נאָך דער פאַרהעלטנישמעסיקער וואַרעמקייט פונעם קורזאַל. נאַטאַשע, ציטערנדיק פון קעלט, האָט זיך פעסט צוגעקוועטשט צו ביסקינס האַנט, און ביסקין האָט א טראַכט געטאָן, אַז מיט אַזעלכע פרעסט וועלן זיינע יינגלעך מוזן אָפּזיצן אינדערהיים אַלע קאַניקולן.

# א יאָר און עטלעכע וואַרעמע טעג

אין דעם ליפט האָט זיך זשעניע קוים אַריינגעשטופּט. דאָרט איז שוין געווען דער שאָכן, וואָס לעבט איבער אים אויפֿן צענטן שטאָק, מיט זיין ריזיקן הונט פֿון דער פּאַראַדע ראָטוועלער. פֿאַר זשעניען איז געבליבן בלויז א שמאָלער שטעך צווישן דעם הונטס מאָרדע און דער טיר. ער האָט פרײַ אָפּגעאָטעמט, אַרויסרייסנדיק זיך פֿון אָט דער שטייג אין דרויסן, אינעם וואַרעמען פרימאָרגן.

ס'איז געווען א ניט־געוויינלעכע פֿאַר מאָסקווע סאָף וועסנע. שוין א פּאָר וואָכן, ווי עס האָט זיך געהאַלטן גאָר א זומערדיקער וועטער, אַפּצולאָכעס די סינאָפּטיקער, וועלכע האָבן יעדן אָוונט אקשאָנעסדיק פֿאָרויסגעזאָגט קעלט און רעגנס (אַלע זייערע נעוויעס פֿלעגן אָבער אויף מאָרגן מעקוייעם ווערן ערגעץ אין אַרמעניע אָדער אין מיטל־אַזיע, און די מאָסקווער פֿרויען זײַנען אַרומגעגאַן אין לייכטע געראַמע סאַראַפֿאַנען אויף בריטעלקעס, צווינגענדיק די מאַנצבילען צו פֿאַרגעסן אין מעטראָ וועגן זייערע שטענדיקע ביכער און צײַטונגען).

פֿאַראַיאָרן איז דער פֿרילינג פּונקט אַזוי געווען וואַרעם אין יאַלטע, וווּ זשעניע איז אַהין געקומען אויף א סעמינאַר, וועלכן ס'האָט אָרגאַניזירט דער הויפּט־אינסטיטוט פֿון זייער גלאַווק. פֿריִער פֿלעג ער פֿאָרן קיין קרים בלויז זומער, בעשאַס די קאַניקולן. פֿאַר עטלעכע זומער־כאָדאָשים האָט ער געוואָרפֿן אַן אומכיין אויף יאַלטע. ס'פֿלעג אים אײַנמידן דער שטראָם מענטשן, וועלכער ווערט קלענער שוין טיף אין דער נאַכט, קעדיי גאַנצפֿרי פֿונדאָסנײַ זיך א לאָז טאָן איבער די שטעגן, וואָס זײַנען דורכגעלייגט לויטן סייכל פֿון דער עגאָיִסטישער אָפּרו־אינדוסטריע.

דעמלט, אין אַפּרעל, האָט זשעניע ניט דערקענט די שטאָט. דאָס ערשטע מאָל האָט ער דערזען, אַז איז א שיינע און געמיטלעכע.

דער סעמינאַר איז געווען א פֿאַרצויגענער און קימאַט נוצלאָזער. מע האָט זיך צונויפֿגעקליבן צוליב „אַן אויסטויש מיט דערפֿאַרונג" אין ראַבאַטיזאַציע, כאָטש פֿאַר אַלעמען איז קיין סאָד ניט געווען, אַז דעם איינציקן ראַבאַט, מיט וועלכן מע האָט זיך לאַנג געוואָזגעט אינעם הויפּט־אינסטיטוט, האָט דערווײַל קיינער ניט געקאָנט ערגעץ אויסניצן, עפּשער בלויז אויף דער אינסטיטוטישער אויסשטעלונג.

דער זאַל איז געווען פֿול מיט די, וועמען זשעניע האָט זיך שוין אויסגעלערנט צו דערקענען, — אײַנגעשפּאַרטע דילעטאַנטן, וואָס וואַרפֿן זיך אַרײַן אין יעדער נײַער וויסנשאַפֿטלעכער אַרבעט. נאָך דעם, ווי אָט די ענטוזיאַסטן באַקומען אַרויס געלט, שטעלעס, געבײַדעס און באַשטעלונגען, קומען, אַלס קלאַל, פּראַגמאַטישע פּראָפֿעסיִאָנאַלן, לאַכן אויס אומבעראַכמאָנעסדיק אַלע פֿריִערדיקע פֿאַנטאַזיעס און הייבן אָן ווײַזן פּראַקטישע רעזולטאַטן. די אָנהייבער פֿאַרוואַנדלען זיך אין אייביקע שלימאַזאַלים, ניט אָנערקענטע גאָניִעס, אָן וועלכע עס באַגייט זיך ניט קיין איין אינסטיטוט, קיין איין בירואָ. בלויז יעכידים באַווײַזן א בעריעשאַפֿט צו ווערן מיד פֿון שטענדיקע וויקוכים, מינדלעכע אָדער שריפֿטלעכע, און צוזאַמען מיט די נײַינקע — צי אַפֿילע בעראָש פֿון זיי — אָנהייבן פּאָשעט עפּעס צו טאָן.

זשעניעס אָנפֿירער, מיראָן אַראָנאָוויטש סלאָוועסניק, מיט וועמען ער איז געקומען אויפֿן סעמינאַר, איז געווען פֿון די ניט־אָנערקענטע ערשטע. סלאָוועסניק פֿלעגט זיך קײַלעכיקע מעסלעסן אָן אויפֿהער געפֿינען אין א צושטאַנד פֿון גאַנצמעסלעסיקער רינגשוץ. באַטאָג פֿלעגט ער באַשיצן דעם קיִעם פֿון זײַנע אידייען, זײַן טערמינאָלאָגיע, זײַנע אַרטיקלען, און באַנאַכט וואָיעווען מיט די באַטאָגיקע געדאַנקען און מיט שווערע כאַלוימעס.

סלאָוועסניקס באַנאַכטיקע איבערשאַציִנגען פֿון ווערטן זײַנען געווען בא אַלעמען אין מויל. מע האָט זיך שוין אַפֿילע צוגעוווינט צו דעם, אַז ער קומט אויף דער אַרבעט שפּעטער פֿון אַנדערע, האַלטנדיק זיך העכער פֿון די קלוימערשט פֿלוצעמדיקע קאָנטראָלירונגען, וועלכע עס פֿירט דורך דער קאַדרען־אָפּטייל. אויף אַלע באַמערקונגען פֿלעגט ער ענטפֿערן, אַז פֿאַר א נאַכט טוט ער מער, איידער דער גאַנצער אינסטיטוט פֿאַר א טאָג, און אַז נאָך אַזא מין שפּעטערישן פּראָצעס דאַרף ער אָפּרוען. פֿאַרשטייט זיך, פֿאַר די אינסטיטוטישע וויצלער זײַנען סלאָוועסניקס „שפּעטערישע פּראָצעסן" און אַנדערע זײַנע פּרימכעס געווען א גאַראַנטירט שטיקל ברויט. אַמאָל פֿלעגט עפּעס א היימיש־געבאַקענער אַנעקדאָט וועגן סלאָוועסניקן אַפֿילע דערגיין צו מיראָן אַראָנאָוויטשן גופֿע, אָבער, ערשטנס, זײַנען עס געווען גאָר פֿרעמדע באַגריפֿן — סלאָוועסניק און דאָס געפֿיל פֿון הומאָר, און, צווייטנס, איז ער אימשטאַנד געווען זיך באַליידיקן נאָר אויף די קעגנער פֿון זײַנע אידייען מיקויעך דער ראַבאַטיזאַציע.

אפן צווייטן טאָג פונעם סעמינאַר, אינדערפרי, האָט מיראַן אַראַנאָוויטש, זיצנדיק אין די טרוסן אפן בעט, מיטגעטיילט זשעניען, אַז באַנאַכט האָט עמעצער אים אונטערגעזאָגט, אַף וואָס פאַר אַן אויפן דאַרף ער ראַטעווען די ראַבאָטיזאַציע.

— הײַנט וועל איך זיי וויַיזן, אַז אויב אַלע וועלן ניט גיין מיטן וועג, וואָס איז דורכגעלייגט געוואָרן בײַ אונדז אין דער לאַבאָראַטאָריע — איך מיין דעם סיסטעמאַטישן צוגאַנג צו דער גאַנצער פּראָבלעם, — וועלן מיר ניט דערלעבן ביז כאָטש איינער אַ ראָבאָט וועט אַרײַנגיין אין אַ צעך.

וועגן וואָס פאַר אַ סיסטעמאַטישן צוגאַנג גייט אַ רייד און צוליב וואָס דאַרפן אינמיטנדערינען די ראָבאָטן אַרומגיין איבער די צעכן — דאָס האָט זשעניע ניט געוווּסט. אָבער ער האָט צוגעשוויגן. מיט עטלעכע יאָר צוריק וואָלט ער, פאַרשטייט זיך, ניט אויסגעהאַלטן. וויפל האָבן זיי געפירט וויקו־כים אַרום סלאַווּסניקס „אינפאָרמאַטיווער מאָדעל פון אַ ראָבאָטיזירטן אָביעקט"!

צו די אַלע וויקוכים האָט גענומען אַ סאָף מיט דרײַ יאָר צוריק, ווען צו זיי אין לאַבאָראַטאָריע איז אָנגעקומען אַ באַשטעלונג אַף אַ ראָבאָטיזירטן פאַרב־צעך. דעמלט האָבן זיי, זשעניע און נאָך דרײַ זײַנע כאַווײרים, באַשלאָסן, אַז גענוג שוין צו רעדן. פון יענער צײַט אָן גייט עס אַזוי: סלאַווּסניק טראָגט זיך אַרום מיט זײַנע „אינפאָרמאַטיווע מאָדעלן", און זשעניע מיט די כאַווײרים פאַרענדיקן דער־ווײַל דעם פּראָיעקט, אין וועלכן סלאַווּסניק פאַרשטייט ניט אַף סאַך מער, איידער עמעצער באַנעמט זײַן סיסטעמאַטישן צוגאַנג...

צום סאָף פונעם דאָזיקן טאָג, נאָך דער וועטשערע, האָבן זיך בײַ זיי אין צימער צונויפגעזאַמלט סלאַווּסניקס אָנהענגער. אינעם אַנדערן פליגל פונעם האָטעל האָט אָפּגעהאַלטן אַ זיצונג דער קעגנ־זעצלעכער לאַגער, בעראָש מיטן לענינגראַדער פּראָפעסאָר שאַליקאָוו. די „נייטראַלן" האָבן זיך געדרייט אַרום פּילצאַליקע פאַרשטייער פונעם הויפט־אינסטיטוט, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן אַריסטאָקראַטיש אומאָפּהענגיק, לויבנדיק דעם ערשטן האַלב־לעבעדיקן ראָבאָט עפּעס ווי פּאָפּאָווס ראַדיאָ צי וואַטס דאַמפמאַשין.

זשעניען איז נימעס געוואָרן צו זיצן אינעם דושנעם צימער, אויסהערן הייסע רייד פון די געסט, שוין אַ ביסל שיכּורע פון די פּאָר פלעשלעך בראַנפן, וועלכע עס האָט געבראַכט איינער אַ טאַמבאָווער ראָבאָטיזאַטאָר פון סלאַווּסניקס נוסעך.

אין דרויסן איז געווען פּריש. זשעניע האָט פאַרשפּיליעט די קורטקע און איז אַרויס אַף דער ברעג־גאַס, אַף וועלכער עס איז, ווי אַף אַ דעק פון אַ ריזיקער שיף, געשטאַנען דער אַלטער פּאָמפּעזער האָטעל „טאַווּרידאַ", ווו מע האָט באַזעצט די אָנטיילנעמער פונעם סעמינאַר.

אַלען האָט ער דערזען קימאַט גלײַך. זי איז געשטאַנען לעבן דעם בעטאָן־צוים און געקוקט אַראָפּ, ווו דאָס וואַסער האָט אַקשאָנעסדיק געשטורעמט דעם שטיינערדיקן ברעג.

זשעניע האָט זי באַמערקט נאָך אינעם ערשטן טאָג פונעם סעמינאַר. ס'האָט זיך געפילט, אַז זי קען דאָ קיינעם ניט, וואָרעם בייס די האַפּסאָקעס פלעגט זי בלײַבן זיצן אינעם פּוסטן זאַל אָדער אַרומ־גייען איינע אַליין איבערן וועסטיביול, ווו אַף די ווענט האָבן געבויאַנעוועט מיט אַלע פאַרבן די אַרטיקע פלאַן־ציפערן פונעם פאַבריקן פינפיאָר. עמעס, הײַנט האָט זיך שוין אַרום איר געדרייט איינער אַ שייַנער פאַרשוין פון שאַליקאָווס אַספּיראַנטן (אַף דער כאַסענע, אין דרײַ כאַדאָשים אַרום, וועט בּאָריס דערבאַרעמדיקער, זשעניעס אַ כאַווער, זינגען אַ ליד וועגן דעם, ווי אַלע איז אַרויסגעריסן געוואָרן פון דעם סוינעס הענט).

— זײַט מיר מויכל, אָבער איר שטייט דאָ אומזיסט.

— וואָס מיינט איר? — אַלע האָט זיך אומגעקערט צו אים. אַ שטאַרקער ווינט־שטויס האָט ווי איבערגעקערט אירע האָר אַפן פּאָנעם. זי האָט זיי אונטערגעכאַפּט, צוגעקוועטשט מיטביידע הענט צו די שלייפן און איז געבליבן אַזוי שטיין, וואַרטנדיק ביז זשעניע וועט איר ענטפערן.

— בײַ זיי איז הײַנט אַ פרײַער טאָג.

— בײַ וועמען?

— בײַ די דרײַ און דרײַסיק גיבוירים.

אַלע האָט אַ שמייכל געטאָן:

— אינטערעסאַנט, וויפל האָט איר אָט אַזעלכע שאַבלאָנען? באַזונדער — פאַרן יאַם, באַזונדער — פאַרן וואַלד. מיסטאָמע אויך פאַר קינאָ, פאַר טעאַטער. עפּשער אַפילע פאַר הונט־אויסשטעלונגען.

— דעם עמעס זאָגנדיק, בין איך קיינמאָל ניט געווען אַף קיין הונט־אויסשטעלונג.

אַלע האָט פאַרשטאַנען, אַז זי זעט אויס מיסטאָמע נאַריש, צוהאַלטנדיק מיט ביידע הענט די פּאַ־נאַנדערפליִענדיקע האָר.

— זײַט מיר מויכל, אויב איך האָב אײַך באַליידיקט. מע האָט מיר פּאָשעט הײַנט געפּאַטערט די שטימונג, — שפּעטער וועט אַלע אים דערציילן, אַז זי איז קוים פּאָטער געוואָרן פון דעם שיינעם אַספּיראַנטס גוסאַרן־אָנדראַנג.

זיי זײַנען אָפּגעגאַנגען ווײַטער פונעם יאַם.

— איר זײַט געקומען אַליין?

— יאָ. עמעס, איך ווייס ניט, צוליב וואָס בין איך ביכלאַל געקומען אַהער. מײַן טעמאַטיק איז ווײַט פון אײַער ראַבאָטיזאַציע.

— וואָס איז אײַך שלעכט? איר האָט געהערט, אַז אין מאָסקווע האָט הײַנט געשנייט, און דאָ, — זשעניע האָט אופגעהויבן ביידע הענט, — גיט אַ קוק, איז שוין קימאַט זומער.

— וואָס קאָן עס זײַן פאַר אַ טעמאַטיק, וועלכע איז ווײַט פון דער ראַבאָטיזאַציע?

— איר זײַט גערעכט, ראַבאָטיזירן קאָן מען מיסטאָמע אַלצדינג, — אַלע האָט פלינק אַ בוצקע געטאָן אַ שטיין, וועלכער איז פון איר פוס אַרײַנגעפלויגן ערגעץ אין געדיכטע קוסטעס, — אָבער בײַ מיר איז אַ באַזונדערער פאַל, — זי האָט אַ קוק געטאָן אויף זשעניען מיט אַ שמייכל, — אַ שיקערער.

— נו, שיקערן האָט מען זיך אויסגעלערנט אומעטום.

— איר האָט ניט פאַרשטאַנען. מײַן טעמע איז פאַרבונדן מיט אויטאָמאַטיזאַציע פון די ווײַן־זאַוואָדן. איך לערן אין דער אַספּיראַנטור פונעם שפּײַז־אינסטיטוט, — נאָך אַ שטיין איז אַוועקגעפלויגן פון אַלעס פוס אין די קוסטעס.

— ס'פילט זיך, אַז מע טרענירט אײַך גוט אינעם אינסטיטוט.

אַלע האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— ס'איז אַן איידעלע אָנצוהערעניש אויף מײַן פעטלײַביקייט? — אַפילו אין פינצטערניש האָט זשעניע געזען, אַז די אויגן זײַנען בײַ איר געוואָרן בייז, — קיינער בעט אײַך ניט קויפן מיך אויף דער וואָג.

זשעניע האָט זיך צעלאַכט:

— איך האָב גערעדט וועגן דעם, אַז בײַ אײַך איז אַ טרענירטער קלאַפּ מיט דער פוס, — זשעניע האָט אופמערקזאַם באַטראַכט אַלען. „פונוואַנען האָט זי געפונען בײַ זיך פעטלעכקייט? מעשוגע, מיסטאָמע, ווי מאַשע". מאַשע, זשעניעס ייִנגערע שוועסטער, האָט שוין אַלעמען פאַרמוטשעט מיט אירע הונגעריקע דיעטעס, — און קויפן אײַך איז טאַקע לויִנעוודיקער אויף דער וואָג, ווײַל בײַ אַנדערע באַדינגונגען דאַרף מען בלויז פאַר דער צונג אָפּגעבן אַ פאַרמעגן.

— די צונג אַרבעט בײַ אײַך אויך ניט שלעכט, — אַלעס אויגן האָבן שוין געקוקט פרײַלעך, — און וואָס איז שײַער דעם קלאַפּ, בין איך טאַקע פריִער געווען „אַ שייגעץ", ווי מײַן באָבע פלעגט מיך רופן. איר ווייסט, וואָס דאָס איז?

— ניין, צום באַדויערן, בין איך פון די ייִדן, וואָס ווייסן ניט קיין איין ייִדיש וואָרט. דאָס איינציקע, וואָס באַרעכטיקט מיך, איז דאָס, וואָס מײַנע עלטערן זײַנען אין דעם זין פונקט אַזעלכע ייִדן, ווי איך. זיי זײַנען ביידע אויסגעוואַקסן אין אַ קינדערהויז.

— בעשאַס דער מילכאָמע?

— יאָ. מע האָט זיי אַרויסגעפירט פון לענינגראַד.

זיי זײַנען נאָך אַלץ געשטאַנען אינמיטן גאַס.

— לאָמיר גיין צוריק, — האָט פאָרגעלייגט אַלע, — ס'איז שוין שפּעט.

— קומט. אַנדערש וועלן מיר זיך נאָכאַמאָל צעקריגן.

— ס'איז אַזוי וויכטיק פאַר אײַך? — האָט מיט איראָניע געפרעגט אַלע.

— עפּשער יאָ, — האָט ניט גלײַך געענטפערט זשעניע, — איר קאָנט פאַרשטייט זיך, לאַכן אָדער מיך האַלטן פאַר אַ מעשוגענעם, אָבער הײַנט האָט זיך מיר פאַרוואָלט כאַסענע האָבן.

אַלע האָט אויסגעשאָסן אַ געלעכטער:

— אוי, אַנטשולדיקט... און ווי אָפּט פאַלט עס אָן אויף אײַך? — זי האָט גענומען זשעניען אונטער דער האַנט, — קומט טאַקע, ווײַל איר הייבט אָן רעדן נאַרישקייטן.

זיי זײַנען ווידער אַרויסגעגאַנגען אויף דער ברעג־גאַס. לעבן דעם יאַם־קלוב, פונוואַנען ביז האָטעל איז שוין געווען גאָר נאָענט, האָט זשעניע זיך אָפּגעשטעלט:

— עפּשער ניט לויפן?

— איר האָט דאָך אַליין מוירע, אַז מיר וועלן זיך צעקריגן.

— קאָלזמאַן איר האַלט מיך אונטער דער האַנט, זײַנען אַלע קריגערײַען אויסגעשלאָסן.

— ניין, — האָט אים אַלע אַ צי געטאָן, — מע דאַרף גיין. ס'איז ניט באַקוועם. בײַ מיר איז אַ באַאַרטע שכיינע, און בײַ אײַך אויך... דער אָנפירער אײַערער האָט הײַנט מיסטאָמע אַרײַנגעלייגט אין זײַן דראָשע אַזויפיל קויכעס, אַז מע דאַרף אים געבן אָפּרוען.

באם געזעגענען זיך האָט זשעניע פּלוצעם דערמאָנט:

— איך ווייס דאָך אַפילע ניט, ווי מע רופט איַיך.

זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט.

דעם שאַכנס ראַטוועלער האָט איבערגעיאָגט זשעניען און איבערגעלאָזט אַפן קינדער־פּלאַץ א צייכן. זשעניע האָט פאר זיך אָפּגעמערקט, אַז די הינטישע פּרעכקייַט האָט אים א נעם געטאָן בא דער לעבער. צום ערשטן מאָל. ערשט ניט לאַנג צוריק האָט ער אַף א פאַרזאַמלונג פונעם וווינונגס־קאָאָפּעראַטיוו פון אויבן אַראָפּ צוגעזען א הייסן צוזאַמענשטויס צווישן מאַמעס און הונט־באַזיצער איבער די ערטער פון שפּאַציר. איצט וואָלט ער עפּשער שוין ניט געבליבן אַזוי קאַלטבלוטיק...

נעכטן איז זשעניע געווען בא די עלטערן. איין מאָל אין א וואָך פאָרט ער איצטער אַריַין צו זיי. זשעניעס מוטער „האָדעוועט זיי אונטער“, וויַיל אַלײן איז שווער צו גיין מיטן קינדער־וועגעלע אין קלייטן.

ער האָט זיך שוין אָנגעטאָן און געעפנט די טיר, קעדיי פאָרן אהיים, ווען די מאַמע האָט אים פּלוצעם געזאָגט:

— דו האָסט זיך זייער געענדערט פאר אָט דעם יאָר...

זשעניע האָט געוווּסט, אַז די מאַמע איז ניט צופרידן מיט אַלץ.

— וועגן דעם, אַז אַלצדינג בייַט זיך, האָבן נאָך געשריבן די גריכישע פילאָסאָפן, — ער האָט א טשמאָקע געטאָן די מאַמע און איז אַנטלאָפן...

א מאָדנע זאַך. די מוטער האָט קימאַט פּינקטלעך איבערגעכאַזערט באַריִעס ווערטער. יענער האָט אים זיי געוואָרפן מיט צוויי כאַדאָשים צוריק, ערעוו זשעניעס באַשלוס, וואָס איז געווען אומגעריכט פאר אַלעמען.

דער נייַער דירעקטאָר פונעם אינסטיטוט האָט פאַרפירט אַזאַ מין סיידער, לויט וועלכן איין מאָל אין א כוידעש קליַיבן זיך בא אים אין קאַבינעט צונויף די פאַרוואַלטערס און אָנפירער פון אַלע אָפּטיילן און לאַבאָראַטאָריעס. אַף די דאָזיקע „פּאַטאָלקויעס“ רופט אָן טכילעס דער דירעקטאָר, ווער און פאַרוואָס האָט גוט אָדער שלעכט אָפּגעאַרבעט דעם לעצטן כוידעש, און דערנאָך בעט ער אַלעמען פאַרלייגן, וואָס דאַרף מען טאָן, אַז די אַרבעט זאָל גיין בעסער.

הייבט זיך אויך אָף אַזאַ מין „פּאַטאָלקוי“ סלאָוועסניק און האַלט א רעדע וועגן דעם, ווי שלעכט איז בא זיי מיט וויסנשאַפטלעך־טעכנישער אינפאָרמאַציע. סלאָוועסניק איז, דאַרף מען זאָגן, געווען גערעכט. בא זיי אינעם אָפּטייל פון וויסנשאַפטלעך־טעכנישער אינפאָרמאַציע זיצן ביז גאָר צופעליקע מענטשן: א לערערקע, א מיקראָביאָלאָג, אַן אָפּיצער־טאַנקיסט אין דעמיסיע און עטלעכע פאַר־שעט כיינעווודיקע צי פּאַשעט מיִעסע פרויען. דער לעצטער פאַרוואַלטער פון יענעם אָפּטייל איז אינמיטנדערינען אוועקגעפאָרן אַרבעטן אַף עפּעס א בויונג קיין מאַגאַדאַן, כאָטש קיינער האָט זיך ניט פאַרגעשטעלט, וואָס עס קאָן דאָרטן טאָן אָט דער שטילער און ניט זייער געזונטער מאַנצבל.

— און איר, מיראָן אַראָנאָוויטש, וואָלט געקאָנט אָרגאַניזירן די אַרבעט אַזוי ווי מע דאַרף? — האָט ערנסט געפרעגט דער דירעקטאָר, פאַרשריַיבנדיק עפּעס אַף איינעם פון די קליינע שטיקלעך פּאַפּיר, מיט וועלכע עס פלעגט צום סאָף טאָג געווייִנלעך באַדעקט ווערן א היפּשער טייל פון זיַין טיש.

— פאַרשטייט זיך, — האָט קימאַט אויסגעשריִען סלאָוועסניק. דעמלט האָט ער נאָך ניט געוווּסט, אַז מיט אָט דעם „פאַרשטייט זיך“ שניַידט ער זיך אָפּ דעם וועג אַף אָפּצוטרעטן...

אַז סלאָוועסניקן פירט מען איבער אין אָפּטייל פון וויסנשאַפטלעך־טעכנישער אינפאָרמאַציע, האָט זיך זשעניע דערוווּסט אינעם אויטאָבוס, ווען ער איז מאַנטיק געפאָרן אַף דער אַרבעט. די יעדיִע האָט אים איבערגעגעבן וואַליע. ער האָט זיך דורכגעשטופּט צו איר, פּינקטלעכער — צו איר ראָסאָמאַכע־היטל, וואָס זשעניע האָט באַמערקט נאָך שטייענדיק אַפן אָפּשטעל.

איבּ ניט די צוויי וואָכן פון דער קאָמאַנדירונג, וואָלט ער אויסגעהאַלטן און געבליבן שטיין בא דער הינטערשטער טיר. פאר א יאָר האָט ער נאָך ניט פאַרגעסן דעם געהיימניספולן זיסן דופט פון אָט דעם היטל, וואָס מיט אויסטאָן און מיט אָנטאָן אים פלעגט וואַליע גליַיך ווי צעטיילן פאר זשעניען יענע ווינטער־וואָכן אַף צוויי העלפט: אַף לאַנגע, אָנגעפּילטע מיט וואַרטן טעג, און אַף קורצע, קימאַט שלאָפלאָזע נעכט...

צו עלף אַזייגער האָט זשעניען אַרויסגערופן דער דירעקטאָר, און אין א שאָ אַרום האָט שוין דער גאַנצער אינסטיטוט געוווּסט מיט אָט דער באַשטימונג.

אַמערסטן שווער איז געווען מיט באַריען. נאָך בייס דער קאָמאַנדירונג האָט אים באַריע דער־באַרעמדיקער, זיַין בעסטער פריַינט, די „נעשאָמע“ פון אַלע קאָמפּאַניעס, געשריען:

— וואָס קריכסטו אומעטום? די ענגלענדער זײַנען ניט קיין נאראַנים, ווען זיי זאָגן, אַז מע דאַרף ניט האָוקען, אויב אין שטוב איז אַ הונט. דו האָסט זיך ביכלאַל גוואַלדיק געענדערט, אויב דו מיינסט, אַז מיט מיר קאָנסטו דרייען אַזוי, ווי מיט די פּרויען, וועלכע דו קלײַבסט אונטער לויט באַנאַלישע אויפֿאַנים: צי אַן אַמט־ראָמאַן, צי אַ דאַמע מיט אַ הינטל!..

זשעניע האָט דעמלט דערפֿילט, אַז נאָך אַ וואָרט, נאָך אַ רעגע — און דער בעסטער כאַוועריינער וועט באַקומען אַ פּאַטש. ער האָט זיך אויסגעקערעוועט און איז אַוועק פֿונעם קאָמפּיוטער־זאַל.



באַריע איז אַוועקגעפֿאָרן קיין מאָסקווע. זשעניע און בײדע סערגייען זײַנען געבליבן. זיי זײַנען געזעסן מיט די לייט־אײַזנס אינעם דושנעם זאַל — די קאָנדיציאָנערן האָבן נאָך ניט געאַרבעט — און „לעבעדיקערהייט" איבערגעמאַכט קימאַט דעם גאַנצן מאָנטאַזש, וועלכן די קאָנסטרוקטאָרן־גרופּע פֿון זייער לאַבאָראַטאָריע האָט געמאַכט „ניט איבער אַ גרויסן סייכל, אָבער מיט אַן אָפּן האַרץ" (אַזוי האָט זיי געזאָגט איינער אַ באַיאָרטער מאָנטאַזשניק). באַריע איז געווען קעגן אַזאַ אַרבעט. ער האָט זיך געסטאַרעט דערווײַזן, אַז די גרײַזן דאַרף פֿאַריכטן דער, ווער עס האָט זיי געמאַכט. כאָטש ניט ערגער פֿון אַנדערע האָט ער געוווּסט, אַז פֿאַר די לעצטע יאָרן זײַנען פֿון דער לאַבאָראַטאָריע אַוועק אַלע קוואַליפֿיצירטע קאָנסטרוקטאָרן און צושיקן אַהער די איבעריקע איז אינגאַנצן אומזיניק.

אינעם זעלבן טאָג, ווען זשעניע איז געוואָרן אַ פֿאַרוואַלטער, האָט באַריע אַוועקגעלייגט אים אויפֿן טיש זײַן מעלדונג. זשעניע האָט עטלעכע מאָל איבערגעלייענט באַריעס קוים פֿאַרשטענדלעכע קאָטשערעס און לאָפּעטעס („אַ גוטער קסאַוו איז אַ סימען פֿון גרויקײַט"):

— דו האָסט זיך שוין אונטערגעזוכט אַן אַנדער אָרט?

— איך בעט אײַך, יעווגעני מאַרקאָוויטש, אָפּלאָזן מיך וואָס גיכער, — און באַריע האָט געמאַכט עפּעס ענלעכס אױף אַ רעוועראַנס.

מע האָט אים צערעכנט פֿאַר אַ וואָך. פֿון דעמלט אָן האָט אים זשעניע געזען בלויז אײן מאָל. נעכטן אינעם קאָנצערט־זאַל פֿונעם אָלימפּישן דאָרף איז באַריע געזעסן ניט ווײַט פֿון זײ מיט אַן אומבאַקאַנט מײדל.

פֿאַר זשעניען איז געווען אַן אומגעריכטקײַט — דערזען באַריען אױף אַ ייִדישן ספּעקטאַקל. זשעניע האָט געוווּסט, אַז באַריע שעמט זיך מיט זײַן פֿאָטער, אַ באַוווּסטן אַדוואָקאַט, וועלכער איז אויסגעוואַקסן אין אַ קלײן שטעטל לעבן סטאַראָקאָנסטאַנטינאָוו און רעדט ביז הײַנטיקן טאָג מיט אַ זינגעוודיקער „ייִדישער” אינטאָנאַציע. אַמאָל האָט באַריע אַפֿילע געזאָגט זשעניען מיט קינע:

— דיר איז גוט. דײַנע עלטערן זײַנען אָפּגעשניטן פֿון די אַלע שטעטלשע קונצן. און אױף מיר קוועטשט דער טכום־האַמױשעװ נאָך ביז הײַנט־צו־טאָג. בײַ אײַך אין דער מישפּאָכע איז אַנדערש. אַפֿילע פֿאַר אײַך, מאַרק מיכײַלאָוויטש, איז מעכאַנעם־מענדל ניט אױף אַ סאַך נעענטער, ווי, לאָמיר זאָגן, טאַראַס בולבאַ.

זײ זײַנען געזעסן אינדרײַען בײַ זשעניען אינעם צימער און געשפּילט אין קאָרטן. מאַרק מיכײַלאָ־וויטש, אַ געוועזענער פֿאַרברענטער פּרעפֿעראַנסיסט, פֿלעגט געוויינלעך אויסשפּילן בײַ זײ. און כאָטש שפּילן פֿלעגן זײ אױף גאָר מינץ, פֿלעגט מאַרק מיכײַלאָוויטש זיך טאָמיד פֿרײען, ווי אַ קלײן קינד.

— אין פֿינף־און־זעכציקסטן יאָר האָב איך געפֿונען אין קיִעוו מײַן מומע פֿון דעם פֿאָטערס צאַד, — מאַרק מיכײַלאָוויטש האָט אָפּגעלײגט די קאָרטן און פֿאַרײכערט. — די מומע מינע איז געווען די שענסטע בײַ זײ אין דער מישפּאָכע. נאָך דעם, ווי איר מאַן איז אומגעקומען, האָט זי ניט אײן מאָל געקאָנט כאַסענע האָבן, אָבער בײַ איר איז געבליבן סאַשע, און דאָס גאַנצע לעבן האָט זי אַרײַנגעלײגט אין אים. פֿאַרדינט האָט זי ווייניק — אַכציק צי נײַנציק רובל. האַקיצער, צוזאַמען מיט סאַשעס סטיפּענדיע פֿלעגט זי קוים אַרויסקומען מיט דער הויצאָע. פֿאַרשטײט זיך, אַלצדינג — פֿאַר סאַשענקען. און דער כאָכעם, שטעלט זיך פֿאָר, פֿלעגט זיך שעמען אַרויסגײן אין גאַס אינײנעם מיט זײַן מוטער, ווײַל זי איז געווען אָנגעטאָן ניט אַזוי, ווי מע דאַרף...

באַריע איז דעמלט באַרויגעז געוואָרן און אַוועק אינמיטן דער שפּיל.

ביזן סאָף פֿונעם ספּעקטאַקל זײַנען אַלע מיט זשעניען ניט דערזעסן. בײַ אַלען האָט אָנגעהויבן רינען די מילך, און זײ זײַנען אַנטלאָפֿן.

שפּעט באַנאַכט, שוין נאָך דעם, ווי אַלע האָט אָנגעהאָדעוועט מישען און איז אַוועק שלאָפֿן, איז זשעניע נאָך געזעסן אין קיך, קלוימערשט לײענענדיק.

ער האָט זיך דערמאָנט, וויִאַזוי סלאָווסניק האָט אײנמאָל ניט אויסגעהאַלטן, ווען באַריע איז געקומען צו אים מיט אַ פֿאַרדראָס אױף אַ קלײנער פּרעמיע:

— באַריע, איר זײַט אַ ווילער יאַט. אָבער פֿאַרגעדענקט מײַן אײצע: אַ ווילער יאַט איז אַ נישקאָשעדיקער פֿאַר ביז אַ יאָר צוואַנציק. שפּעטער, דאַרף מען צו דעם צוגעבן נאָך עפּעס...

ווען זשעניע האָט מיט אופּגעבראַכטקײַט דערצײלט אַלען וועגן דעם פֿאַל, האָט זי אים איבעראַשט:

— איך האָב דיר שטענדיק געזאָגט, אַז דײַן שעף איז קליגער פֿון אײַך. דו טראָגסט זיך אַרום מיט באַריען, און ער איז אַ פּוליאַק. איך האָב זיך שוין אָנגעקוקט אױף די גענ׳עס, נאָך וועלכע עמע־צער דאַרף אַרויסטראָגן די טעפּ!..

*

# פול מיט האָפענונג

## א שמועס מיט א דענקמאָל

ס׳איז ניט קעדײַ דעם דימיען מוטשען מער.
סע שרײַבט זיך ניט — וואָס קאָן מען טאָן מיט דעם?
כ׳זיץ אַף א בענקל אין אן אלטן סקווער
צווישן דעם הימל, דעם אספאלט און ביימער, לעם
א דענקמאָל פון א וויכטיקן פּאָעט.
זײַן שרײַבן האָב איך נאָך אין שול געלײ׳נט.
דאָס האָט ביז הײַנט א קויעך און א ווערט,
נאָר כ׳בין אַף אים בארויגעז: וואָס זשע שטייט

ער שווײַגנדיק און גיט ניט אויס זײַן סאָד
פון דיכטערישן וועג צום אויבנאָן?
ס׳ווערט אויסגעשעפּט שוין מײַן געדולד, און אָט
איך שרײַ צום דענקמאָל: הייב שוין גיכער אָן!

דו ענטפער מיר, און אומגעזאמט! סע ברענט!
דו האָסט געהערט מײַן טראכטן. דאָס איז קלאָר.
איצט האָבן אויערן אפילע ווענט,
פון דענקמעלער איז אָפּגערעדט שוין גאָר.

עס ענטפערט מיר דער געני וואָרט אין וואָרט,
באקוקנדיק מײַן הוילער שטרענג און ווויל:
ווילסט זײַן א דיכטער, זוך דײַן אייגן אָרט,
און קינדערש קוק מיר ניט ארײַן אין מויל.
ניט גיב מיר מערער, איידער איך פארדין...
— און ווער ביסטו?

— א דענקמאָל בלויז איך בין.

## ווער איז ווער?

א לעוויאָסן און א מויז —
ווער זײַנען זיי? ס׳איז נעמען בלויז.
און ווער פון זיי איז טאקע גרויס —
דער לעוויאָסן צי די מויז?
און ווער איז ווער?
און וואָס איז וואָס?
איך טראכט ניט מער,
ניטאָ קיין מאָס,
ווײַל קליין און גרויס איז איבעראל.
און דאָך...
א מאָס דארף זײַן האקלאל.

## וואָס איך טראַכט וועגן דער וועלט

„טיוו, — האָט געזאָגט דער בוירע,
ווען ער האָט פאַרענדיקט די וועלט־באַשאַפונג, —
א שיינע וועלט. כ׳האָב זי ניט שלעכט געמאַכט.
נאַט, מענטשן, די וועלט איז אייַערע!"
און ער האָט פון גרויס פאַרגעניגן
אַזש פאַרמאַכט די אויגן און א בראָכע געזאָגט
(גאָט איז געווען זייער פרום).
בעשאַסמייַסע
איז א גאַנצע כאַליאַסטרע בניי־אָדאָם
געשווינד צוגעלאָפן.
זיי האָבן די וועלט פאַנאַנדערגעכאַפּט,
פּונקט אַזוי, ווי מע כאַפּט פאַנאַנדער
א גוטע סכוירע אַף א יאַריד.
ווען דער בוירע האָט געעפנט די אויגן,
האָט ער קיין וועלט ניט דערזען —
טויהו־וואָוויהו...
„ווו איז די וועלט, מאַמזיירים?!"
א שווייַגעניש...
און דאַן האָט דער בוירע באַמערקט
מיליאַסן קלייניקע וועלטלעך.
זיי זייַנען געווען געמאַכט
פון דער גאָטס־וועלט,
פּינקטלעכער — פון אירע ברוכשטיקער.
נו אַקוראַט, די הייַזקעס פון ציגל
אין כורבוינעס פון מיגדל־באָוול.
אַף יעדער הייַזקע הענגט א שילדל אַזאַ:
„פּריוואַט אייגנטום. אינערלעכע וועלט".
דער באַשאַפער איז געגאַנגען אַרום און אַרום
און האָט געקלאַפּט אין די פענצטערלעך
און געפרעגט:
„צוליב וואָס האָט איר כאָרעוו געמאַכט
אַזאַ שיינע וועלט?"
און אַף דער דאָזיקער קאַשע
פלעגט ער הערן א טשוווע:
„דייַן וועלט איז געווען פאַר אונדז
צו ברייט און צו גרויס".
— „און איצטער זייַט איר צופרידן?"
— „מער אָדער ווייניקער, באָרעכהאַשעם".
פון דעמלט אָן עס קלאָגט זיך דער בוירע,
אַז ער ווייסט ניט, ווּהין זיך אַהינטאָן.

## די איינציקע מעגלעכקייַט

מייַן קינד איז קראַנק,
און איינער א כאַווער קלינגט מיר אָן
און זאָגט, אַז ער האָט אויפגעבויט א צייַט־מאַשין.
„קום צו גיין, — רופט ער, —
דאָס איז דייַן איינציקע מעגלעכקייַט.
ווען וועסטו נאָך רייַזן אין דער צייַט?!"
און אָט גיי איך,
ווי א בלינדער.
שוין בא דער טיר טוט מיך אָן אינערלעך קאָל א פרעג:
„ווּהין גייסטו? — דייַן קינד איז קראַנק".
איך ענטפער:
„קינדער זייַנען קראַנק אַלעמאָל,
און דאָס איז מייַן איינציקע מעגלעכקייַט.
ווען וועל איך נאָך רייַזן אין דער צייַט?!"
באַם אַרייַנגיין אין דער מאַשין זאָג איך דעם כאַווער:
„הער אויס,
דערלויב מיר זיך אומקערן צוריק אַף א שאָ
אַהיים.
כ׳וועל בלויז א קוק טאָן אַף מייַן קינד.
עס איז דאָך קראַנק".
נאָר דאָס באַקאַנטע קאָל ענטפערט:
„קינדער זייַנען קראַנק אַלעמאָל,
און דאָס איז דייַן איינציקע מעגלעכקייַט.
ווען וועסטו נאָך רייַזן אין דער צייַט?!"

## וואָס איז דער טאַם דערפון?

ביסט מאָלע כּיין בא מיר געוואָרן.
וואָס איז דער טאַם? — איך ווייס ניט, נאָר
איך האָב סײַ שקיִעס, סײַ קאַיאָרן
דערזען אײַנצײַטיק אַף דער וואָר.
האָסט אָנגעפילט מײַן זײַן מיט לעבן.
און וויִאַזוי? — פאַרשטיי איך ניט,
נאָר כ׳האָב דערפילט דאָס הויכע שוועבן
אין הימלען פון מײַן פּראָסטער ליד.

## צעשיידונג

כ׳האָב זיך אומגעקערט. וואָס האָב איך דיר געבראַכט?
גליק און מידקײַט, שטויב און פאַרוועלקטע קווייטן,
און מײַנע ליפּן, ווארעמע פון פרעמדע קושן,
געכאַפּטע ערגעץ דאָרט, אונטערוועגנס.
אין מײַנע אויגן זעסטו פרעמדע פּענעמער.
ארומנעמענדיק מיך, פילסטו, אַז צווישן אונדז
ליגט נאָך אַלץ מײַן ענדלאָזער שליאַך.
דו זאָגסט: זאָל עס זײַן דאָס לעצטע מאָל.
איך שווײַג.
און אינדערפרי שטיי איך אויף און נעם דאָס אַלטע רוקזעקל.

## צוריקגערעדט

ווער האָט געזאָגט,
א זאָאָטעכניקער, א נאַווי —
„קוואָד ליצעט יאָווי,
נאָן ליצעט באָווי"?[1]
ווו שטייט געשריבן,
אַף פּאַרקאַנעס צי אין קסאָווים —
„קוואָד ליצעט יאָווי,
נאָן ליצעט באָווי"?
כ׳דריי זיך דעם קאָפּ
א כוידעש נאָך א כוידעש,
ווײַל אויך לאַטײַן איז
א לאָשן־קוידעש.
כ׳קוק אַף דער פראַגע
מיט מאַרעשכוירע.
איז דאָס א פּאַסעק?
צי ס׳איז פון דער טוירע?
וואָס שיידט אים אונטער,
דעם יופּיטער, פון בעהיימעס?
(כ׳בין ניט מעראַמעז.
פירט אַליין אויס דעם רעמעז).

---

[1] — Quod licet Iovi, non licet bovi — דאָס, וואָס איז דערלויבט יופּיטערן, איז ניט דערלויבט דעם אָקס (לאַט.)

## מיכאָעל פּעלזענבאום

# די געשיכטע פון טעוויעס פערדל

„... נאָר קיין זאַך האָט מיר נישט דערלאַנגט אַזוי טיף, ווי דאָס פערדל מײַנס. אַקעגן מײַן פערדל האָב איך מיך געפילט עפעס קייב... סטײַטש, אָפּגעהאָרעוועט מיט דעם אַזויפיל יאָרן, איניינעם געבידעוועט, איניינעם פאַרשוואַרצט געוואָרן, און פּלוצעם גענומען און פאַרקויפט! פאַרקויפן האָב זיך דאָס פאַרקויפט צו אַ וואַסער־פירער...”

„...האָט מײַן סוס פּלוצעם אויסגעדרייט צו מיר די כּיינעוודיקע מאָרדע און קוקט אױף מיר מיט שטומע אויגן...”

„...אַ מענטש האָט אַ מויל און קאָן זיך כאַטש אויסטײַנען, אויסרעדן דאָס האַרץ, און אַ פערד, לעהאַוודל, וואָס? מישטיינסגעזאָגט, אַ שטומע צונג, ווי זאָגט איר: „ומותר האדם מן הבהמה...”[1]

**שאָלעם־אַלייכעם**
**„טעוויע דער מילכיקער”**

דאָס ערשטע קאַפּיטל

### צוויי בריוו

ערשטער בריוו

כאָשעוווער כאַוועד רעדאַקטאָר!

ניט לאַנג צוריק איז געשטאָרבן מײַן באָבע ראָכל. אין איר קאַסטן, צווישן די אַלטע קוויטאַנציעס און רעצעפּטן, האָב איך געפונען אַ בריוו, וואָס איז געווען געשריבן מיט מײַן זיידע שלוימעס (אַלעוואַהאַשאָלעם) האַנט. דער בריוו איז געווען געשריבן צו טעוויע דעם מילכיקן, נאָר כ׳האָב נישט געפונען ניט טעוויען, ניט זײַנע קרויווים, איבערצוגעבן זיי דעם דאָזיקן בריוו. דאָס, וואָס מײַן זיידע שלוימע האָט געקענט טעוויען פּערזענלעך, האָב איך געוווּסט, נאָר אַז טעוויע האָט מײַן עלטערזיידן אָרן דעם וואַסערפירער פאַרקויפט זײַן פערדל, — דאָס איז געווען ווי אַ שניי אין טאַמוז.

כאָשעוווער כאַוועד רעדאַקטאָר! אױף דער פּאָטאָגראַפיע אינעם זשורנאַל האָט איר אַזעלכע גוטע אויגן, אַז כ׳האָב באַשלאָסן אײַך איבערשיקן מײַן זיידנס בריוו. עפּשער וועלן זיך געפינען טעוויעס קרויווים, אָדער ער אַליין, — זײַט זשע מויכל און באַמיט אײַך איבערצוגעבן זיי דעם בריוו פון מײַן זיידן שלוימע צו טעוויע דעם מילכיקן. און עפּשער וועט דער בריוו צוניץ קומען באַ אײַך אין דער רעדאַקציע אויך...

איך דאַנק אײַך פאָרויס.

שאַכנע־מוישע סיניצקי, שלוימע סיניצקיס אייניקל.

פעוורואַל, 1987,

שטעטל גלעזשבאָבישטשע, לעבן יעהופּעץ

צווייטער בריוו

וווּהין און וועמען — אין דער שטאָט בערדיטשעוו, טעוויע דעם מילכיקן.

פונוואַנען — שטעטל גלעזשבאָבישטשע, לעבן יעהופּעץ, פון שלוימע סיניצקי

---

פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַרייניקט זיך!

כאָשעוווער כאַוועד טעוויע דער מילכיקער!

מיט אַ רעוואָליוציאָנערן גרוס צו אײַך — שלוימע סיניצקי, אָרן דעם וואַסער־טרעגערס זון.

---

[1] אומויסער האָאָדאָם מין האַבעהיימאָ.

רייִשיס קאָל, ווײַל איך אײַך דערפֿרייען, אַז די רעוואָלוציע האָבן מיר טאַקע געמאַכט; שיי־נים, — אײַער פֿערדל איז געזונט און פֿריילעך. איך ווייס, אַז דאָס איז פֿאַר אײַך גאָר וויכטיק, אַזויווי איר זײַט אַ פּויער אַ פּראָלעטאַריער, ווי אַ פֿאָר־שטייער פֿון דער ראַטנמאַכט אינעם אויעזד, מאַך איך אײַך אַ פֿאָרשלאָג — קערט זיך אום צוריק אַהיים, קיין אַנאַטעווקע. איך ווײַל אײַך מודיע זײַן, אַז מיר האָבן שוין געענדיקט מיט די פּעטליוראָוו־צעס און מיט די פּאָגראָמען און איצינד האָבן די ייִדן בײַ אונדז אין לאַנד די זעלבע רעכט ווי אַנ־דערע נאַציעס און פֿעלקער. מיר גרייטן זיך צו שאַפֿן אין גלעזשבאָבישטשער אויעזד אַן אַרבעטער־קאָמונע. אײַער כאָכמע און די לעבנס־דערפֿאַרונג וואָלטן אונדז שטאַרק צוניץ געקומען. אײַער פֿערדל איז שטאַרק נוצלעך אונדזער ראַטנמאַכט. מיטן פֿערדל פֿיר איך די פּראָדוקטן, וועלכע איך נעם צונויף פֿאַר די הונגעריקע קינדער. נאָך ווײַל איך אײַך מיטיילן, אַז אײַער פֿערדל האָט אײַך ניט פֿאַר־געסן, ווען איך דערמאָן נאָר אײַער נאָמען, באַווײַזן זיך אין די אויגן פֿונעם פֿערדל טרערן. דערפֿאַר, — קערט זיך אום צוריק אַהיים. מיר וואַרטן אויף אײַך.

אַלעס בעסטע ווינטשט אײַך שלוימע סיניצקי, קאָמיסאַר.

יאָ, כ'האָב שיִר ניט פֿאַרגעסן...

---

* אויף די ראַנדן פֿונעם בריוו שטייט אַ צושריפֿט מיט מײַן באָבע ראָכלס האַנט: „דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט".

דאָס צווייטע קאַפּיטל

# אַרן דער וואַסערטרעגער און זײַן זון

אין די לעצטע דרײַ מעסלעס האָט שלוימע ניט צוגעשלאָסן קיין אויג. הײַנט גאַנצפֿרי, אַרײַנ־לויפֿנדיק צו זיך אין קאַבינעט, האָט ער זיך אַ וואַלגער געטאָן אויפֿן דיל, און אַפֿילע ניט צעשפּי־ליענדיק די שינעל, איז ער אײַנגעשלאָפֿן געוואָרן. מיר וועלן אים ניט שטערן, זאָל ער שלאָפֿן כאָטש עט־לעכע שאָ. מערער קאָן מען זיך ניט דערלויבן — די רעוואָלוציע ווייסט ניט פֿון שלאָף און פֿון רו. בײַס די לעצטע דרײַ מעסלעס האָט שלוימע אַפֿילע קיין קוק ניט געטאָן בײַ זיך אינדערהיים, כאָטש אין יעדער רעגע האָט געדאַרפֿט האָבן אַ קינד זײַן יונג ווײַבל ראָכל. גראַד אין אָט דער צײַט טראָגט זיך אַרום שלוימע דער קאָוואַל אָדער שלוימע קאַמ־באַלאַ (וויאַזוי ס'איז אײַך באַקוועמער אים צו רופֿן) מיט זײַן ראַטנמאַכט איבער די דערפֿער פֿון נעם אויעזד. און וויאַזוי מיינט איר? לעמאָשל, — איר. יאָ, יאָ, איך מיין אײַך, וויפֿל קויכעס האָט איר אַרײַנגעלייגט צוליב שטעלן אויף די פֿיס אײַערע קינדער? זאָלן זיי זײַן געזונט ביז הונדערט און צוואַנציק. אָט־אַ־טאָ... אַזוי, זײַט זשע מויכל, וויפֿל קינדער האָט איר? זאָלט איר האָבן נאָר נאַכעס אין זיי. צוויי? אָט, איר זעט? און שלוימע ווײַל, אַז אַלע קינדער פֿון דער וועלט זאָלן גליקלעך זײַן, איר פֿאַרשטייט? אַלע אָן אויסנאַם — אײַערע קינ־דער, מײַנע קינדער, און ביכלאַל — אַלע! און ער ווײַל נאָך, אַכוץ דעם, עס זאָל אין דער וועלט טריומפֿירן די גערעכטיקײַט.

— כאַווער מעכאַכער, וואָס שרײַט איר אַזוי? איר וועט אויפֿוועקן שלוימען. כ'האָב אײַך גאַנץ גוט פֿאַרשטאַנען — שלוימע ווײַל אויפֿבויען דעם קאָמוניזם!

ע, — שרײַ יאָ, שרײַ ניט... מײַן טײַערער לייענער, הײַנט זײַנען מיר אַלע קלוגע, מיר קאָנען שטילערהייט אַרײַנגיין אין שלוימעס קאַבינעט און אונטערקוקן, וויאַזוי ער האָט געלעבט. איר פֿרעגט, וויאַזוי דאָס איז מעגלעך? זייער איינפֿאַך: שטרענגט אָן אײַער קויעך־האַדימיען, און אין אַ רעגע וועט איר זיך געפֿינען אין 1921 יאָר, אין שטעטל גלעזשבאָבישטשע, וואָס איז לעבן יעהופּעץ, אין שלוימע סיניצקיס קאַבינעט.

נעכטן — ווײַספּאָליאַקן, אייַנעכטן — פּעט־ליורע. פֿאַריינעכטן — דעניקין. פֿאַרפֿאַריינעכטן — די ווילהעלמישע דײַטשן. פֿאַרפֿאַרפֿאַריינעכטן — דער צאַר ניקאָלאַשקע. אָבער דו, באָלשעוויק, גיי און פּרוּוו דערווײַזן דעם פּראָסטן מענטש, וואָס ער איז שוין פּאָשעט מעשוגע געוואָרן פֿון דער בײַטע־ניש, גיי און דערווײַז אים, אַז ער דאַרף נישט האָבן ניט דעם צאַר, ניט פּעטליורען, נאָר ס'איז אים פּאָשעט נייטיק צו האָבן די ראַטנמאַכט. אָט אַזוי, יונגערמאַן... אָדער, לעמאָשל, איר ווייסט, וואָס עס הייסט הונגער? ניין? פֿרעגט בײַ שלוימען. ניט איצינד, זאָל ער זיך אויסשלאָפֿן. דערווײַל וועל איך אײַך דערציילן, וואָס ער איז און פֿונוואַנען ער איז, אונדזער שלוימע.

שלוימע סיניצקי שטאַמט פֿון אַ שטאַרק באַ־רימטער מישפּאָכע. זײַן טאַטע — אַרן דער וואַ־סערטרעגער איז געווען באַרימט ניט נאָר אין גלעזשבאָבישטשע, נאָר אין גאַנצן אויעזד, ביז יעהופּעץ. איר וועט פֿרעגן, מיט וואָס ער איז געווען אַזוי באַרימט? באַלד וועל איך אײַך דערציילן די גאַנצע געשיכטע. רייִשיס, האָט אַרן דער וואַסער־טרעגער געהאַט דעם אָרעמאַנס מאַיאָנטעק — אַכצן קינדער. שטעלט זיך פֿאָר, ווען אַרנס ווײַב בראָכע האָט געראָדיעט דאָס לעצטע קינד, האָט זי געמוזט

ניאַנטשען אירע קינדער מיט אירע אייניקלעך איניי־
נעם. פרעגט זיך א קאַשע, וויאַזוי האָט זי געקאָנט
אונטערשיידן די קינדער פון די אייניקלעך? האָ!..
דער גלעזשבאַבישטשער ראָוו, רעב כאַים־זאַנוויל,
פלעגט זאָגן, אויב בראָכע וועט זיך כאַטש נאָך א
ביסעלע באַמיִען, וועט זי קאָנען איבערכאַזערן דאָס,
וואָס עס האָט דערגרייכט אונדזער עלטערבאָבע
סאָרע. אָבער גאָט האָט זי אָפּגעהיט פון אַזאַ מין
שוועריקייַט — צו האָבן א קינד בא די ביינציק
יאָר — זי איז פּאַוואָליע געשטאָרבן א ביסעלע
פריִער, ווען זי איז אַלט געוואָרן נייַן און פערציק
יאָר, זאָל זי האָבן א ליכטיקן גאַניידן. ווען ארן
דער וואַסערטרעגער איז געוואָרן אַן אַלמען, האָט
ער זיך שיר ניט איינגעבראָכן. קאָלזמאַן בראָכע
האָט געלעבט, האָט ער ניט געוווּסט, אַז ער האָט
אַזאַ רייַכקייַט — אַכצן קינדער און א כאָפּטע אייניק־
לעך. אינגיכן איז ער אָבער געקומען צו זיינע
קויכעס, האָט ווייַטער געהאָרעוועט פון פרימאָרגן



ביז שפּעט באַנאַכט און איז געוואָרן נאָך מער כאַ־שעוו.

איינער אַ שטאַרק באַרימטער מעכאַבער, טעַ־וויע דעם מילכיקנס אַ גוטער־פריַינט... וואָס? איר קענט ניט טעוויען? אויב איר געדענקט, האָט אים געשפּילט אין טעאַטער מיכאָעלס. איר געדענקט ניט? איר האָט געזען ווי טעוויען האָט געשפּילט מיכאַיל אוליאַנאָוו? נו, דאָס איז קימאַט דאָס זעלבע. ווי האָב איך זיך אָפּגעשטעלט? דער דאָזיקער מע־כאַבער האָט אָנגעשריבן אין איינעם פון זיַינע ביכ־לעך, אַז טעוויע האָט פאַרקויפט זיַין פערדל אַרן דעם וואַסערטרעגער. איר קאָנט זיך פאָרשטעלן? דעם בוך האָט מען געלייענט ניט נאָר אין יעהו־פּעץ, אין אָדעס אָדער אין פּאַריזש, מע האָט גע־לייענט אויך אין בויבעריק, אין אַנאַטעווקע, אין קריזשאָפּאָל. אַצינד פאָרשטייט איר, פאַרוואָס אַף דער עלטער האָט אַרן דער וואַסערטרעגער ניט געוווּסט, ווּהין צו באַהאַלטן זיך פון באַרימטקייַט און פון אָרעמקייַט? אָבער, וואָס עמעס, איז עמעס — מיטן פערדל, וואָס טעוויע האָט אים פאַרקויפט, איז אים געווען פיל גרינגער, באַזונדערס, ווען ס'האָבן אים געהאָלפן זיַינע צוועלף אייַזערנע זינד־לעך.

קויפנדיק דאָס פערדל, האָט אַרן דער וואַ־סערטרעגער באַקומען אַ נייַעם טיטל — אַרן דער וואַסערפירער. אַרן דער וואַסערפירער האָט געהאַט אַ מעיוכעסל, דעם ייַנגסטן זון שלוימעלען. ווען שלוימע איז אַלט געוואָרן דרייַצן יאָר, האָט מען אים געמאַכט באַרמיצווע און אַוועקגעגעבן יאַנקע־לע דעם קאָוואַל, יענער זאָל אים אויסלערנען אַ מעלאָכע. אָט אַזוי איינפאַך איז שלוימע געוואָרן אַ קאָוואַל. און דער צווייטער טייל פון זיַין נאָמען — איין־אויגיקער, אָדער קאַמבאַלאַ — האָט זיך צו אים צוגעטשעפּעט, ווען ס'איז אים אַרייַנגעפאַלן אין אויג אַ צעגליט שטיקל אייַזן און דאָס אויג איז, נאַטירלעך, אויסגערונען.

דאָס האָב איך אייַך אינקורצן דערציילט, פונ־וואַנען עס שטאַמט שלוימע סיניצקי און וויאַזוי מע האָט אים גערופן אין גלעזשבאָבישטשע. שלוי־מע האָט ניט געוואַרט אַף דער רעוואָליוציע מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט, ער האָט זי דורכגעמאַכט אינייִנעם מיט אַלע אָרעמעלייַט. שלוימע איז געווען יונג, געזונט — אַ גוואַר. ווען ער פלעג רעדן פון דער טריבונע אין גלעזשבאָבישטשע, זייַנען די קראָען אין בויבעריק שטיל געוואָרן. די צייַט, ווי איר פאַרשטייט, איז געווען אַ שווערע: ניטאָ וואָס צו עסן, מע לעבט נאָר פונעם ענטוזיאַזם. אָבער, ווי איר זעט, האָט מען אויסגעהאַלטן ביז צום סאָף און מע האָט אויסגעבויט אַ שיין לעבן. אין וועלכע זוואַניִעס איז נאָר ניט אויסגעווען אונדזער שלוימע אין יענע יאָרן: אי אַ קאָמיסאַר פונעם פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד, אי אַ פאָרזיצער פון דער טשעקאַ אין גלעזשבאָבישטשער אויעזד, אי אַ רעדאַקטאָר פון דער אַרטיקער געדרוקטער בלאַט. און איך דער־צייל אייַך דאָפּקע פון דער צייַט, ווען שלוימע האָט געאַרבעט אינעם שפּייַז־אָטריאַד. און אַלעס, וואָס איך דערצייל אייַך, איז ריינער עמעס, זאָל איך אַזוי לעבן.

נו, שוין, כ'האָב זיך אַ ביסעלע פאַרעדט מיט אייַך, מייַן טייַערער לייענער. איך גיי שוין אַוועק און לאָז אייַך איבער אַליין מיט שלוימען. ער דרייט זיך שוין אַף זיַין „גלעזגער", און עס שאַרייַעט אַף טאָג. ס'איז צייַט, אַז שלוימע זאָל אופשטיין, כאָטש געשלאָפן איז ער נאָר צוויי שאָ. ער דאַרף פאָרן קיין בויבעריק צונויפנעמען פּראָדוקטן פאַר די הונ־געריקע קינדער.

אין אַ גוטער שאָ!

דאָס דריטע קאַפּיטל

## וואַיילעך שלוימע...

פונעם וואַלד האָט געצויגן אַ פייַכטקייַט. ניט קענענדיק זיך דורכשלאָגן דורך די וואָלקנס, האָט זיך די זון שיטער צעזייט איבער דער ערד מיט אַ נעפּל, אין די פענצטער האָט אָנגעהויבן קלאַפּן אַ דריבנער רעגן, — אַ גוט וויגלידל, ווען אינעם צי־מער איז הייס און מע קאָן שלאָפן וויפל מע וויל. שלוימע האָט אָבער קיין צייַט ניט צו שלאָפן. דער רעגן האָט אים אופגעוועקט.

אופגעשטאַנען פונעם דיל, איז ער אַרויסגע־גאַן אין דרויסן, אָפּגעוואַשן זיך פון אַ פאַס מיט רעגנוואַסער און אַ ביסעלע געקומען צו־זיך. אין קאַבינעט צום פאָרזיצער פונעם רעווקאָם איז ער אַרייַן אַן אָפּגעפרישטער. אין קאַבינעט איז געווען פינצטער פונעם מאַכאָרקע־רויך. ס'האָט געציפּט אין דער נאָז אַ געדיכטער רייעך פון פייַכטע אָנע־טשעס. אַפן דיל, אַפן טיש, אַף די בענקלעך זייַנען געשלאָפן רויטאַרמייער. דער פאָרזיצער, כאַווער וואַסילי, איז מיט איין אויג געשלאָפן און מיטן אַנדערן געלייענט עפּעס אַ פּאַפּיר.

— אַ גוט־מאָרגן, וואַסילי.

— אַ גוט־מאָרגן, שלוימע. נעם צוויי פּענעצן ברויט, צען פּאַטראָנען און פאָר קיין בויבעריק. פאַרנאַכט וואַרט איך אַף דיר מיט די פּראָדוקטן. — דערלאַנגענדיק די שטיקלעך שוואַרץ ברויט, האָט וואַסילי אַ קוק געטאָן אַף שלוימען. — שלוימע, וואַרף אַוועק דייַנע שטיקלעך. ווו איז דייַן מאַוזער? פאָרסט נאָכאַמאָל אָן געווער? פאַרשטיי,

טעמפּער מויעך, אַז דײַן לעבן איז נייטיק דער רעוואָלוציע. — וואַסילי האָט אַ ציִ געטאָן פונעם פּאַפּיראָס.

— וואַסילי, דול מיר ניט דעם קאָפּ, ווייסט גאַנץ גוט, אַז כ'האָב געשלאָגן און ווײַטער וועל איך שלאָגן די סאָנים פון דער רעוואָלוציע. אַ פּאַשעטער מענטש וועט מיר אַזוי אויך פאַרשטיין, אָנעם מאַוזער, גיב בעסער אַכטונג, מע זאָל אָפּדרוקן אין היינטיקן נומער פון דער צײַטונג דעם אַרטיקל וועגן די פּריוויליקע נעדאָוועס אינעם פאָנד פון די יעסוימימלעך. און מע זאָל דרינגענד באַצייכענען דעם וויכטיקן פּאַקט, אַז אונדזער טײַערער כאַווער לעניז האָט מענאַדעוו געוועזן זײַן גאָלדענע מעדאַל אין אָט דעם דאָזיקן פאָנד. נו, שוין, זײַ געזונט!

שלוימע איז אַרויסגעגאַנגען.

— ווער ווייסט, וואָס עס טוט מײַן ראָכעלע? עפּשער זאָל איך אַרײַנלויפן אַהיים? ניין, ס'ניטאָ קיין צײַט, זי וועט אָן מיר אויך ראַדיען. — שטאַמלענדיק עפּעס אונטער דער נאָז, איז שלוימע אַרײַן אין שטאַל, געגעבן האָבער דעם פערדל, אָנגעפּאַיעט עס, אײַנגעשפּאַנט אין אַ וואָגן און איז אַרויסגעפאָרן פונעם הויף. „טאָמער וועט גיין אַזאַ מין רעגן, וועל איך זיך ניט דערשלעפּן ביז בויבעריק". שלוימע האָט געשרומפּט זיך פאַר קעלט און צונויפגענומען די פּאָלעס פון דער שינעל. פאָרנדיק פאַרבײַ דער שטוב פון זײַן שוועסטער לייע, האָט ער צוגעבונדן דאָס פערדל צום פּלויט און איז אַרײַנגעלאָפן אין שטוב.

— אוי, שלוימעלע, — זאָגט לייע, — ביסט אַזוי אַ טעל געוואָרן, דו דאַרפסט זיך אַ ביסעלע אָפּרוען.

— ניטאָ קיין צײַט, לייע. ווען מיר וועלן מאַכן די וועלט־רעוואָלוציע, וועל איך זיך אָפּרוען. לייע, כ'בעט דיך, לויף אַרײַן צו מיר אַהיים און היט אָפּ ראָכעלען. זאָג איר, אַז ס'קאָן זײַן, ביז פאַרנאַכט וועל איך קומען צוריק, — שלוימע לויפט אַרויס אין דרויסן, קײַענדיק דעם פּענעץ ברויט.

ביז גלעוואַכע גייט דער וועג גלײַך, פון גלעוואַכע ביז בויבעריק איז נעענטער צו פאָרן דורכן וואַלד. ביכלאַל ווײַזט זיך ניט קיינער אײנציקווײַז אין וואַלד, ווײַל עס שלײַאַנדרען דאָרט אַרום ניט־דערשלאָגענע פּעטליוראַוצעס. אינעם שפּײַז־אָטריאַד געפינט זיך שלוימע ניט לאַנג, און דערווײַל איז ער נאָך קיין איין מאָל ניט אַרײַנגעפאַלן אין אַ זאַסאַדע. אויך איצט האָט ער זיך בעשאָלעם דערקליבן ביז צום מיטיק קיין בויבעריק און איז אַרײַן אין קאָמבעד[1]. צוזאַמען מיטן פּאַרזיצער זײַנען זיי געגאַנגען פון איין כאַטע אין דער אַנדערער. מיטן אַרעמאַן האָט מען ניט וואָס צו ריידן — ער נעמט צום האַרצן פרעמדע צאָרעס און איז

[1] קאָמבעד — קאָמיטעט פון דער אָרעמשאַפט.

גרייט טאָמיד זיך טיילן מיטן לעצטן. דער רײַכער איז געוווינט נאָר צו נעמען, ראַבעווען. געבן איז ער ניט צוגעוווינט.

שלוימע רעדט שטיל, נאָר זײַנע רייד דערגרייכן ביז צו דער לעבער. מיטיק־צײַט איז דער וואָגן שוין געווען אָנגעפּילט מיט עסנוואַרג. מע קאָן זיך שוין רירן אין וועג. שלוימע האָט זיך געזעגנט מיטן פּאַרזיצער און איז אַוועק צופוס לעבן דעם פערדל. ביז גלעזשבאַבישטשע איז צוועלף ווערסט, אין דרײַ שאָ קאָן מען דערגיין, דער וואָגן איז אַרײַנגעפאָרן אין וואַלד. דאָרט איז פײַכט און דעמערנדיק. שלוימע איז מיד געוואָרן. אַרומגעקלעטערט אַפן וואָגן, האָט ער אַרײַנגעלייגט די הענט אין די קעשענעס און אָנגעטאַפּט דאָס אײַנפּירן צונויפגעלייגטע בלעטל — אַ בריוו צו טעוויע דעם מילכיקן.

מע דאַרף אַוועקשיקן דעם בריוו טעוויען, זאָל ער האָבן נאַכעס פון זײַן פערדל, — שלוימע שעפּטשעט זיך אונטער דער נאָז און ווערט אַנשלאָפן. דאָס פערדל קען גוט דעם וועג, מע דאַרף ניט האָבן די לייצעס, אַ קלוג פערדל.

באַם צופאָר קיין גלעוואַכע, באַם עק וואַלד, זײַנען אַרויס פון אונטער די ביימער צוויי כלאָפּצעס מיט אָברעזן אין די הענט און זיך צוגעשטעלט צום וואָגן, דאָס פערדל איז שטיין געבליבן. פון אונטער די ביימער זײַנען אַרויסגעגאַן נאָך עטלעכע כלאָפּצעס מיט ביקסן. שטילערהייט האָבן זיי אויסגעשפּאַנט דאָס פערדל און אָנגעהויבן אויסלאָדן דעם וואָגן. שלוימע האָט זיך אויפגעכאַפּט. לעבן אַ בוים איז געשטאַנען אַ הויכער יאַט אין אַ שוואַרצער פּאַפּאַכע מיט אַן אָברעז אין דער האַנט. „טוט אַ קוק, ווער ס'איז צו אונדז געקומען! קאָמיסאַר שליאָמקע קאַמבאַלאַ. און ניט מיט הוילע הענט, געבראַכט אונדז עפּעס אַף איבערבײַסן...

— נעם אַוועק דעם אָברעז, פּאַפּערילע... שפּיל זיך ניט. און לאָז אָן די זעק צוריק אין וואָגן! — שלוימע איז אַראָפּגעקראָכן אַף דער ערד און איז צוגעגאַנגען צום פּעטליוראַוועץ.

— נו, ניין, שליאָמקע. מײַנע כלאָפּצעס האָבן צוויי טעג גאָרניט געהאַט אין מויל. אַנטשולדיקט, כאַווער קאָמיסאַר. און דאַנק גאָט, רויטע זשידיוגע, וואָס איך בין היינט אַ גוטער, ווען ניט, וואָלסטו שוין געהאַנגען אַף דער בערעזע מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף. אָט אַזוי... — פון קאַס איז פּאַפּערילע אַזש רויט געוואָרן.

— פּאַפּערילע, כ'האָב ניט קיין צײַט זיך צו קריגן מיט דיר. מע וואַרט אַף מיר אינעם אויעזד מיט די פּראָדוקטן פאַר די קינדער, אַגעוו, פאַר דײַנע קינדער אויך. דײַן טאַטע איז געווען אַ קלוגער מענטש, ניט אומזיסט איז ער געווען סטאַראָסטע אין אַנאַטעווקע. און אין וועמען ביסטו גע־

ראַטן? מיסטאָם, גענוג שוין לעבן ווי אַ וואָלף. די מילכאָמע האָט זיך געענדיקט. די ראַטנמאַכט שטייט פֿעסט אָף די פֿיס, און דו וועסט ניט קאָנען צוריק־דרייען דאָס רעדל...

— הערסט, שליאַמקע, נערוויר מיך ניט. פֿאַר־רעד מיר ניט די ציין. האָסט פֿאַרשטאַנען? אַנו, גיי אין דר'ערד צו דײַן טאַטן!

— שרײַ ניט פּאָפּרילע. כלאָפּצעס, איר קענט מיך גוט. כ'האָב מײַן גאַנץ לעבן געהאַרע־וועט גלײַך ווי איר. וואָס האָבן מיר צו צעטיילן? דאָס עסנווארג פֿיר איך ניט פֿאַר זיך, פֿאַר די הונגעריקע קינדער. איר ווייסט, אַז די קינדער ווערן געשוואָלן פֿון הונגער! מאַכט ניט קיין פֿוילע שטיק, לייגט אַרײַן די זעק אין וואָגן און גענוג שוין שליאַנדרען זיך איבער די וועלדער. קערט זיך אום צוריק צו אײַערע ווײַבער און קינדער. איר זײַט דען פּריצים, וואָס פֿרעמדע מענטשן דאַרפֿן האָדעווען אײַערע קינדער? מע דאַרף אַר־בעטן. די ראַטנמאַכט קאָן שטראָפֿן, אָבער זי קאָן אויך מויכל זײַן. געדענקט עס! — שלוימע איז צו־געגאַנגען צו די זעק, אופגעהויבן איין זאַק און אים אַרײַנגעלייגט אין וואָגן.

— באַטקאָ, דו זעסט, וואָס ער טוט? — אַ כלאָפּעץ מיט אַ רויטער טשופּרינע איז צוגעשפּרונ־גען צו שלוימען און אים אוועקגעשטופּט פֿונעם וואָגן.

— כלאָפּצעס, די פּראָדוקטן זײַנען פֿאַר די קינדער. מיר זײַנען ניט קיין קלאָווים, און מיר קעמפֿן ניט קעגן קינדער. מיר וועלן טאָן אַזוי. קערט אום די זעק אין וואָגן און שפּאַנט אײַן שליאַמקען. דאָס פֿערדל רעקוויזירן מיר. שוין, געענדיקט מיט דער זאַך... — פּאָפּרילע האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיטן אַברעז אין דער כאַליעווע און איז אוועקגעגאַנגען אין אַ זײַט.

שלוימען האָט מען אײַנגעשפּאַנט אינעם וואָגן. ער האָט אַ קוק געטאָן אָפֿן פֿערדל, וואָס איז געשטאַנען לעבן אַ בוים און געציטערט פֿון קעלט. דער כלאָפּעץ מיט דער טשופּרינע איז צו־געגאַנגען צום פֿערדל, אַ גלעט געטאָן עס איבערן קאָפּ און אין איין אויגנבליק איבערגעשניטן באַ דעם מיטן מעסער די וועגע אָפֿן קאַרק. שלוימע איז געשטאַנען, אײַנגעשפּאַנט אינעם וואָגן און ניט געקאָנט אָפּווענדן די אויגן פֿונעם פֿערדל. עס איז געלעגן אין אַ לוזשע פֿון בלוט.

פּאָפּרילע איז צוגעגאַנגען צו שלוימען:

— נו, שוין, שליאַמקע, ווער נעלעם. מיטן פֿערדל וועלן מיר זיך אַליין אַפּאַרטיקן. יאָ, שליאַמ־קע... כ'האָב געוואָלט דיך פֿרעגן, ווו איז דײַן מאַוזער?

— כ'האָב ניט קיין מאַוזער, פּאָפּרילע. אויב דו וועסט וועלן מיך דערהאַרגענען, וועסטו מיך דערהאַרגענען אַפֿילע, ווען איך וועל זײַן באַהאַנ־גען מיט ביקסן פֿון קאָפּ ביז די פֿיס. מײַן געווער איז דער יוישער פֿון דער ראַטנמאַכט, דו קאָנסט פֿאַרניכטן מיך און נאָך עטלעכע באַלשעוויקעס, נאָר די ראַטנמאַכט — ניט, זי וועט לעבן אייביק. ס'איז שוין צײַט צו גיין... — שלוימע האָט אַ פֿיר געטאָן מיט דער צונג איבער די פֿאַרטריקנטע ליפּן.

— היי, כלאָפּצעס, שטופּט אונטער דעם וואָגן, זאָל ער זיך רעדערן פֿונדאַנען... צו זײַן מאַמען, — האָט אַרויסגערעדט פּאָפּרילע צווישן די ציין.

דער וואָגן האָט זיך אַ ריר געטאָן פֿונעם אָרט, סקריפּענדיק מיט די רעדער.

דאָס פֿערטע קאַפּיטל

## דאָס ניט־אַוועקגעשיקטע בריוול

שפּעט באַנאַכט איז שלוימע דערקראָכן קיין גלעזשבאָבישטש. די זעק מיט די פּראָדוקטן האָט מען אויסגעלאָדן אין רעוקאָם, און שלוימע איז אוועקגעגאַנגען אַהיים. עפֿענענדיק די טיר, האָט ער דערהערט אַ קינדער־געוויין. לעבן זײַן ראָכעלען איז געלעגן אַ נעפּעשל און, שרײַענדיק, אַרויסגע־זויגן דאָס מילך פֿון דער מוטערס ברוסט. ראָכעלע איז געלעגן מיט פֿאַרמאַכטע אויגן.

— מאַזלטאָוו, שלוימעלע, אַ ייִנגעלע, און גיב אַ קוק, שיין ווי דער טאָג, — האָט אויסגע־שריגן לייע. — וועסט עסן?

— אַ דאַנק, כ'האָב שוין געגעסן, — שלוימע האָט אויסגעטאָן די שינעל און זי אופגעהאַנגען אָפֿן צוואָק.

דער בריוו צו טעוויע דעם מילכיקן האָט זיך נאָך לאַנג געפֿונען אין קעשענע פֿון זײַן שינעל, נאָכדעם איז דער בריוו אַריבער אין זײַן גימנאַס־טיאָרקע און איז פֿיל יאָרן פֿאַרוואַגלט געוואָרן צווישן די פּאַפּירן אין ראָכעלעס קאַסטן.

אַזוי איז טעוויע דער מילכיקער ניט געוווּיר געוואָרן וועגן דעם גוירל פֿון זײַן פֿערדל. מע קאָן זאָגן, אַז עס האָט זיך מעקאַדעש געווען, עס זאָלן האָבן וואָס צו עסן די הונגעריקע קינדער.

■

# די פּאַרקישעפּטע הייל

**א מײַסעלע**

„ס'איז דיר געבליבן דורכצוגיין נאָר עטלעכע שפּאַן, — האָט ער איר געזאָגט, — וועסט אַראָפּשטײַגן אונטער דעם באַרג, איבערגיין דאָס טײַכעלע, און וועסט ווערן אַ מאַלקע. נאָר דו דאַרפסט צוּוואַרטן און מיר אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט, — האָט ער איר נאָך געזאָגט, דערזעענדיק, אַז זי האָט ניט קיין געדולד אַריבערצושפּרינגען איבערן לעצטן טײַכעלע, וואָס רוקט זי אָפּ פון דעם טיפסטן טאָל.

— כ'וועל דיך לאַנג ניט פאַרהאַלטן. ווען דו וועסט דערזען, אַז איך בין שוין דערפאָרן ביזן פּלאַץ, ווו דער וועג פאַרקערעוועט, טו דאַן אַ פאָכע צו מיר מיטן טיכל. ווײַל איך האָב מוירע אינגאַנצן צו פאַרלירן דעם מוט...”

**ליויס קעראָל,**
**„דאָס מיידעלע אליסע אין יענער־זײַט־שפּיגל־לאַנד”.**

### דאָס ערשטע קאַפּיטל

מיט לאַנגע יאָרן צוריק האָט געלעבט אויף דער וועלט אַן אַלטער שערער. ער איז געווען אַן אַלמען, אָבער געהאַט אַ סאַך קינדער, און אַלע האָבן געלעבט אין דער אַלטער שטוב. גאַנצע טעג האָט דער שערער זיך געפּאָרעט אינעם גאָרטן. איך דאַרף אײַך זאָגן, אַז ער האָט געהאַט נאָר זינדעלעך, אַלע זײַנען שוין געווען דערוואַקסענע, און יעדערער האָט געהאַט זײַן מישפּאָכע, אַחוץ דעם ייִנגסטן, וועלכער איז געווען נאָך צו יונג. יעדע זאַך, וואָס יענער האָט געטאָן, האָט זיך בײַ אים שלעכט באַקומען, ווײַל ער איז געווען שטענדיק פאַרטראַכט, און ער האָט געטראַכט טאָמיד וועגן דעם פידל. באַטאָג און בײַנאַכט האָבן געקלונגען אין זײַנע אויערן פּאַרקישעפּטע טענער. די טענער זײַנען געווען פאַרשידענע: זיי האָבן דערציילט דעם ייִנגעלע מײַסעלעך, געזונגען אים וויגלידער.

ס'האָט זיך געקאָנט דוכטן, אַז דאָס לעבן וועט טאָמיד גיין שטיל. אָבער איינמאָל אין אַ זוניקן טאָג איז דער אַלטער שערער פאַרשלאָפט געוואָרן און האָט זיך שוין ניט אויפגעהויבן פונעם בעט.

די קינדער האָבן ביטער געקלאָגט, אָבער וואָס קאָן מען טאָן, די לעבעדיקע דאַרפן לעבן, און אײַנגיכן האָבן די טאָגטעגלעכע זאָרגן געשטילט דעם טרויער.

יעדער ברודער מיט זײַן מישפּאָכע האָט, ווי פריִער, געהאַט זײַן צימער, בלויז דער קלענסטער איז זיך באַגאַנגען אָן אַן אייגן ווינקעלע. ער האָט געוווינט אין דער שטאַל צוזאַמען מיט אַן אַלט פערדעלע. פון דעם טאַטן האָט ער באַקומען בעירושע אַ פינגערל מיט אַ קליין זילבערן שלענגעלע. אין אָוונט האָט ער דערציילט דעם פערדעלע מײַסעלעך. דאָס פערדל איז שטיל געשטאַנען לעבן אים און געזיפצט, ווען דאָס מײַסעלע איז געווען טרויעריק. נאָכדעם איז דאָס פערדעלע אײַנגעשלאָפן, דאָס ייִנגעלע איז געלעגן מיט אָפענע אויגן און געהערט, וויִאַזוי ס'זינגען די גרילן און וויִאַזוי דיביימער און גרעזער שעפּטשען זיך. ענדלעך איז אויך דאָס ייִנגעלע אײַנגעשלאָפן, אונטערלייגנדיק אַ האַנט אונטער דער באַק, און ס'האָט זיך אים געכאָלעמט דאָס פידעלע.

איינמאָל, ווען אַלע זײַנען שוין געשלאָפן, האָט זיך אַ קויקל געטאָן דאָס פינגערל מיטן שלענגעלע, און דאָס שלענגעלע האָט געזאָגט דעם ייִנגעלע שטיל־שטיל: „גיי מיר נאָך!” — און גענומען קריכן איבערן גראָז. אַזוי ווי אין כאָלעם, איז געגאַנגען דאָס ייִנגעלע נאָכן שלענגעלע. אײַנגיכן זײַנען זיי צוגעקומען צו אַ גרויסן שטיין, און דאָס שלענגעלע איז פאַרשוווּנדן געוואָרן. דאָס ייִנגעלע איז געשטאַנען בײַ דעם שטיין און ניט געוווּסט ווו־אײַן, ווו־אויס. פּלוצעם האָבן זיך דערהערט פונדערווײַטנס פידל־טענער. דער שטיין איז צערונען געוואָרן אין דער נאַכט. פאַרן ייִנגעלע האָט זיך צעעפנט אַ הייל, אַזאַ מין שיינע, אַז ס'האָט בײַ אים אַזש פאַרכאַפּט דער אָטעם. די ווענט פון דער הייל האָבן געפינקלט מיט פאַרשיידענע פאַרבן, פון דער טיף האָבן זיך דערטראָגן די שטילע צאַרטע טענער. דאָס ייִנגעלע איז געגאַנגען פאָרויס ווי אַ פּאַרקישעפּטער, און אינעם עק פון דער הייל האָט ער דערזען אַ זאַקן אין ווײַסע מאַלבושים. פונעם אָנריר פון דעם זאַקנס פינגער האָט געזונגען אַ פידעלע. דאָס ייִנגעלע האָט געוואָלט צוגיין צום זאַקן, אָבער אין איין רעגע האָט ער ווידער זיך דערזען בײַם אַרײַנגאַנג

אין דער הייל. דער שטיין האָט זיך באַוויזן אינ־דערלױפטן און, שוועבנדיק, פאַרמאַכט דעם אַרײַנגאַנג. לעבן ייִנגעלעס פיס איז געלעגן דאָס שלענגעלע, און דאָס ייִנגעלע האָט אַפילו ניט דערפילט, וויאַזוי ער האָט זיך אומגעקערט אַפן בעטל לעבן דעם פערדעלע. אָט אַזוי האָט זיך געענדיקט די וווּנדערלעכע נאַכט.

אינדערפרי איז דאָס ייִנגעלע געווען אַזוי פאַרטראַכט און צעטראָגן, אַז אַלץ איז געפאַלן פון זײַנע הענט. די ברידער האָבן אַף אים געשריגן, און דעמלט האָט דאָס ייִנגעלע דערוואַרט זיך, ביז ס'איז געקומען די נאַכט, אַ קוש געטאָן דאָס פערדעלע און אַוועקגעגאַנגען פון דער שטוב.

## דאָס צווייטע קאַפּיטל

ס'איז געווען אַ שיינער פרימאָרגן. די זון האָט זיך אויסגעגאָסן איבערן הימל. אַרום און אַרום זײַנען געווען בערג, און דער גרעסטער באַרג האָט געבלישטשעט צו דער זון, ווי אַ מעיוכעס. דאָס ייִנגעלע האָט זיך געפונען אין וועג שוין זייער לאַנג, נאָר דער באַרג איז ניט געוואָרן נעענטער. מינאַסטאַם זײַנען דורכגעגאַנגען שוין באַדאָשים, ס'קאָנען זײַן — יאָרן, ווען דאָס ייִנגעלע איז צוגעקומען צום באַרגפוס.

די ביימער און די גרעזער, די פייגעלעך און די כײַעס, די זון און די לעוואָנע האָבן אים דערציילט פיל זאַכן בײַס זײַן לאַנגן וועג. איינמאָל באַנאַכט, ווען די שטערן האָבן קונדייסעוועט אין הימל, האָט דאָס ייִנגעלע דערהערט די באַקאַנטע טענער פונעם פידל. און כאָטש ער איז געווען זייער מיד און געוואָלט שלאָפן, האָט ער זיך געלאָזט גיין צו די קלאַנגען. אינדערפרי האָט ער דערזען דעם גרויסן שטיין, אַ פאַרוואַקסענעם מיט מאָך. ס'איז געקומען צו קריכן דאָס שלענגעלע.

— מײַן טײַער ייִנגעלע, — האָט געזאָגט דאָס שלענגעלע, — ביסט צוגעגאַנגען צו דער הייל, וווּ ס'וווינט דער גרויסער פידלער, ווײַל איך דיך פרעגן: צי ביסטו גרייט צוועלף לאַנגע יאָר זיך לערנען באַם גרויסן פידלער, צי ביסטו גרייט, פאַרגעסנדיק פון אַלץ, זיך לערנען, קעדיי דאָס האַלץ זאָל זינגען. אײַל זיך ניט מיטן ענטפער. אין דער וועלט זײַנען דאָ צוליב דיר אַ סאַך פײַנע זאַכן — די בלומען, די זון, די מיידלעך...

דאָס ייִנגעלע האָט גאָרנישט ניט געזאָגט, בלויז אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. דאָס שלענגעלע איז פאַרשווּנדן, דער שטיין איז צערונען געוואָרן, און ס'האָט זיך געעפנט דער אַרײַנגאַנג אין דער הייל, אַ פאַרגאַסענער מיט העלער שײַן. ווען דאָס ייִנגעלע איז אַהין אַרײַן, האָט דער שטיין פאַרמאַכט דעם אַרײַנגאַנג. דאָס פינגערל מיטן שלענגעלע האָט געבלישטשעט אַפן פינגער פונעם ייִנגעלע.

— קום צו צו מיר, — האָט דאָס ייִנגעלע דערהערט אַ שטיל קאָל און איז טייקעף צוגעגאַנגען צום מײַסטער.

— יונגערמאַן, נעם זיך אָן מיט געדולד. די ערשטע זעקס יאָר וועל איך דיך לערנען שפּילן אַפן פידל, און דו וועסט קוקן ווי איך אַרבעט, נאָכדעם וועל איך דיך לערנען מאַכן די פידלען, און צום סאָף וועסטו אַליין אַנטשליסן זיך, וואָס צו טאָן ווײַטער. — דאָס ייִנגעלע האָט געהערט דעם מײַסטער מיט אַן אָפן מויל.

די אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן. פון אינדערפרי און ביזן מיטיק האָט דאָס ייִנגעלע געקוקט, וויאַזוי ס'אַרבעט דער מײַסטער, און נאָכן מיטיק האָט דער מײַסטער אים געלערנט שפּילן אַפן פידל.

אַזוי טאָג נאָך טאָג. פאַרנאַכט־צו איז דאָס ייִנגעלע געווען אַזוי מיד, אַז ער איז געפאַלן פון די פיס, און ס'האָט זיך אים גאָרניט געכאָלעמט. אין קומענדיקן גאַנצפרי האָט זיך אַלץ אָנגעהויבן פונסנײַ. אין איינעם אַ טאָג האָט דאָס ייִנגעלע אַליין געמאַכט אַ פידל. ער האָט אים געהאַלטן אין די הענט, נאָר פּרוּוונדיק שפּילן אַף אים, דערפילט, אַז דער פידל סקריפּעט ווי אַ ניט־אָנגעשמירטער וואָגן. דער מײַסטער האָט אים געזאָגט, אַז דאָס ערשטע פידעלע איז בלויז אַן אָנהייב, מע דאַרף נאָך אַרבעטן און אַרבעטן. אַזוי איז טאַקע געווען. אין אַ צײַט אַרום האָט דאָס ייִנגעלע געמאַכט אַ פידל, וואָס האָט גערעדט מיט אַ מענטשלעכער קאָל. שפּילנדיק, האָט דאָס ייִנגעלע געקאָנט דערציילן אַלץ, וואָס ער האָט געוואָלט. נאָר ווער האָט אים געהערט? די ווענט פון דער הייל און אַליין דער גרויסער מײַסטער?

— אַצינד קאָנסטו מאַכן פידלען, — האָט דער מײַסטער געזאָגט, — נאָר דאָס איז נאָך ניט אַלץ, וואָס דער פידלער דאַרף קענען...

— וואָס זשע נאָך? — האָט געפרעגט דאָס ייִנגעלע.

— דו דאַרפסט דערוואַרעמען דעם פידל מיט דײַן האַרץ, — און דעמלט וועלן די סטרונעס ניט רעדן, נאָר זינגען. אָנהייבנדיק פונעם הײַנטיקן טאָג, וועל איך דיר דערציילן אַלץ, וואָס איך ווייס, איך וועל שפּילן, און דו וועסט הערן, און ס'קאָן זײַן, אַז עס וועט זיך דיר עפענען דער גרויסער זין פונעם לעבן...

אין אַ סאַך יאָרן אַרום, ווען איך האָב געמאַכט אַ נעסיע איבער די בערג, האָב איך זיך באַקאַנט מיט יענעם ייִנגעלע. ער איז שוין געווען זייער אַלט, און וויפל איך האָב אים ניט געבעטן, האָט ער מיר ניט געעפנט דעם גרויסן זין פונעם לעבן. דערציילט אָבער האָט ער מיר אַלץ, וואָס איך דערצייל אײַך דאָ אַצינד.

נו אָט, וועל איך באַלד פאָרזעצן ווײַטער...

די צוועלף יאָר זײַנען דורכגעלאָפן ווי איין טאָג, און כאָטש דאָס ייִנגעלע איז געווען שוין אַ

גרויסער מײַסטער און ער האָט געקאָנט דערציילן אפֿן פֿידל אַלץ, וואָס ער האָט געוואָלט, האָט זיך אים געדוכט, אַז ער איז ערשט געבוירן געוואָרן.

— מײַן ייִנגעלע, — האָט אים געזאָגט דער מײַסטער, — אַצינד דאַרפֿסטו גיין צו די מענטשן. איך בין צופֿרידן מיט דיר, מײַן ייִנגעלע. צום סאָף דאַרף איך דיר זאָגן, אַז דאָס שלענגעלע אױף דײַן פֿינגער וועט לעבעדיק ווערן נאָר איין מאָל. געדענק דאָס טאָמיד. אַצינד איז געקומען די צײַט, איך זאָל גיין אין מײַן אייביקער רו. — און דער מײַסטער איז שטיל געוואָרן.

דאָס ייִנגעלע האָט פּלוצעם דערזען, אַז ער שטייט פֿאַרן גרויסן שטיין און אױפֿן הימל בלײַשטשעט די לעוואָנע. ער איז אַוועקגעגאַנגען וווּהין די אויגן קוקן.



דאָס ייִנגעלע איז געגאַנגען די גאַנצע נאַכט און ערשט אינדערפרי, ווען ס'איז אופגעגאַנגען די זון, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט לעבן א טײַכעלע אָנצו־טרינקען זיך מיט וואַסער. און וואָס האָט ער דער־זען אין דעם טײַכעלע? פונעם וואַסער האָט אַף אים געקוקט א מאַן מיט א באָרד.

— זאָל דאָס זײַן איך? — האָט א טראַכט געטאָן דאָס ייִנגעלע, — ניט לאַנג צוריק בין איך געווען א קליין קינד. ווי גיך לויפט דאָס לעבן! — און ער איז געגאַנגען ווײַטער. דאָס ייִנגעלע איז געווען אונטערוועגנס שוין זייער לאַנג, ווען ער האָט דערזען פונדערווײַטנס א שטאָט. ער איז צו־געגאַנגען צו די שטאָט־טויערן און זיך אָפּגעשטעלט באַם אײַנפאָר־הויז. אינדערפרי איז ער געגאַנגען אַנקוקן די שטאָט. איבער די גאַסן האָבן זיך אַרומ־געדרייט מענטשן, קלעזמאָרים האָבן געשפּילט אַף פײַפלען און געקלאַפּט אין פויק, אַקראָבאַטן האָבן זיך געדרייט אינדערלופטן, און די קינדער האָבן געפליעסקעט מיט די הענט, פול מיט אַנציקונג. „א פריילעכע שטאָט", — האָט געטראַכט דאָס ייִנגעלע.

ס'איז דורכגעלאָפן א וואָך. דער פידלער (איצט וועלן מיר רופן דאָס ייִנגעלע מיטן נאָמען — פידלער) האָט געדונגען א קליינעם צימער. ער האָט אויסגעשטאַט די אַטעליע און אָנגעהויבן צו אַרבעטן. די מענטשן האָבן געבראַכט דעם פידלער צו פאַריכטן זייערע פידלען, מאַנדאָלינעס און גי־טאַרעס. פאַר זיך האָט ער געמאַכט א פידל און יעדן אָוונט געשפּילט אַף אים. די קינדער פון דער שטאָט זײַנען געשטאַנען לעבן די פענצטער און געהערט די מוזיק מיט אײַנגעהאַלטענעם אָטעם. איינמאָל האָט דער מיילער פונעם לאַנד געשיקט רופן דעם פידלער אין זײַן פּאַלאַץ אַף א מוזיקאַ־לישן אָוונט.

דער מיילער, די מאַלקע און די באַסמאַלקע האָבן אים באַגעגנט און זיך געפירט זייער העפ־לעך. סאַפּקאָלסאָף, האָט דער צערעמאָניאַל־מײַס־טער צוגעפירט דעם פידלער צום מיילער.

— וויאַזוי רופט איר זיך? — האָט יענער זיך אָנגעפרעגט.

— איך הייס פּאָשעט פידלער, — איז געווען דער ענטפער.

אַלע זײַנען אײַנגעלאַדן געוואָרן צום טיש. צוערשט האָט מען דערלאַנגט ווינעגרעט, נאָכדעם סופּ־כאַרטשאָ, נאָכדעם שניצל מיט מאַקאַראָנעס און קאָמפּאָט.

אַלע געסט זײַנען געווען צופרידן, די באַס־מאַלקע האָט אפילע אויסגעטרונקען צוויי גלעזער קאָמפּאָט. אַפן דעסערט האָט מען געגעבן די קאָנ־פעקטן „ארבעסלעך" — נאַשט, וויפל איר ווילט. נאָכן עסן האָט דער צערעמאָניאַל־מײַסטער געבעטן אַלעמען אַרײַנגיין אין קאָנצערט־זאַל. די געסט זײַנען אַרײַן אין זאַל, דער מיילער מיט זײַן פאַמי־ליע האָבן זיך אוועקגעזעצט, פאַרשטייט זיך, אין דער פינפטער רײ.

— פידלער, וואָס וועט איר אונדז שפּילן? פון מאָצאַרטן אָדער פון וויוואַלדין? — האָט געפרעגט דער מיילער.

— אויב איר וועט דערלויבן, וועל איך שפּילן פאַר אײַך א מוזיקאַליש מײַסעלע „די הייל", — האָט געענטפערט דער פידלער.

— מיר ווילן הערן עפּעס פריילעכס. וואָס זאָגסטו, באַסמאַלקע?

— דער פידלער ווייסט בעסער פון מיר, — האָט מיט א שמייכל באַמערקט די באַסמאַלקע.

— נו, אויב אַזוי, הייבט אָן צו שפּילן, פיד־לער, — האָט געזאָגט דער מיילער און זיך אוועק־געזעצט באַקוועמלעך אַף זײַן שטול.

דער פידלער האָט צוגעלייגט דאָס פידעלע צום אַקסל. זײַנע געדאַנקען זײַנען געווען ווײַט פונדאַנען. דאָס פידעלע האָט דערציילט וועגן דער הייל, וועגן דעם גרויסן מײַסטער, וועגן דער גרויסער נעשאָמע.

אַלע זײַנען געווען אַזוי געפּלעפט, אַז נאָכן שפּילן איז לאַנג געשטאַנען א שטילקײַט. דערנאָך האָט א פרוי פאַרלוירן אַפן דיל איר פאָכער, און אַלע האָבן אָנגעהויבן צו פליעסקען מיט די הענט. דער פידלער איז געשטאַנען א צעמישטער, דאָס איז געווען זײַן ערשטער קאָנצערט.

— פידלער, איר זײַט פּאָשעט א קישעפמאַ־כער, כ'האָב ניט געוווּסט, אַז בא מיר אין לאַנד איז דאָ אַזא טאַלאַנט. בראַוואָ! זאָגט מיר, צי קאָנט איר געבן לימודים מײַן טאָכטער, דער באַסמאַלקע? טעכטערל, קום צו אונדז, — האָט געזאָגט דער מיילער צו דער באַסמאַלקע, נאָר די באַסמאַלקע איז געזעסן אַף דעם פּאָטערשטול און גאָרניט גע־הערט, אירע געדאַנקען זײַנען געווען זייער ווײַט פונדאַנען.

— באַסמאַלקע, — האָט געזאָגט דער מיי־לער, — איך רעד צו אײַך.

די באַסמאַלקע האָט א ציטער געטאָן און גע־קוקט אָן ווערטער אַפן מיילער.

— באַסמאַלקע, וואָס איז מיט אײַך? איך רעד שוין צו אײַך דאָס דריטע מאָל. קום צו אונדז. ווען די באַסמאַלקע איז צוגעגאַן צום מיילער, האָט ער מיט א מילד קאָל פאָרגעזעצט:

— איך האָב געבעטן דעם פידלער, ער זאָל אײַך געבן לימודים פון מוזיק. איך טראַכט, אַז די לימודים וועלן אײַך העלפן צו באַפרײַען זיך פון מעלאַנכאָליע...

— צי זײַט איר מאַסקים, איך זאָל אָנהייבן די לימודים מאָרגן? — האָט געפרעגט דער פידלער.

— יאָ, — האָט געענטפערט די באַסמאַלקע, און, מאַכנדיק א רעוועראַנס, איז זי אָפּגעגאַנגען אין א זײַט.

## דאָס פערטע קאַפּיטל

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די באַסמאַלקע איז פּעיִק צו דער לער. דער פידלער האָט געגעבן די לימודים דער באַסמאַלקע יעדן טאָג, און אינגיכן זײַנען זיי בײדע געוואָרן צווישן זיך גוטע־פרײַנט. נאָך די לימודים האָבן זיי שפּאַצירט אין פּאַרק. דער פידלער האָט דערציילט דער באַסמאַלקע פאַרשיידענע געשיכטעס, און די באַסמאַלקע האָט ליב געהאַט צו הערן זײַנע רייד. איינמאָל האָט דער פידלער דערציילט דער באַסמאַלקע וועגן דער הייל, און זי איז געוואָרן שטאַרק טרויעריק.

— פאַרוואָס זײַט איר אַזוי אומעטיק? — האָט געפרעגט דער פידלער.

— ניין, ניין! ס'איז מיר זייער גוט מיט אײַך, פידלער! — האָט געענטפערט די באַסמאַלקע.

— פאַרוואָס זשע זײַט איר טרויעריק?

— ווײַל מיר איז מיט אַלעמען שלעכט, און בלויז דערפאַר, וואָס נאָר מיט אײַך איז מיר גוט...

— איך וועל זײַן מיט אײַך טאָמיד, גלייבט מיר! — האָט אויסגעשריגן דער פידלער און אַ קוק געטאָן אַפן פינגערל מיטן שלענגעלע.

— איך גלייב אײַך, אָבער דאָס איז אוממעגלעך, איך האָב אַ כאָסן...

— כ'ווייס. אָבער איך האָב אײַך ליב, — האָט געזאָגט דער פידלער.

— איך האָב אײַך ליב, — האָט איבערגעכאַזערט די באַסמאַלקע, ווי אַ ווידערקאָל.

— באַסמאַלקע, איך וויל אײַך אַנטפּלעקן אַ גרויסן סאָד. אָט דאָס פינגערל מיט שלענגעלע...

— ניט אַלץ אין איין מאָל, ליבער לערער, מײַן קאָפּ דרייט זיך שוין אַזוי אויך פאַר גרויס גליק.

## דאָס פינפטע קאַפּיטל

די כאַסענע וועט פאָרקומען אין אַ וואָך אַרום. די באַסמאַלקע האָט ניט קיין צײַט צו נעמען לימודים. דער כאָסן איז דעם מײַלעכס אַ כאַווערס אַ זון. דער כאָסן האָט ליב די באַסמאַלקע, און דער מײַלעך האָט באַשלאָסן, אַז דאָס איז גענוג פאַר זייער גליק. אין אַ וואָך אַרום וועט דער כאָסן קומען פון דער מילכאָמע, און ס'וועט זײַן די כאַסענע. אַזוי האָט באַשלאָסן דער מײַלעך. פריִער איז דער כאָסן געפעלן דער באַסמאַלקע, אָבער איצט האָט זי ליב דעם פידלער. אין אַ וואָך אַרום וועט זײַן די כאַסענע מיט דעם ניט־געליבטן. די מעלוכע־אינטערעסן זײַנען העכער פון אַלץ. וואָס קאָן מען טאָן?

דער פידלער איז געקומען אין דעם פּאַלאַץ, און די באַסמאַלקע האָט אים אויפגענומען באַ זיך.

— גייט אַרײַן, מײַן לערער, — האָט געזאָגט די באַסמאַלקע, — זעצט זיך אַנידער. איר ווילט אַ טעפּעלע קאַווע?

— מיט גרויס פאַרגעניגן, — האָט געענטפערט דער פידלער.

די באַסמאַלקע האָט אַ קלונג געטאָן מיט אַ גלעקל, ס'איז אַרײַנגעקומען דער מעשאָרעס און די באַסמאַלקע האָט אים געבעטן אָפּקאָכן צוויי טעפּעלעך קאַווע.

— באַסמאַלקע, איך פאָר אַוועק, און כ'בין געקומען געזעגענען זיך, — דער פידלער איז אויפגעשטאַנען, קלײַבנדיק זיך אַוועקצוגיין, — עפּשער ווילט איר עפּעס זאָגן באַ דער געזעגענונג?

די באַסמאַלקע האָט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט, און דער פידלער איז שטיל אַרויסגעגאַנגען פונעם צימער. שטייענדיק באַם פענצטער, האָט די באַסמאַלקע געזען: פאַזע דעם שטעג איז געגאַנגען דער פידלער — אַן אַלטער, אַן אײַנגעהויקערטער. די באַסמאַלקע האָט געוואָלט אים אַ פאָך טאָן מיט דער האַנט, צוריק אים אומקערן, זי האָט געוואָלט אָפּשטעלן די צײַט, נאָר דאָס פענצטער איז געווען פעסט פאַרמאַכט און דער פידלער איז געגאַנגען, ניט אומקוקנדיק זיך. די באַסמאַלקע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַפן שטול אָן קויכעס.

מע האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר.

— גייט אַרײַן, — האָט געזאָגט די באַסמאַלקע מיט האָפענונג.

ס'איז אַרײַנגעקומען דער מעשאָרעס מיט צוויי טעפּעלעך קאַווע אַפן טאַץ.

די באַסמאַלקע האָט זיך צעוויינט.

## דאָס זעקסטע קאַפּיטל,

### זייער אַ קורצס

ווען דער מײַלעך האָט זיך דערוווּסט, אַז דער פידלער איז אַוועקגעגאַנגען פון דער שטאָט, איז ער געווען זייער אין קאַס. קיינער האָט ניט געוווּסט, וווּהין דער פידלער איז נעלעם געוואָרן. אַצינד דאַרפן מיר זיך געזעגענען מיט דער באַסמאַלקע.

איך דאַרף זאָגן, אַז דער באַסמאַלקעס כאַסענע איז דורכגעגאַנגען זייער פריילעך, דער כאָסן איז געווען גליקלעך, און די באַסמאַלקע האָט אויסגעזען ווי צעמישט. אַלץ איז אָבער פאַרגענגלעך אין דער וועלט. דער פריש־געבאַקענער בען־מײַלעך איז אינגיכן אַוועקגעפאָרן אַף אַ נײַער מילכאָמע, און די באַסמאַלקע איז געשטאָרבן, ניט איבערלאָזנדיק קיין יוירעש.

...דער פידלער איז געגאַנגען ווײַטער און ווײַטער. די טעג האָבן זיך געצויגן ווי יאָרן, און

לעבן דעם שטיין האָט זיך אָפּגעשטעלט א זאַק. דאָס שלענגעלע איז איבערגעקראָכן איבער דעם גראָז, דער שטיין איז צערונען געוואָרן, די הייל האָט אָנגעהויבן זינגען ווי א גרויסער אָרגל. דער פֿידלער האָט א ביסעלע איבערגעוואַרט לעבן דעם אַרײַנגאַנג און איז פֿאַרשוווּנדן אין דער הייל.

■ פּאָסט־סקריפּטום

ווען איך האָב איבערגעלייענט דאָס מײַסעלע פֿאַר מײַנע כאַווייִרים, זײַנען זיי געווען צעטראָגן פֿון דעם, וואָס די באַסמאַלקע איז געשטאָרבן. נאָר די באַסמאַלקע איז בעעמעס געשטאָרבן, — צי פֿון אומעט, צי פֿון א שלאַפֿקײַט, — מענטשן האָבן גערעדט פֿאַרשיידנס.

— דאָס איז א גאַנץ געוויינלעכע זאַך, — האָב איך געזאָגט.

— יאָ, אָבער א מײַסעלע דאַרף האָבן א גליקלעכן סאָף, — האָט מען מיר דערווידערט.

— איך וויל אײַך זאָגן דעם עמעס. כ'האָב געוואָלט, אַז אַלץ זאָל זײַן אַנדערש, אָבער דער פֿידלער האָט אַפֿילו ניט געוווּסט, אַז די באַסמאַלקע איז געשטאָרבן. פּונקט דעמאָלט איז ער געווען אין וועג — געגאַנגען צו דער הייל, קעדיי בלײַבן אָף אייביק איינער אַליין. און וואָס קאָן זײַן פֿאַר א מענטשן ביטערער, איידער איינזאַמקײַט? — האָב איך א פֿרעג געטאָן.

— ס'וועט זיך מיר כאָלעמען א שלעכטער כאָלעם, — האָט געזאָגט א צאַרט מיידעלע, — איך בעט אײַך איבערמאַכן דעם סאָף, לעמאָשל, אַזוי: דער פֿידלער האָט געשענקט דער באַסמאַלקע זײַן פֿינגערל, און ווען די באַסמאַלקע איז געשטאָרבן, האָט דאָס שלענגעלע זי איבערגעטראָגן אין דער הייל. פֿון די טענער פֿונעם פֿידל איז די באַסמאַלקע געוואָרן לעבעדיק, דער אַלטער פֿידלער האָט זיך צוריק פֿאַרוואַנדלט אין א יונגן, און ער מיט דער באַסמאַלקע זײַנען ביידע אײנײנעם געווען גליקלעך...

יאָ, איך בין גרייט איבערמאַכן דעם סאָף פֿונעם מײַסעלע, אויב ס'וועט אַרויסרופֿן א גוטע שטימונג בא די צאַרטע נעשאָמעלעך.

ווער ווייסט, ס'קאָן זײַן, אַז אין דעם טאַקע איז דער גרויסער זין פֿונעם לעבן...

---

## בראָניק

### קאָנצערטן פֿון א יונגער זינגערן

דעם 14־טן, 16־טן מײַ און דעם 1 יון זײַנען אין לאָקאַל פֿונעם מאָסקווער יִדישן דראַמאַטישן סטודיע־טעאַטער דורכגעגאַנגען סאָלאָ־קאָנצערטן פֿון דער יונגער זינגערן אַלעקסאַנדרע גאָרעליק. עס זײַנען אויסגעפֿילט געוואָרן 21 יִדישע פֿאָלקסלידער, ווי אויך זינגלידער פֿון די סאָוועטישע יִדישע קאָמפּאָזיטאָרן זי־נאָווי קאָמפּאַנייעץ און וולאַדימיר טערלעצקי אָף אַרן ווערגעליסעס ווערטער. לויט דער באַקאָשע פֿון די צושויער האָט די אַקטריסע געזונגען עטלעכע רוסישע ראָ־מאַנסן אין דער יִדישער איבערזעצונג. דער פֿילצאָליקער אוילעם האָט געלויבט די יונגע אויספֿילערן, וועלכע איז שוין באַקאַנט אונדזער לייענער סײַ אַלס וואָ־קאַליסטקע, סײַ אַלס דראַמאַטישע אַקטריסע. ■

פעליקס כאַימאָוויטש

# א צופעליקער שמועס

אין א זומערדיקן שאבעס בין איך געקומען אין סקווער, וואָס איז ניט ווײַט פון אונדזער הויז, צו זיצן דאָרט א ביסל אַף א באנק אינעם געדיכטן שאָטן פון אלטע לינדנביימער און לייענען א פרישע צײַטונג. אין סקווער איז געווען ניט איבעריק פיל מענטשן, ווײַל די היץ האָט געהאט ארויסגעטריבן די מערהײַט מינסקער טוישווים הינטער דער שטאָט, אין די וועלדער און אַף די זאמדיקע פּליאזשן לענגויס די ברעגן פון די צאָלרײַכע וואסער־באסיינען. איך האָב געפונען א פרײַען פּלאץ, אוועקגעזעצט זיך באקוועם אַף א באנק פון אן ארויסרופנדיק־בלויען קאָליר, צעעפנט די צײַטונג און ניט אײַלנדיק זיך פארטיפט אין לייענען.

דער פעליעטאָן, וואָס איך האָב אויסגעקליבן, איז געווען אָנגעשריבן שארפזיניק, לעבעדיק און אין א גוטן סטיל, מאכמעס דעם האָב איך זיך ארײַנגעלאָזט אינעם לייענען אזוי, אז כ'האָב ניט באמערקט, ווען ס'האָט זיך צוגעזעצט אַף דעם אנדערן עק באנק א באיאָרטע פּאָר: אינגאנצן א גראָוער מאנצבל מיט א גרויסער שוואָמארטיקער נאָז, טיף אײַנגעזעצטע קלאָרע אויגן, וואָס האָבן ארויסגעקוקט פון אונטער קודלאטע, ווײַסע ברעמען, און א פול־לײַביקע פרוי, וועמענס פּאָנעם איך האָב ניט געקאָנט זען, ווײַל זי איז געזעסן אָפּגעקערט צו איר מיטשפּרעכער. זיי האָבן גערעדט צווישן זיך שטילערהייט, קעדיי ניט שטערן מיר צו לייענען. נאָר אין עפּעס א מאָמענט איז דער פרויס שטים געוואָרן העכער, און איך האָב דערהערט די פראזע, וועלכע האָט מיך שטארק פארדראָסן. די פרוי האָט געזאָגט אַף יידיש:

— אוי, אַט די דאָקטוירים!

לויטן פאך בין איך א דאָקטער, און איך קאָן ניט פארטראָגן, ווען מע פארטשעפּעט מײַנע קאָלעגן. יאָ, פארשטייט זיך, די הײַנטצײַטיקע מעדיצין איז אימשטאנד אומקערן דאָס געזונט און אפילע דאָס לעבן א מענטשן. אָבער זי איז ניט אלמעכטיק. איך ווייס דאָך זייער גוט, ווי עס קומט פאָר, ווען דער דאָקטער שלאָגט זיך קאָפּ אין וואנט, אָבער טאקע ראטעווען דעם כוילע איז ער ניט בעקויעך. אַט באווײַזט זיך שוין א האָפענונג, און גראָד אין דער מינוט דערטראָגן זיך די באליידיקנדיקע ווערטער: „אוי, אַט די דאָקטוירים!"

— זײַט מויכל... וואָס האָבן אײַך געטאָן שלעכטס די דאָקטוירים? — האָב איך ארויסרופעריש געפרעגט בא דער פרוי.

זי האָט אַף מיר פארוווּנדערט א קוק געטאָן.

— איך בעט בא אײַך נאָכאמאָל מעכילע, איר האָט נאָרוואָס געזאָגט: „אוי, אַט די דאָקטוירים!". אָפּט גיט מען נאָך צו: „פערד־דאָקטוירים" און — „אמעראצים"...

אירע צוגעפארבטע ברעמען זײַנען זיך צונויפגעגאנגען, די נאָז איז געוואָרן רויגעזדיק פארריסן, דאָס רונדע געזיכט איז רויט געוואָרן. די פרוי האָט, מיסטאמע, געוואָלט ענטפערן מיר עפּעס שארפס, נאָר אין דער לעצטער רעגע האָט זי איבערגעטראכט, איר שטערן איז געוואָרן אויסגעגלײַכט, די פולע ליפּן האָבן זיך צעצויגן אין א פארגעבנדיקן שמייכל.

— יונגערמאן, איר זײַט איצט אזוי ענלעך אַף א פאריסן הענדל, אז מע קאָן ניט זײַן אַף אײַך אין קאס! איר האָט ניט פארשטאנען, וועגן וואָס מע רעדט. די דאָקטוירים זײַנען מײַן טאָכטער און איר מאן. זי איז א טעראפּעווט, און ער — אן אָקוליסט. זייער זון אליאָשקע, מײַן אייניקל, גיט אָפּ די מעלוכע־עקזאמענעס אין מעדינסטיטוט.

ער וויל, מע זאָל אים פֿאַרעכענען — וואָס מיינט איר, אַלס ווער? — אַלס אַן אַקושאַר־גינעקאָלאָג! ווי געפֿעלט דאָס אײַך, האָ? דער באַכער וועט זיך אָנקוקן נאַקעטע ווײַבער, און וואָס פֿאַר אַ מאַן וועט ער נאָכדעם זײַן, פֿרעג איך? איך רעד מיט אים, איך פּרוּוו פּויעלן בײַ אים, ער זאָל גוט אַ טראַכט טאָן. עס וואָלט דען שלעכט געווען, ער זאָל אַרבעטן אַלס כירורג? ניין, כאַלעשט ער אַרײַנקריכן אין אַ קימפּעט־הויז. און מײַן טאַכטער מיטן איידעם מיינען, אַז דאָס מאַכט ניט אויס. ווי געפֿעלט עס אײַך?

איך האָב זיך צעלאַכט.

— אַנטשולדיקט, ווי הייסט איר?

— אַנע ניקאָלײַעוונאַ.

— אַנע ניקאָלײַעוונאַ, מיר דוכט, אַז אײַער טאָכטער און איר מאַן זײַנען גערעכט. איר קאָנט מיר גלייבן, ווײַל איך בין אַליין אַן אַקושאַר־גינעקאָלאָג, און מײַן ווײַב זאָגט, אַז איך בין גאָר ניט קיין שלעכטער מאַן און פֿאָטער. מיר האָבן אַזש דרײַ קינדער, און איך האָב מוירע, אַז דאָס איז נאָך ניט דער סאָף!

אַנע ניקאָלײַעוונאַ האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אומצוטרוי.

— נו, דו הערסט, וואָס דער מענטש זאָגט? — האָט געפֿרעגט דער מאַנצבל, וועלכער האָט ביז דאַן געשוויגן. — איך מיין אויך, אַז דײַן אייניקל פֿאַרשטייט אין דער זאַך מער פֿון דיר. און דו זאָלסט ניט קריכן צו אים מיט דײַנע אייצעס.

— אײַ, קוזמאַ פּאַמיטש, דו ביסט אויך אויף דער זײַט פֿון די דאָקטוירים! — האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אַנע ניקאָלײַעוונאַ.

מיר, די מאַנצבלען, האָבן אָנגעהויבן לאַכן.

אַנע ניקאָלײַעוונאַ האָט זיך פֿאַרייניקט צו אונדז.

— דאָקטער, ווי רופֿט מען אײַך? — האָט זי מיך געפֿרעגט.

— וועניאַמין זאַכאַראָוויטש.

— אַ שיינער נאָמען. אויב עס איז קיין סאָד ניט, וואָלט איך אַ באַלן געווען צו וויסן ווו איר אַרבעט?

— אין דער צווייטער קליניק. וואָסי?

— גאָרניט. איך האָב געמיינט, אַז איר קענט מײַן טאָכטער, אָדער איר מאַן. נאָר איר אַרבעט דאָך אין אַן אַנדער אָרט.

— אין מינסק זײַנען פֿאַראַן אַ סאַך דאָקטוירים.

— עמעס, עמעס.

— אַנע ניקאָלײַעוונאַ, אַנטשולדיקט מיך, נאָר ווען איך וואָלט ניט געהערט, ווי איר רעדט מיט קוזמאַ פּאַמיטשן אויף ייִדיש, וואָלט איך קיינמאָל ניט געטראַכט, אַז איר זײַט ייִדן. ביידע זײַט איר גאָר ניט ענלעך אויף קיין ייִדן. און קוזמאַ פּאַמיטש האָט דערצו נאָך ניט קיין געוויינלעכן פֿאַר אַ ייִדן נאָמען.

— מיר זײַנען טאַקע ניט קיין ייִדן.

— וואָס הייסט?

— אַ, ס'איז אַ לאַנגע געשיכטע, נאָר אויב איר ווילט און האָט צײַט, קאָן איך אײַך דערציילן. קוזמאַ פּאַמיטש, דו וועסט ניט זײַן קעגן?

— פֿאַרוואָס זאָל איך זײַן קעגן?

— איז הערט. איך בין געבוירן געוואָרן אין צוויי־און־צוואַנציקסטן יאָר אין אַ קליין דערפֿל אויף סמאָלענסקשטשינע. מײַנע עלטערן זײַנען געווען אָרעמע פּויערים. מיר האָבן ניט געהאַט קיין פֿערד, און דער טאַטע איז געווען געצוווּנגען באַטראַכטוען, קעדיי האָדעווען עלף קינדער. אויסער דעם, האָט געלעבט צוזאַמען מיט אונדז אונדזער זיידע, דעם טאַטנס טאַטע. ער איז געווען זייער אַלט און פֿלעגט קיינמאָל ניט אַראָפּקריכן פֿונעם אויוון, אַפֿילו זומערצײַט. די מאַמע מײַנע, זאָל זי האָבן אַ ליכטיקן גאַניידן, האָט געהאָרעוועט פֿון פֿרי ביז שפּעט. זי פֿלעגט שנײַדן קראַפּעווע, לאָבעדע, אַרויסרײַסן די וואָרצלען פֿון די לאָפּוכן — און דאָס זײַנען מיר געצוווּנגען געווען צו עסן אָן ברויט און אָן זאַלץ. אָט אַזוי האָבן מיר געלעבט. אין נײַן־און־צוואַנציקסטן יאָר האָט געטראָפֿן בײַ אונדז אַ פֿאַרטריקעניש, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ שרעקלעכער הונגער. אונדזער טאַטע איז איינמאָל אוועקגעגאַנגען פֿאַרדינען עפּעס צו עסן, און קיינער ווייסט ביז הײַנט ניט, ווו עס ליגן זײַנע ביינער. אינגיכן איז אונדז באַפֿאַלן אַ נײַער אומגליק — די שאַרלעך...

— וואָס הייסט עס? — האָב איך ניט פֿאַרשטאַנען.

— נו, סקאַרלאַטין. קעגן אָט דער צאָרע איז מײַן מאַמע געווען הילפֿלאָז. אַליין די מעדיצין האָט אין יענער צײַט ניט געהאַט קיין רעפֿועס קעגן דער קרענק. האַקיצער, איך בין געבליבן אַליין אין דער קאַלטער כאַטע, אָן אַ שטיקל ברויט.

וואָס וואָלט איך געטאָן, ווען סע וואָלט ניט געקומען צו פֿאָרן צו אונדז אין דאָרף דער באַפֿולמעכטיקטער פֿון דער קאָמיסיע צו באַקעמפֿן דעם הונגער כאַווער ייִצכאָק שנעלפֿיסלער? איז ער אָבער געקומען און מיך גענומען מיט זיך אין ווײַסרוסלאַנד. דער טאַטע איציק האָט געלעבט אין באָברויסק. ער האָט געהאַט ניט קיין קליינע מישפּאָכע — פֿינף קינדער. איך בין געוואָרן דאָס זעקסטע.

און כ'בין געווען אַזוי אויסגעצערט פֿון הונגער, און נאָך דער קרענק האָבן מיך אַזוי פֿאַרלאָזט די קויכעס, אַז אַ ליאַדע ווינטל האָט געקאָנט מיך אומוואַרפֿן פֿון די פֿיס. מײַנע נײַע עלטערן און ברידער־שוועסטער פֿלעגן אונטערוקן מיר די בעסטע שטיקלעך, האָגאַם קיין שעפֿע פֿון עסנוואַרג איז אין דער שטוב ניט געווען. איך בין געקומען צו די קויכעס און אָנגעהויבן גיין אין שול. די רוסישע שול איז געווען ווײַט פֿון אונדזער שטוב, און די ייִדישע — אַנטקעגן, איבערן וועג. אָט אַזוי האָב איך זיך באַפֿרײַנדעט מיט טאַטע־איציקס קינ-

דער, געגאַנגען אין איין שול מיט זיי. כאָטש איך האָב אינדערהיים זיך געלערנט רעדן אַף ייִדיש, איז צוערשט מיר שווער געווען צו לערנען זיך אין דער ייִדישער שול.

געהאָלפן האָט מיר די גאַנצע מישפּאָכע, אַפילע דער קלייניקער מוישקע, וואָס איז געווען בלויז פיר יאָר אַלט. צום סאָף פונעם לערניאָר פלעג איך באַקומען פינפערלעך, אַפילע פאַר דער ייִדישער שפּראַך. און דעם טאַטע־איציקס זון יאַנקל, מיט וועלכן איך בין געגאַנגען אין איין קלאַס, פלעג באַקומען פאַר ייִדיש דרייַען. די מאַמע־דוואָסיע פלעגט ווייַזן אים מייַנע העפטן און זאָגן: „שייגעץ, זע, ווי מע דאַרף זיך לערנען, און זי איז דאָך ניט קיין ייִדיש מיידל! שעם זיך!” און דער טאַטע־איציק פלעגט לאַכן: „יאַנקל, פון דיר וועט זייַן אַ גוטער באַלעגאָלע!” איינמאָל האָט יאַנקל געפרעגט: „פאַרוואָס?” — „ווייַל דו האָסט ליב אייַנשפּאַנען די טראָיקעס”, — האָט געענטפערט דער טאַטע און צוגעגעבן ערנסט: — „אָבער הייַנטיקע יאָרן איז שוין די טראָיקע פאַרעלטערט. עס קומט אָן אַן עפּאָכע פון עלעקטרע און מאַשינען”.

אַזוי האָט געזאָגט דער טאַטע־איציק אין דער צייַט, ווען עס זייַנען געווען אין באָברויסק אינגאַנצן פינף אַלטע אַוטאָמאָבילן. און די דאָזיקע ווערטער זייַנען טיף אַרייַנגעדרונגען אין יאַנקלס נעשאָמע. זיבן קלאַסן האָט ער פאַרענדיקט מיט אַן אויסצייכענונג. ס'איז געווען שוין אין זיבן־און־דרייַסיקסטן יאָר. פאַרן אַרויסלאָז זייַנען מיר ביידע אַרייַנגעטראָטן אין קאָמסאָמאָל. איך האָב געוואָלט גיין אַרבעטן, ווייַל דעם טאַטן־איציקן איז געווען שווער צו שפּייַזן און אָנטאָן די גאַנצע כאַליאַסטרע קינדער (פאַר די אַכט יאָר האָט די מאַמע־דוואָסיע געהאַט נאָך צוויי זין און איין טעכטערל), נאָר דער טאַטע־איציק האָט ניט געוואָלט הערן וועגן דעם, אַז איך זאָל אַרבעטן. „איך בין אַ פּאַשעטער שוסטער, און איך האָב ניט געהאַט קיין מעגלעכקייַט זיך לערנען. אָבער איר, קינדער, דאַרפט זייַן געבילדעטע מענטשן...”

איך האָב באַקומען אין ראַיקאָם אַ פּוטיאָווקע אַף אָנקומען אין פּעדאַגאָגישן טעכניקום. יאַנקל האָט געוואָלט זייַן אַ מיליטער־פליִער. איבער דעם בירגערקריג אין שפּאַניע האָבן אַלע ייִנגלעך זיך געריסן צו ווערן פליִער אָדער טאַנקיסטן. אין די מיליטער־שולן פלעגט מען אויפנעמען נאָר פון אַכצן יאָר. דערפאַר האָט יאַנקל געבעטן אַ פּוטיאָווקע אין פאַרבינדונג־טעכניקום. „איך וועל באַהערשן ראַדיאָ, — פלעגט ער זאָגן, — ס'איז ניט קיין לעצטע זאַך פאַר אַ פליִער”.

אין מינסק, וווּהין מיר זייַנען ביידע געקומען צו פאָרן, איז געווען שווער מיט וווינונגען. מיר האָבן אָפּגעדונגען איין צימער פאַר ביידן. אַזוי איז געווען ביליקער. און נאָך איין מייַלע: מיר האָבן געקענט העלפן איינער דעם אַנדערן אינעם לערנען, לייענען צוזאַמען אין דער פרייַער צייַט די זעלבע ביכער און קוקן די זעלבע פילמען. אָט אַזוי האָבן מיר געלעבט און זיך געלערנט און ניט באַמערקט, ווי ס'זייַנען אַוועק פיר יאָר.

דעם דרייַ־און־צוואַנציקסטן מאַרט פונעם איין־און־פערציקסטן יאָר איז געבוירן געוואָרן בא אונדז אַ טאָכטער. מיר האָבן איר געגעבן דעם נאָמען אָקטיאַברינע.

איצטיקע ווייַבער האָבן ליב זיך קלאָגן, אַז ס'איז שווער מיט קינדער. איך קען דאָס ניט פאַרשטיין. מיר זייַנען געווען סטודענטן, האָבן געדאַרפט אָפּגעבן די אַרויסלאָז־עקזאַמענעס, אָבער מיר דאַכט זיך, אַז פאַר אונדז איז עס ניט געווען צו שווער. וואָס איז דער איקער? מיסטאַמע זייַנען מיר געווען זעלבשטענדיקער, האָבן זיך ניט פאַרלאָזט אַף די מאַמעס־באָבעס.

אָקטיאַברינע איז געווען אַ געזונט קינד, מיט אַ גוטן אַפּעטיט, אָבער ווען־ניט־ווען פלעג זי אונדז געבן אַ קאָנצערט אַף אַ גאַנצער נאַכט: אָט טוט איר ווי דאָס בייַכל, אָט איז איר צו קאַלט, אָדער צו הייס, אָט איז זי נאַס געוואָרן. אין אָנגענעצטע ווינדעלעך פלעג זי קיין איין מינוט ניט וועלן ליגן. גלייַך אָנגעהויבן קרעכטשען, און אויב מיר האָבן זיך ניט געיאַוועט, פלעג זי מאַכן אַזאַ גוואַלד, אַז די שטוב האָט זיך געשאָקלט.

זי איז אַלט געווען צוויי כאָדאָשים מיט עפּעס, ווען מיר האָבן געדאַרפט אָפּגעבן די עקזאַמענעס. נו, דעם סטודענט, ווי באַוווּסט, פעלט אַלעמאָל איין טאָג. ס'ראַטעוועט אַרויס די לעצטע נאַכט פאַרן עקזאַמען. נאָר פונקט אין אָט די נעכט פלעג אָקטיאַברינע פּראַווען קאַפּריזן. איך האָב זי אַף איין האַנט געהאַלטן, און אין דער צווייטער געהאַלטן דעם לערנבוך.

די עקזאַמענעס האָבן מיר אָפּגעגעבן אַף אויסגעצייכנט. דער לעצטער עקזאַמען איז געווען דעם איין־און־צוואַנציקסטן יוני. אַף מאָרגן אינדערפרי האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע.

יאַנקל איז גלייַך אַוועקגעגאַן אין וואָיענקאָמאַט, און אים, ווי אַ ראַדיאָ־ספּעציאַליסט, האָט מען באַלד גענומען אין אַרמיי. איך בין געבליבן אַליין מיט אַ פּיצעלע קינד אַף די הענט. אונדזערע שכייִנים און הויז־באַלעבאַטים האָבן מיך גערופן מיט זיך אין דער עוואַקואַציע, נאָר איך האָב ניט געוואָלט אַוועקפאָרן פון דער היים: ווי לאָזט מען זיך אין וועג אַרייַן מיט אַן אייפעלע? פאַרוואָס זאָל איך זיך וואָלגערן, ווער ווייסט וווּ, אין דער צייַט, ווען די דייַטשן וועלן ביכלאַל ניט זייַן אימשטאַנד צו דערגיין ביז מינסק? אָט אַזוי האָב איך געמיינט און דאָס זעלבע האָט געזאָגט יאַנקל, אַוועקגייענדיק אַפן פראָנט.

נאָך דעם זעקס־און־צוואַנציקסטן יוני, ווען די שלאַכטן זייַנען שוין געגאַנגען הינטער דזערזשינסק און אָסטראָשיצקער האָראָדאָק, האָב איך זיך צעשיידט מיט מייַנע אילוזיעס און אַוועקגעלאָזט זיך אַף מיזרעך. גיין האָט מען געמוזט אונטער די

דײַטשישע באָמבעס. װיאַזױ איז דאָס געװען, װעל איך ניט דערצײלן: איר האָט דאָך געזען א סאָך קינאָ־פילמען װעגן דער מילכאָמע. אָבער אין דער װירקלעכקײַט איז געװען טױזנט מאָל שרעקלעכער, װײַל מע האָט עס געדאַרפט ניט זען, נאָר איבערטראָגן.

איך בין געװען לעבן שטעטל פּאַגאָסט, װען ס'האָט זיך פאַרשלאָסן די דײַטשישע ארומרינגלונג. װײַטער איז קײן װעג ניט געװען.

פון די איבערלעבונגען איז בא מיר פאַרפאַלן געװאָרן די מילך. איך האָב ניט געהאַט קײן קױעך צו גײן אַף צוריק. װאָס האָב איך געדאַרפט טאָן? אײנע א ייִדענע האָט מיך אַרײַנגעלאָזט צו זיך אין שטוב. בא איר איז געװען א בעהײמע, און איך האָב

שטעטל האָט גערעדט אַף צװײ און אַפילע אַף דרײַ שפּראַכן און האָט פאַרשטאַנען אַלע פיר, װעלכע האָבן געקלונגען אין פּאַגאָסט (נאַטירלעך, זײַנען אַלע געװען באַקאַנט אױך מיט רוסיש). אַזױ צי אַזױ, נאָר די ייִשוּװניקעס האָבן געמישפּעט װעגן די דײַטשן ביכלאַל לױט זײערע לאַנדסלײַט פון פּאַגאָסט. און דאָס איז געװען א טראַגישער טאָעס.

איך האָב פאַרגעסן צו זאָגן, אַז די פאַשיסטן האָבן אַװעקגעשטעלט אין שטעטל א פּאָליצײ. פאַרן פּאָליצײ־שעף האָבן זײ באַשטימט זײערן אָן אָפּיצער — דעם אָבערלײטענאַנט מיולערשטײַן. זײַן אונטערהעלפער איז געװאָרן אונדזער שאָכן אַלפרעד פישער, א שײנער יונגער יאַט, אָט אַזאַ הײך, מיט אָט אַזעלכע ברײטע אַקסלען, מיט בלױע אױגן



געהאַט א מעגלעכקײַט האָדעװען אָקטיאַברינען. בא דער מומע ריװע האָב איך געװױנט עפּעס א דרײַ כאָדאָשים.

אין פּאַגאָסט האָבן די דײַטשן קײן ייִדן ניט געטשעפּעט. אין מינסק האָבן זײ געמאַכט א געטאָ. צו אונדז זײַנען דערגאַנגען װעגן דעם קלאַנגען, אײניקע האָבן געגלײבט, אַנדערע פלעגן זאָגן, אַז דאָס איז א ליגן, עס קאָן אַזױ ניט זײַן, װײַל די דײַטשן זײַנען דאָך אױך ציװיליזירטע מענטשן.

כוץ װײַסרוסן, האָבן אין פּאַגאָסט געלעבט אָנדערהאַלבן צענדליק ייִדישע מישפּאָכעס, עטלעכע פּױלישע געזינדן און דרײַ־פיר פאַמיליעס פון די „רוסישע דײַטשן". ס'איז דאָרט געװען אײַנגעשטעלט א מינהעג, אַז יעדער אײַנװױנער פונעם

און מיט א העלער טשופּרינע. ער פלעג זאָגן: „די באָלשעװיקעס האָבן ניט געקאָנט מאַכן אָן אָרדענונג אין אַזאַ רײַכן קאַנט, װײַל בא זײ פעלט אונדזער דײַטשישע זאָרגפעליקײַט און אַקוראַטקײַט. די סלאַװן זײַנען א טאַלאַנטפול פאָלק, נאָר זײער א צעשױבערטס. אָן אונדז, דײַטשן, קאָן רוסלאַנד פאַרפאַלן װערן. אָבער מיר װעלן דאָס ניט דערלאָזן!" אָט אַזױ פלעגט ער רעדן.

עס זײַנען אַרײַנגעטראָטן אין דער פּאָליצײ נאָך א טוץ יאַטן. אײניקע האָט אַרײַנגעבראַכט אַהין פאַלשע ראָמאַנטיק: מע קען זיך אױספּײַנען מיט א שײנער אוניפאָרם, מיט געװער אין די הענט; אַנדערע זײַנען פאַרפירט געװאָרן מיט דער מעגלעכקײַט נעמען אומזיסט א קױסע, נאָך אײניקע —

אזעלכע זײַנען אויך געווען — מיטן האס צו דער סאָוועטנמאכט. און אָט ער, קוזמא, וועלכער זיצט דאָ אַף דער באנק לעבן אײַך, איז אויך געוואָרן א „באָביק". אים האָט מען ארײַנגעשיקט צו דינען אין דער פּאָליציי ספּעציעל פון אונדזערער אָן איבערגעלאָזטער גרופּע, וועלכע האָט זיך באזירט אינעם וואלד ניט ווײַט פון פּאַגאָסט. מיר האָבן אָבער וועגן דעם ניט געוווּסט. קוזמא איז געווען א פּראָסטער באָכער פונעם שטעטל, ניט קיין קאָמסאָמאָליעץ, בא אלעמען פאר די אויגן.

אָט איינמאָל, שוין אין הארבסט, סאָף סענטיאבער... קוזמא, איך זאָג ריכטיק?

— דעם דריטן אָקטיאבער.

— אַך, יאָ, דעם דריטן אָקטיאבער — סקלעראָז! — יאָ, דעם דריטן אָקטיאבער האָבן אלע ייִדן באקומען א באפעל אין ערגעץ ניט ארויסגיין פון די הײַזער ביז מאָרגן. פונקט אין דעם טאָג איז געוואָרן אונדזער בעהיימע עפּעס ניט געזונט. איך האָב מוירע געהאַט געבן אָקטיאַברינען איר מילך. האָב איך גענומען מײַן טעכטערל אַף די הענט און בין געגאנגען צו קוזמא פּאָמיטשס מאמען, וועלכע האָט געהאַט א מילכיקע קו. די מומע קלאווע האָט גענומען דאָס קענדל, וואָס איך האָב מיט זיך געבראכט, און איז געגאנגען מיט דעם אין שטאל. ס'איז געווען שוין די צײַט פארן אָוונטיקן מעלקן, און זי האָט געוואָלט אָנמעלקן די מילך גלײַך אין מײַן בידאָן, קעדיי ניט איבערגיסן שפּעטער פון איין קיילע אין אן אנדערער.

איך בין געזעסן מיט אָקטיאברינען לעבן דעם אויוון, און דאָ איז געקומען קוזיע. „א, כאנעלע, א גוטן אָוונט. וואָס מאכסטו בא אונדז?" איך זאָג: אזוי און אזוי. און ער: „ווייסטו וואָס, מיר דאכט זיך, אז די דײַטשן האָבן פארטראכט עפּעס קעגן די ייִדן. בלײַב בא אונדז". — „נאָר איך בין דאָך ניט קיין ייִדישקע". — „פאר די דײַטשן איז עס אלציינס, ווײַל אין שטעטל ווייסן אלע, אז דײַן מאן איז א ייִד און אז דיך האָבן אויסגעהאָדעוועט ייִדן. גיי דערווײַז זיי, אז ביסט א רוסישע. און דײַן טעכטערל, פאר זיי איז אלציינס — א גאנצער ייִד אָדער א האלבער". איך האָב א טראכט געטאָן און באשלאָסן איבערבלײַבן בא דער מומע קלאווע.

אַף מאָרגן אינדערפרי איז צוגעפאָרן אין שטעטל א מאשין מיט די עסעס־לײַט. די מומע קלאווע זאָגט מיר: „הער זיך אײַן, מיידעלע, קריך בעסער ארויף אַפן בוידעם און נעם מיט זיך דײַן קינד". איך האָב גענומען אָקטיאברינען און בין ארופגעקראָכן אַפן בוידעם. די מומע קלאווע האָט מיר איבערגעגעבן וואָס צו עסן און מיט וואָס האָדעווען דאָס קינד, און זי האָט צוגענומען דעם לייטער.

אַפן בוידעם איז געווען ווארעם, ס'איז געלעגן היי. אין פראָנטאָן איז אָנשטאָט דעם פענצטער געמאכט געוואָרן א רונד לעכל. איך האָב אָנגעקאָרמעט אָקטיאברינען. זי האָט זיך אָנגעגעסן און איז אנשלאָפן געוואָרן. אין דרויסן האָבן זיך געהערט געשרייען, קאָמאנדעס... נו, ווען מײַן קינד איז אײַנגעשלאָפן, האָב איך עס אוועקגעלייגט אַף דעם היי, און ארויסגעקוקט פונעם לעכל אין פראָנטאָן. אַף דער גאס איז געשטאנען א קאָלאָנע ייִדן. די פּאָליציײַען זײַנען ארײַנגעגאנגען אין ייִדישע הײַזער און ארויסגעטריבן יענע, וואָס זײַנען נאָך געווען אינדערהיים. די דײַטשן האָבן זיך צונויפגעזאמלט ארום דער קאָלאָנע. צוויי עסעסאָווצעס זײַנען געשטאנען ניט ווײַט פון דער מומע קלאוועס שטוב, און איך האָב געהערט, וואָס זיי האָבן גערעדט. זיי האָבן, נאטירלעך, געשמועסט אַף דײַטש, אָבער קימאט אלץ איז מיר מיט מײַן ייִדיש געווען פארשטענדלעך. איינער האָט געפרעגט: „האנס, דו ווייסט, וואָס עס הייסט אַף דײַטש „פּאַגאָסט"? — „זאָג דו". — „דער קירכהאָף" (א בעסוילעם). — „אָ, זייער גוט! עס האָט גראָד אין ציל געטראָפן! פאר די ייִדן וועט עס זײַן אן עמעסער קירכהאָף!" דאָ האָב איך דערהערט פישערס שטים: „הער אָבערלייטענאנט, אלע ייִדן זײַנען אויסגעשטעלט!". נאָכדעם — מיולערשטײַנס שטים: „הער אָבערשטורמבאנפיורער, אײַער באפעל איז אויסגעפילט!" — „גוט. אוועקפירן!" און די קאָלאָנע האָט זיך גערירט פון אָרט.

אין א מינוט דרײַסיק־פערציק ארום האָט עפּעס אָנגעהויבן קלאַפּן. אָט אזוי: טא־טא־טא, טא־טא־טא־טא...

מיר דאכט זיך, אז איך האָב געהערט אין דעם מאָמענט א געשריי און א געוויין. נאָר ס'קאָן זײַן, אז דאָס האָט געשריגן און געווײנט מײַן נעשאָמע. און אָקטיאברינע האָט זיך אפילע ניט אופגעכאפּט פון שלאָף...

באנאכט האָט זיך דערהערט נאָך א שאָס. טאקע איינער. דאָס האָט זיך דערשאָסן בא זיך אין הויף אלפרעד פישער.

קוזמא פּאָמיטש און זײַן מאמע האָבן מיך אויסבאהאלטן קימאט א גאנץ יאָר.

— צען כאדאָשים, כאנעלע, צען כאדאָשים.

— ריכטיק. דעם זיבעטן אווגוסט פון צוויי־און־פערציקסטן זײַנען מיר אוועקגעגאן אין וואלד צו די פּארטיזאנער.

— איר פארשטייט, — האָט זיך ווידער ארײַנגעמישט קוזמא פּאָמיטש, — איך האָב ניט געקענט מער בלײַבן אינדערהיים. די דײַטשן האָבן געוואָרפן אַף מיר א כשאד.

— נו, אָט אזוי האָבן מיר ביידע איבערגעלעבט די מילכאָמע. אין וואלד האָט קוזיע כאסענע געהאַט מיט א קוילנווארפלערן, און מיר זײַנען ביז הײַנט גוטע כאוויירים.

— און אײַער מאן?

— ער האָט זיך ניט אומגעקערט פונעם פראָנט... אָט אזוי איז דאָס... און פארוואָס האָב

איך דאָס אַלץ זיך דערמאָנט? אַך יאָ, איר האָט געפרעגט, צי מיר זײַנען ייִדן. ניין, קיין ייִדן זײַנען מיר ניט, נאָר ביידע קענען מיר רעדן אויף ייִדיש. עס טרעפט אַמאָל, אַז אַ ייִדיש וואָרט שפּרינגט אַראָפּ אַליין פון דער צונג. און אָט אין אַזאַ מינוט האָט איר עס געהערט...

זי האָט געוואָרפן אַ בליק אויפן זייגער.

— אוי, איך מוז שוין גיין. וועניאַמין זאַכאַ־ראַוויטש, ס'איז מיר געווען אָנגענעם צו באַקענען זיך מיט אײַך.

אַנע ניקאַלײַעוונאַ איז אופגעשטאַנען פון דער באַנק, צורעכט געמאַכט דאָס קלייד, גענומען אונ־טער דעם אָרעם קוזמאַ פּאַמיטשן און זיי זײַנען אוועקגעגאַן פונעם סקווער.

איך האָב ווידער צעעפנט די צײַטונג, אָבער לייענען ניט געקאָנט. פאַר מײַנע אויגן זײַנען גע־שטאַנען די פּענעמער פון אַלע יענע מענטשן...

● ● ●

---

# כראָניק

### ייִדישע טעמאַטיק אין דער הײַנטצײַטיקער ליטווישער ליטעראַטור

די ווילנער וואָכנשריפט „גימטאַסיס קראַשטאַס", וועלכע ווערט אַרויסגעגעבן דורך דער ליטווישער רעפּובליקאַנישער געזעלשאַפט פאַר קולטורלע פאַרבינדונ־גען מיט די ליטווינער, וואָס וווינען אין אויסלאַנד, האָט ניט לאַנג צוריק פּאַ־רעפּנטלעכט אַ פאַרצייכענונג פון דער באַוווּסטער ליטווישער סאָוועטישער דיכטערן וויִאָלעטע פּאַלטשינסקײַטע. די טעמע פון דער פאַרצייכענונג איז די שאַפונג פו־נעם יונגן ליטוויש־ייִדישן פּאָעט פון קאָוונע מאַרק זינגעריס. אַנאַליזירנדיק פאַר־שיידענע פּראָטים פון מ. זינגעריסעס דיכטונג אויפן סמך פון זײַן ערשטן בוך לידער „דער בינינען פונעם צעדערבוים", שטרײַכט וו. פּאַלטשינסקײַטע אונטער די כאַראַקטעריסטישע נאַציאָנאַל־ייִדישע אייגנשאַפטן אינעם שעפערישן סטיל פון דעם דיכטער.

אַלס מוסטער פון מ. זינגעריסעס שאַפונג ווערט געבראַכט זײַנע אַ ליד אונ־טערן טיטל „די ליד וועגן דעם האָן", וואָס איז געווידמעט דעם גרויסן מאָלער כאַיִם סוטין.

מיט עטלעכע מ. זינגעריסעס ווערק האָבן אונדזערע לייענער געהאַט אַ מעג־גלעכקײַט זיך צו באַקאַנען לויט פּובליקאַציעס אינעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימ־לאַנד" און דער צײַטונג „ביראָבידזשאַנער שטערן".

# דער וועג פון דער זון

## אין וואלד

ס׳פאלט אראָפּ פון די צווײַגן אן עפּל —
טוט א הודע די ערד
און א ציטער די לופט, דער פארהאלטענער העל־בלויער אָטעם.

אזא יאָר אף דער וועלט, אז אין וואלד,
ווו עס שטייט אונדזער הײַזל,
רײַסן זיך פון די יאָדלעס ניט שישקעס און נעסטן אראָפּ,
נאָר די בלוט־רויטע עפּל,
וואָס באדעקן מיט גריבער די ערד.

## דאָס וואָרט — א רעפּוע

אף צו קלעפּן פּאָעזיע, דארף מען קיין כאָכעם ניט זײַן.

אָט אזוי ווי איך זיץ מיר אין גאָרטן און קוויק זיך מיט קארשן,
קומט מיר פּלוצעם אין קאָפּ, פּאָשעט בליצשנעל,
דאָס פארגעסענע קישעף־וואָרט:
— ריצניילָ!

— ריצניילָ! — פלעג שרײַען דער טאטע, און די באָבע סימע
פלעג לויפן צו דעם „אפּטייקער", צו ריצעסן — היילן
האָט נאָך דער גריך ניט געקאָנט, אָבער געבן אן אייצע — דאָס יאָ!
— ריצניילָ! — פלעג רײַסן די האָר אף זיך מומע ציפּע
און זוכן דאָס פלעשל, און איבערקערן די שטוב.
— ריצניילָ! — זעלבסט מיר האָט דער יידישער שפּרוך געגעבן ביז הײַנט צו דערלעבן

און גליקלעך אין גאָרטן צו זיצן אונטער די קארשן
און נאשן,
זיך מאכן מעשוגע,
זיך נארישן,
ווייצלען
ארום וואָס? — ארום ריצנייל...

אגעוו: אופגעוואקסן בין איך אף מאקוכע, וואָס ווילט איר פון מיר!

## די ערשטע ליבע

די ערשטע ליבע, זאָגט ער, האָט פון אים געמאכט א פּאָעט.

מיך האָט די ערשטע ליבע פאר א קריפּל געמאכט אף אייביק,
פאר א קאליקע, אן אינוואליד.

אָ, די ערשטע ליבע! ס׳איז ווי דער ערשטער לופט־שלונג אָדער דער ערשטער טויט.

## גלעזערנע טארע

לײדיקע פלעשער

קומען נאָך פיל מאָל צוריק.

אײַ, די אויסגעזונגענע לידער: טום־באַלאַלײַקע,
לאַ קומפּארסיטאַ, מישקאַ — האָניק מיט בלוט,
טרערן פון גליק פילן אָן דאָס פאַרשטויבטע גלאָזווארג.

— עפנט אַ פונקט „סטעקלאָטאַרא" באַם קאָסמאָדראָם!
שיקט אַראָפּ אויפן פוסטן פּלוטאָן אַ קאָנטײנער פאַרפּראָפּטע ניגונים
און צעוואָרפט זיי — אַ לעבן אויף טויט־שטומע פעלדזן פאַרזייט,
אַ קלינגערײַ,
אַ מין גופימלאָזע ציוויליזאַציע...

נאָר די בראָווע טאַטשאַנקע

דאָ לאָזט איבער — אַרום דער ערד
זאָל זי גרימלען מיט אַלע פיר פאַרזשאַווערטע רעדער
און ביזן קאָסמאָס דערהייבן דעם שטויב.

## ער ווייסט ניט

ווי שעמט ער זיך ניט, דער אײביקער פּאָנטי פּילאַט,
אַרויסטרעטן פאַר דער וועלט און זאָגן: ער ווייסט ניט.

ער ווייסט ניט, וויפל מאָל מ׳האָט יעשוען געקרייצט
און אויף וואָס פאַר אַן אופן איז יענער אַרויף אויפן הימל.

ער ווייסט ניט, ווער ס׳האָט אָנגעמאַכט צאָרעס אין סדאָם,
ווו די ליבעלעך זיצן ווי רויבער נאָך היַנט אויף די בלומען.

ער ווייסט ניט, ווי געפּערלעך זײַן לײַב איז, זײַן מויער אין קאָפּ,
דער אַטאָמישער בויך זײַנער, פול מיט די אויסשטראַלונג־שטאָפן.

ער ווייסט נעבעך גאָרניט מיט נישט
וועגן דעם, ווי מע טרינקט אויס דעם בעכער סאָקראַטס פאַרן טויט — פאַר אַ נויט.

אײַ, ער ווייסט דען, דער מאַלעך מיט גאָלדענע לאָקן,
פונוואַנען סע וואַקסן די פיס?..

## עקאָלאָגיע

„הײַנט, דעם 16 מײַ, אינדערפרי, זײַנען מיר צוגעפאָרן
צום טײַך און צעוויקלט די וועטקעס — ווער וועלכע ס׳האָט געהאַט:
אַ ניילאָנענע,
אַ פּאַרפּלאָנטערטע,
אַ מעכאַנישע,
אַ מאַגנעטישע — פאַר פייגל מיט רינגלעך, פאַר שלענג.
נאָר דער טײַך איז ווי אויסגעשטאָרבן געווען:
קיין קאַטשקע,
קיין זשאַבע,
קיין פיש.

אין א שאָ ארום עפּנט יאַן טאָפּאַראָווסקי, מײַן אידעאַל, דעם ליקיאָר,
גיט א זופּ און א שפּײַ, און א שלײַדער ס׳פּראַנצױזישע פלעשל
אינעם טײַך — און טײַקעף, װי אין א שרעקלעכן שלאָף,
װערט דאָס װאַסער פאַרגלעזערט, פאַרגליװערט, פאַרכאַפּט ביזן דנאָ,
פון דער אײַזנבאַן־בריק ביז דער טעץ — א שטיק רעגנבױגן,
א פּאַדקאָװע, װאָס הענגט אױף די האַטשיקלעך אינדערלופטן,
און מיר פּרוּװן זײ דאַפקע אַרױסצײַען — יאַן טאָפּאַראָװסקי,
מײַן אידעאַל, מער פון אַלע, װאָס קאָן אָבער ער?
װי א ליוסטרע אין הימל, גיט זיך פּלוצעם א הוידע דאָס װאַסער
איבער אונדז — און צעשיט זיך אױף פּיצלעך...

מיר פאַרשטײען דעם װײטיק און צאָרן פון דעם פישפאַנג־אינספּעקטאָר
און נאָך מער — פון דער שיפגאַנג־ביוראָ. צום באַדױערן, טרערן
טויגן װײניק־װאָס אױף צו מיטהעלפן דער נאַװיגאַציע,
װאָס די טוריזם־פעדעראַציע
האָט געעפנט ערשט נעכטן, זאָגט יאַן טאָפּאַראָװסקי, דעם 15 מײַ.״

## גלױבן און לעבן

װאָס װײסן מיר דען װעגן דעם, װי סע גלײבן אין גאָט
קענגורוען און מוראַשקעס?
װאָס װײסן מיר װעגן װילדן ראַסיזם
בא די װעלף אינעם שנײיקן סטעפּ?
װעגן האַרבער עקספּלואַטאַציע אינעם ראַזעװון כאַלעם פּלאַטאַנאָס —
אינעם בלומיקן רײַך בא די בינען.
די שלאַנג נײַא־נײַא האַנדלט לױט דאַרװינען: ברענגט אױף דער װעלט
עלף שײנע װי גאָלד נײַע כײַעלעך — כאַפּט און פאַרשלינגט זײ.
איראַן באָמבאַרדירט די פּאַנטאַסטישע באַסראַ; איראַק
האַרגעט אױס אַפן אָרט, הינטער באַסראַ, נײַנציק טױזנט איראַנער.

װאָס װײסן מיר דען װעגן דעם, װי גאָט האָט זײ ליב —
די קענגורוען און מוראַשקעס?

## א טרוים אין דער שאָ פון פּיק

װי מוסולמענער פאַרגראָבן אין זאַמד א גיאַור, און סע שטעקט נאָר דער קאָפּ,
אַזױ װאָלט איך פאַרגראָבן אין דער װיסטעניש גאָבי די אױטאָמאָבילן.
כ׳װאָלט דעם ברעג פונעם מידבר סאַכאַראַ מיט צװײ פינגער אונטערגעהױבן
און די אױטאָמאָבילן אַרײַנגעלאָזט אונטער דער ערד, אין א סופּער־גאַראַזש.
זאָלן זײ דאָרט אין דער פינצטער הודען, דערשטיקט װערן אַלע...
און אַלײן װאָלט איך זיך אַרײַנגעזעצט אינעם לעצטן אױטאָמאָביל
און אַרומגעפאָרן איבער די גאַסן און פעלדער —
א מעכײַע!

## סע דרייט זיך די ערד

ווער איז ער, וואָס איך בין אים גלייבן מעכויעוו?
ער זאָגט מיר אַ נײַס: סע דרייט זיך די ערד!
און איך זע, אַז די מילך־פּערמע שטייט אויפֿן אָרט,
בייס אַף אים, ווען איך גלייבן איך בין מעכויעוו,
דרייט זיך דאָס היטל.

## לעצטע נײַס

די ראַקעטע, אַרויסגעלאָזט פֿון קאַפּ קאַנאַווערל, פֿליט מיר אין אויער אַרײַן,
מאַכט אַ פּאָר קרײַזן אין קאָפּ און — בעשאַס איך געזעגן זיך, דאָס מאָל אַף אייביק,
מיט סוועטלאַנען (זי שטייט טאָמיד מיר פֿאַר די אויגן) —
רײַסט דער „פּערשינג" זיך ווידער אַרויס, שוין פֿון לינקס, און דערווײַטערט זיך שטיל אין דער הייך,
אַ באַדעקטער מיט רויטע און גרין־געלע פֿלעקן פֿון מאַרך און פֿון טרוימען,
און אַ פֿולער מיט קלאַנג פֿון ניגונים,
וואָס מײַן מאַמע פֿלעג זינגען מיר, האַלטנדיק מיך אַף די הענט.

גאָט אָבער ווייסט ניט קיין כאַכמעס: אַ פֿלאַם און אַ ריס,
און דער בלויער פֿאַרציט זיך עפּיר, ווי אַ ווונד צי אַ בלאָטע...

## מיטן בוים אינדערמיט

דער בוים איז געשטאַנען איבערן הויז אַזוי הויך,
אַז דער פֿלאַמיקער בויגן אין הימל — דער וועג פֿון דער זון
איז געהאַנגען אין לופֿט אַף די אונטערשטע צווײַגן.

ווען אָבער דער האַרבסט איז אַראָפּגעפֿלויגן פֿון דער קרוין
און פֿאַרדעקט מיט זײַן בלאַט, מיט די ברייטע פֿאַרוויאַנעטע ברעגן,
אונדזער שפּיציקן דאַך און די טיר, און די פֿענצטער אַרום,
האָט זיך אײַנגעשטעלט אין דער שטוב
אַ מין וועלט,
אַזאַ ביאָלאָגישע סוויווע,
אין וועלכער מיר זײַנען פֿאַמעלעך, לויט דער ריי און דעם עלטער, געוואָרן
ווי מוראַשקעס, קלענער פֿון מוראַשקעס, אָך, אַזוי קליין,
אַז ווען ביסט, לעמאָשל, אַרויס אינעם הויף, האָסטו היטן געדאַרפֿט זיך
פֿאַר אַ מוראַשקע, פֿאַר דעם שרעקלעכן העלפֿאַנד, וואָס בלאָזט אין זײַן שנויץ.
זײַנען מיר שטילערהייט שוין געזעסן אינדר'היים — נאָר סע זאָגט זיך: געזעסן!
ווי אַ רעדל האָב איך מיך געדרייט טאָג און נאַכט,
און מײַן וואַכט
איז באַשטאַנען אין דעם, אַז די מאַמע זאָל ניט פֿאַרקריכן,
ווי זי האָט אַלעמאָל עס געפּרוווט, אין אַ טיפֿער שפּאַרונע
אַף דער קיך, און דער טאַטע פֿלעגט אַלעמאָל אָנהייבן שאַרן
מיט אַלע זעקס פֿיסלעך און לויפֿן אַרויף, אין דעם קנײַטש
פֿון דער קאָרע, אַרויף, ווו אַף מעכטיקע צווײַגן
האָבן פֿרײַלעך געקוליעט זיך אין דער הייך, ווי אַף אַ שיינעם ספּאָרט־לייטער,
די מאַלאָכים מיט גאָלדענע האָר...
און איך זאָגט: אינעם רויטן בוך איז שוין צײַט אַרײַנטראָגן אונדזער נאַטור!

● ● ●

## באָריס סאַנדלער

# מיוזעטעם וואַלס

זי איז שוין צוויי יאָר אַף פּענסיע. ניין, ניט דערפֿאַר, וואָס אַלע פֿרויען פֿון איר עלטער גייען, געוויינלעך, אַרויס אַף פּענסיע, פֿאַרקערט, אויב רעכענען אַזוי, ווי עס פֿירט זיך, האָט זי נאָך צו דער פּענסיע... האַקיצער, רימע לוואָוונע פּאַסקאַר איז אַ זינגערן, און נאָך פֿינף און צוואַנציק יאָר אַרבעט־סטאַזש איז זי אַרויס אַף פּענסיע. די עלטער איז אין דעם פֿאַל ניט אַזוי וויכטיק. פּונקט ווי בא די אַרטיסטן, וואָס שפּילן אין אַן אָרקעסטער אַף בלאָז־אינסטרומענטן, אָדער, אויב איר ווילט, בא די שאַכטיאָרן. יאָ, יאָ, זינגען פֿון דער בינע, צי בלאָזן, אַשטייגער, דאָס גאַנצע לעבן אין אַ טרומייט קאָסט געגנוג געזונט. ווו האָט זי געזונגען? און ווו האָט זי ניט געזונגען? פֿאַר די פֿינף און צוואַנציק יאָר, וואָס זי האָט געאַרבעט אין דער פֿילהאַרמאָניע, איז איר אויסגעקומען צו זינגען אין קאָלערליי קאָנצערטן און אַף קאָלערליי קאָנצערט־פּלעצער. אַז מ׳האָט געדאַרפֿט, האָט איר אַפֿילע דער קוזאָוו פֿון אַ לאַסטמאַשין געדינט פֿאַר אַ בינע. גלײַך אינמיטן פֿעלד אַרויסגעטראָטן פֿאַר די קאָלווירטניקעס, אָדער אין צעך פֿאַר די אַרבעטער, אַף דער אימפּראָוויזירטער בינע. ס׳איז ניט וויכטיק, ווו דו זינגסט, וויכטיקער איז, וויאַזוי דו זינגסט. אָבער וועגן דעם איז ניט שײַעך צו ריידן, ווער ווייסט עס ניט...

רימע לוואָוונע האָט זיך ניט ליב צו באַרימען, נאָר קימאַט אַלץ, וואָס עס איז געשאַפֿן געוואָרן פֿאַר אַ הויכער שטים, האָט זי אין איר רעפּערטואַר. און וויפֿל לידער, ראָמאַנסן האָבן אָנגעשריבן די היגע קאָמפּאָזיטאָרן ספּעציעל צוליב איר, און זי, רימע לוואָוונע פּאַסקאַר, איז געווען די ערשטע אויספֿילערן פֿון אָט די ווערק. דערפֿאַלג? דערפֿאָלג קומט ניט צופֿוס. עס פֿאָדערט זיך געגנוג האָרעוואַניע. אָבער וועגן דעם איז אויך ניט שײַעך צו ריידן, ווער ווייסט עס ניט... מ׳האָט זי נאָך באַמערקט אין דער קאָנסערוואַטאָריע (אין לענינגראַד איז דאָס געווען, אין די פֿופֿציק עריאָרן), נאָך דעמלט האָט מען איר פֿאַרגעלייגט צו אַרבעטן אין כאָר אַלס סאָליסטקע. זי האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט. אַז מע הייבט שוין אָן אַרבעטן אין כאָר, אַפֿילע אַלס סאָליסטקע, איז דערנאָך זיך שוין שווער אַרויסצורײַסן פֿון דאָרטן.

זי האָט שטענדיק געכאָלעמט צו זינגען אין אַן אָפּערע־טעאַטער. דאָס לעבן אירס האָט זיך אָבער אַזוי אויסגעדרייט, אַז דער כאָלעם איז געבליבן נאָר אַ כאָלעם. צו יענער צײַט איז געשטאָרבן דער פֿאָטער, האָט זי שוין געמוזט איבעררײַסן דאָס לערנען און זיך אומקערן אהיים, העלפֿן דער מוטער. זי, רימע, איז דאָך די עלטסטע אין דער מישפּאָכע. די שוועסטער מיטן ברודער האָבן זיך נאָך דעמלט געלערנט אין שול. אײַנגעאָרדנט זיך אין דער פֿילהאַרמאָניע, האָט זי אָנגעהויבן אַרומצופֿאָרן איבער די שטעט, דערפֿער מיט אַ קאָנצערט־גרופּע. עגאַרבעט אַ סאַך: כּוץ דער קאָנצערט־נאָרמע, אַרויסגעטראָטן אויסער דער פּראָגראַם, פֿאַרשריבן אַמאָל אַ נײַע ליד אַף דער ראַדיאָ. אָפּטמאָל מער צוליב פֿאַרדינען אַן איבעריקע קאָפּיקע, איידער פֿון ליבע צו קונסט. זי דאַרף עס ניט פֿאַרלייקענען. זי איז געווען די ברויטגעבערן, געשלעפּט אַף זיך די גאַנצע מישפּאָכע. אָבער ניט געקוקט דערויף, האָט זי זיך קיין כאַלטורע אין דער אַרבעט קיינמאָל ניט פֿאַרגינט. דער צוהערער אינטערעסירט ניט דײַן געמיט, שטימונג, ער וויל ניט וויסן, אַז עפּשער ביסטו גאָר מיד נאָך פֿיר קאָנצערטן נאָכאַנאַנד; אַז די נאַכט האָסטו קיין אויג ניט צוגעמאַכט, ווײַל דער פֿילהאַרמאָנישער אווטאָבוס האָט זיך פּלוצעם צעבראָכן אינמיטן וועג. ער, דער צוהערער, איז געקומען אַפֿן קאָנצערט, און דו — אויב דו ביסט שוין יאָ אַרויסגעגאַנגען אַף דער בינע, — דאַרפֿסט זינגען נאָר צוליב אים. אָבער וועגן דעם איז ניט שײַעך צו ריידן, ווער ווייסט עס ניט...

יאָ, קיין אייגענע מישפּאָכע האָט זי ניט. ווער איז אין דעם שולדיק? זי האָט ניט ליב צו זוכן קיין שולדיקע. וואָס יאָ, אַ קינד האָט זי זייער געוואָלט האָבן. ווי זאָגט מען דאָרט: אַ פֿרוי אָן אַ קינד איז ווי אַ בוים אָן צווײַגן. איז דעם כאָלעם, צום באַדויערן, אויך ניט באַשערט געווען זיך פֿאַרווירקלעכן. זי האָט צוויי זייער גראָטענע פּלימעניצעס — איר פֿרייד און איר טרייסט. דער שווע־

סטערס טאָכטער איז שוין, קיין אײַנהאָרע, אַ קאַלע־מײדל, פֿאַרענדיקט הײַנטיקס יאָר דעם פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט. דעם ברודערס טאָכטער גייט מיטן וועג פֿון איר מומען — זי לערנט זיך אינעם מוזיק־טעכניקום. טאַקע אינעם זעלבן, וווּ רימע לוואָוונע אַרבעט אַצינד.

עס רעדט זיך נאָר — אַרויס אויף פּענסיע. מע קאָן זיך הען אײַנהאַלטן אין די פֿיר ווענט, ביפֿראַט נאָך אַזאַ לעבן אויף די רעדער. אָבער אַ יאָר צײַט האָט רימע לוואָוונע געמוזט זיצן אינדערהיים. די מוטער אירע איז זייער קראַנק געווען, זיך פֿונעם בעט, נעבעך, טאַקע ניט אויפֿגעהויבן. געשטאָרבן...

אינעם מוזיק־טעכניקום אַרבעט רימע לוואָוונע אַלס איליוסטראַטאָר. דאָס הייסט, אַז זי זינגט פֿאַרשיידענע וואָקאַל־ווערק, און די שילער לערנען זיך, וויאַזוי מע דאַרף אַקאָמפּאַנירן אויף דער פּאַרטעפּיאַנע. איצט, עמעס, זינגט זי שוין נאָר אין קלאַס, צוליב זיך און צוליב די שילער. זי האָט אָבער דערפֿון אויך גענוג פֿאַרגעניגן. רימע לוואָוונע האָט ליב אַמאָל אַ זאָג טאָן אין אַ שפּאַס, אַז זינגען האָט זי אָנגעהויבן פֿריִער, איידער רעדן. יאָ, דאָס זינגען — איז איר לעבן.

צי זי האָט אַן ערן־טיטל? ניין. צו דעם דאַרף מען, אַפּאָנעם, אויך האָבן אַ ביסעלע מאַזל... דרײַ מאָל אין דער וואָך: דינסטיק, מיטוואָך און פֿרײַטיק, גייט רימע לוואָוונע צו דער אַרבעט. אַ דיקלעכע, קײַלעכדיקע פֿרוי (אָ, וווּ זײַנען זיי, יענע יונגע יאָרן?), אָנגעטאָן עפּשער ניט לויט דער לעצטער מאָדע, נאָר טאָמיד אַקוראַט און מיט געשמאַק, די האָר אויפֿן קאָפּ, אָפּגעפֿאַרבט אין אַ קאַשטאַנאָווער פֿאַרב, זײַנען איר גלאַט אָפּגעצויגן אויף אַהינטער און פֿאַרדרייט אויפֿן נאַקן אין אַ קובליק. אינעם שוואַרצן פּאָרטפּעל (מיט אים גייט זי נאָר צו דער אַרבעט), כּוץ די עטלעכע נאָטן־העפֿטן, טראָגט זי מיט זיך אַ קליינעם טערמאָס מיט קאַווע און אַ פּאָר בוטערבראָדן — אַ געוווינהייט פֿונעם גאַסטראָל־לעבן. איידער זי הייבט אָן אַרבעטן (און אַמאָל אויך אויף די האַפּסאָקעס), מוז זי עפּעס איבערכאַפּן. זי האַלט עס פֿאַר אַזאַ „טעכנישער פּראָפֿילאַקטיק". „אַזוי ווי דער פֿידלער, אַשטייגער, שמירט פֿאַרן שפּילן דעם סמיטשעק מיט קאַניפֿאָל, — שמייכלט רימע לוואָוונע, אָפּזופּנדיק יעדעס מאָל אַ ביסל קאַווע מיט מילך פֿונעם טערמאָס־דעקל. — מוז איך אויך „אָנשמירן" דעם האַלדז מיט מײַן „קאַניפֿאָל".

אַוואַדע איז די שטים אירע שוין ניט יענע שטים, וואָס פֿריִער, און זינגען לאַנג קאָן זי שוין אויך ניט: אַמאָל סטײַעט איר ניט קיין אָטעם, די שטים־בענדער האַלטן ניט שטענדיק אויס. דערצו האָט זי די לעצטע צײַט אַ הויכן בלוטדרוק, — די עלטער דערמאָנט שוין אין זיך. אָבער וועגן דעם איז ניט שײַך צו ריידן... אָט הייבט זי אָן זינגען. איין האַנט האַלט זי אויף דער פּאַרטעפּיאַנע, די אַנדערע — אונטערן האַרץ. זי שטייט אויף די שפּיץ פֿינגער, אַ גראַציעזע, אַ שלאַנקע, מיט אַ שפּילעוודיקן שמייכל אויפֿן פּנים; זי איז איצט ניט רימע לוואָוונע פּאַסקאַר, זי איז אַצינד מיוזעטע פֿון פּוש־קינס אָפּערע „באָהעמע":

...איך בין פֿריילעך און שיין,
כ׳בין יונג און מאַלע־כיין,
און ווער זאָל מיך ניט זען,
שמייכלט צו מיר און לויפֿט מיר נאָך...

# אַ גוט־מאָרגן אײַך!

דעם אַלטיטשקן האָבן די שכנים זײַנע שוין אַ לאַנגע צײַט ניט געזען. ער איז געלעגן אין שפּיטאָל. און אָט גייט ער. שפּאַרט זיך אָן מיט דער רעכטער האַנט אינעם שטעקעלע. ער גייט פּאַוואָ־לינקע. מיט קליינע טריטעלעך. שטעלט קוים איבער די פֿאַרשוואָלענע פֿיס. שאַרט מיט זיי איבערן אַספֿאַלט. ער דאַכט זיך, אַז דער גאַנצער וועג זײַנער איז פֿאַרשפּרייט מיט פֿאַרטריקנטע אַראָפּגעפֿאַ־לענע בלעטער...

און די שכנים אײַלן זיך. איינער לויפֿט גלײַך צו דער אַרבעט. דער צווייטער דאַרף נאָך פֿריִער אָפּפֿירן דאָס קינד אינעם קינדער־גאָרטן. דער באַזאָרגטער פֿאָטער פֿירט עס פֿאַרן הענטעלע, און דאָס נאָך פֿאַרשלעפֿערטע קינד שלעפּט זיך נאָך אים, ווי אויף אַ שטריקעלע. אַ שילער פֿון די קלענערע קלאַסן פֿאַרשפּעטיקט שוין, אַפּאָנעם, אויפֿן ערשטן לימעד. יעדעס מאָל גיט ער, לויפֿנדיק, אַ שפּרונג אונטער, פֿאַריכט אויף די שמאָלע אַקסלען די אַראָפּגעפֿאָרענע רימענדלעך פֿונעם שווערן רענצל און יאָגט ווײַטער. אייניקע באַלעבאָסטעס קערן זיך שוין אום פֿונעם מאַרק, פֿון די קראָמען מיט פֿולע קויש־לעך אין די הענט. מע גייט. מע לויפֿט. מע יאָגט. מ׳האָט קיין צײַט ניט. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַער טאָג.

...און דער אַלטיטשקער גייט זיך אויך זײַן וועג — פון איין עק שטוב ביזן אַנדערן. ער גייט און קוועלט אַליין אָן פון זײַן גיין. ער איז ווידער אַף די פיס. און מיט עפּעס אַ קינדערשער היספּיילעס אין די אויגן, וואָס איז ערשט געבוירן געוואָרן אין זײַן אַלט האַרץ, ברענגט ער מיט יעדן שפּאַן אַרויס אַף דער צונג די פּאַשעטע, טאָגטעגלעכע ווערטער: „אַ גוט־מאָרגן אײַך... אַ גוט־מאָרגן!..״

# איך בין זיך מוידע

יאָ, איך זינדיק. יעדעס מאָל, בייס איך זע אין גאַס אַ שיין מיידל, אָדער אַ שיינע פרוי, בלײַב איך שטיין ווי אַ פאַרגליווערטער און קוק איר נאָך מיט מײַנע זינדיקע מענערישע אויגן, ביז זי ווערט ניט פאַרשוווּנדן, עלעהיי אַ שיינער כאַלעם.

שוין זשע, פאַל איך אַרײַן אין ספּייקעס, זײַנען זיי, דער בעסטער טייל פון דער מענטשהײַט, אויך פּונקט ווי מיר, מאַנצבלעך, אַנטשטאַנען פון מיַסע האַריקע מאַלפּעס?! כ׳בין שוין גרייט גיכער צו גלייבן דער ביבלישער מײַסע, ווו כאַווע איז באַשאַפן געוואָרן פון אָדעמס ריפּ. ערשטנס, איז די מײַסע אַליין אַ שיינע, און, צווייטנס, פילן מיר זיך, דער אַנדערער טייל פון דער מענטשהײַט, גע־שמייכלט: פּאַרט פון אַ מענערישן ריפּ...

אָבער באַלד קומט מיר אַפן זינען יענער אַלטער יידישער מאָשל, ווו עס דערציילט זיך, פאַרוואָס גראַד פון אַ ריפּ איז כאַווע באַשאַפן געוואָרן:

„ניט פון אָדעמס קאָפּ אַרויס האָט כאַוועען באַשאַפן —
זי זאָל ניט פאַרײַסן דעם קאָפּ;
ניט פונעם אויער — זי זאָל ניט זײַן קיין אונטערהערערן;
ניט פונעם מויל — זי זאָל ניט זײַן קיין פּלאַפּלערן;
ניט פון דער האַנט — זי זאָל ניט זײַן קיין כאַפּערן;
ניט פונעם פוס — זי זאָל ניט זײַן קיין אַרומלויפערן;
נאָר פון דער ריפּ — פון אַזאַ אייווער, וואָס איז באַהאַלטן
אינעם מענטשן, קעדיי זי זאָל זײַן גוט, און פרום, און באַשיידן״...

וואָס זשע בלײַבט אונדז נאָך אַלעמען?

יעדע רעגע זיך אַנציקן מיט זיי, און זיי ליב האָבן. און יעדע רעגע זיך מוידע זײַן, אַז מיר זינדיקן.

# סאַך כוידעש נאָך דער אַרבעט

יאַשע און זינע האָבן האַיאָר זומער כאַסענע געהאַט. דערווײַל וווינען זיי אין דער צוזאַמענוווי־נונג אין אַ באַזונדערן צימער.

יאַשע איז געקומען פון דער אַרבעט אַ מידער און אַ הונגעריקער. ס׳איז איצט סאַך כוידעש, און סאַך כוידעש איז אַפן זאַוואָד באַזונדערס אַ סאַך אַרבעט. ער האָט הײַנט אַפילע ניט באַוויזן אָפּעסן מיטיק. ווי אַפּצולאַכעס, איז זינע נאָך ניטאָ אינדערהיים, כאָטש אַרבעטן פאַרענדיקט זי מיט אַ שאָ פריִער, איידער ער.

יאַשע האָט זיך אַפּגעוואַשן, זיך איבערגעטאָן, געכאַפּט פונעם אײַזקאַסטן אַ שטיק קאָלבעס אין מויל (נאָך אַ באַכערישע געוווינהײַט) און אַזוי, אָן ברויט, געקײַט דעם קאָלבעס און אַרײַנגעקוקט דער־בײַ אין דער צײַטונג „סאָוועטסקי ספּאָרט״.

אָנהייב נײַן איז געקומען זינע.

— דאַנקען גאָט! — האָט זי יאַשע באַגעגנט בא דער טיר. — האָסט, אַפּאַנעם, פאַרגעסן, אַז דו האָסט שוין אַ שטוב, אַ מאַן?..

— אומזיסט בלאָזסטו זיך אַף מיר, יאַשענקע. כ׳האָב זיך גראַדע זייער געײַלט. ס׳איז אָבער איצט סאַך כוידעש, און סאַך כוידעש, ווי דו ווייסט, וואַרפט מען אין די קלייטן אַרויס גאָלע מעציִעס. דערצו האָב איך הײַנט באַקומען געלט אַף דער אַרבעט.

זינע האָט געערדט גיך, אָן פּויזעס, ניט געגעבן דעם מאַן אַפילו א וואָרט אַרײַנצושטעלן, און צום סאַף ערשט אַלץ אויסגעדרייט מיט א טײַנע צו אים:

— עפּשער וועסטו שוין נעמען בא מיר דאָס קוישל. די הענט און די פיס פּיל איך שוין ניט!

— אוודאי, נאָך אַלעמען בין איך ערשט געבליבן א שולדיקער.

יאַשע האָט גענומען באַם ווײַב דאָס קוישל, אַוועקגעשטעלט עס אויף א בענקל לעבן טיש.

— וואָס מיינסטו האָב איך אַזוינס געקויפט? — האָט זיך אָנגערופן זינע, אויסטועונדיק דעם לאַנגן געשטריקטן מאַנטל. — נאָר דאָס סאַמע נײַטיקסטע. און געבליבן בין איך אָן א קאָפּיקע געלט.

זינע איז שוין געשטאַנען באַם טיש און האָט אַרויסגעשלעפּט פונעם קוישל די אײַנקויפעכצן אירע, די גאָלע מעציִעס.

— אָט האָב איך דיר געקראָגן א בולגאַרישן דעזאָדאָראַנט „מיסטער", מ׳האָט אים צעכאַפּט אין איין מינוט. זיך האָב איך אויך געקויפט א פלאַקאָנטשיקל דוכי „פידזשי". עמעס, דרײַסיק רובל גייען ניט צופוס, דו ווילסט דאָך אָבער ניט אַליין, אַז דײַן ווײַב זאָל זיך אַנדושען אַבי מיט וואָס... און נאָך דער פּאָר פּינישע קאָלגאָטקעס בין איך אָפּגעשטאַנען מיסטאַמע אַריבער א שאָ! אייניקע האָבן געכאַפּט צו טעלעכע פּאָר...

יאַשע איז געשטאַנען אַנטקעגן זינען אָנגעכמורעטער, די האַריקע הענט צונויפגעלייגט אויפן האַרצן. א מאַן קומט פון דער אַרבעט א מידער, א הונגעריקער... וואָס מיר „מיסטער"? וועד מיר „פידזשי"? און מיט וואָס זײַנען אונדזערע קאָלגאָטקעס ערגער פון די פּינישע?.. אָט וועט ער איר באַלד אַרײַנזאָגן! זאָל זי אַן אַנדערס מאָל וויסן! זי האָט א שטוב! זי האָט א מאַן!.. ער האָט שוין אויפגעעפנט דאָס מויל, אַרײַנגענומען אין זיך, וואָס מער לופט, קעדיי איר אַלץ אַרויסזאָגן אין איין אָטעם. זי וועט אים אויך ניט קאָנען איבערשלאָגן. און דאָ... און דאָ האָט זיך אים פּלוצעם א וואָרף געטאָן אין די אויגן דעם ווײַבס כיין־פּינטעלע — גלײַך ווי א ראָזשינקעלע וואָלט זיך אַרײַנגעקײַקלט אינעם אויסשניט פון איר בלויער בלוזקע און זיך צוגעקלעפּט צום לײַב. יאַשע האָט אַזש פאַרהאַלטן דעם אָטעם. דאָס פּיצעלע כיין־פּינטעלע האָט מיטאַמאָל פאַרכאַפּט זײַן בליק (אַקוראַט ער האָט עס פריִער קיינמאָל ניט באַמערקט), אויסגעלאָשן דעם קאַס, פאַרשטילט דעם הונגער און די מידקײַט... ווען דאָס קוישל איז געבליבן ליידיק און אַלע כאַריפּעסלעך זײַנען געשטאַנען אויפן טיש, האָט זינע אויפגעהויבן דעם קאָפּ צום מאַן. א ווײַלע האָט זי אים אַרײַנגעקוקט אין די אויגן. זיך מיידלש צעמישט, האָט זי אויסגעשטרעקט יאַשען די הענט און שטיל אויפן אויער אײַנגערוימט:

— כ׳בין בא דיר א נאַרעלע, יאָ?..

## יאָסקע־באַביַ

אין שטאָט האָט אים געקענט יעדער איינער — פון קליין ביז גרויס. די מאַמעס פלעגן מיט זײַן נאָמען שרעקן די קינדערלעך, ווען יענע האָבן ניט געפאָלגט, ווי מע שרעקט זיי, לעמאָשל, מיטן באַביַ: „אָט גייט יאָסקע! באַלד וועט ער דיך פאַרנעמען אין זײַן טאָרבע אַרײַן!" און דאָס קליינטשיקע איז די מינוט אַנשטילט געוואָרן, זיך געניוועט מיטן פּאָנעם צו דער מאַמעס פּיס, אָנכאַפּנדיק זיך פאַר איר קליידל מיט די הענטעלעך, פאַר מוירע ניט געוואַגט אַפילו דעם קאָפּ אויסצודרייען, גלײַך ווי ער, יאָסקע־באַביַ, וואָלט איצט געשטאַנען הינטער דעם קינדס שמאָלע צאַפּלדיקע אַקסלען — א ריזיקער, אײַנגאַנצן פאַרוואַקסן מיט האָר, מיט א שרעקלעכער מיִעסער צורע און אַוודאי מיט א גרויסער־גרויסער טאָרבע, וווּהין עס קאָן מיסטאַמע אַרײַן א האַלבע שטאָט קינדערלעך, וועלכע פאָלגן ניט די מאַמעס.

און דער עמעסער יאָסקע — דער הייפּעך פון יענעם יאָסקע־באַביַ, וואָס האָט זיך געמאָלט אין דער קינדערשער פאַנטאַזיע, — דער קליינטשיקער, דיקלעכער יאָסקע אין א לאַנגער שינעל, אין א פּאָר פאַרשטויבטע, אָפּגעטראָגענע שטיוול אויף די קורצע פּיס און מיט א צעקנייטשט אַרמייִש היטל אָן א דאַשעק, וואָס האָט צוגעגעבן זײַן גאַנצן אויסזען נאָך מער ענלעכקײַט צו אַן אויסגעדינטן ניקאָלײַעווער סאָלדאַט, אָן א שטוב און אָן א הויף, א פאַרבלאָנדזשעטער אין אונדזערע טעג, האָט זיך אַרומגעדרייט אין אָט דער צײַט לעבן אײַזערנעם קעראָסין־שטיבל.

וואָס יאָ, א טאָרבע האָט יאָסקע פאַרמאָגט. דאָ האָבן די שטאָטישע מאַמעס קיין ליגן ניט גע־זאָגט. עמעס, ניט אַזאַ גרויסע, ווי זייערע קינדערלעך האָבן זיך פאָרגעשטעלט, נאָר פּאָרט א טאָרבע, די גרייס ווי א קוישל. די טאָרבע האָט זיך בא אים געבאָמבלט פון דער לינקער זײַט, און געהאַלטן האָט ער אין איר אַמאָל א פאַרטריקנט קײַלעכדיק קוילעטשל פון די פּאַמינקעס, אַמאָל א לעבל ברויט

מיט אַ שטיקל ברינזע, אַ פּאָר ציבעלעס... אַ רינג קאָלבעס... מיט איין וואָרט, וואָס גאָט האָט אים געשיקט און וואָס ווילע מענטשן פלעגן אים געבן. קיין בעטלער, כאָלילע, איז יאָסקע ניט געווען, איבער די הײַזער ניט אַרומגעגאַנגען, באַם מאַרק־טויער ניט געזעסן מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט. ער האָט ערלעך פאַרדינט זײַן קאָפּיקע באַם העלפן די באַלעבאָסטעס אָפּטראָגן אַהיים די בלעכענע קײַלעס מיט נאַפט. דאָס איז געווען זײַן שטיקל פאַרדינסט. טאַקע דערפאַר האָט מען אים געקאָנט אָפּזען לעבן דעם אײַזערנעם שטיבל, ווו בערל דער קעראָסינשטשיק — אַ קאָסאָקער מאַנצבל, אַ דורכגעזאַפּטער מיט נאַפט — כאָסוועכאָלילע צוטראָגן צו אים אַ שוועבעלע, — האָט פאַרקויפט קעראָסין, בענזין און אויסגעפּורעמטע קלעצלעך וואַש־זייף.

פאַרשטייט זיך, אַז זומערצײַט האָט יאָסקע מיט זײַנע פאַרדינסטן געהאַלטן שוואַך. אַן אַנדער זאַך ווינטער. ווינטער הייצט מען די הרובעס, גייט בײַ די באַלעבאָסטעס אַוועק מער קעראָסין, און זומער... זומער, טרעפט זיך, קומט יאָסקע דעם גאַנצן טאָג אָפּ מיט שי־פּי־ע. דערצו זײַנען הײַנט די באַלעבאָסטעס קלוג געוואָרן: וואָס דאַרפן זיי זיך מוטשען מיט די פּרימוסן, קעראָגאַזן, אַז ס׳האָט זיך געיאַוועט אין שטאָט אַזאַ זאַך, ווי גאַז און גאַז־פּליטעס, און ווען איין באַלאָן מיט דעם דאָזיקן גאַז סטײַעט זיי קימאַט אַף אַ כוידעש. מע דאַרף שוין אַוואַדע ניט לויפן יעדעס מאָל צו בערלען, פּאַטערן אַף דעם אַ האַלבן טאָג, און מע דאַרף אַוואַדע און אַוואַדע ניט האָבן יאָסקען פאַר אַ העלפער מיט זײַנע צוויי שטאַרקע הענט און פיס, וואָס זײַנען גרייט פאַר אַ רובל (אַלט געלט) אָפּטראָגן אײַך צען, צוואַנציק ליטער נאַפט, וווּהין נאָר איר דאַרפט, זאָלט איר אַפילע וווינען אינעם אַנדערן עק שטאָט.

בערל דער קעראָסינשטשיק האָט טאַקע איינמאָל געזאָגט אַזוי: „יאָ, יאָסקע, אינגיכן, האָב איך מוירע, בלײַבן מיר אָן אַרבעט!“ און ווער האָט אים נאָר צוגעטראַכט, דעם גאַז, האָט יאָסקע זיך געקראַצט דעם אָפּגעגאָלטן נאַקן, ווען ער, יאָסקע־באַבײַ, זאָל אויך פאַרדינען אַ פּאָר קאָפּיקעס? ס׳איז נאָך גוט, וואָס עס זײַנען פאַראַן פּאַמינקעס...

יאָ, די פּאָמינקעס האָבן אים ניט איין מאָל געראַטעוועט אי פון קעלט, אי פון הונגער. פאַר אַ נויט, גיט מען אים נאָך אַהיים אויך עפּעס מיט. די טאָרבע זײַנע איז טאַקע ניט אַזאַ גרויסע, נאָר אַף אַ פּאָר טעג סטײַעט. די אַלטע ציגײַנערטע, בײַ וועלכער ער וווינט, נאַשט נאָך לעבן אים אויך אַ ביסל. עסנוואַרג איז ניט געלט, און יאָסקע איז ניט קיין בעטלער. אַוואַדע פאַרשטייט ער, אַז בײַ עס שטאַרבט אַ מענטש, ווערט אַף דער וועלט פּוסטער. ניט אומזיסט האָט ער פאַרגאָסן אַזויפיל טרערן נאָך פרעמדע פאַרשטאָרבענע מענטשן, וועלכע ער האָט קיינמאָל אין די אויגן ניט געזען. אָבער ניט ער, יאָסקע, איז אין דעם שולדיק, וואָס מענטשן שטאַרבן. טאַקע דאָרט, אַף די פּאָמינקעס, האָט אים איינמאָל דערקלערט אַן אַלטיטשקער, אַז מיט די מענטשן (און מיט יאָסקען אויך) פּראַוועט גאָט, ער זיצט אויבן אַפן הימל און קלײַבט אַליין אויס, ווען ער דאַרף לעבן זיך האָבן פריער, און ווען — שפּעטער. אין גאָטס געשעפטן קאָן זיך קיינער ניט מישן, זאָל ער אַפילע זײַן דער גרעסטער מיניסטער.

— גאָט וועסטו ניט אָפּנאַרן! — האָט געטײַנעט דער אַלטיטשקער. ער האָט געקוקט אַף יאָסקען מיט זײַנע בלויע קאַלעמוטנע אויגן. אַ טרייסל געטאָן מיט זײַן ווײַס ציגן־בערדל, האָט ער צוגעסטראַשעט יאָסקען מיטן פינגער, גלײַך ווי ער, יאָסקע־באַבײַ, באַהאַלט עפּעס פון גאָט אויס, און צוגעגעבן: — גאָט זיצט הויך און זעט ווײַט!

יאָסקע האָט ניט וואָס אויסצובאַהאַלטן ניט פון גאָט, ניט פון מענטשן. בערל דער קעראָסינשטשיק, יענער עפּשער יאָ. יאָסקע האָט מיט זײַנע אייגענע אויגן געזען, ווי בערל האָט איינמאָל ביגנייווע אַרײַנגעגאָסן אין דער גרויסער אײַזערנער פאַס מיט בענזין אַ פּאָר עמער קעראָסין. ווען בערל האָט זיך פּלוצעם אומגעקוקט און זיך אָנגעשטויסן מיטן בליק אין יאָסקעס פאַרכידעשטן פּאָנעם, ווי איינער רעדט: וואָס טוסטו?! — האָבן זײַנע קאָסאָקע אויגן בייז אַ גלאַנץ געטאָן, און יאָסקע האָט באַלד דערהערט: „אַנו, פאַרנעם זיך נאָר פונדאַנען, מעשוגענער הונט!“

יאָסקע ווייסט אויך, אַז אים זענען פון זייער הייך צוויי געטער: דער ייִדישער גאָט און דער קריסטלעכער גאָט, ווײַל יאָסקעס פאָטער איז געווען אַ ייִד, און די מוטער זײַנע איז געווען אַן אוקראַינערן. און דאָך האָט ניט דער ייִדישער גאָט און ניט דער קריסטלעכער גאָט נישט פאַרטיידיקט זײַנע עלטערן און זײַן קליין שוועסטערל פון יענע צוויי ראָצכים, וועלכע האָבן זיך אַרײַנגעריסן צו זיי אין שטוב, אַרויסגעטריבן דעם טאַטן מיט דער מאַמען מיטן קליינעם שוועסטערל — די מאַמע האָט עס געהאַלטן אַף די הענט — אין הויף און בײַ דער וואַנט פונעם סאַרײַ זיי דערשאָסן. יאָסקע האָט דאָס אַלץ אַליין געזען, ער האָט זיך באַוויזן פאַרבאַהאַלטן אין די פּאַפּשויעס, איידער די צוויי שיקערע פּאָליציאַנטן זײַנען צו זיי אָנגעקומען. די מאַמע מיטן טאַטן זײַנען געלעגן אַף דער ערד איינער לעבן אַנדערן, גלײַך ווי זיי וואָלטן געשלאָפן; די מאַמע האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיטן נאַקן אין דער וואַנט און די לאַנגע טונקעלע האָר אירע האָבן זיך געהוידעט אַפן ווינט, זיך צעשאָטן איבערן

פּאָנעם. דאָס שוועסטערל האָט זי ווי פריִער געהאַלטן אויף די הענט און, דאַכט זיך, נאָך שטאַרקער עס צוגעדריקט צום האַרצן...

טאַקע אין יענעם טאָג איז מיט יאַסקעס קאָפּ עפּעס געשען. אַזוי איז ער געזונט־אייַזן, אָבער דער קאָפּ... יעדעס מאָל, בייס ער הערט ערגעץ וויינען אַ קליין קינד, הייבט ער אָן לויפן און וואַיען, ווי אַ היימלאָזער הונט באַנאַכט. די בייזע ייִנגעלעך פון דער שטאָט דערגייען אים די יאָרן. זיי האָבן, אַפּאָנעם, דערשמעקט זייַן שוואַכקייַט און ווי נאָר מע דערזעט אים פונדערווייַטנס, מאַכן זיי באַלד אָן אָנשטעל, אַז זיי וויינען. יאַסקע אַנטלויפט פון זיי, און זיי לויפן אים נאָך — לויפן און רייצן אים: „מעשוגענער הונט! מעשוגענער הונט!" ביז יאַסקע שטעלט זיך סאַפּקאָלסאָף אָפּ, כאַפּט פונעם קאָפּ אַראָפּ דאָס אַרמייִשע היטל זייַנס, און הייבט זיך אָן פּאַטשן איבערן פּאָנעם, בייַסן זיך די הענט און שרייַען אויף קאָל־קוילעס: „פּיקאַ־פּאָקאַ! פּיקאַ־פּאָקאַ!.." די כעוורע קאַטשען זיך פאַר געלעכטער, און יאַסקע גייט נאָך מער אַרייַן אין ראַזש: „פּיקאַ־פּאָקאַ!.." דעריבער איז זייַן קייַלעכיק פּאָנעם שטענדיק פאַרשוואָלן און צענעריקט.

ווו זשע זייַנען זיי, זייַנע צוויי געטער? וווּהין קוקן זיי און וואָס זעען זיי?!

עמעס, עס טרעפט זיך, אַז דער קריסטלעכער גאָט גיט אים אַמאָל וועגן זיך צו וויסן. אינמיטן דער שטאָט, באַלד לעבן קלויסטער, שטייט דער איינציקער אין שטאָט גלאָק־טורעם, וואָס שפּאַרט זיך אָן אינעם הימל מיט זייַן גאָלדענעם צײלעם. ווען אויפן גלאָק־טורעם הייבן אָן קלינגען די גלעקער אויף קאָלערליי טענער, ווייסט יאַסקע, אַז דער קריסטלעכער גאָט האָט ענדלעך דערהערט זייַן „פּיקאַ־פּאָקאַ!", דעמלט דרייט יאַסקע זיך אויס מיטן פּאָנעם צום קלויסטער, פאַלט אויף די קני, ווו ער זאָל ניט שטיין, און הייבט זיך אייפערדיק אָן צײלעמען. די כעוורע רייצן אים ווייַטער, דאָס בלוט טריפט פון דער צעהאַרגעטער נאָז, קאַפּעט אַראָפּ אויף דער ערד — יאַסקע הערט ניט און פילט שוין אָבער גאָרנישט ניט, כוץ דעם געטלעכן גלאָקן־געקלאַנג...

די גלעקער קלינגען... קלינגען... פאַרפולן מיט זייערע קלאַנגען דעם גאַנצן אַרום, און פּאַמעלעך, ווי אַ ווידערקאָל, רופט זיך אין יאַסקען אָפּ אַן אַנדער קלינגערייַ. די קלאַנגען דערנעענטערן זיך צו אים פונדערווייַטנס, פון הינטערן בערגל, וווּ באַלד לעבן שליאַך שטייט אַן אומגעלומפּערט שטיבל, שוין אויף האַלב אַרייַנגעוואַקסנס אין דער ערד. דאָרט אַרבעט זייַן טאַטע, הערשקאָ דער קאָוואַל, דער בעסטער שמיד אין שטעטל. אַנטקעגן דער פרייַלעכער קלינגערייַ לויפט צום טאַטן מיט אַ קלומעקל אין דער האַנט דער קליינער יאַסקע. דער פרימאָרגנדיקער זילבערנער טוי אויפן גראָז קיצלט אים די באָרוועסע פּיאַטעס — כאָטש נעם און הייב אָן לאַכן. און יאַסקע האַלט טאַקע ניט אויס, ער לויפט און לאַכט. דאָס קלינגעוודיקע קעלעכל זייַנס מישט זיך צונויף מיט דער פרייַלעכער קלינגערייַ פון דער קוזניע און טראָגט זיך אַוועק העט־העט אַרויף, צום קלאָר־בלויען זומערדיקן הימל. איַ, ווען ער האָט אַ פּאָר פליגל, וואָלט ער זיך אין איין רגע אויפגעהויבן אָט צו יענעם פּיצינק פייגעלע, וואָס איז שטיין געבליבן איבער זייַן קאָפּ, ווי אַ שוואַרץ פּינטעלע, און אינאיינעם מיטן פייגעלע וואָלט ער געשוועבט איבער דעם גרינעם ברייטן טאָל, פאַרכלינענדיק זיך פאַר פרייד... אָבער ניין, דאָס פייגעלע וועט מוזן אַ ביסעלע צוּוואַרטן. צוערשט דאַרף יאַסקע אָפּטראָגן דעם טאַטן דאָס קלומעקל מיט עסן. די מאַמע האָט אים אפילע אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל זיך אין ערגעץ ניט פאַרהאַלטן. זי האָט זיך הייַנט פאַרדרייט מיטן שוועסטערל... יאָ, יאַסקע האָט איצט אַ שוועסטערל, מאַריטשקע הייסט עס. דאָס שוועסטערל זייַנס איז נאָך דערווייַל אַ ברעקל, יאַסקע האָט עס אָבער סייַוויסיי זייער ליב. ער גיט עס נאָר אַ נאָר צו זיך: „מאַריטשקע! מאַריטשקע!" טוט מאַריטשקע זיך אַ ציִ צו אים פונעם וויגעלע מיט אירע קליינע פּוכקע הענטעלעך און שמייכלט. איצט, נאָך מאַריטשקעס געבוירן ווערן, קומט דער טאַטע אַהיים שוין אינאיינעם מיט דער נאַכט. יאַסקע זעט שוין אין אָט דער צייַט דעם דריטן כאָלעם.

אָבער פרייַטיק קערט זיך דער טאַטע אום פון דער קוזניע, ווען די זון האַלט ערשט באַם פאַרגיין. צו יענער שאָ זיצט יאַסקע אויפן פּלויט און קוקט שוין אויפן טאַטן אַרויס. ווי נאָר ער דערזעט אים, לויפט ער באַלד אַרייַן אין שטוב מיט אַ געדולע: „דער טאַטע גייט!" אינגיכן באַווייַזט ער זיך ווידער אין דרויסן: אין איין האַנט טראָגט יאַסקע אַן עמער וואַסער, אין דער אַנדערער — דאָס פּענדל מיט אַ שטיק זייף, און פונעם שמאָלן אַקסל הענגט, שיר ניט ביז דער ערד אַראָפּ, אַ ווייַסער לאַנגער האַנטעך. דער טאַטע שטייט שוין אין הויף באַם סאַרייַ. ער שלעפּט פון זיך אַראָפּ דאָס פאַרשוואַרצטע העמד, וואָס שמעקט נאָך מיט שווייס און מיט גליִיקע קוילן, הענגט עס אויף אויפן צוואָק, וועלכער שטעקט אַרויס פון דער סאַרייַ־וואַנט, בייגט זיך אָן, און אָט הערט זיך שוין זייַן קאָמאַנדע: „אַנו, ברודערל, גיס נאָר צוביסלעך אַרויף!" יאַסקע סטאַרעט זיך מיט אַלע קויכעס: יעדעס מאָל גיט ער פּלינק אַ שעפּ אָן פונעם עמער אַ פול פּענדל מיט קאַלטער וואַסער און גיט עס אַ פּליוכע אויס דעם טאַטן אויף דער פּלייצע. דער טאַטע רייַבט זיך דעם האַלדז מיט זייַנע גראָבע מעגושעמדיקע הענט, קראַצט זיך אונטער די פּאַכווס, צעשפּריצט דאָס וואַסער אין אַלע זייַטן און אַליין פּירקעט ער דערבייַ, ווי דעם שאָכנס פערד: פּררר... פּררר... יאַסקע קייַכט פאַר געלעכטער. אין שטוב גייען זיי שוין אַרייַן אינאיינעם. די מאַמע דערלאַנגט דעם טאַטן דאָס ווייַסע אויסגעגייטע העמד מיט איבערגעפּלאָכטענע

שנירעלעך באם שטייענדיקן קאַלנער — זי האָט עס אים אַליין געמאַכט, און זיי זעצן זיך אַלע עסן וועטשערע. דער טאַטע זיצט באַם טיש אויבנאָן, פון דער רעכטער זײַט זיצט די מאַמע מיטן שוועס־טערל אױף די הענט, פון דער לינקער זײַט — יאָסקע. אײַ, האָט ער ליב, דער קליינער יאָסקע, פרײַקע און לאַנגע פאַרנאַכטן ערעוו שאַבעס מיטן געשמאַקן רייעך פון דער מאַמעס אוקראַיִנישן באָרשטש!..

...דער גלאָקן־געקלאַנג צעשמעלצט זיך צוביסלעכווײַז אינדערלופטן, און דאָס איינציקע בילד, וואָס האָט זיך פאַרקריצט אין יאָסקע־באַבײַס קראַנקן זיקאָרן, צעשווימט זיך, ווי אַ קאָלערליי־פאַרביקער נאַפט־פלעק אױפן אויבערפלאַך פון וואַסער. יאָסקע באַלעקט די צעשפּאָלטענע ליפּן, אַקוראַט עס וואָלט זיך אױף זיי פאַרהיט דער טאַם פון זײַן מאַמעס באָרשטש. שווייס, טרערן און בלוט האָבן אָבער איין טאַם, און יאָסקע־באַבײַ ווייסט אים גוט.

קיין איין טפילע, ניט קיין יידישע, ניט קיין קריסטלעכע, קען ער ניט. אויב זײַנע צוויי געטער הערן אים, פאַרשטייען זיי אים אויך אָן טפילעס. אַבי זיי זאָלן אים נאָר וועלן אויסהערן! יאָסקע ווייסט גוט, אַז אין קלויסטער דאַרף מען אַרײַנגיין אָנעם היטל, אין שול אָבער — פאַרקערט: מיטן היטל אױפן קאָפּ. סײַ אין קלויסטער, סײַ אין שול איז יאָסקע קיינמאָל ניט געווען, כאָלילע, ניט דער־פאַר, ווײַל מע לאָזט אים אַהין ניט אַרײַן — ניין! ער האָט פּאַשעט מוירע, אַז דער קריסטלעכער גאָט זאָל זיך ניט באַליידיקן, טאָמער וועט ער דערזען יאָסקען אַרײַנגיין אין דער סינאַגאָגע, פונקט ווי דער יידישער גאָט זאָל קיין פאַריבל ניט האָבן, אויב יאָסקע וועט איבערטרעטן די שוועל פונעם קלויסטער, איבער אים, איבער יאָסקען, קאָנען זיך נאָך די צוויי געטער צעקריגן צווישן זיך. און ווען געטער קריגן זיך, קומט דערפון אָפּ די גאַנצע וועלט. צוליב וואָס זשע דאַרף ער, יאָסקע־באַבײַ, אַז איבער אים זאָל אָפּקומען די גאַנצע וועלט. און פונדעסטוועגן האָט ער אַ קאַפּעלע מער ליב דעם קריסטלעכן גאָט, ווײַל דער קריסטלעכער גאָט דערמאָנט אים אַמאָל וועגן זיך מיט זײַן שיינעם גלאָקן־געקלאַנג.

די אַלטע ציגײַנערטע, וואָס פאַרדינגט יאָסקען אַ ווינקל, לאַכט פון אים. „מעשוגענער הונט, — זאָגט זי, — וואָס דאַרפסטו זיי ביידע האָבן, די געטער דײַנע, אַז זיי דאַרפן דיך ניט האָבן?!" יאָסקע געדענקט אָבער גוט, ווי יענער אַלטיטשקער מיט די בלויע אויגן און מיטן ציגן־בערדל האָט אים גע־זאָגט, אַז אָן גאָט אין האַרצן איז דער מענטש ניט קיין מענטש! די דאָזיקע ווערטער זײַנען יאָסקען



איינגעבאקן געוואָרן אין דער נעשאָמע, ווײַל ער, יאָסקע־באַבײַ, וויל זייער זײַן א מענטש, ניט קיין באַבײַ, ניט קיין מעשוגענער הונט.

די צײַט איז געגאַנגען. יענע קליינע קינדערלעך, וועלכע מ'האָט נאָך נעכטן געשראָקן מיט יאָסקעס טאַרבע, זײַנען שוין, דאַנקען גאָט, אונטערגעוואַקסן און רייצן אים שוין אַליין „מעשוגענער הונט". דאָס קעראָסין־שטיבל שטייט ווי פריִער אפֿן זעלבן אָרט, נאָר מיט א גרויסן פאַרזשאַווערטן שלאָס אפֿן אײַזערנעם טירל. שוין א פּאָר יאָר, אַז מע פאַרקויפֿט דאָרט גאָרנישט ניט. בערל דער קעראָסינשטשיק איז אַרויס אף פּענסיע. פֿון צײַט צו צײַט זעט אים יאָסקע אין מאַרק. זינט מ'האָט פאַרמאַכט דאָס קעראָסין־שטיבל און יאָסקע האָט פאַרלוירן זײַן שטיקל פּאַרדינסט, האָט ער געמוזט זיך אוועקזעצן באַם מאַרק־טויער און, האַלטנדיק דאָס איבערגעקערטע היטל זײַנס צווישן די פיס, בעטן א נעדאָווע. ער אַליין וואָלט עס עפּשער ניט געטאָן, נאָר די אַלטע ציגײַנערטע, די באַלעבאָסטע זײַנע — זי מאַכט אים דעם טויט: באַצאָל פאַרן ווינקל, אניט טרײַבט זי יאָסקען אַרויס אין דרויסן. האָט ער דען געהאַט אַן אַנדער ברייִרע?

בערל דער קעראָסינשטשיק האָט אים אויך ניט פאַרגעסן. איצט גייט דער קעראָסינשטשיק אויס־געפּוצט אין א טונקל־בלאָוון קאָסטיום מיט א רויט געקעסטלט העמדל. טאָמיד, ווען ער קומט אין מאַרק, שטעלט ער זיך אָפּ לעבן יאָסקען און גיט אים א פרעג מיט א שמייכעלע: „נו, און דו, יאָסקע, ווען גייסטו אַרויס אף פּענסיע?" — און די אויגן זײַנע צעפּאַרן זיך אים אין פאַרשיידענע זײַטן. דער־נאָך שלעפּט בערל אַרויס פֿון דער בוזעם־קעשענע א לעדערנעם שוואַרצן טײַסטער, גראָבט זיך דאָרט א ווײַלע און דערלאַנגט יאָסקען א גאַנצן רובל (שוין מיט נײַ געלט). בערל דער קעראָסינשטשיק גייט זיך זײַן וועג, און יאָסקע דרייט דעם רובל אין די הענט, טראָגט אים נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל צו צו דער נאָז — צי עס דאַכט זיך אים, צי ס'איז טאַקע אינדערעמעסן — דעם קעראָסינשטשיקס רובל שמעקט מיט קעראָסין...

אַזוי א טאָג נאָך א טאָג האָט יאָסקע־באַבײַ זיך געשלעפּט איבער די גאַסן פֿון דעם שטיבל, וווּ ער האָט געוווינט, ביזן מאַרק־טויער, פֿונעם מאַרק־טויער — ביזן שטיבל, פאַרקערעוונדיק ווען־ניט־ווען אף פּאַמינקעס. דאָס לעבן אַרום אים איז געגאַנגען ווײַטער, זיך געביטן, זיך געענדערט, נאָר יאָסקע־באַבײַ האָט, דאַכט זיך, אינגאַנצן זיך ניט געענדערט און זיך ניט געביטן, ווי פאַרקאָנסערווירט געוואָרן: די זעלבע טאַרבע פֿון דער לינקער זײַט, דאָס זעלבע אַרמייִשע היטל אָן א דאַשעק, די זעלבע לאַנגע שינעל און די זעלבע פאַרשטויבטע אָפּגעטראָגענע שטיוול (אַז די שטיוול זײַנען שוין לאַנג אָפּגעטראָגן, קאָן זיי דען עפּעס שאַטן?). און דאָס פּאָנעם זײַנס האָט זיך אויך אף קיין קאָפּעלע ניט געביטן: ווי פריִער, א פאַרשוואַלנס, א צענעריקטס, מיט פאַרבאַקענע בלוטיקע דראַפּן, וועלכע וועלן זיך שוין קיינמאָל ניט פאַרהיילן...

און פּלוצעם, אין איינעם א טאָג, איז ער פאַרשוווּנדן געוואָרן פֿון דער שטאָט. ניטאָ יאָסקע־באַבײַ — און שוין! ווי אין וואַסער אַרײַן. נײַן, קיינעם האָט ער, כאַלילע, ניט אויסגעפעלט: ניט בערל דעם קעראָסינשטשיק, ניט די באַלעבאָסטעס, וועלכע ער האָט אַמאָל געהאָלפֿן אָפּטראָגן אַהיים דעם קעראָסין, ניט די בייזע יינגעלעך, ניט די מאַמעס (עמעס, א שטיקל צײַט נאָך זײַן פאַרפאַלן ווערן האָבן זיי נאָך דערמאָנט זײַן נאָמען), ניט דער אַלטער ציגײַנערטע. אָבער אַזוי אין א שמועס האָט מען זיך אַמאָל א כאַפּ געטאָן: „הערט נאָר, עפּעס זעט מען ניט לאַנג יאָסקע־באַבײַען?..", האָט איינער א הייב געטאָן די אַקסלען, וואָס האָט געדאַרפט, אַפּאָנעם, הייסן: ווייסט אים דער טײַוול! דער צווייטער האָט דערלאָזט, אַז מ'האָט אים מיסטאָמע פאַרנומען אין דול־הויז. דער דריטער — נאָך עפּעס... נאָר קימאַט אַלע זײַנען זיך צונויפגעגאַנגען אף איינעם: יאָסקע־באַבײַ איז נעלעם געוואָרן פֿון דער שטאָט באַלד נאָך דעם, ווי מע האָט אַראָפּגעטראָגן דעם אַלטן הויכן גלאָק־טורעם, וואָס האָט זיך אָנגעשפּאַרט אינעם הימל מיט זײַן גאָלדענעם צײַלעם.

ווער ווייסט. ווער ווייסט...

# רעד צו דער לעוואָנע

א קײַלעכדיקע, אַן א מינדסט פּגימעלע, האָט די לעוואָנע אַרײַנגעקוקט צו זיי אין צימער.

— ער איז נאָך ניט געקומען, — האָט פירע א זאָג געטאָן מיט א זיפץ. — ס'איז שוין אַזוי שפּעט...

גרישע האָט שוין געהאַט געבאַפּט דעם ערשטן דרעמל. דעם ווײַבס ווערטער האָבן אים ווי א טאַרע געטאָן באַם אַקסל. א שלעפעריקער, האַלטנדיק די אויגן פאַרמאַכט, האָט ער אַרויסגעפּאָנפּעט:

— טאַקע שפּעט... שלאָף...

— שלאָף! ווי קאָן איך דען שלאָפן, אז ער איז נאָך ניט געקומען!

פירע איז געלעגן אפן געלעגער, די הענט ארונטערגעלייגט אונטערן קאָפּ, האָט זי זיך אָנגערירט מיטן רעכטן עלנבויגן אינעם מאנס ווייכער פּלייצע. זי האָט געקוקט אַף דער לעוואָנע און געפילט איצט מיט אלע אירע איוורים, ווי עס גייט די צײַט. נאָך מיט א רעגע צוריק האָט די לעוואָנע זיך ווי פאַרטשעפּעט פאַר דער פאָרטקע מיט איין זײַט — ניט אהין, ניט אהער, — און אָט האָט זי זיך שוין אינגאנצן ארײַנגעקײַקלט אין צימער. פירע האָט זיך פּלוצעם דערמאָנט: איר מישקע — נאָך א ברעקל, ערשט אָנגעהויבן גיין; זי, גרישע און דאָס קינד שפּילן זיך אין באהעלטערלעך. גרישע פאַר־באהאלט זיך הינטער דער שאפע, און זי מיט מישקען זוכן אים. דרייען זיך אום איבערן צימער, קוקן ארײַן אונטערן טיש, אונטער דער בעט: „ווו איז אונדזער טאטע? ווהין האָט ער זיך אהינגעטאָן?!" דער קליינער מישקע טיאָפּעט מיט די פיסלעך, רײַסט זיך פון די הענט, די מוטער האלט אים קוים איין. די שווארצע אייגעלעך זײַנע (פירעס פאָר אויגן) ברענען, צעלויפן זיך אין אלע זײַטן... און מיט־אמאָל א געדולע — געפונען דעם טאטן! מישע שײַנט, קײַכט פאַר געלעכטער, און זי מיט גרישען שײַנען און קוועלן באגלײַך מיטן זון, אויב ניט נאָך מער...

ווען איז דאָס אלץ געווען? דאכט זיך, א רעגע, א רעגע צוריק. א צונויפגעפּרעסטע אין עטלעכע און צוואנציק יאָר. יאָ, פירע האָט איצט, ווי קיינמאָל פריער, דערפילט מיטאמאָל, ווי עס גייט די צײַט. עס פלעגט זיך טרעפן, איר מישקע ליגט מיט א פאַשעטער פּארקילעכץ, זי שלאָפט שוין ניט דורך די נעכט. טרעט ניט אָפּ פון זײַן געלעגער אַף א מינוטקעלע. דעמלט האָט זיך איר געדאכט, אז די צײַט, ניין — דאָס גאנצע לעבן ארום איר איז שטיין געבליבן. „וואָס ציטערסטו אזוי איבער אים?! — האלט די שוויגער ניט אויס (זיי האָבן נאָך דעמלט געוווינט אינײנעם מיט גרישעס עלטערן אַף דער ציגײַניע), — איך האָב אויך געהאט קליינע קינדער, נאָר אזוי זיך דערהארגענען..." און וויפל געזונט האָט איר געקאָסט יענער טאָג, בייס מישע איז געקומען פון דרויסן מיט א צעשפּאָלטענער ברעם. פירע איז דעמלט שיר ניט אראָפּ פונעם זינען. „ווײ איז מיר! און ווען מע טרעפט אים נאָך, כאָלילע, מיטן שטיין א טשוטעלע נידעריקער!" גרישע האָט שוין געמוזט אָנשרײַען אַף איר: „וואָס טראכסטו זיך אליין צו אומזיסטיקע צאָרעס! וואָס מאכסטו פון אים א שמאטע?" און זי, פירע, געפינט זיך שוין ניט קיין אָרט. שלאָפט ניט דורך די נעכט: עס וועט אים פארבלײַבן א שראם אפן פּאָנעם! „איז וואָס זשע? וועט זיך שוין פאַר אים אין שטאָט קיין קאלע ניט געפינען?.."

פירע האָט געקוקט אַף דער לעוואָנע, און אין אירע אויגן האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט צוויי פּיצינקע לעוואָנעס.

— הערסט, גרישע? — רופט פירע זיך ווידער אָן. — הײַנט פארנאכט האָב איך אים געזען שטיין מיט א מיידל...

גרישע שווײַגט. און וואָס קאָן ער איר זאָגן, אז ער שלאָפט. פירע רעדט דערווײַל ווײַטער:

— איך בין גראָד ארויסגעגאנגען אפן גאנעק, ארויסגעטראָגן פון דער קיך די דרײַ בוטעליעס קאָמפּאָט, וואָס כ'האָב פארדרייט באטאָג. כ'קוק אראָפּ — גלאט אזוי — זע איך, ווי עס שטייט אין הויף אונטער א בוים א פּאָרעלע. וואָס איז דאָס פאַר א פּאָרעלע? — טראכט איך צו זיך — גלאט אזוי — ס'איז שוין געווען פינצטערלעך, כ'קוק זיך אײַן — אונדזער מישע...

פירע ווערט מיטאמאָל אנשוויגן. זי הערט זיך אײַן אין אירע אייגענע ווערטער, וואָס האָבן זיך געדרייט בא איר אַף דער צונג דעם גאנצן פארנאכט, און ערשט אצינד, שפּעט באנאכט, בייס זי האָט זיי ארויסגעזאָגט אַף א קאָל, זײַנען די ווערטער דערגאנגען צו איר ביזן סאָף. פירע האָט זיך אזש אונטערגעהויבן פונעם געלעגער, ווארעם דאָס, וואָס זי האָט דערהערט פון זיך אליין ווײַטער, האָט זי מאַמעש דערשיטערט און אפילע א קאפּעלע איבערגעשראָקן.

— זיי... — האָט זי ארויסגעשטאמלט, — זיי האָבן זיך, דאכט זיך, געקושט...

דאָס האָט שוין גרישע אויך דערהערט, מאכמעס בעשאסן אופהייבן זיך פונעם געלעגער האָט פירע אים א שטורכע געטאָן מיטן עלנבויגן אין דער פּלייצע, אוואדע ניט אומיסטן.

— וואָס קאָנסטו ניט אײַנרוען! — האָט ער זיך באלד אופגעכאפּט. — גענוג, וואָס זי שלאָפט אליין ניט, גיט זי נאָך יענעם ניט שלאָפן! — און ווי אָפּגעהאקט: — שטופּ ניט די נאָז, וווהין מע דארף ניט!

א פּאָר ווײַלעס האָט ער נאָך עפּעס געוואָרטשעט אין קישן ארײַן, דערנאָך זיך א דריי געטאָן, ארופגעשלעפּט די קאָלדרע אריבער דעם קאָפּ און, ארויסלאָזנדיק א פײַפנדיקן זיפץ, זיך אומגעקערט צו זײַנע כאלוימעס. כאָטש נעם איצט און רעד צו דער לעוואָנע. אנדערש געזאָגט: רעד צו דער וואנט!

אזוי איז בא זיי שטענדיק: ווי עפּעס עס קומט צו א וויכטיקער זאך, איז „וואָס קאָנסטו ניט רוען!", אָדער „שטופּ ניט די נאָז, וווהין מע דארף ניט!" — דאָס איז זײַן שענסט לידעלע. גלײַך ווי איר קינד וואָלט ניט געווען אויך זײַן קינד. אזא מאזל האָט זי שוין, אפּאָנעם. אלצדינג מוז זי אליין אין זינען האָבן. מישע האָט פארענדיקט די שול, דארף נאָר איר דארן דער קאָפּ, אין וואָס פאַר אן אינ־סטיטוט זאָל ער זיך לערנען ווײַטער. צי ער זאָל גיין אין „מעד", צי אין „פּאָליטעך"? אײַ, אז אין

מעדיצינישן אינסטיטוט איז פינף מעטשן אף אן אָרט, און אינעם פּאָליטעכנישן אינסטיטוט דריַי מענטשן — דאָס אָרט איז ווינציק־וואָס. פירע שלאָפט שוין ניט דורך די נעכט, און גרישע זינגט זיך זייַנס: „וואָס קאָנסטו ניט רוען! וואָס שטופּסטו די נאָז...” וויַאזוי קאָן זי יאָ רוען, אז עס גייט א רייד וועגן איר מישעס וויַיטערדיק לעבן?! „טאַקע דערפאַר, — דערציילט ער איר א נייַע מייַסע, — דאַרף מישע זיך אַליין אויסקלייַבן א פּראָפעסיע!” ווי געפעלט עס איַיך? ער, גרישע, דערקלערט איר, וואָס מישע דאַרף טאָן, גלייַך ווי זי איז ניט זייַן מוטער און ווייסט ניט בעסער פונעם זון, וואָס פאַר א פּראָפעסיע ער זאָל זיך אויסקלייַבן. נאָך מער: גרישען איז אויך גוט, אז איר מישע זאָל אינגאַנצן ניט גיין אין אינסטיטוט. זאָל ער, האַלט גרישע, צוערשט זיך איַינאָרדענען אף אן ארבעט, זיך א ביסל ארומקוקן, פאַרזוכן דעם טאַם פונעם לעבן און דערנאָך שוין אַליין לייזן בא זיך, וואָס צו טאָן וויַיטער. אָט, אשטייגער, זאָגט גרישע, בא זיי אפן זאַוואָד און טאַקע אין זייער בריגאַדע ארבעטן א פּאָר יונגע כוועריע, געקומען גלייַך פון דער שול און פאַרדינען שוין היַינט ניט קיין שלעכטע קאָפּיקע. איינער פון זיי איז אין א יאָר ארום אָנגעקומען אין אינסטיטוט, הינטער־אויגיק... זאָל, הייסט עס, איר מישקע, איר מישעלע, אויך גיין ארבעטן אפן זאַוואָד און ווערן דאָרט אויסגעריסן. וואָס איז, ער איז ניט א טאַטנס א זון?!

האָט זי איבערגעקערט וועלטן. אויסגעזוכט די בעסטע לערער אין שטאָט, זיי זאָלן פּריוואַט צוגרייטן מישען אין אינסטיטוט. געפאָרן מיט אים קיין קעשענעוו, אָפּגעזעסן דאָרט, ביז ער האָט געהאַלטן די עקזאַמענעס (זי האָט זיך אָפּגעשטעלט אפן „פּאָליטעך”, פּאָרט מער שאַנסן) און זיך דערשלאָגן אירס: איר מישע איז טאַקע געוואָרן א סטודענט. הייבט זיך אָן א נייַע מייַסע; וויַאזוי וועט ער דאָרט זייַן איינער אַליין? וואָס וועט ער עסן און וואָס וועט ער טרינקען? ער זאָל נאָך, כאַ־לילע, ניט אריַין אין א שלעכטער קאָמפּאַניע. אין זייַנע יאָרן, אז מע רייַסט זיך ארויס פון דער היים...

און ווידער שלאָפט זי ניט דורך די נעכט. און ווידער הערט זי פון גרישען: „רו שוין איַין! דו לעבסט אַליין ניט און לאָזסט יענעם ניט לעבן!” „יענעם” — דאָס מיינט ער אוואדע זיך. און אפּאַנעמעסן, ווי קאָן זי דען לעבן רויִק, א סאַך זין האָט זי?..

די לעוואָנע האָט זיך שוין פּאַוואָלינקע איבערגערוקט צום אנדערן ווינקל פונעם פענצטער, נאָר מישע איז נאָך ניט געקומען.



דאָס, וואָס איר מישע איז ניט קיין פּיצעלע קינד, דאַרף איר גרישע ניט דערציילן — דאַנקען גאָט, פֿאַרענדיקט הײַנטיקס יאָר דעם פֿערטן קורס, קיין אײַנהאָרע, אָן פֿינף מינוט אַ גאַנצער אינזשעניער. אַ כאַסנבאָכער... יאָ, שוין אַ כאַסנבאָכער. אויב רעדן אָפֿן, האָט פֿירע אַפֿילע אויסגעקוקט פֿאַר אים אַ מיידל. בעעמעס אַ וווּיל מיידל, פֿון אַ באַלעבאַטישער מישפּאָכע. זי לערנט זיך אינעם בעלצער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט... ניין, פֿירע איז אַוואַדע ניט קעגן, אַז איר מישע זאָל זיך אַליין געפֿינען אַ קאַלע. וואָס זשע, זי פֿאַרשטייט דען ניט: הײַנטיקע יינגלעך האָבן ניט ליב, אַז מע רעדט זיי שידוכים. געזונטערהייט! אַבי אים, מישען, זאָל זי געפֿעלן. אַבי ער זאָל זײַן מיט איר גליקלעך. דעם זונס גליק איז דער מאַמעס גליק. און פֿונדעסטוועגן האָט זי יעסורים — הײַנטיקע מיידלעך! זיי זײַנען אויסגעוואַקסן אַף גאָלע גוטס. מע טוט זיי אָן אינעם שענסטן און אינעם בעסטן. קיין אָל אַפֿן קאָפּ האָבן זיי ניט. די עלטערן פֿאַרלויפֿן זיי אַלע וועגן. פֿירע ווייסט עס אויסגעצייכנט. אין דער פֿאַריקמאַכערסקע, וווּ זי אַרבעט, זעט זי אַזעלכע מיידלעך יעדן טאָג. נאָר וועגן שמאַטעס רעדן זיי און וועגן נאַריאַדן... אַוואַדע ניט אַלע, און דאָך, גיי פֿאַרלאָז זיך אַף מישען! עס וועט זיך נאָך אָפּזוכן אַ פּינטיפּליושקע אין דזשינסן, וואָס וועט אים אײנס־צוויי פֿאַרדרייען דעם קאָפּ מיט אירע קוצעניו־מוצעניו, מיט די אַלע שיינע זיסע ווערטעלעך. ניין... נאָר אַף זיך אַליין קאָן פֿירע זיך פֿאַרלאָזן. אַף איר מוטער־האַרץ, וואָס וועט איר קיין שלעכטס, כאָלילע, ניט אונטערזאָגן. און ער, טאַקע איר מישע, ער איז דאָך אַזאַ לעמעלע אין די אַלע זאַכן... און דאָ האָט פֿירע ווידער דערזען פֿאַר די אויגן די נעכטיקע סצענע אונטערן בוים. און כאָטש ס׳איז געווען פֿינצטערלעך אין דרויסן, קאָן זי אײַנשווערן, אַז זיי האָבן זיך געקושט! און אַז מע קושט זיך שוין אין דרויסן, האָט זי פּלוצעם אַ טראַכט געטאָן, איז די זאַך בײַ זיי ווײַט פֿאַרגאַנגען...

פֿון דעם אומדערוואַרטן געדאַנק האָט זי אַזש באַשלאָגן אַ קאַלטער שווייס. פֿאַרשטייט זיך, פֿריִער אָדער שפּעטער וועט קומען דער טאָג, ווען איר מישע וועט ווערן ניט נאָר איר מישקע, נאָר אויך עמעצנס מישקע. עפּשער נאָך מער עמעצנס, איידער אירער. אַז מע האָט כאַסענע, פֿאַרגעסט מען גיך אין דער מאַמען. מע פֿאַרגעסט, אַז די מאַמע האָט ניט דערשלאָפֿן און ניט דערעסן — אַלץ אַרײַנגעלייגט אין איר קינד. איר כּיִעס און איר נאַכעס. סטײַטש, פֿאַרוואָס קומט איר אַזוינס?!

די טרערן האָבן זיך איר געשטעלט אין די אויגן, די לעוואָנע האָט זיך באַלד צעשווענקט איבערן פֿענצטער, גלײַך ווי מע וואָלט אַ פּליוכע געטאָן אַף די טאַפּליעס אַן עמער וואַסער. פֿירע איז שוין, דאַכט זיך, גרייט געווען זיך צעוויינען אַף אַ קאָל, ווען פּלוצעם דערהערט זי פֿונעם קאָרידאָר זײַנע טריט.

זי איז באַלד אַראָפּ פֿונעם געלעגער, אַרופֿגעוואָרפֿן אַף זיך דעם כאַלאַט און מיט די באָרוועסע פֿיס אַרויסגעלאָפֿן פֿונעם שלאָפֿצימער.

— פֿאַרוואָס אַזוי שפּעט?.. — זײַנען געווען אירע ערשטע ווערטער.

אַ קליינטשיקע און אַ דאַרינקע, איז פֿירע געשטאַנען אַנטקעגן איר הויכן ברייטפּלייציקן זון (מיטן וווּקס איז ער ענלעך אַף גרישען), זיך געזשמורעט אַף דער שײַן און פֿאַריכט מיט דער האַנט די צעשויבערטע האָר אַפֿן קאָפּ.

— די מאַשין האָט זיך צעבראָכן, — האָט זיך אָנגערופֿן מישע, אויפֿהעגנגענדיק אַפֿן הענגער די ברעזענטענע שטאָרמאָווקע זײַנע. אין דער שטאָרמאָווקע איז ער פֿאַראיאָרן זומער געפֿאָרן מיטן בוי־אַטריאַד קיין אודמורטיע (דאָס פֿאָרן זײַנס האָט פֿירען אויך געקאָסט גענוג געזונט).

— וואָס פֿאַר אַ מאַשין? — האָט זי ניט פֿאַרשטאַנען.

— ליאָניעס, אונדזער שאָכנס „זאַפּאָראָזשעץ".

— ווי קומסטו צו זײַן „זאַפּאָראָזשעץ"?

— ווײַל אַף זײַן „זאַפּאָראָזשעץ" זײַנען מיר געפֿאָרן כאַפּן פֿיש.

— פֿיש? — האָט פֿירע שיר ניט אויסגעשריִען.

— נו יאָ, קיין סטרוזאָווקע. האָט זיך דער דראַנדולעט זײַנער צעבראָכן אינמיטן פֿעלד...

— וויִאַזוי זשע פֿאָרט מען אַזוי אַוועק? ניט געזאָגט, ניט געפֿרעגט... און טאָמער, כאָלילע...

— מאַמע, טײַערע, — האָט מישע זי איבערגעשלאָגן, — דו האַלטסט מיך נאָך אַלץ פֿאַר אַ קליין קינד.

אַ מידער, האָט ער זיך צוגעזעצט אַפֿן עק בענקל, אַראָפּגעשלעפּט פֿון די פֿיס די גומענע שטיוול, זיך צעשמייכלט, דערמאָנענדיק זיך, אַפּאָנעם, ווי ער מיט זײַן שאָכן האָבן געשטופּט ביזן וועג די שטיין־געבליבענע מאַשין.

— יענע ריבאַלקע האָבן מיר געהאַט, — האָט ער זיך אָנגערופֿן, — קוים דערשלעפּט זיך אַהיים.

און דאָ האָט זיך פֿירעס פּאָנעם אויך צעשײַנט, ווי אַמאָל, בײַס זי, גרישע און דער קליינער מישקע האָבן זיך געשפּילט אין באַהעלטערלעך.

— ביסטו, הייסט עס, פֿאַרנאַכט... אונטערן בוים... אַ שיינע מײַסע...

זי האָט געקוקט אַף איר דערוואַקסענעם זון און, דאַכט זיך, אַרומגעכאַפּט מיט איין בליק זײַנע שוואַרצע געקרײַזלטע האָר, דעם גרויסן קלוגן שטערן (פון דער לינקער זײַט, עטוואָס העכער פון דער ברעם, זעט זיך קוים אָן אַ דין פּאַסיקל — דער שראַם), די אויסגעטאָקטע נאָז, ליפּן... געקוקט מיטן זעלבן בליק, וואָס דעמלט, בײַס זי האָט אים דאָס ערשטע מאָל געזויגט, און ווי דעמלט האָט אין איר אַלץ געקוועלט: „ניין! ער איז נאָך דערווײַל מײַנער! נאָר מײַנער!"

# מירצעשעס, איבעראַכטאָג זונטיק

כאַנצע און עלע האָבן געווינט אַמאָל בישכיינעס אין איין הויף, אַ שטוב צו אַ שטוב, אַ טיר בײַ אַ טיר. ווי עס פירט זיך געוויינלעך צווישן שכיינעס, פלעגן זיי זיך ניט איין מאָל צעווערטלען, זיך צעקריגן איבער אַ קלייניקײַט, דערנאָך זיך ווידעראַמאָל איבערבעטן. די צײַט איז געגאַנגען. מ'האָט זיך געעלטערט. ביידע זײַנען זיי געבליבן אַלמאָנעס. צוערשט איז געשטאָרבן כאַנצעס מאַן, און שפּעטער מיט אַ יאָר — עלעס. די אַלטע שטיבער זייערע האָט מען אַראָפּגעטראָגן, וווינען זיי איצט אין נײַע הײַזער, נאָר אין פאַרשיידענע עקן פון דער שטאָט. כאַנצע וווינט אינײנעם מיט דער טאָכטער, עלע — זי האָט קיין קינדער ניט געהאַט — וווינט איינע אַליין אין אַן איינצימערדיקער דירע אַפן צווייטן גאָרן.

יעדן זונטיק, אַרום צען אַזייגער, קומט כאַנצע צו פאָרן צו איר געוועזענער שכיינע צוגאַסט. צו דער צײַט שטייט שוין עלע באַם פענצטער, אָנגעשפאַרט מיט די ווייכע עלנבויגנס אינעם פענצטער־ברעטל — אַ קליינטשיקע, אַ קײַלעכדיקע, ענלעך אַף אַ קנײַלעכל וואָל. קיין אויג נעמט זי ניט אַראָפּ פון יענעם אָרט, וווּ עס שטעלט זיך אָפּ דער אויטאָבוס. און ווען דער אויטאָבוס קומט שוין אָן און עס לאָזט זיך אויס, אַז צווישן די אָנגעקומענע איז כאַנצע ניטאָ, קוקט זי אים נאָך, ביז ער פאַרקערעוועט אין אַ זײַט. כאַנצע — דער צעראַשטער קאָפּ, — זי קאָן נאָך מיט עמעצן פאַרפירן אַ מײַסע און פאַרגעסן, ווו זי האַלט אַף דער וועלט.

הײַנט האָט כאַנצע זיך אָבער ניט געלאָזט לאַנג וואַרטן. עלע האָט זי באַלד דערזען דורכן פענצטער און זיך אַ קײַקל געטאָן צו דער טיר. כאַנצע איז דער הייפער פון עלען. אַ הויכע, אָדערדיקע פרוי, מיט אַ טונקל אויסגעצויגן פּאָנעם, מיט אַ ביינערדיק אונטערבערדל און מיט אַ פּאָר שמאָלע רירעוודיקע אייגעלעך. אַריבערגעטראָטן די שוועל, האָט כאַנצע היימיש אַרומגעכאַפּט עלען.

— אוי, טײַערינקע! — האָט עלע אַ פליעסקע געטאָן מיט אירע פּוכקע הענט, — ביסט מיסטאָמע אינגאַנצן פאַרפרוירן געוואָרן. אָט שטעל איך שוין דעם טשײַניק...

כאַנצע האָט דערווײַל אויסגעטאָן דעם פּאַלטאָ, אַרײַנגעשטופּט אין אַן אַרבל דאָס וואָלענע טיכל און אויפגעהאַנגען דעם פּאַלטאָ אַפן הענגער אין קאָרידאָר.

— וויאַזוי פילסטו זיך? — האָט עלע געפרעגט פון דער קיך.

— כ'וועל דיר זאָגן דעם עמעס, — האָט זיך אָנגערופן כאַנצע, אַראָפּשלעפנדיק די שטיוועלעך פון די פיס, — כ'האָב ניט ווען צו פילן זיך. די קינדער מײַנע, זאָלן זיי זײַן געזונט, באַוואָרענען מיך, דאַנקען גאָט, מיט אַרבעט.

עלע האָט זיך שוין ווידער געדרייט אינעם שמאָלן קאָרידאָרל. דאָס קײַלעכדיקע פּאָנעם איז איר געוואָרן פון פרייד נאָך קײַלעכדיקער.

— אָט, כאַנצע, זײַנען דײַנע מעשטעס. זיי וואַרטן דיר שוין אַ גאַנצע וואָך...

כאַנצע האָט זיך פלוצעם אַ כאַפּ געטאָן:

— יאָ, כ'האָב שיר ניט פאַרגעסן, — און זי האָט אַרויסגעשלעפּט פון דער פּאַלטאָ־קעשענע אַ לימענע. — כ'האָב זי געהאַלטן ספּעציעל צוליב דיר.

עלע האָט זיך אַ ביסל צעמישט. זי האָט גענומען די לימענע, צוגעטראָגן צו דער נאָז, אַ שמעק געטאָן.

— אַ דאַנק, טײַערינקע, אַ דאַנק! וועלן מיר שוין הײַנט טרינקען טיי מיט לימענע.

אינגיכן זײַנען די צוויי כאַווערטעס געזעסן באַם טיש. אַ בלוי ציכטיק טישטעכל. אינמיטן טיש אַ ברייטער טעלער מיט געבעקס. אין איין שאָל כאַנצעס מאַטאָנע — אַ האַלבע לימענע, אָנגעשניטן אַף דינע ריפּטעלעך. אין דער צווייטער שאָל — אַ בערגל אײַנגעמאַכטס פון ווײַסע קאַרשן. די באַלעבאָסטע און דער גאַסט טרינקען טיי.

עלע האָט געטרונקען פּאַוואָלינקע, ניט אײַלנדיק, זיך געקוויקט מיט יעדן זופּ. יעדעס מאָל האָט זי צוגעטראָגן צום מויל דאָס לעפעלע מיט אַ יאַגעדקע אײַנגעמאַכטס, באַלעקט די ליפּן מיטן

שפּיץ צונג און ערשט דערנאָך אָפּגעזופּט אַ ביסל טיי פון דער גרויסער ווײַסער טשאַשקע מיט אַ גאָלדענעם קאַנט.

כאַנצע האָט געטרונקען איר טיי פון אַ דינער גלאָז, אַרײַנגעשטעלט אין אַ געלן געצאַצקעטן גלאָזהאַלטער. גלײַכער געזאָגט, האָט זי מער גערעדט, איידער געטרונקען: דערציילט וועגן אירע קינדער און אייניקלעך, אַרויסגעלייגט אַלע נײַס, וואָס האָבן זיך בײַ איר אָנגעזאַמלט פאַר דער גאַנצער וואָך.

— הערסט, עלע, אייגעכטן האָב איך באַגעגנט בײַ אונדז אין גאַסטראָנאָם טאַמאַרען. נאָך פלייש זײַנען מיר געשטאַנען. מײַן איידעם, אָן פלייש קאָן ער זיך ניט באַגיין...

— וואָס פאַר אַ טאַמאַרע?

— נו, טאַמאַרע, וואָס האָט געוווינט אַנטקעגן מאַניע דער שנײַדערקע.

— איז וואָס זשע?

— די מוטער אירע איז דאָ ניט לאַנג געשטאָרבן...

— וואָס רעדסטו?! איי־איי־איי... בעפּיירעש נאָך ניט קיין אַלטע פרוי געווען. אױף אַ פּאָר יאָר עלטער פון מיר.

— און יאַנקל דעם בלעכער געדענקסטו?..

— וואָדען, יאַנקל דעם בלעכער זאָל איך ניט געדענקען, האָסט שוין פאַרגעסן, ווי ער האָט זיך געשאַדכנט צו מיר... איז וואָס זשע, ער איז אויך...

— כאַסוועכאָלילע! פאַרקערט!..

— וואָס הייסט, פאַרקערט?

— ער האָט כאַסענע געהאַט.

— פאַר וועמען? — עלע האָט אויפגעהערט צו טרינקען.

— טאַקע פאַר מאַניע דער שנײַדערקע.

עלע האָט פאַרטשעפּעט מיטן שפּיץ לעפעלע אַ יאַגעדקע, צוגעטראָגן עס צו די ליפּן און איידער עס אַרײַנלייגן אין מויל, אַ זאָג געטאָן מיט אַ שמייכעלע:

— איז זי, הייסט עס, פון אַ שנײַדערקע געוואָרן אַ בלעכערקע. מאַזלטאָוו!

— טאַמאַרע דערציילט, אַז איין כוידעש וווינען זיי בײַ אירע קינדער, און איין כוידעש — בײַ זײַנע קינדער...

— כ׳פאַרשטיי, — רופט עלע זיך אָן נאָך אַ הילכיקן זופּ, — זיי האָבן, אַפּאָנעם, מוירע, אַז די קינדער זאָלן זיך, כאָלילע, איבער זיי ניט צעקריגן.

אַ ווײַלע שווײַגן זיי. און אין זייער שווײַגן ליגט עפּשער נאָך מער, איידער אין דעם, וואָס מע קאָן אַרויסזאָגן אױף אַ קאָל. די פּלוצעמדיקע שווײַגעניש פאַרייגנט זיי, מאַכט זיי אַפילע, די צוויי הייפּעכדיקע אַלטיטשקעס, געראָטן איינע אין דער אַנדערער, ווי עס טרעפט זיך ניט זעלטן צווישן צוויי אייגענע שוועסטער.

— באַלד וועסטו לאַכן, — רופט עלע זיך אָן.

— וואָס זשע?

— די גאַנצע וואָך כאָלעמט זיך מיר, אַז כ׳באַקום בריוו.

— פון וועמען קאָנסטו דען באַקומען בריוו?

— כ׳פרעג דיך. יענע וואָך האָט זיך מיר יעדן נאַכט געכאָלעמט אונדזער הויף די ציגײַניע, און איצט — בריוו, אַזאַ מעשוגאַאַס!

— און אַזוי טוט דיר גאָרנישט ניט וויי? — פרעגט כאַנצע.

— באַהיט גאָט פאַר ערגער, — זאָגט עלע און רוקט דערווײַל נעענטער צו צו כאַנצען דעם טעלער מיט געבעקס. — נעם, טײַערינקע, נאָך אַ שטיקל. האָסט עס דאָך ליב.

— כ׳האָב טאַקע ליב דײַן געבעקס, נאָר דאָס געבעקס האָט שוין, אַפּאָנעם, מיך ניט ליב...

אַרום איינס אַזייגער הייבט כאַנצע זיך אױף פונעם טיש.

— כ׳מוז שוין לויפן.

— זיץ נאָך אַ טשוטעלע... עפּשער דערוואַרעמען די טיי?

— ניין, עלע, אַ דאַנק, די קינדער וואַרטן אױף מיר מיטן אָנבײַסן.

— יאָ־יאָ, — זיפצט עלע צו.

זיי גייען ביידע אַרויס אינעם קאָרידאָרל. עלע נעמט פונעם הענגער אַראָפּ כאַנצעס פּאַלטאָ.

— ס׳איז הײַנט אין דרויסן אַ גיפטיקע קעלט. ד׳זאָלסט זיך נאָך, כאָלילע, ניט פאַרקילן...

שוין באַם געזעגענען רופט כאַנצע זיך אָן:

— ווען דו האָסט כאָטש אַ טעלעפאָן... מיילע...

זיי צעקושן זיך.

— מירצעשעם, איבעראַכטאָג זונטיק?

— גאָט זאָל העלפֿן!..

און ווידער שטייט עלע באַם פֿענצטער. ווי באַגלייט מיטן בליק דעם אויטאָבוס, וואָס פֿירט איצט כאַנצען אוועק אַהיים צו אירע קינדער און אייניקלעך. זי קוקט דעם אויטאָבוס נאָך, ביז ער ווערט פֿאַרשוווּנדן הינטער די הויכע פּילשטאָקיקע שטיבער פֿונעם נײַעם מיקראָראַיאָן.

# א פּראָגע

די זאַך איז אין דעם, וואָס אַרקאַשע וויל ניט קיין שוועסטערל און וויל אַפֿילו ניט קיין ברו־דערל. אָט באַ זײַן כאַווער, וואָוען, איז אַלץ פּונקט פֿאַרקערט: ער, וואָווע, וויל דאַפֿקע יאָ אַ ברו־דערל, די עלטערן זײַנע איז אָבער גענוג איין זון.

אַרקאַשעס טאַטע־מאַמע האָבן שוין ניט איין מאָל גערעדט מיט אים אַן ערנסטן שמועס, געטײַ־נעט מיטן זון, ווי מיט אַ גרויסן. און וויאַזוי אַנדערש?! אַז אַ יינגעלע איז אַלט נײַן מיט אַ האַלבן יאָר, לערנט זיך אין דריטן קלאַס, פֿאַרשטייט ער אַוודאי שוין אַלץ. נו, אויב ניט אַלץ, איז קי־מאַט אַלץ.

וועקט אַרקאַשען אויף אינמיטן דער נאַכט און פֿרעגט אים, אַשטייגער: „אַרקאַשע, וויפֿל קילאָ־מעטער איז פֿון דער ערד ביז דער זון?", וועט ער אײַך באַלד אויסשיסן: „הונדערט נײַן און פֿערציק מיליאָן קילאָמעטער!" קימאַט יעדן פֿאַרנאַכט קאָנט איר אים זען שטיין אַפֿן גאַנעק מיט אַ טעאַטראַלן בינאָקל אין די הענט. וואָס טוט ער אַפֿן גאַנעק מיט אַ טעאַטראַלן בינאָקל? ער קוקט אַפֿן הימל (פּאַרט ניט מיט קיין הוילן אויג) און וואַרט אַף אַ באַגעגעניש מיט גאַלעיס קאָמעטע. ווי איר ווייסט, קאָן מען די סוידעספּולע קאָמעטע זען פֿון דער ערד נאָר איין מאָל אין 76 יאָר. און גראָד הײַנטיקס יאָר דאַרף געשען אַזאַ באַגעגעניש.

אַרקאַשע וועט קיינמאָל ניט איבערפֿלאָנטערן אַ פּלעזיאָזאַוור מיט אַ פּטעראָדאַקטיל, כאָטש די צוויי כײַעס האָבן געלעבט מיליאָנען יאָרן צוריק און זײַנען שוין פֿון לאַנג פֿאַרשוווּנדן געוואָרן פֿון דער וועלט, — ווײַל אַ פּלעזיאָזאַוור איז אַזאַ יאַם־יאַשטשער, און אַ פּטעראָדאַקטיל איז אַ פֿליִענדי־קער יאַשטשער.

ער ווייסט, אַז טאַקסידערמיסט איז ניט קיין טאַקסיסט, נאָר אַ מענטש, וואָס שטאָפּט אָן קאָלערליי כײַעס און פֿייגל. מיט איין וואָרט, אַרקאַשע ווייסט אַ סאַך אינטערעסאַנטע זאַכן; ער האָט ליב אַרײַנ־צוקוקן פֿון צײַט צו צײַט אינעם ענציקלאָפּעדישן ווערטערבוך, וואָס זײַן טאַטע האָט געקויפֿט צוליב זיך. אַרקאַשע ווייסט אַפֿילו (צווישן אונדז גערעדט), פֿונוואַנען עס נעמען זיך קינדער. און דאָך, ניט געקוקט אַף אַלע זײַנע קענטענישן, וויל ער נישט ניט קיין שוועסטערל און אַפֿילו ניט קיין ברודערל. אַרקאַשע וויל זײַן באַ זײַנע עלטערן אַן אייד־און־איינציקער זון — אי דער עלטסטער, אי דער קלענ־סטער!

— ער וואַקסט אַן עגאָיִסט! — האָט איינמאָל אַ זאָג געטאָן דער טאַטע.

גראַדע דאָס וואָרט האָט אַרקאַשע ניט אינגאַנצן פֿאַרשטאַנען. יעדנפֿאַלס, האָט ער דעם טאַטן געענטפֿערט:

— אויב אַזוי, קויף מיר אַ הונט!..

יאָ, האָבן אַן אייגענעם הונט — דאָס איז אַרקאַשעס שענסטער כאָלעם. ער דאַרף ניט קיין גרויסן הונט, אים איז גענוג אַ קליין הינטל, אַ קאַרליק־פּודעל, ווי באַ זײַן אַנדערן כאַווער, סאַשען. איז וווּ זשע? דער טאַטע וויל וועגן דעם אַפֿילו ניט הערן.

— אַוודאי! — איז דער טאַטע באַלד אין קאַס געוואָרן. — מיט אַ הונט וואָלט ער זיך גע־וואָזגעט טאָג ווי נאַכט, און מיט אַ קליין שוועסטערל, אָדער ברודערל...

די מאַמע איז בעפּייִרעש ניט געשטימט קעגן אַ הונט, אָבער אַ הונט, זאָגט די מאַמע, קאָן דאָך ניט פֿאַרבײַטן אַן אייגן שוועסטערל, אָדער אַ ברודערל.

— דו וואָלסט זיך געשפּילט מיטן קליינינקן, — זאָגט די מאַמע, — דערציילט אים, וואָס דו קענסט. פּאַרט אַן עלטערער ברודער. און ביכלאַל, ניט אייביק וועט איר דאָך זײַן קליינע קינדער... אַרקאַשע שווײַגט. ער האָט שוין זײַן וואָרט געזאָגט: ער וויל בעסער אַ הונט!

אינגיכן האָט אַרקאַשע אָבער פֿאַרשטאַנען, אַז צו זײַן „וואָרט" און צו זײַן ווילן האָט די מאַמע זיך ווינציק־וואָס צוגעהערט. ריכטיקער, באַם אָנהייב האָט ער עס באַמערקט, און ערשט דערנאָך אַלץ פֿאַרשטאַנען. נו, אויב ניט אַלץ, איז קימאַט אַלץ. און באַמערקט האָט אַרקאַשע אין איינעם אַ טאָג, אַז דער כאַלאַט, וועלכן די מאַמע טראָגט אין שטוב, גייט זיך באַ איר עפּעס ניט צוניף

אפן בויך. טשיקאווע, יאָ? ארקאשע האָט נאָך אזוי אַ קוק געטאָן אַף דער מאמען, אז זי האָט זיך אזש אַ ביסל צעמישט.

— יאָ... — האָט זיך שטיל אָנגערופן די מאמע. אַ רגע האָט זי געשוויגן, געדרייט אפן כאַלאַט דאָס ניט־פארשפּיליעטע קנעפּל. דערנאָך צוגעגאנגען צום זון, אים ארומגענומען און געזאָגט: — איינעם ווערט אייַך זייַן גוט און פרייליך...

און פּלוצעם האָט ארקאשע זיך אײַנגעגראָבן מיטן פּאָנעם אין דער מאמעס בויך און זיך צע־ווײנט. ער האָט געפילט אין דער רגע, ווי דאָס סאמע צערטלעכע, מילדע, ליבלעכע, וואָס האָט פריִער געהערט נאָר אים, צעשפּאַלט זיך איצט אַף צוויי טיילן, און דער צווייטער טייל, דער גרע־סערער — אזוי האָט זיך אים געדאכט — שווימט אַף שטענדיק אוועק צו יענעם, וועלכן ער האָט נאָך אין די אויגן ניט געזען, נאָר פאר וועלכן ער, ארקאשע, מוז זייַן אַן עלטערער ברודער.

— כ'וויס... כ'וויס... — האָט ארקאשע זיך געשטיקט מיט טרערן און מיט ווערטער, — איצט וועסטו מיך... שוין ווייניק... ווייניקער ליב האָבן!..

— נארעלע! — האָט אים צארט צוגעדריקט צו זיך די מאמע, — דו ביסט בא מיר אַ גרויס־קליין נארעלע! בא אַ מאמען איז דען פאראַן מער ליב האָבן איין קינד און ווייניקער ליב האָבן אַן אנדערס? יעדער מאמע, וויפל קינדער זי זאָל ניט האָבן, זייַנען זיי בא איר אַלע גלייַך און טייַער...

ארקאשע האָט נאָך אַ פּאָר מאָל אַ כליפּע געטאָן. צעשמירט מיט דער האנט די טרערן איבערן פּאָנעם, האָט ער אופגעהויבן דעם קאָפּ צו דער מאמען און געזאָגט:

— איך וויל אַ ברודערל...

די מאמע האָט אַ הייב געטאָן די אקסלען.

— ס'איז אוודאי זייער גוט, וואָס דו ווילסט אַ ברודערל, נאָר...

נאָר ארקאשען האָט שוין דער מאמעס „נאָר" ווינציק־וואָס אינטערעסירט. אַף אַ רגע האָט ער זיך פארטראכט, ווי זיך דערמאָנט אין עפּעס, און אַ פרעג געטאָן:

— נו, און דער טאטע ווייסט, אז מיר קלייַבן זיך האָבן אַ ברודערל?

# ווי אזוי ליאָניע האָט געלערנט ארקאשען פאָרן אַף אַ צווייערדערדיקן וועלאָסיפּעד

דעם זומער האָט מיר דער טאטע געקויפט אַ נייַעם צווייערדערדיקן וועלאָסיפּעד „שקאָלניק". מיט אַ זילבערנעם רודער, מיט אַ גלעקל פון דער רעכטער זייַט. דער גאנצער וועלאָסיפּעד, כוץ די שינעס, פארשטייט זיך, איז אַ גרינער, ווי אַ יאשטשערקע. אזא „שקאָלניק" איז בא אונדז אין הויז ניטאָ בא קיינעם ניט. נאָר בא מיר.

אַף אַ דרייַערדערדיקן וועלאָסיפּעד פיל איך זיך פרייַ, כ'קאָן אַף אים אפילע פאָרן „אָן די הענט". גאָר אַן אנדער זאך איז אַ צווייערדערדיקער וועלאָסיפּעד. כ'האָב אַף אים נאָר באוויזן ארופצוקריכן, ווי כ'בין באלד געלעגן אַף דער ערד, און מייַן „שקאָלניק" איז געלעגן אַף מיר. ווער רעדט שוין פון פאָרן?!

די פרייַנט מייַנע האָבן מיך ארומגערינגלט פון אַלע זייַטן און אָנגעהויבן צו געבן אייצעס. איינער האָט, אשטייגער, געזאָגט, אז דאָס בעסטע איז צושטעלן דעם וועלאָסיפּעד צו אַ וואנט, ארופ־קריכן אַף אים און דערנאָך, אָנשפּארנדיק זיך מיט איין האנט אין דער וואנט, אַ דריי טאָן די פּעדאלן. אַ צווייטער האָט געזאָגט, אז באם אָנהייב דארף מען זיך גוט צעלויפן, האלטנדיק זיך מיט ביידע הענט פארן רודער, נאָכדעם גיך ארופשפּרינגען אַף איין פּעדאל מיטן לינקן פוס, און דעם רעכטן — אריבערווארפן אפן וועלאָסיפּעד. האקיצער, יעדער האָט זיך געשטופּט מיט זייַן אייגענער אייצע, כאָטש קיינער פון די אייצעגעבער איז אליין אַף אַ צווייערדערדיקן וועלאָסיפּעד קיינמאָל ניט געזעסן.

צו אַלע אמפּערנישן האָט גענומען אַ סאָף, ווען צו אונדז איז צוגעקומען ליאָנטשיק פון דער פיר־און־פופציקסטער דירע (בא אונדז אין הויף איז דאָ נאָך איין ליאָנטשיק, יענער וווינט אין דער זעקסטער דירע). איז אָט, ליאָנטשיק איז צו אונדז צוגעגאנגען, באטראכט שטילערהייט מייַן נייַנקן „שקאָלניק", אַ פּרווו געטאָן מיט צוויי פינגער, צי די שינעס זייַנען גוט אָנגעבלאָזן, און שמאָרענדיק מיט דער נאָז, געזאָגט:

— איך וועל דיך איינס־צוויי אויסלערנען פאָרן אַף דעם וועליק.

ליאָנטשיק איז אַף צוויי יאָר עלטער פון מיר. דערצו האָט ער זיך ערשט אומגעקערט פונעם פּיאָנער־לאגער אַף אלעקסאנדער מאטראָסאָווס נאָמען און זייער שטאָלצירט דערמיט.

אלע כעוורע פון אונדזער הויז זײַנען אים אוואדע מעקאנע, קוקן ליאַנטשיקן גלײַך אין מויל אַרײַן.

— ווען א מענטש קאָן ניט שווימען, — האָט הויך, מיט א גרויסקייט אין קאָל געזאָגט ליאָנ־טשיק, — ווארפט מען אים אַרײַן אין וואסער — אהין, ווו ס'איז טיפער. הייבט ער זיך אוואדע אָן טרינקען און פּאַכען דערבײַ מיט די הענט און מיט די פיס. ער פּאַכעט אָבער אזוי לאַנג, ביז ער שווימט סאַפּקאָלסאַף ארויס...

— און טאַמער וועט ער ניט ארויסשווימען? — האָט אים איבערגעשלאָגן גענקע.

ליאַנטשיק האָט אַף אים אומצופרידן א בורטשע געטאָן:

— און טאַמער פליט א קאָמער?.. שווײַג, שנעקל! — און ווײַטער זיך געווענדט נאָר צו מיר, ווי געוואָלט דערמיט ווײַזן, אז מיט די איבעריקע האָט ער שוין ניט מער וועגן וואָס צו ריידן. — הײַדא, ארקאשע, אויב דו ווילסט טאקע אפנעמעסן זיך אויסלערנען פּאָרן אַף א וועליק.

די זיכערקייט, מיט וועלכער ער האָט עס געזאָגט, האָט זיך מיטאמאָל איבערגעגעבן אויך מיר. אָן ספייקעס האָב איך א שטוף געטאָן מײַן „שקאַלניק" פּאַרויס.

— אוואדע וויל איך... הײַדא!

אינגיכן האָט אונדז ליאַנטשיק געבראַכט צו פירן צו דער שכיינעסדיקער גאס. די לאַנגע אַס־פאַלטירטע גאס האָט זיך געצויגן באַרג־אַרוף. מיטן וועג זײַנען צו אונדזער כאַפּטע כעוורע צוגעשטאַ־נען נאָך עטלעכע נײַגעריקע יינגעלעך. מיר האָבן זיך אלע געשלעפּט נאָך ליאַנטשיקן ארוף אַפן באַרג, כאָטש קיינער פון אונדז האָט נאָך דערווײַל ניט פאַרשטאנען, ווו קומט זײַן בײַשפּיל מיטן אויסלערנען זיך שווימען צום אויסלערנען זיך פּאָרן אַף א צווייראָדערדיקן וועלאָסיפּעד.

אַף דער סאַמע הייך פונעם באַרג איז ליאַנטשיק געבליבן ענדלעך שטיין. ער האָט גענומען בא מיר דעם וועלאָסיפּעד, אויסגעקערעוועט אים אַף צוריק און, האַלטנדיק זיך מיט איין האַנט פּאַרן רודער און מיט דער אנדערער פּאַרן לעדערנעם זיץ, געגעבן מיר א קאָמאַנדע:

— איצט, ארקאשע, קריך ארוף! אויב באַם שווימען דאַרף מען וואָס טיפער, איז דאָ בעסער, וואָס העכער!..

דער גאַנצער זין פון ליאַנטשיקס ווערטער איז דערגאַנגען צו מיר ערשט דעמלט, ווען דער „לערער" מײַנער האָט מיך הינטן א שטויס געטאָן און מײַן „שקאַלניק" האָט זיך איניינעם מיט מיר געריררט פונעם אָרט.

אין מײַן לעבן בין איך אַף א פערד ניט געזעסן רײַטנדיק, אָבער ווען דער וועלאָסיפּעד האָט מיך פּלוצעם אונטערגעוואָרפן אין דער לופט, האָט זיך מיר אַף א רעגע אויסגעדאַכט, אז מײַן „שקאַלניק" איז ניט קיין וועלאָסיפּעד, נאָר א ווילדער מוסטאַנג.

פאַלן, זאָגט מען, דאַרף מען אויך קאָנען. בא דער זײַט, אַפן ראַנד פונעם וועג, איז גראָד גע־לעגן א קופּע זאַמד. פונוואַנען האָט זיך דאָרט די קופּע גענומען, ווייס איך ניט, כ'האָב זי פריִער, בעשאַסן אופהייבן זיך אַפן באַרג, ניט געזען. וויאַזוי עס זאָל אָבער ניט זײַן, איז די קופּע זאַמד מיר זייער צוניץ געקומען. איז אָט, בייס די כעוורע האָבן מיך דערנאָך פון דער קופּע אויסגעגראָבן, האָט ליאַנטשיק מיך באַרויִקט:

— דאָס אַליץ איז גאָרניט! נידעריקער פון דער ערד וואָלסטו סײַווײַסי ניט געפאַלן. — און דאָ האָט ער פּלוצעם שווער א זיפץ געטאָן און צוגעגעבן: — אָט, ווען די כעוורע האָבן מיך גע־לערנט אינעם פּיאָנער־לאַגער שווימען, האָב איך זיך שיר אינגאַנצן ניט אַראָפּגעלאָזט אַפן סאַמע דנאָ פון דער אָזערע...

## נאַליק דער שמייכלענדיקער

זײַן פולער נאָמען איז אַרנאָלד. ווער עס קען אים אָבער, רופט אים פּאַשעט און היימיש — נאַליק. נאַליקן קאָן מען אַפּטמאָל זען לעבן אָרגאַן־זאָל: א טונקל־בלאָוו בערעטל אַף א זײַט, דער רעפּאַרטיאָר־בײַטל אַפן אקסל און דער פּאָטאָ־אַפּאַראַט אין די הענט. ער, נאַליק, איז, דאַכט זיך, טאָמיד גרייט אין א באַליבּיקער מינוט אָנשטעלן אַף אײַך דעם אָביעקטיוו: א קוועטש מיטן פינגער — און קומט, ביטע, אין א פּאָר טעג ארום נאָך אײַערע פּאָטאָגראַפיעס.

דאָס שטיקל פּלאַץ באַם אָרגאַן־זאָל איז געוויינלעך זײַן ארבעטס־אָרט. נאַליק אַליין האָט ליב א זאָג טאָן אין א שפּאַס: „אמאָל זײַנען געווען שוסטערס, וואָס האָבן געאַרבעט אין דרויסן אונטערן הוילן הימל, בין איך, הייסט עס, „א קאָלטער פּאָטאָגראַף".

עמעס, אָנגעהויבן ארבעטן האָט ער אין אַן אַטעליע. נאַליק האָט זיך אָבער געפֿילט דאָרט ניט אין זײַן טעלער, ווי מע זאָגט אין רוסיש. „זיצט גלײַך! קוקט אַהער! רירט זיך ניט פֿונעם אָרט!" — דאָס איז ניט פֿאַר אים. פֿאַרקערט: גייט! לויפֿט! פֿליט! איר דאַרפֿט אַפֿילע ניט וויסן, אַז פּונקט אין דעם מאָמענט שטעלט ער אויף אײַך אָן דעם פֿאָטאָ־אַפּאַראַט. אַלץ דאַרף זײַן נאַטירלעך, ווי דאָס לעבן אַליין.

צווישן די פֿאָטאָגראַפֿן פֿון זײַן בריגאַדע, האַלט מען אים פֿאַר אַ מאָדנע פֿאַרשוין:

— נאַליק, בעשאַס אַ פֿליג פֿליט, קאָנסטו זי אָפּפֿאָטאָגראַפֿירן?

— ווען אַ פֿליג קאָן שמייכלען, וואָלט נאַליק איר געמאַכט אַ פּאָרטרעט!

— בײַ נאַליקן שמייכלען אַפֿילע די צוויי שטיינערנע לייבן אויף די טרעפּ בײַם אָרגאַן־זאַל!..

מע דאַרף זאָגן, אַז אין די אַלע קאַטאָוועסלעך ליגט אויך אַ שטיקל עמעס. וועמען נאַליק זאָל ניט פֿאָטאָגראַפֿירן, באַקומט ער זיך אויף דער פֿאָטאָגראַפֿיע מיט אַ שמייכל. ווי אומיסטן! עפּשער טאַקע דערפֿאַר רופֿט מען אים: נאַליק דער שמייכלענדיקער.

אָדער נעמט, אַשטייגער, די מעשׂה מיטן פֿערדל. אין איינעם אַ טאָג ברענגט נאַליק צו שלעפּן אויף זיך אַ פֿערדל. אַוואַדע ניט קיין לעבעדיקס, געמאַכט איז עס אָבער מיט אַלע פּיטשעווקעס. אַפֿילע אַזוי די גרייס, ווי אַן עמעס פֿערדל, אַ פּאָני. די כוואַליעס זײַנע פֿון דער בריגאַדע קאַטשען זיך פֿאַר געלעכטער:

— נאַליק, פֿאַרוואָס זשע פֿאָרט דאָס פֿערדל אויף דיר, ניט דו אויפֿן פֿערדל?

— נאַליק, אויב דו האָסט אַ פֿערדל, דאַרפֿסטו שוין האָבן אַ וואָגן אויך!

— דאָס פֿערדל דײַנס איז אַ שקאַפֿע, צי אַן אָגער?..

נאַליק מאַכט זיך אָבער דערפֿון אַ קליינעם צימעס.

— ס'איז צוליב פֿאָטאָגראַפֿירן קינדער. די קינדער האָבן הײַנט זייער ליב זיך שפּילן אין קאָוו־בויען, אין אינדייצעס...

האָט ער אַוועקגעשטעלט זײַן פֿערדל אין פּאַרק, אונטער אַ בוים, און ס'האָט זיך געטאָן אַרום דעם פֿערדל אַ גאַנצע איבערקערעניש. ווער זשע איז, נאָך אַלעמען, געבליבן אויפֿן פֿערד? אַוואַדע זײַנען איצט אַלע גרויסע כאַכאָמים. אויף שריט און טריט קאָן מען הײַנט זען אַזעלכע „פֿערדלעך". אָבער דעמאָלט, מיט אַ יאָר זיבן צוריק?!

אָדער נעמט די מעשׂה מיטן הינטל. שוין אַ לעבעדיקס, ניט קיין געמאַכטס. ערעוו נײַ־יאָר איז דאָס געשען. מ'האָט אים געשיקט מיט דער בריגאַדע באַדינען די שטאָטישע יאָלקע. נאַליק האָט גראַדע זייער ליב צו אַרבעטן בײַ דער יאָלקע. כאָטש צוריקגערעדט, ווינטער איז ניט זומער. ווינטער פֿילסטו מיט אַלע דײַנע ביינער, וואָס הייסט „אַ קאַלטער פֿאָטאָגראַף". אָבער סײַ־ווי־סײַ: אַלץ אַרום דערמאָנט דיר אַ מײַסעלע פֿון דער קינדהייט, און עס וויל זיך גלייבן, אַז ניסים טרעפֿן זיך אָפּאַנ־עמעסן; אַז די באָרד בײַם זיידע־פֿראָסט איז ניט געמאַכט פֿון וואַטע און איז ניט צוגעקלעפּט צום פּנים; אַז בעשאַסן פֿאָטאָגראַפֿירן זיך וועט טאַקע באַלד אַרויספֿליִען אַ לעבעדיק פֿייגעלע פֿונעם פֿאָטאָ־אַפּאַראַט. עפּשער דערפֿון שמייכלען דאָ אַפֿילע די דערוואַקסענע מיט עפּעס אַ באַזונדערן שמייכל — מיט אַ שמייכל פֿון אַ קליין קינד. פֿון אַזעלכע שמייכלען קאָן דען זײַן קאַלט?

געוויינלעך אַרבעטן זיי אויף אַן אָנגעמאָלטן פֿאָן פֿון אַ ווינטערדיקן פּייזאַזש. אָט טראָגן זיך, לעמאָשל, איבערן פֿאַרשנייטן פֿעלד דרײַ פֿערד, דרײַ אָדלערס, וואָס שלעפּן נאָך זיך אַ שליטן. אַקו־ראַט לעבן שליטן איז צוגעשטעלט צום בילד אַ בענקעלע. ווען דער, ווער עס פֿאָטאָגראַפֿירט זיך, זעצט זיך אויפֿן בענקעלע, באַקומט ער זיך דערנאָך אויף דער פֿאָטאָ ווי אַ יאָגנדיקער אויף אַ טראָיקע.

אָדער אַן אַנדער ראַקורס: צוויי סטאַטיסטן, דער פּענסיאָנער פּעטער קאַליע און די קאַסירשע סאָפֿע נאַטאַנאָוונע קאַץ (ער — פֿאַרשטעלט ווי אַ זיידע־פֿראָסט, זי — ווי אַ שניי־מיידל) זײַנען גרייט זיך פֿאָטאָגראַפֿירן מיט אײַך דעם גאַנצן טאָג. פֿריִער שרײַבט אײַך סאָפֿע נאַטאַנאָוונע אויס אַ קוווי־טאַנציע, און ערשט דערנאָך שטעלט זי זיך מיט אײַך אַוועק פֿאָטאָגראַפֿירן אונטער דער יאָלקע אינאיינעם מיטן זיידע־פֿראָסט. די קאַרוסעל דרייט זיך אַזוי פֿון אינדערפֿרי ביז בײַנאַכט, און אַלע זײַנען צופֿרידן.

נאַליק איז דאָך נאַליק דער שמייכלענדיקער! אָן זײַנע מאָדנע געניגס קאָן ער זיך דאָ אויך ניט באַגיין. ברענגט ער מיט זיך צו טראָגן פֿון דער היים דאָס הינטל זײַנס. אַזאַ ווײַס קוטשעראַווע הינטל, אַ באַלאָנקע.

— נאַליק, צו וואָס דאַרפֿסטו האָבן דאָס הינטל?

— נאַליק וועט, אָפּאַנעם, זײַן הינטל מאַכן פֿאַר אַ סטאַטיסט!

— נאָך גוט, וואָס א הינטל, ניט קיין בער!
נאַליק מאכט זיך אָבער א קליינעם צימעס.
— אז קינדער באקומען דערפון פאַרגעניגן, פאַרוואָס זשע ניט?

זאָגן דעם עמעס, האָט דאָס ווײַב זײַנס, אינע, געגוג טײַנעס צום מאַן. אינדערהיים האָט נאַליק ארומגעקלעפּט די ווענט מיט גרויסע פּאָטאָבילדער, וואָס ער האָט אַליין געמאכט. וואָס זשע, מיינט איר, זײַנען אויף די פאָטאָבילדער? בלעטער. הארבסטיקע בלעטער פון קאָלערליי ביימער.

— ביסט שוין ניט קיין קינד, נאַליק! — קלאָגט זיך דאָס ווײַב, — וואָס פאַרנעמסטו זיך מיט נארישקייטן? עס זײַנען הײַנט דאָ אזוינע שיינע פאָטאָ־שפּאַלירן...

— פאָטאָ־שפּאַלירן קאָן יעדער קויפן, און אזעלכע בלעטער...

— אוי, נאַליק, נאַליק! — זיפצט דאָס ווײַב. — אזוי פאַרבלײַבסטו שוין אפן גאנצן לעבן — „נאַליק דער שמייכלענדיקער!"

— איז רוף זשע מיך ארנאָלד דער אָנגעכמורעטער!

אינע האלט זיך ניט אײַן. זי שמייכלט שוין אויך.

— וואָס זשע שמייכלסטו?

— וואָדען זאָל איך טאָן? כ'האָב דען אן אנדער ברייררע?

נאַליק פאַרטראַכט זיך. ער ווערט מיטאמאָל ענלעך אויף א יינגעלע מיט גראָווע שלייפן.

— דאכט זיך, ס'איז אזוי פּאָשעט, — רופט ער זיך אָן, — מיט איין קוועטש פאַרייביקט מען א רעגע פונעם לעבן. פאַרוואָס זשע זאָל די רעגע ניט זײַן א ליכטיקע און א שיינע, ווי א שמייכל בא א קינד?..

# די געלע פאַסטעכקע

זי איז געזעסן אויף זײַן געלעגער, די באָרוועסע פיס ארונטערגענומען אונטער זיך, ווי א מיד־רער־געצל. די געלע גלאַטע האָר אפן קאָפּ זײַנען איר געפאַלן אויף די נאקעטע אקסלען, עלעהיי זי וואָלט, שעמעוודיק, ארופגעוואָרפן אויף זיך א זײַדענע שאַל.

זי האָט געשפּילט אויף א דודע. און די דודע האָט געשפּילט אין אים. יעדער קלאַנג פון איר ניגן איז באם אָנהייב געבוירן געוואָרן אין זײַן האַרצן. ווי א פאַסטעכקע האָט זי געפיטערט זײַן ליבע, און ער האָט זיך געפיטערט בא אירע קני, ווי א געהאַרכזאַם שעפעלע.

יאָ, ער איז געווען גליקלעך, אזוי גליקלעך, אז ער האָט אזש אָנגעהויבן צו צווייפלען, צי דאָס אַלץ קומט מיט אים פּאַר אויף דער וואָר און ניט אין כאַלעם. ווען־ניט־ווען, אופכאַפּנדיק מיטן בליק די בייגעוודיקע באַוועגונגען פון איר קערפּער, האָט ער געטראַכט: „ניין, ס'איז אן אַפּנאַרעניש. איך שלאָף און זע א שיינעם כאַלעם. אין לעבן קאָן אזוינס ניט געשען".

און וואָס מער ער האָט וועגן דעם געטראַכט, אַלץ שטילער האָט אין אים געקלונגען דער ליבע־ניגן פון איר דודע.

...אינדערפרי האָט אים אופגעוועקט א שטילע קאַלטקײַט. זי האָט פאַרפולט מיט זיך יעדן קנייטש פון זײַן פוסט־געוואָרענעם געלעגער.

— ווו ביסטו, מײַן פאַסטעכקע? — האָט ער א פרעג געטאָן און זיך אומגעקוקט.
קיינער האָט אים ניט געענטפערט.

א ווײַלע איז ער געזעסן און מיט אויסגעלאָשענע אויגן ארומגעקוקט זײַן איינזאַמע וווינונג. אין א ווינקל אונטער דער סטעליע האָט א שפּין געוועבט זײַן פּאַוועטיניע. פונעם קראַן אין קיך האָט געקאַפּעט וואסער, און יעדער טראָפּן האָט מיט אײַנגעשפּאַרטקײַט געדויבעט די שטילקײַט. פון יענער זײַט וואַנט האָט זיך צעיאָמערט דאָס קינד בא די שכיינים.

„נאר איינער, נאר, — האָט ער זיך ביטער צעשמייכלט, — ד'האָסט אַלץ געהאַט, און אַלץ מיטאמאָל פאַרלוירן".

ער איז אראָפּ פונעם געלעגער, קעדיי לעבן ווײַטער, און מיט א פוס אָנגעטראָטן אויף דער דודע, וואָס האָט זיך געוואַלגערט לעבן בעט. אָבער ער האָט עס שוין ניט באַמערקט.

# פאַסטאָראַל

איך בין געלעגן אינמיטן פעלד. נאַזנדיק. מיטן נאַקן האָב איך געפילט די וואַרעמקייט פון דער גרינער ערד, מיטן שטערן — די קילבלעכקייט פונעם בלויען הימל. כ'בין, דאַכט זיך, געשלאָפן, און ס'האָט זיך מיר געכאָלעמט א כאָלעם:

...איך שטיי לעבן כאַוועז אַף די קני. צוליגנדיק דעם אויער צו איר קײַלעכדיקן בויך, הער איך, ווי עס קלאַפּט דאָרט א לעבעדיק הערצעלע — א נײַ, נאָך ניט קיין געבוירן לעבן. און די גאַנצע וועלט מיט אירע וועלדער און פעלדער, בערג און יאַמען, כײַעס און פייגל — אַלץ, פון א קלענסט גרעזעלע, פון א מינדסט בלעטעלע, וואָס וואַקסט אונטערן הימל, האָט אַף א רעגע פאַרטײַעט דעם אָטעם.

— אָדאָם, — האָט מיך כאַווע א פרעג געטאָן, — וויאַזוי וועלן מיר אָנרופן אונדזער ערשטלינג?

— קאַיִן...

כ'האָב אופגעמאַכט די אויגן, ווײַט־ווײַט, באַם סאַמע האָריזאָנט, ווו די ערד נעמט אַרום דעם הימל, האָט זיך דערהערט א שטילער דונער.



דמיטרי יושקאָווסקי

# אַף ביידע ברעגן און צווישן זיי

(דרײַ קליינע טרויעריקע און ניט זייער טרויעריקע מײַסעס וועגן דעם, וואָס עס איז געווען און ניט געווען)

די אַלטע לײַט זאָגן, אַז יעדער מענטש האָט אַ נעשאָמע, און אין דער נעשאָמע איז פאַראַן אַ טיף אינווייניקסט ווינקל, וווּ מע היט די גרעסטע סוידעס. ס'טרעפט, אַז מע עפנט פאַר עמעצן די נעשאָמע, אָבער, פאַרשטייט זיך, כוץ דעם פאַרבאָרגענעם ·ווינקל. ווײַט ניט יעדער איינער קאָן עפענען די גרעסטע סוידעס זײַנע אַפילע פאַר זיך אַליין...

און איך וויל אַ פּרוּוו טאָן עפענען דאָס סוידעסדיקע ווינקל פון מײַן נעשאָמע פאַר אײַך, כאָשעווער לייענער, איך האָב אַ האָפענונג, אַז ס'וועט מיר ניט פעלן קיין דרייסטקייט דאָס צו טאָן.

אין דעם ווינקל געפינען זיך מײַסעלעך. איך ווייס שוין ניט. פונוואַנען זיי זײַנען אַרײַנגעקומען אַהין, נאָר גלייבט מיר, אַז זיי באַגלייטן מיך פון דער פרי'ער קינדהײַט. צו אָפט האָב איך געזען אין כאָלעם די ווילדע כײַע, וואָס שפּילט זיך מיט די זון־שטראַלעכלעך, דעם מאָדנעם מענטשן, וועלכער וויל באַגרײַפן דעם גאַנג פון די כוואַליעס אין יאַם, און דעם ווונדערבאַרן רויטן מויער, וואָס איז העכער פון דער גאַנצער שטאָט.

די דרײַ מײַסעלעך זײַנען אײַנגעקריצט אין מײַן נעשאָמע, און מיסטאַמע דערפאַר האָב איך לעצטנס דערפילט אַ נויטווענדיקײַט זיך אויסצוריידן...

## 1. אַ טרער פון האָפענונג

ערגעץ זייער ווײַט, אין עק וועלט, אין איינעם אַ וואַלד האָט געלעבט אַ ווילדע כײַע. זי איז געווען ניט אַזוי שיין און מעכטיק, ווי די גרעסערע כײַעס, און ניט אַזוי פלינק אַף צו באַהאַלטן זיך פון אַ סאַקאָנע, ווי די קלענערע. דערפאַר האָט מען זי זייער אָפט באַליידיקט. די קלענערע כײַעס האָבן זי גערייצט, און די גרעסערע — געטריבן.

גרויס ראַכמאָנעס האָט זי אַף זיך אַליין געהאַט...

— מיט וואָס בין איך שולדיק? — פלעג זי טראַכטן. — ס'איז דען מײַן שולד, וואָס איך בין ניט קיין שיינע? פאַרוואָס דאַרפן אַלע מיך באַליידיקן?

יאָ, זי האָט געהאַט אַף זיך גרויס ראַכמאָנעס, ווײַל צו שווער איז געווען איר נעבעכדיק לעבן. ס'האָט זיך איר זייער געוואָלט וויינען און קלאָגן, נאָר צו אַלע אירע „מײַלעס" האָט די כײַע ניט געקענט וויינען.

און אין שווערע מינוטן, ווען ס'פלעג באַ דער כײַע פאַרקלעמען דאָס האַרץ פונעם אינערלעכן געוויין, פלעג זי אַלעמאָל אַוועקלויפן צום וואַלדטײַכל און לאַנגע־לאַנגע שאָען קוקן אַף דער זון, וועלכע האָט זיך אָפגעשפּיגלט אין דער וואַרעמער, צאַרטער טײַך־וואַסער. זי האָט דערשטוינט געקוקט אַף די זון־שטראַלעכלעך, וועלכע האָבן זיך צעשאָטן אינעם וואַסער און געבלינצלט, ווי פאַרקישעפטע פערל. און דאַן פלעג באַ דער כײַע ווערן גוט און ווויל אַפן האַרצן, זי איז מויכל געווען דער גאַנצער וועלט און האָט שוין ניט געהאַט ראַכ־



מאַנעס אַף זיך. אין אַזעלכע רעגעס פּלעג זיך איר דוכטן, אַז זי איז קימאַט גליקלעך, עס רינגלען דאָך זי אַרום אירע גוטע־פֿרײַנט: די זון, דאָס וואַלד־גרינוואַדג, דאָס טײַכל, די זון־פּערל אין דער וואַסער. מיט זיי האָט זי זיך געפֿילט רויִק, קיינער האָט זי ניט געקאָנט באַליידיקן. אינמיטן דער דאָזיקער וווּנדערבאַרער שיינקײַט איז געווען איר מאַקעם־מיקלעט, די געבענטשטע וואַלד־שטילקײַט איז געווען איר קיניגרײַך.

זי האָט גערעדט מיט פֿרײַנט, מיט זיך אַליין, גערעדט וועגן סאַמע פֿאַרשיידענע זאַכן, געשפּילט מיט די זון־שטראַלעכלעך, וואָס האָבן אַזוי לויטער געשײַנט, אַז מיט זיי זײַנען פֿאַרבלענדט געוואָרן דער כײַעס אויגן. דעמלט האָט זי מער גאָרנישט ניט געזען אַרום זיך, ניט דאָס, וואָס האָט אַזוי שווער און נעבעכדיק געמאַכט איר לעבן, און ניט דאָס, וואָס איז געווען איר אײנציקע טרייסט.

יאָ, די ווילדע כײַע איז געווען אַ גרויסע טרוימערן. די גרעסטע האַנאָע איז פֿאַר איר געווען — ליגן אַזוי אַפֿן ברעג אין איר קיניגרײַך, זײַענדיק פֿרײַ פֿון טאָגטעגלעכע זאָרגן, אײַנגעטונקען אינעם אומענדלעכן יאַם פֿון טרוימען. דער יאַם איז געווען אַזוי פֿילפֿאַרביק, ווי אַלץ, וואָס האָט אַרומגערינגלט די ווילדע כײַע: דער בלויער הימל, דאָס דורכזיכטיקע וואַסער, דער גרינער וואַלד און די גלאַנציק־גאָלדענע זון־שטראַלן.

די כײַע האָט געקאָנט אַזוי טרוימען און טרוימען אָן אַן עק וועגן אומגעוויינלעכע זאַכן. אָפּטמאָל האָט זי אַפֿילע זיך געשעמט פֿאַר זיך אַליין, פֿאַר דער זינלאָזיקײַט פֿון אירע טרוימען.

און די גאַנצע צײַט האָט זי געוואַרט אַף עפּעס... מיסטאַמע, אַף אַ נעס. זי האָט געהאָפּט, אַז דער נעס וועט אומבאַדינגט קומען, און ער וועט העלפֿן פֿאַרווירקלעכן כאָטש איינעם פֿון אירע טרוימען. דאָס איז געווען אומעגלעך. אָבער פֿאַרוואָס אומעגלעך, האָט זי אַליין ניט געוווּסט.

ווען די כײַע האָט וועגן דעם געטראַכט, האָט זיך איר ווידעראַמאָל געגלוסט וויינען.

איינמאָל, ווען זי האָט זיך אַזוי פֿאַרטיפֿט אין אירע טרוימען, האָט זי פּלוצעם פֿון אומגעריכטקײַט שטאַרק אַ ציטער געטאָן. ס'האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז עמעצער האָט זי אַ גלעט געטאָן איבער דער פֿעל... און דאָן, ווי אַ שטראַלנדיקער פּערל, איז פֿון איר אויג אַרויסגערונען אַ דורכזיכטיק, ריין טרערעלע. דאָס איז געווען אַ פֿריילעך טרערעלע פֿון אַ האָפֿענונג... מיסטאַמע, ווען אַ ווילדע כײַע וויינט, הערט זי אויף צו זײַן ווילד.

# 2. הימלש־יאַמישע אינטערמעצאָ

איינמאָל, ווען אפֿן יאַם האָט זיך צעבושעוועט א שטורעם פֿון אַן אומגעהייערן קויעך, איז אױף דעם ברעג, באַם סאַמע וואַסער אומבאַוועגלעך געשטאַנען א מענטש, טיף אַרײַנגעטאָן אין זײַנע געדאַנקען. ער איז געשטאַנען מיט באָרוועסע פֿיס אפֿן ברעג און אופֿמערקזאַם געקוקט, ווי אומרויִק עס איז דער יאַם. דער יאַם האָט געקאַטשעט זײַנע שווערע טונקל־בלויע כוואַליעס, וועלכע האָבן אָן אויפֿהער געטריבן דעם מענטשן צוריק צו דער יאַבאַשע, און דערנאָך, ווי זיי וואָלטן געוואָלט אויספּרוּוון זײַן געדולד, האָבן זיי אים ווידער געצויגן אין יאַם אַרײַן. דאָס איז געווען אין אָוונט, דער האָריזאָנט איז געהאַנגען נידעריק, און ס'האָט זיך געדוכט, אז דער הימל טוט אָן אױף דעם יאַם, קעדיי אָפּהיטן פֿון עפּעס דעם גאַנג פֿון די כוואַליעס, א ראָזעווע היטל.

די אומדערמידלעכע כוואַליעס האָבן אױף קיין מינוט ניט אופֿגעהערט צו טאָן זייער אַרבעט, שטופּנדיק דעם מענטשן אױף צוריק און דערנאָך אײַנשלינגענדיק אים אינעם שעטעך פֿון זייער הערשאַפֿט. מיט יעדן קלאַפּ זייערן איז באַם מענטשן געוואַקסן א שטרעבונג נאָכצושפּירן דעם גאַנג פֿון די כוואַליעס, געפֿינען מיט זײַנע שטאַרקע, יונגע אויגן יענעץ אָרט, וווּ זיי הייבן אָן אָט דעם גאַנג. אָבער וואָס מער ער האָט געקוקט, אַלץ שטאַרקער האָט זיך אים געדאַכט, אז דער יאַם בושעוועט ניט, ס'איז דאָרט שטיל און רויִק. ער האָט פֿאַרשטאַנען, אז דאָס איז א פֿאַרבלענדעניש, ס'קאָן אַזוינס ניט זײַן, אָבער די אויגן זײַנע האָבן עס געזען, און צוביסלעך האָט ער זיך אפֿילע דערין איבערצײַגט.

ער האָט פֿאַריסן דעם קאָפּ און דערזען (עפּשער האָט זיך עס אים אויסגעוויזן), אז דאָס ראָזעווע הימלשע היטל, וואָס הענגט איבערן יאַם און היט אָפּ דעם גאַנג פֿון די כוואַליעס, לאַכט פֿון דעם מענטשנס נאַיִוקײַט, ווײַל ער, דער מענטש, וויל דערזען דאָס, וואָס איז ניט אים געגעבן צו זען, וויל וויסן סוידעס, וועלכע ניט אים איז געגעבן צו וויסן. פֿון דעם דאָזיקן גרויסהאַלטערישן און גרינגשעצערישן שמייכל איז דעם מענטשן געוואָרן ניט געמיטלעך, אפֿילע מוירעדיק. ס'האָט אָנגעהויבן ברויזן אין אים א ווילן אומגעזאַמט אַנטלויפֿן פֿונדאַנען, אַרויסוואַרפֿן פֿונעם קאָפּ די נאַרישע געדאַנקען, וועלכע האָבן ניט געלאָזט אים צורו. אָבער ער איז געשטאַנען און דורכדרינגלעך געקוקט אין די וואָלקנדיקע אויגן פֿונעם הימלשן שוימער.

פֿונעם דויערנדיקן קוקן אין דער הייך האָט ער דערפֿילט מיטאַמאָל א ווייטיק אינעם נאַקן. ס'האָט זיך באַ אים אָנגעהויבן דרייען דער קאָפּ. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, און זיך אײַנגעקוקט אין דעם אָרט, וווּ ער איז געשטאַנען, דערזען, אז באַ זײַנע פֿיס איז געלעגן א קליין גרוי־ברוין שטיינדל. געדענקט האָט ער גאַנץ גוט, אז פֿריִער איז דאָס שטיינדל דאָרט ניט געווען, און ער האָט א



טראַכט געטאָן, אַז איינע פון די יאַמישע כוואַליעס האָט, מיסטאמע, עס אַרויסגעוואָרפן פון איר ווילדן שלונג. דאָס שטיינדל איז געווען קימאַט קײַלעכדיק, דער יאַם האָט אָפּגעשליפן בא דעם אַלע שאַרפע עקן. דער מענטש האָט אונטערגענומען דאָס שטיינדל מיט די פינגער פונעם פוס און עס צוגערוקט נעענטער צו דעם וואַסער. דערנאָך האָט ער אויסגעגראָבן אַ קליין גריבל און נאָכגעקוקט, ווי דאָס שטיינדל האָט אונטערגעכאַפּט אַן אָנגעלאָפּענע כוואַליע און עס איז אײַנגעטונקען געוואָרן אין אירע שוימיקע וואַסערן. אין עטלעכע ווײַלעס אַרום איז דאָס שטיינדל ווידער געווען אויפן ברעג לעבן זײַנע פיס, אָבער ניט אינעם גריבל, וואָס ער האָט פאַר דעם צוגעגרייט, נאָר אַ ביסל לינקער. דאָס זעלבע האָט זיך איבערגעכאַזערט נאָך עטלעכע מאָל, דאָס שטיינדל האָט שוין מער ניט געקאָנט דערלאַנגען צום גריבל, און אַלעמאָל האָט עס זיך אָפּגעשטעלט לינקס אָדער רעכטס, פאָרויס אָדער הינטער דעם גריבל.

דער מענטש האָט אויפמערקזאַם געקוקט אויפן שטיינדל און געפּרוּווט זיך פאָרשטעלן, וועמענס אַקשאָנעס איז דאָס — צי די כוואַליעס רייצן זיך אַזוי מיט אים און וואַרפן אַרויס דאָס שטיינדל אין אַ זײַט פונעם גריבל, צי דאָס שטיינדל טוט עס אַליין...

מיטאַמאָל האָט אַן אַפּסנײַ אָנגעלאָפענע כוואַליע פאַרצויגן איר וועג העט ווײַט אויפן ברעג און האָט צעוואַשן דאָס גריבל. ווי גרויס איז שפּעטער געווען דעם מענטשנס כידעש, ווען פונקט אויף דעם אָרט, ווו פריִער איז געווען דאָס גריבל, איז געלעגן זײַן שטיינדל, וואָס ער האָט שוין געקאָנט אונטערשיידן פון אַ סאַך אַנדערע שטיינדלעך. ער האָט זיך דערפרייט, ווי ס'וואָלט געווען זײַן אייגענער ניצאָכן...

דער מענטש האָט ווידעראַמאָל פאַריסן דעם קאָפּ צום הימל און נאָך מער זיך דערפרייט, ווען ער האָט דאָרט ניט דערזען דעם גרויסהאַלטערישן שמייכל פון דעם הימלשן ראָזעוון היטל.

## 3. אַ מויער אויפן שפּיץ בערגל

ערגעץ איז פאַראַן אַ שטאָט. זי איז ניט קיין קליינע און ניט קיין גרויסע, האַגאַם די אַלטע לײַט דערציילן, אַז אַמאָל זײַנען געווען אין דער וועלט זעלטענע שטעט, וועלכע האָבן געקאָנט אין זייער פראַכט זיך פאַרגלײַכן מיט איר. די צאָל אײַנוווינער איז אין איר דאַן געווען קימאַט צוויי מאָל מער, אײדער הײַנט, און איר רײַכטום האָט געהאַט אַזאַ שעם, אַז קיינער קאָן איצט ניט געפינען פאַר דעם קיין ווערטער. האַקלאַל, דאָס איז געווען אַ שטאָט פון גליקלעכע און פריילעכע מענטשן.

די שטאָט געפינט זיך ניט אויפן יאַם־ברעג, ניט אויף אַ פּאָר צענדליק אינדזלען און ניט אויף זיבן פעלדזן, ווי אַנדערע גרויסע שטעט. זי פאַרמאָגט בלויז איין בערגל באַם ברעג פון אַ טײַך, איבער וועלכן אין די ווײַטע צײַטן זײַנען געשוווּמען פילצאָליקע שיפן, וואָס פלעגן ברענגען מיט זיך פאַרשיידנסטע סכוירעס פון אַלע עקן וועלט.

דאָס שענסטע אָרט אין דער שטאָט איז געווען דער שפּיץ פונעם בערגל. פונדאַנען האָט מען געקאָנט זען דעם גאַנצן אַרום ביזן סאַמע האָריזאָנט, באַאָבאַכטן די אָנגעקומענע און אַוועקפאָרנדיקע שיפן און פּאַשעט וווּנדערן זיך, קוקנדיק אויף דער זעלטענער אויסטערלישקײַט פון דער אומגעגנט. און סאַמע אויף דעם אָרט האָט מען מיט אַזויפיל יאָרן צוריק, אַז קיינער ווייסט שוין ניט ווען, אויסגעבויט אַ רויטן מויער פון אַן אומבאַשרײַבלעכער שיינקײַט. מע פלעגט זאָגן, אַז דער רויטער מויער איז אַרײַנגעשניטן אינעם בערגל, ווײַל פון דער שטאָט־זײַט האָט ער געהאַט דרײַ שטאָקן און פון דער טײַך־זײַט — פיר. קוקנדיק פונעם ברעג טײַך, האָט מען געקאָנט מיינען, אַז די פענצטער פונעם הינטערשטן שטאָק זײַנען אויסגעקריצט אויף די שטיינער פונעם בערגל. דער רויטער מויער איז געווען דער שטאָלץ פון דער שטאָט און האָט זיך געהייכט איבער איר, ווי אַ קרוין פון איר גרויסקײַט, אייגנאַרטיקײַט און ווירדע.

אָבער די צײַט איז געלאָפן אומגעצוימט און האַסטיק. נאָך די יאָרן פונעם געבענטשטן וווילשטאַנד זײַנען אין דער שטאָט געקומען ערגערע און אפילע גאַנץ שלעכטע צײַטן. דער גוירל האָט אָנגעשיקט אויף איר איינעם נאָכן אַנדערן פיל אומגליקן: אָנפאַלן פון סאָנים, פילצאָליקע סרייפעס, צעשטערונגען, און מאַכמעס די דאָזיקע צאָרעס, איז די שטאָט געוואָרן פיל קלענער, די מערהײַט אירע אײַנוווינער האָט זיך אַריבערגעקליבן אין אַנדערע קאַנטן, און קיין שפּור איז ניט פאַרבליבן פון דער אַמאָליקער פּראַכט.

געבליבן איז אָבער דער רויטער מויער, האַגאַם די ווינטן פון דער צײַט האָבן זיך ניט דורכגעטראָגן פאַרבײַ אים, און ער האָט שוין אַוואַדע ניט געהאַט יענעם גלאַנציקן אויסזען, וועלכער פלעג אַמאָל איבעראַשן יעדן, ווער עס האָט אים געזען.



דער מויער איז געבליבן שטיין אלס איינציקער איי־דעס פון דער שטורמישער געשיכטע פון דער שטאָט. ער איז פאַריאָסעמט געוואָרן. פּונקט ווי פיל אנדערע איצט שוין כאָרעווע ארומיקע הייַזער, וואָס זייערע איַינוווינער האָבן זיי פאַרלאָזט. דורך די אויסגעקלאַפּטע פענצטער און צעפראַלטע טירן האָבן אין אים פריַי געבלאָזן צוגווינטן.

בלויז געפינענדיק זיך אינוויינ¬יק, צווישן די מעכטיקע גראָבע ווענט, האָט מען שוין געקאָנט דערפילן די אמאָליקע מאַיעסטעטישקייַט פונעם רויטן מויער. אפילו דער שטויב אין זייַנע כאדאָ־רים האָט דערמאָנט וועגן דעם.

אַף לינקס פונעם אריַינגאנג אינעם הינ־טערשטן שטאָק האָט זיך געפונען דער גרעסטער און דער שענסטער צימער. א ליידיקער, א גערא־מער, איז ער געווען באדעקט מיט א דויערסדיקן שיכט שטויב. ס'זייַנען אין אים געבליבן בלויז איינצלנע שפּורן פונעם לעבן, וואָס האָט שוין פון לאנג זיך אָפּגעשטעלט. אומעטום — א פאַרנעפּלטע דערמאָנונג וועגן אן אמאָליקער בלִיִונג...

אין דער טיף פונעם צימער, צווישן צוויי גרויסע פענצטער, שטייט אן אלטער קאמין פון פּערלמוטערנער קאכליע, וואָס האָט אזויפיל קאָלירן און שאטירונגען, וויפל ס'קאָן נאָר אופנעמען א מענטשיש אויג. אזא קאמין האָט געפּאסט פאַר א גרויסן פּאלאץ, און ס'איז שווער זיך פאָרצושטעלן, אז עס איז געווען א צייַט, ווען ער האָט הארמאָ־נירט מיט דער אטמאָספער פונעם צימער אין רויטן מויער. דאָס זעלבע געפיל רופט ארויס אויך די סטעליע, אַף וועלכער ס'זייַנען פאראן וווּנדערלעכע געמעלן וועגן דעם לעבן אין דער אוראלטער שטאָט. די בילדער האָבן מער געפאסט פאַר א טעמפּל, איידער פאַר א פארשטויבטן, ליידיקן צימער. די פרישקייַט פון פארבן, וואָס האָט זיך אלפי נעס פארהיט, האָט עס נאָך מער אונטערגעשטראָכן.

פון די צוויי גרויסע פענצטער עפנט זיך, פונקט אזוי, ווי אמאָל, א ברייטע פאנאָראמע פונעם טייַך, אָבער דאָרט שווימען שוין ניט די שיפן, בלויז וואסער־געוויקסן באדעקן דעם טייַך.

## מישע לעמסטער

# א מין רייַכטום איך פארמאָג

### יוגנט

א מעכטיַעדיקער דרויסן
גיסט אראָפּ אַף מיר די שייַן;
די לעוואָנע — ווי א קויסע,
וואָס איז פול מיט יונגן ווייַן.

פון דער שייַן איך בין הייַנט שיכּער,
כ'בין געוויס געזונט און יונג
פון דעם הימלס הייך א שטיקל,
פון דער אייביקייַט א קלונג.

### אירע אויגן

אלע רופן זי ריטע צי ריטקע,
נאָר ווייניק ווער עס וויסט,
אז איר נאָמען אַף יידיש איז ריווקע,
נאָך דער אורבאָבע ריווקע זי הייסט.

אירע אויגן — א טיפע טיפקייַט,
קוקסט אריַין — דער קאָפּ פארדרייט זיך,
דאָרט איר ווייַטע אורבאָבע ריווקע
אַפן שייַטער ארופגיין גרייט זיך.

### א כאָלעם

ס'האָט זיך מיר געכאָלעמט הייַנט,
אז מייַן ליבע האָט מיך פייַנט,
אז שוין מיט מייַן כאַווער דעם בעסטן,
פירט אוועק זי אונזער וועסנע,
אז די מאַמע אַף דער עלטער

וויל פאר עפּעס מיך פארשעלטן,
אז מייַן היים, מייַן שטעטל-ווי
זאָגט מיר בייז: פונדאַנען גיי!

כ'האָב זיך אופגעכאַפּט פארטאָג —
א מין רייַכטום איך פארמאָג...

### אַן אָוונט ווי א ליבע-ליד

ס'קלינגט אַפן ברעג פונעם יאַם
דער אָוונט ווי א ליבע-ליד.
אין איר
א מיידל מיט די שטערן זיך גראַמט,
און עס גראַמען זיך אונדזערע טריט.

אין דער ליד מיר זייַנען ניט מער,
ווי צוויי ניט קיין הויכע ווערטער,
אָבער אַלץ אַפן ברעג הייַנט הערט
דעם גראַם פון אונדזערע הערצער.

# שורע נאָך שורע

## שיט א שניי

שיט א שניי שטילערהייט
אזא מילדער, ווייכער —
ווי מײַן האָפענונג, מײַן פרייד
און מײַן שטילער ווייטיק.

שיט א שניי שטילערהייט,
זײַנען גאסן אָנגעכמורעט.
אונטער טראָט דער שניי זיך שפרייט
א שורע נאָך א שורע.

ס׳ווערט פאמעלעכער מײַן טראָט,
כ׳הער מיט פארגעניגן:
פונעם הימל אַף דער שטאָט
פאלט א שטילער ניגן...

מיט דעם ניגן כ׳גיי פארטראכט
אין א וועלט א ווײַסער,
אין מײַן מאמעס, ווי מיר דאכט,
צויבערפולער מײַסע...

## געזעגענונג

עס איז שוין צײַט צעשיידן זיך, מײַן טײַגע,
מײַן ווילדע כײַע און מײַן לינדער פרײַנט.
זינג אויס די ליד, וואָס ס׳זינגען בלויז די טײַכן,
צעשפרייט די שנייען פונעם ראנד צו ראנד.
אָ, ווײַטער מיזרעך! דײַנע בערג און טאָלן,
פון פרילינג-צוויט די שטרענגקײַט און די פראכט,
די היים, וואָס נאָענט זי איז מיר געוואָרן, —
זי רופט מיך און זי לויכט מיר אין דער נאכט.

## דעם טאטנס ניגן

אפן וועג שטייט א בוים,
שטייט ער אײַנגעבויגן,
און די פייגל פונעם בוים
זײַנען זיך צעפלויגן...

(פון א פאָלקסליד)

אפילע אין כאָלעם,
אפילע אין טרוים
עס שטייט פאר די אויגן
דער אלטינקער בוים.
ווו זײַנען די בלעטער?
עס וויסט בלויז דער ווינט
ווו זײַנען די פייגל?
אנטלאָפן געשווינד.
אנטרונען געוואָרן,
צעזייט און צעשפרייט,
אין קאלטן פרימאָרגן
מיט נעפל באגלייט...
דעם טאטנס נעגינע

איך האָב פארגעדענקט,
נאָך אייגענער קינדהײַט
כ׳גיי נאָך. און איך בענק.
דעם טאטנס א ניגן
נעמט שפרייטן זיך שנעל,
דאן ווידער די בלעטער
צערינען זיך העל.
דער פייגל-געפילדער
נעמט שאלן אין רוים,
און פעסט אַף דער ערד
שטייט מיט וואָרצלען דער
בוים.

★

# גאָרניט אָפּלייגן אָף שפּעטער

## ווען רײַפֿקײַט קומט

ווען קומט די רײַפֿקײַט? ווען דער קינסטלער
געוווינט זיך אָפּ פֿון שיינע רייד,
טראַכט ניט פֿון קאָוועד, רום, פֿאַרדינסטן
און איז צו יעדער מיסע גרייט.

ער ווייסט: זײַן גורל איז געוואָרפֿן
ס׳איז שפּעט צו כאַפּן אָף צוריק;
ער איז אָף שטענדיק שוין באַוואָרנט
מיט הויפּנס צאַר און זשמעניעס גליק.

וואָס דאַרף ער האָבן א ראַקעטע
מיט א געשווינדיקייט פֿון ליכט?
דאָ, אָף זײַן אַלטיטשקער פּלאַנעטע,
קוקט ער דער צוקונפֿט אין געזיכט.

(כ׳ריר אָן, כאַלילע, קיינעמס קאָוועד,
ווײַל — וואָס איז דאָ צו ברײַען לאַנג? —
א פֿרעשעלע זינגט פּונקט ווי דאָוויד,
נאָר מיט אַן אַנדער מין געזאַנג.)

ער איז מיט אָן א שיר צייררופֿים
פֿאַרבונדן מיט דער גאַנצער וועלט.
ער הערט די צײַט. די צוקונפֿט רופֿט אים.
ער טאָר ניט זײַן פֿון איר פֿאַרשטעלט.

ער שאַפֿט. ער שטייט ניט פֿאַר קיין שײַלע:
צי פֿליִען אין דער אַלוועלט ווײַט,
צי בלײַבן אָף דער ערד דערווײַלע
אין אונדזער קאָמפּליצירטער צײַט.

## נאָך אַלעמען

ס׳האָט זיך געכאַלעמט מיר באַנאַכט:
פֿון ערגעץ שיט א שוואַרצער שניי,
די נאַכט מיט שוואַרצע שטערן לאַכט,
און גאָר די וועלט — איין שוואַרץ געשריי,
און גאָר די וועלט — איין שוואַרצע לאָך.
ווו דאָ אַרויס און ווו אַרײַן?
וואָס איז די סיבע פֿונעם בראָך?
ווער אויסגעשלאָסן האָט די שײַן?

כאָטש נעם און קלאַפּ זיך קאָפּ אין וואַנט —
אַרום איז פּוסט, ניטאָ קיין וווּנט;
מיט וואָסער קראַפֿט האָט וועמענס האַנט
די וועלט פֿאַרוויסט, פֿאַרמעקט, פֿאַרלענדט?!
אומזיסט געשריגן: „ליכט זאָל זײַן!”

אָ, האַרץ, גייסט אויס אין שווערער פּײַן...

## אָנהייבנדיק א נײַעם העפֿט

ס׳עפֿנט זיך דער ווינטער ווי א העפֿט,
ווײַסע שנייען — ווי די ווײַסע בלעטער.
ווײַל דאָס לעבן איז מיט טויט באַהעפֿט,
טאָר מען גאָרניט אָפּלייגן אָף שפּעטער.
אין א ניט קיין פֿאַסיקן מאָמענט
קאָן די שכינע טאָן דיך א פֿאַרבלענד —
ניט קעדיי, דו זאָלסט די וועלט דערפֿרייען
מיט געזאַנג, צוליב אַן אַנדער צוועק
וועט מען רופֿן דיך פֿון יענעם בּרעג,
ווו די ווײַסע רו לעשט אויס די ווייען.

אײַל זשע זיך קאָלזמאַן דו האָסט נאָך צײַט
און פֿאַרשרײַב, וואָס שעפּטשעט דיר די ווײַט,
ווו בערעזעס שטייען ווי געשפּענסטער:

טו א פּרוּוו פֿאַרשטיין, און ניט פֿאַרשווײַג,
וואָס עס וויל די שניי־צעבליטע צווײַג
זאָגן, קלאַפּנדיק צו דיר אין פֿענצטער.

טו א קוק: אַלץ העכער שטײַגט די זון,
געבנדיק א רעמזו אָף דער ווייסנע;
צי דו ווייסט זי זען? — ניט טראַכט דערפֿון,
אײַל זיך, זאָג דער וועלט דײַן וואָרט דאָס
בעסטע.
שעלט דאָס בייזע, און דאָס גוטע בענטש,
אַלע שענסטע מענטשלעכע באַגערן
זאָלן סאַפּקאָלסאָף מעקוייעם ווערן,
אונטערגייען זאָל אַלץ, וואָס טוט זיי שטערן
און דערנידעריקט דעם נאָמען מענטש.

★

# אלעקסאנדער ביידערמאן

## מיניאַטיורן

### א לויב צו די גראמען

מיר זײַנען טאקע פרייליכע פּאָעטן.
מיר שאפן לידער — פערזן און קופּלעטן.
אזויווי בילדער אין גערעמע ראמען,
מיר פורעמען געדאנקען אײַן אין גראמען.
די גראמען זײַנען עמעסדיקע היטער.
און ס׳וואָלט אָן זיי גיין אלצדינג קידער־ווידער,
און ס׳וואָלטן די געדאנקען און די ווערטער
שוין בעסערע פאר זיך געפונען ערטער...

### גוירל

דו ביסט גערעכט, מײַן גורל, ביסט גערעכט.
און מער אפילע, דאכט זיך, ווי איך מיין.
דאָס, וואָס געפּרוּווט מיט פײַער, איז דאָך עכט,
דאָס, וואָס אין וואסער אויסגעוואשן, איז דאָך ריין.

### מײַן אײצע

און ווען דו זוכסט דעם סאמע־סאמע איקער
און מאכסט דערבײַ א גרויסן טאראראם,
דאן, קוידעמקאָל, דו דארפסט זײַן זיכער,
אז דאָס, וואָס זוכן קומסטו, איז פאראן.

### א שפּאס

באצאָלן דירע־געלט און גיין צום סטאָמאטאָלאָג,
די פּוסטע פלעשער טראָגן, וווהין מע דארף,
און גאָלן זיך, טאָג־אײַן, טאָג־אויס זיך גאָלן.
(דער גאָלמעסער איז, דאנקען גאָט, נאָך שארף).
און דאָס איז אלץ? אזא — דער גוירל?
אזא — מײַן וועג? אזא — מײַן אָרט?
— איך ווייס ניט, נאָר מע דארף זיך גאָלן.
אויב ניט, וועט אויסוואקסן א באָרד.

★

# מארק זינגערס

## די פארברענטע געטאָ

איך — די ווארשעווער געטאָ
מיטן שטיינערנעם באָדן,
מיט א זעקעלע בולבעס
און מיט א פארשווארצט, ווי מיט סאזשע, קינד.
איך — די ווארשעווער געטאָ.

איך — די אייביקע לעוואָנע
איבער קעפּ פון סקעלעטן.

לאָמיר ארויס אין שלאכט,
אופהייבנדיק די וואנדער־שטעקנס,
פארײַסנדיק הויך די בערד,
פאר דעם טרוים פון אונדזערע נעסטן.

קינדערלעך — גלײַך ווי טײַבעלעך —
פליִען פון אונדזערע באלקאָנען!...

## צום שטעטל

איבער דיר האָט דער רויטער האָן
געבושעוועט,
און געוואָיעט האָבן זאווייען.
ס׳האָט געשריגן די מאמע, געשריגן דער טאטע:
וויי!

איבער דײַנע גאָלדענע טורעמס
האָבן הענערשע אויגן, ווי בליצן, געגלאנצט,
נאָר א קעלבעלע אונטערן פארקן
האָט מיט זײַן ברוינעם טילעק געציטערט.

★

# איבערזעצונגען

## יעלענא מאקאראָווא



געבוירן אין 1951 אין באקו. פארענדיקט דעם מאָסקווער ליטעראַרישן אינסטיטוט אַף א. מ. גאָרקיס נאָמען. אווטאָר פון די ביכער אין דער רוסישער שפּראַך „שפּולקע", „איבערגעפּולטע טעג". „באַפרײַט דעם העלפאַנד" און „דער זומער אַפן דאַך". וווינט אין מאָסקווע.

# די לעווײַע פון א ניט־געוועזענעם

אזא מין לעווײַע. דאָס האָט געקאָנט ווערן א סענסאציע־געשעעניש! ס'איז אָבער געווען זייער וואָכעדיק. פלעקן פון פעטקײַט אַף די הויזן, ווײַל א קאָטלעט איז אראָפּגעפאלן פונעם גאָפּל בײַס ער האָט געגעסן ווארמעס. די כעמיע האָט עס ניט געקאָנט אָפּרייניקן, די פלעקן זײַנען געבליבן אָוואַלע, טונקעלע, און זיי האָבן ניט גרעסער געמאכט די גרויסארטיקײַט פון זײַן גרויען גארניטער. דעם זעלביקן גארניטער.

דער טויט האָט ניט געענדערט זײַן אָנבליק. דער טויט האָט ניט קיין מאכט אַף „ניט־געוועזענע".

דער ניט־געוועזענער געפינט זיך דאָ ניט אליין. פאראן זײַנען דאָ נאָך פיר מענטשן, וועלכע זײַנען געקומען אַף דער לעווײַע. זײַן לעבנס־פרײַנט רוּווים פלוימענבוים, וואָס בא אים אין זיקאָרן איז ער געווען א ייִנגל מיט פּרישטשעס אַף דער צורע, מיט א נאָז — א פאנאנדערגעהאנגענע ערד־פּיירע. מיט אָט דעם ייִנגל איז ער געגאנגען אין כיידער, מיט אים איז ער געהיים אנטלאָפן קיין קיִעוו זיך לערנען, קריגן בילדונג. דער דירעקטאָר פונעם טורגעניעוו־לייענזאל, וועלכער עקזיסטירט שוין ניט איצטער, האָט געהייסן סידאָר קוזמיטש. ער האָט געזען אין דעם ניט־געוועזענעם, ווי עס טרייסלט אים, פונקט ווי א שפּילכל אַף פּרוזשינעס. אָט דער אלטיטשקער, וואָס האָט גוט געקענט די צײַטונגס־ און זשורנאל־איניאַנים, איז געווען אַן אָרנטלעכער ארבעטער, נאָר די לעצטע צײַט — א טויגעניכץ. די סיבע איז געווען, וואָס די ריִע איז אים קאליע געוואָרן. דער דירעקטאָר האָט מיט קאָוועד געקוקט אַף דעם ניט־געוועזענעם, אכטנדיק, פארשטייט זיך, ערשטנס, זיך גופע. פונדעסטוועגן האָט ער ניט באַפרײַט פון דער ארבעט דעם ניט־געוועזענעם. אדאנק דער גוטסקײַט, וואָס דער דירעקטאָר האָט פארמאָגט, האָט ער אים ניט אראָפּגענומען פון דער ארבעט. דאָס ווײַב פונעם ניט־געוועזענעם האָט געזען אין אים א באַאָרטן, נאָר א גענוג אינטערעסאנטן מאנצבל. זי האָט זיך מיט אים באקאַנט אין דער יוגנט אַף די ליטעראַרישע פאָרלעזונגען אין לייענזאל פון דער טורגעניעוו־ביבליאָטעק. זי איז געווען פארכאפּט פון דעם ברייטן קוק, וואָס דער ניט־געוועזענער האָט פארמאָגט, מיט זײַן באהאוונטקײַט אין די לעצטע נײַסן פון דער פּעריאָדיק און זיכער אויך דערמיט, וואָס ער איז געווען שטארק באשיידן. איצט, קוקנדיק אַף אים, ווי בארוט ער ליגט אין דער טרונע, זעט זי, אַף וויפל ברייט עס איז געווען זײַן וויסן און ווי אנציקנדיק ס'איז געווען זײַן באשיידנקײַט. אָט איצט דעמאָנסטרירט ער זײַן שווײַגן, זײַן געבילדעטן סייכל. די כאווערטע פון דעם ניט־געוועזענעמס ווײַב, זאָל איר גאָט מויכל זײַן, זעט נאָר די פעטע פלעקן אַף זײַנע הויזן. אָט די־אָ פלעקן האָבן נאָך צוגעצויגן איר בליק, ווען דער ניט־געוועזענער איז געווען, ווי מע זאָגט, מיט אונדז. זי האָט הייס מיטגעפילט איר כאווערטע, וועלכע האָט געדארפט זײַן לעבן אזא אומציכטיקן מאן.

דעם ניט־געוועזענעמס ווײַב האָט ניט געוואָלט מעקאבער זײַן איר מאן אין טאכריכים. מ'האָט אים ארײַנגעלייגט אין טרונע און באגראָבן ווי ס'געהער צו זײַן.

נאָר פאר דעם איז ארויסגעטראָטן פלוימענ־
בוים, דעם ניט־געוועזענעמס פרײַנט, וועלכער איז
געווען ענלעך אַף יענעם, ווי א לײַבלעכער ברו־
דער. אין א גרויען מאקינטאָש אין דער סאמע פעוור־
ראל־זאווערוכע, מיט סטארטשענדיקע קעשענעס,
ווײַל אין יעדער קעשענע איז געלעגן א בוטער־
בראָד. איין בוטערבראָד אַף איין לעווײַע, נאָך א
בוטערבראָד אַף אַן אנדערער, ס'איז אזוי טרויעריק
צונויפגעפאלן, אז אין דעם זעלבן טאָג איז אים
פאַרגעשטאנען זיך געזעגענען מיט צוויי — מיט
דעם ניט־געוועזענעם און אפילע מיט דעם זייער־
געוועזענעם — מיטן דירעקטאָר פון דער נעקראַ־
סאָוו־ביבליאָטעק. פלוימענבוימס ווײַב איז געווען
פאַרויסזעעוודיק. זי האָט אײַנגעפאקט די בוטער־
בראָדן, פאנאנדערגעשטעקט אין די קעשענעס. דאָס
האָט געהאמעוועט פלוימענבוימען. ער האָט אלע
ווײַלע געטאפּט די פאפירענע פעקעלעך אין קעשע־
נע, נאָר זיי זײַנען אלעמאָל פון די קעשענעס
ארויסגעקראָכן און פלוימענבוימען איז געווען א
בושע און א כארפּע.

„גיט אהער", — האָט א שעפּטשע געטאָן די
באווערטע פון דעם ניט־געוועזענעמס ווײַב. זי האָט
א ביסל פארגרינגערט פלוימענבוימען, מע קאָן
זאָגן, אז זי האָט אים געראטעוועט.

א ביסל א באפרײַטער, איז ער געשטאנען
לעבן קיווער, האָט א פיר געטאָן מיט די הענט
איבער די ליידיקע קעשענעס, פעסטער אוועקגע־
שטעלט זײַנע קנאפּ־שטייענדיקע פיס, נאָר ער האָט
זיך געוואקלט ווי א פאָמפּעדיקל. ער האָט זיך גע־
בויגן ווי א פלוימענבוים און זיך געוויגט, און דאָס
האָט אים געשטערט אָנצוהייבן זײַן רעדע. דאָס
ווײַב פונעם ניט־געוועזענעם איז צוגעגאנגען צו
פלוימענבוימען, אים געגומען אונטערן אָרעם. פלוי־
מענבוים גופע, פונקט ווי דער ניט־געוועזענער,
האָט ניט געגרייכט אפילע ביז איר אקסל, כאָטש
א מאנצבל דארף זײַן ווּקסיקער פון א פרוי אָדער
כאָטש אין איין ווּקס מיט איר.

פלוימענבוים האָט זיך אָנגעשפּארט מיטן רוקן
אין שטאם פון א בעריאָזע און איז גאנץ דעליקאט
ארויסגעגאנגען פון דער שווערער לאגע. אלע האָבן
דאָס אָפּגעשאצט. יעדערער אַף זײַן אויפן, נאָר איך
וויל ניט פארלירן קיין איין סעקונדע צו דערציילן
וועגן דעם, ווי יעדערער האָט אָפּגעשאצט פלוימענ־
בוימס ארויסטרעטונג. אגעוו, האָט ער דאָך געפילט
מיטן רוקן דעם שטאם פונעם בוים, ער האָט דער־
פילט אַן אָנשפּאר — איז אים געווען גרינג אָנ־
צוהייבן די רעדע.

ער האָט גערעדט וועגן דעם מעסירעסנעפעש־
דיקן טאט פון דעם ניט־געוועזענעמס לעבן, וועגן
זײַן ליבע צו דער ביבליאָטעק און צו זײַן פרוי,
וועגן זײַן אויסערגעוויינלעכער באשיידנקייט, מע
קאָן זאָגן, צניעסדיקייט אַף אזויפיל, אז דער זשור־
נאל „ביבליאָטעקער" איז געווען אין פארלעגנהייט
צו זאָגן אים דאָס לעצטע געזעגענונגס־וואָרט. אויך
וועגן זײַן אינטערנאציאָנאליזם אינײינעם מיט זײַן
טיפן הומאניזם (דאָ האָט ער דערמאָנט וועגן דעם,
ווי דער ניט־געוועזענער האָט די טורעמס פון לייענ־
זאל געפירט אין בופעט און האָט זיי דאָרט מעכא־



בעד געווען מיט ווערטפולע מײַכאָלים. נאָר דאָס האָט ער געזאָגט ניט באַטראַכט, ווײַל בא דעם ניט־געוועזענעמס ווײַב און בא איר כאַווערטע האָבן זיך פֿאַרקרימט די פּענעמער, ער האָט אויך דערמאָנט די בײַוועזנדע, אַז דער ניט־געוועזענער האָט וועגן זיקנע זיך אויסגעדריקט אַזוי: „זיקנע איז ניט אַזוי די עלטער, ווי אַ כאַראַקטער־שטריך“.

דאָ בין איך געצוווּנגען צו מאַכן אַ פּאַוזע און בעטן באַם ניט־געוועזענעם, ער זאָל מיר מויכל זײַן, ווײַל איך האָב צוגעגאַנוועט בא אים זײַן אַפֿאָריזם וועגן זיקנע און דאָס אַרײַנגעלייגט אין מויל פֿון מײַן זיידן, דעם הויפּט־פּערסאָנאַזש פֿון דער דערציילונג „טאַנצט מיט אונדז“.

דער ניט־געוועזענער האָט זיך באַצויגן צו מײַן פּאָעמע זייער נעגאַטיוו. „דו האָסט געמאַכט פֿון דײַן זיידן אַ ליטעראַטור־העלד, — האָט ער געזאָגט, — בייס ער איז געווען ניט מער ווי אַ באַסערוועדאָם און אַ פֿאָלקס־מענטש“. דאָס איז געווען אַ פֿאַרוואָרף ניט בלויז מיר, דעם שלימאַזלדיקן מעכאַבער, נאָר דער גאַנצער ליטעראַטור, וואָס אַרבעט איבער לעבעדיקע מענטשן און מאַכט פֿון זיי בעלעטריסטישע העלדן.

קאָלזמאַן איך האָב געבעטן מעכילע בא דעם ניט־געוועזענעם, האָט פֿלוימענבוים מיט דערעכערעץ געשוויגן. ער איז ווי פֿאַרהילצערט געוואָרן, ווײַל דאָס אַלץ איז דאָך פֿאָרגעקומען אין דער סאַמע פּעוּראַל־קרירע און פֿלוימענבוימס פֿינגער האָבן אויסגעזען ווי די פּיסלעך פֿון אַ פֿאַרפֿרוירענעם אָף, זיי האָבן זיך ניט געבויגן אין די געלענקען, די קרירע האָט אים דורכגענומען דורך און דורך, פֿון דער פּראָסטיקער ערד ביז די שטאַרצנדיקע געלע פֿאַרפֿרוירענע הינער־פּיסלעך.

אָבער ווי נאָר ער האָט גענומען ריידן וועגן דעם ניט־געוועזענעם, האָט ער מאַמעש גענומען אָפּגיין, אַפֿילע זײַן גרויער מאַקינטאָש איז טונקעלער געוואָרן פֿון פּײַכטקײַט. ניט געקוקט אָף דער פֿאַרשטייענדיקער צווייטער לעווײַע ערגעץ אין אַן אַנדערן עק פֿון מאָסקווע, האָט פֿלוימענבוים גאָרנישט ניט איבערגעהיפּערט אין דער לעבנס־געשיכטע פֿונעם ניט־געוועזענעם.

„איר וועט אונדז דאָס אַלץ אין שטוב דערציילן“, — האָט אים אַ שעפּטשע געטאָן אין אויער די פֿרוי פֿון דעם ניט־געוועזענעם. נאָר פֿלוימענבוימען האָט זיך ניט געוואָלט גיין אָף דעם האַזקאָרע־מאָלצײַט. ער איז דאָך קיינמאָל ניט געווען בא זײַן פֿרײַנט אינדערהיים, ווײַל די פֿרוי פֿונעם ניט־געוועזענעם האָט אים פֿאַרוואָרט אײַנצולאַדן וועלכע־ניט־איז געסט אין דער דירע, וואָס איז געווען אָנגעפּאַקט מיט פּעריאָדיק, קעדיי אויסצומײַדן אַזאַ כאַרפּע.

אונדזערע זיידעס זײַנען געווען ראַבאָנים, און אונדזערע עלטערזיידעס זײַנען אויך געווען ראַבאָנים, — האָט פֿאַרגעזעצט פֿלוימענבוים, זיך קלעפּנדיק צו דעם שוואַרץ־ווײַסן שטאַם פֿון דער בעריאָזע מיטן טראַפּעצ־יעאַרטיקן גוף, — און זיי וואָלטן אונדז פֿאַרשאָלטן פֿאַר אַזעלכע לעווײַעס, קעדיי אַ ביסל ווייכער צו מאַכן זייער גרימצאָרן, וועל איך אַ זינג טאָן.

און פֿלוימענבוים האָט זיך אָפּגעקלעפּט פֿונעם בעריאָזע־שטאַם, זיך איבערגעבויגן צום קיווערגרוב.

דאָ האָט פֿאַרציטערט אויסגעשר־יען דעם ניט־געוועזענעמס פֿרוי:

— האַלט אים, האַלט אים!

דער דירעקטאָר פֿונעם שוין ניט־עקזיסטירנדיקן לייענזאַל האָט זיך דערנעענטער צו פֿלוימענבוימען און אָנגענומען די פּאָלע פֿון זײַן מאַקינטאָש. פֿלוימענבוים האָט דעליקאַט אָפּגעטשעפּעט דעם דירעקטאָרס האַנט. ער האָט דאָס געמאַכט אַזוי, גלײַך ווי ווײַסעכעווּרעניקעס האָבן געטראָפֿן אין אים מיט שטעכלקעס, און קעדיי ניט באַליידיקן די שטיפּער, האָט ער מיט אַן אומבאַמערקטן זשעסט, ווי מע רייניקט זיך אָפּ פֿון שטעכלקעס, אָפּגעטשעפּעט דעם דירעקטאָרס האַנט. און בייס קיין זאַך האָט אים שוין נישט געשטערט — ניט דעם דירעקטאָרס האַנט, ניט די בורטערבראָדן, האָט ער פּלוצעם זיך צעזונגען.

דאָס איז געווען אַ שטים פֿון אַ גאָרגלדיקן פֿויגל, אַ מין קראַק פֿון אַ וואָראָנע. דרײַ מאָל האָט ער, ניט אָפּשטעלנדיק זיך, דורכגעזונגען קאַדעש, ריירנדיק ביז טרערן דעם ניט־געוועזענעם. אַפֿילע דער דירעקטאָר פֿונעם אָפּוועזנדיקן לייענזאַל, וועלכער האָט ניט פֿאַרשטאַנען קיין איין וואָרט, האָט אויסגעווישט די אויגן מיט זײַן נאָזטיכל.

אַזויאַרום איז דאָס, וואָס עס האָט זיך אָנגעהויבן אַזוי וואָכעדיק, פֿאַרענדיקט געוואָרן פֿײַערלעך. שנײַצנדיק די נעז אין די טיכלעך, זײַנען אַלע געגאַנגען פֿונעם בעסוילעם. אַלע, אַכוץ פֿלוימענבוימען. ער האָט געשלאָסן די פּראָצעסיע, זיך דערווײַטערנדיק פֿון די איבעריקע. ער האָט שטילערהייט געקײַעט אַ בוטערבראָד, געפּיקט ווי אַ פֿויגל, זיך צוזירנדיק צו אים מער מיט דער נאָז, ווי מיטן מויל. ווי אַלע מידע פֿייגל, האָט ער זיך, פֿאַרשטייט זיך, גענייטיקט אונטערצושפּאָרן די נעשאָמע. ער האָט דאָך אַזוי געזונגען.

ווען פֿלוימענבוים איז געשטאָרבן, און דאָס איז געשען פּונקט אין אַ כוידעש אַרום, דעם אַכטן מאַרט, אין צווישנפֿעלקערלעכן פֿרויען־טאָג, איז שוין ניט געווען אַזאַ, וואָס זאָל זינגען בא זײַן קייווער, ווײַל ער איז געווען דער לעצטער, וועלכער האָט געקענט זאָגן קאַדעש.

ס'איז שווער צו זאָגן, וועמען האָט מער צוגעשפּילט — דעם ניט־געוועזענעם צי פֿלוימענבוימען. דעם ניט־געוועזענעם האָט צוגעמאַזלט מער, ווי פֿלוימענבוימען, ווײַל יענעם האָט מען געגעבן אַ קאָמאַנדירונג, אָנגעצייכנט דעם טאָג פֿון קומען, דעם טאָג פֿון אַוועקפֿאָרן, און פֿלוימענבוים, ווי מיר ווײַזט אויס, איז געוואָרן אַזאַ, ווי ער איז געווען —

א פלוימענבוים, און ביימער פאָרן ניט אין קיין קאָמאַנדירונגען. ס'טרעפט, עמעס, אַז מע פירט זיי אַריבער פון איין בעסוילעם אויף אַן אַנדערן, ווער רעדט נאָך איצטיקע צייַטן, ווען אַלעמען טיילט מען אויס ערד הונדערט קילאָמעטער פונעם צענטער, טאַקע דעריבער זייַנען די עלעקטריטשקעס איבערגעפולט, און דאָס, פאַרשטייט זיך, פאַרגרעסערט די האַכנאָסע פונעם אייַזנבאַן־טראַנספּאָרט. נאָר דאָס האָט שוין קיין שום שייַכעס נישט ניט צום ניט־געוועזענעם, ניט צו פלוימענבוימען.

אַן אַנדער זאַך איז זייער וויכטיק — וועגן פלוימענבוימען איז אויך ניט געווען קיין נעקראָלאָג אינעם זשורנאַל „ביבליאָטעקער". פאַרוואָס איז מען זיך אַזוי באַגאַנגען מיטן ניט־געוועזענעם, איז גאַנץ פאַרשטענדלעך — ער איז געווען זייער באַשיידן. פלוימענבוימען קאָן מען אויך ניט אָנרופן ווי אַזאַ, וואָס שפּרינגט דער ערשטער אָדער אַ כאַפּצעפּ־מעכוצעפּ, נאָר ער איז געווען גאַנץ נאָרמאַל באַשיידן, און פאַרוואָס איז מען מיט אים זיך אַזוי באַגאַנגען — איז אַ רעטעניש.

נאָר גענוג צו גראַגערן ס'מייַניקע: וועגן דעם אַלטן, וואָס זייַן געבורטסטאָג איז צונויפגעפאַלן מיטן טאָג פון זייַן טויט. זייַנע אויגן זייַנען פאַרדעקט, און זייַנע אויערן פאַרשטעקט מיט ערד. ס'איז צייַט צו שווייַגן, שווייַגן און געדענקען דעם ניט־געוועזענעם און זייַן פרייַנט פלוימענבוים, וועלכער איז באַוווּסט אינעם פאָלק אונטערן נאָמען — פלוימענבוים.

# גאָלדגרוב

לינקס — איוואַנאָוואָ, רעכטס — כמעליעוואָ, ס'ליאַפּעט אַ רעגן, קיין איין פייַערל. די אווטאָמאָביל־פאַרעס באַלויכטן די צערעפּעטע קאַליע, די פּאַרקנס, די פאַרקלאָטשעטע הינטער זיי הייַזער. מיר מייַדן זיי אויס, שטעלן זיך אָפּ באַם סאַמע ראַנד פונעם דאָרף, באַ דער ניאַניעס שטוב.

די כאַטע שטייט באַ אַ בלאָטע, אַ „גאָלדגרוב". באַגינען שפּרייט זיך דאָרט אַ לילאָווער נעפּל, דערווייַל אָבער האָט נאָך די בלאָטע ניט קיין קאָליר, ווייַל שוואַרץ — איז ניט קיין קאָליר. דעם וואַלד אַרום די בלאָטעס זעט מען ניט, און דעם הימל זעט מען אויך ניט. מע זעט לאַכלוטן גאָרניט. מיר באַלויכטן מיט די פאַרעס די שוואַרצע פענצטער, נאָר פון אינעווייניק ענטפערן ניט די פענצטער מיט שייַן. עפּשער איז שוין די אַלטע ניאַניע געשטאָרבן, האָט זיך, נעבעך, ניט דערוואַרט אויף אונדז.

מיר פּויקן מיט די פויסטן אין טיר. אַ נעכטיקער טאָג!

נאָר אָט האָט עפּעס אַ סקריפּע געטאָן. דער פּאַרוקער האָט אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אין פירהויז שאָרכט עפּעס. די טיר האָט זיך אויפגעעפנט און אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן אַ געשפּענסט, אַ ברעקעלע, אויסגעטריקנט ווי אַ באָב־שויטל, שטייט עס אין טיר.

— ניאַניע, דו דערקענסט אונדז ניט?

— ס'הייסט, דאָס ביסטו?

— ווער איך?

— דו, הייסט עס, ביסטו.

— און ווו איז דייַן טאָכטער ניורע?

— אין ניקאָלסקע. זי האָט כאַסענע געהאַט.

— און דו ביסט דאָ אַליין?

— אַן אייניקע.

— וואָס זשע האָסטו ניט געשריבן, מיר וואָלטן פריִער געקומען.

— איר ווייסט דאָך, אַז שרייַבן קען איך ניט, איר האָט פאַרגעסן.

— דו וואָלסט געבעטן ווערן.

— ווערקע איז אַוועקגעפאָרן צו די קינדער.

— ווו איז פּאַלאַנקע?

— טאַקע מיט איר, מיט פּאַלאַנקען, טרייסלען מיר זיך דאָ. באַנאַנד זייַנען מיר אין צאַפּלעניש, דאָ זייַנען דאָך ציגייַנער!

די אַלטיטשקע ווערט אָנשוויגן, אַ דערשראָקענע פון דעם, וואָס זי האָט געזאָגט.

— וואָס איז געשען, די שייַן האָט איבערגעברענט באַ דיר אין שטוב? — איך מיט מייַן מאַן גייען אַרייַן.

— שייַן איז דאָ, באַלד וועל איך אָנצינדן, אַזוי שליסן מיר ניט אייַן, וואָרעם טאָמער דערזען די ציגייַנער, מאַכן זיי אונדז דעם סאָף.

די כאַטע איז מיט פאָטאָגראַפיעס, ווי מיט הייליקע בילדער, נאָר אין קיך־הויז אין ווינקל הענגט אַן איקאָנע, צוגעדעקט מיט ווייַסן טיול. צוליב וואָס האָבן מיר געפירט אַזויפיל פּראָדוקטן, מירן דאָך סייַוויסיי נעמען די אַלטיטשקע קיין מאָסקווע, סייַדן פאַר פּאַלאַנקען.

אָט איז זי טאַקע. אַ צעטומלטע, אַ פאַרשלאָפענע, זעט זי אויס, ווי אַן אינדעטשקע, וואָס מע האָט אַראָפּגעטריבן פון סידעלע.

— אוי, באַגערטע אונדזערע, — זאָגט זינגענדיק פּאַלאַנקע, אירע אויגן אָן די לעפלעך זייַנען פאַרטרערט, קליינינקע, מיסטאָמע זייַנען זיי אָפּגעוווינט פון עלעקטרישער שייַן.ביידע זשמורען זיך, קערעווען אויף די פענעמער פונעם עלעקטרעלעמפל. פּאַלאַנקעס אויגן זייַנען פול מיט נייַגעריקייַט און קינע. געמאַכט אַזאַ מעהאַלעך צוליב אַזאַ פאַרדאַרטער בריִע, און זי, פּאַלאַנקע, וועלכע האָט צוויי קינדער אין מאָסקווע, וועט בלייַבן אויף ווינטער אַליין באַם ראַנד פון דער „גאָלדגרוב".

ארומקוקנדיק זיך, לאָזט זי זיך אַראָפּ אַף דער באַנק אין פּירהויז, מאַכט צורעכט די „פּעדערלעך", וואָרעם, ווי זי איז אַרויסגעשפּרונגען אַן אויפגעוועקטע פון אונדזערע שטימען, אַזוי איז זי אַרויסגעלאָפן אין הויף, און „פונעם אונטערן פרייַטיק קוקט אַרויס דער שאַבעס", זי האָט אַפילע ניט באַוויזן דאָס אונטערוועש אַרייַנשטעקן אין די רייטוזן.

— אַט דאָ באַ אונדז, באַגערטע מייַנע, געפינען זיך וועלף און ציגייַנער. אַף איוואַנאָוואַ האָבן זיי פיר שעפּעלעך אַוועקגעשלעפּט.

— ווער, די ציגייַנער צי די וועלף?

— ווער קאָן דאָס וויסן, באַגערטע מייַנע, מיר זייַנען מיט איר באַנאַנד, שליסן מיר ניט אייַן קיין שייַן, דעם טעלעוויזאָר קוקן מיר ניט. ס'ווערט פינצטער, וואָליען מיר זיך אַרייַן אין בעט, ליגן יעדערע באַזונדער, און ס'טרייסלט אונדז, ווי אין קאַדאַכעס. — אַזוי זאָגט פּאַלאַנקע און זייַטלט זיך מיט אַן אויג צום סקלעפּ הינטער דער פּאַדלאָגע, וווהין ס'איז נאַרוואָס אַראָפּגעקראָכן די ניאַניע, שקראַבעט זיך דאָרטן ווי אַ מויז.

נאָר אַט איז זי אַרויסגעקראָכן:

— דאָ האָט זיך באַ אונדז אייַנגעגנאַדיעט דער מיליציאָנער, ווייל קאַלקע, ניורעס זון, האָט אַוועקגעשטעלט דעם מאַטאָציקל באַ אונדז אין הויז, און קיין נומער האָט ניט דער מאַטאָציקל, אַלע כוידעש, ווי אין איין טאָג, קומט דער מיליציאָנער און סטראַשעט אונדז, אַז ער וועט אונדז אַרעסטירן, אויב מע וועט קיין נומער ניט צוהענגען. און ווו קאָן איך אים נעמען, דעם נומער? שטעל איך אים פּערטעלעך בראַנפן. ער האָט אַלץ אויסגעטרונקען, דער מענוווול.

אַלץ, אָבער ניט אַלץ. זי שטעלט אַ פלאַש אַפן טיש. זי גופע איז די גרייס ווי אַ טאַלעמאַטערל, נאָר די הענט זייַנען גוואַלדאָוונע גרויסע, ווי צוגעשטעלט פון אַן אַנדער מענטשן, די פינגער צונויפגעדרייטע. די גראָווע האָר, פאַרבונדן מיט אַן אַפּטייק־רעזינקע, סטאַרטשען, ווי אַ ווײדל באַ אַ הינדעלע.

— זי, זאָלט איר וויסן, וווילע מייַנע, האָט געבראַכט צו שלעפּן צוויי זאַק קליוקווע פון דער בלאָטע, איך גיי שוין ניט, פונוואַנען זאָל איך נעמען קויעך, אָבער זי? זי נעמט דעם שטעקן און גייט אַוועק אַף אַ גאַנצן טאָג אַף דער בלאָטע. „זיי האָבן דאָך קינדער, און קליוקווע איז אַ רעפּוע". ווי נאָר עס הייבט זיך די היץ, בינד צו אין אַ זעקעלע אַט דאָ און אַט דאָרט, — פּאַלאַנקע ווייַזט אַן אַף דער האַנט, לעבן פּוס־קנעכל, — גייט די היץ אַרויס ווי אַ וואַסער. ווי דאָס וואַסער גייט אַרויס פון דער קליוקווע, אַזוי גייט איבער די היץ. און שוועמלעך האָט זי אויך אָנגעבראַכן. עמעס, הייַנטיקן זומער איז קיין שוועמלעך ניט געווען, פונדעסטוועגן האָבן מיר אָנגעטריקנט אַ פולן זאַק פאַר אייַך.

אַז זי נעמט וויינען, זאָג איך צו איר:

— וואָס וויינסטו, באַ דיר זייַנען די פרעמדע בעסער פון קרויווים, און באַ מיר זייַנען די קרויווים ערגער פון פרעמדע.

— דו האָסט אַ פּענסיע, — שלאָגט זי איבער די ניאַניע.

— עמעס, מייַנע באַגערטע, אַזאַ מין טויגעניכץ, אַזאַ מין זקיינע, ווי מיר, האָט די סאָוויעטסקע מאַכט געגעבן צוויי און צוואַנציק רובל פּענסיע, און ווי דו ווילסט. מיר האָבן איין באַגער — זיך לייגן באַנאַנד אַפן אויוון און שטאַרבן אין איין שאָ.

— אָבער דער טויט נעמט אונדז ניט. איך וואַרט אַף אים, אַפן מאַלכאַמאָוועס, אַלע נאַכט בעט איך באַ מייַן מאַמעלע, נעם מיך צו זיך... — רעדט די ניאַניע און גיסט פאַנאַנדער דעם בראַנפן אין די גלעזלעך. איר קאָל ציטערט, נאָר איר האַנט ציטערט ניט, קיין איין טראָפּן האָט זי ניט פאַרגאָסן.

אַפן טיש — אָנגעשניטן גראָבע פּענעצער קעז, אוגערקעס, געזאַלצענע שוואָמען מיט געלן קראָפּ. צו דעם קעז רירן זיך די אַלטיטשקע ניט צו, זיי נעמען מיטן שפּיץ גאָפּל די גליטשיקע שוועמלעך.

אַפן טויט וואַרט מען, באַ דער „מאַמעלען" בעט מען, זי זאָל צונעמען, און אַליין כאַפּט מען זיך אַרייַן אונטער דער קאָלדרע און מע ציטערט ווי אַ בלאַט. ס'וועלן זיך צוכאַפּן די ציגייַנער מיט די וועלף, וואָס וועט מען דאַן טאָן? וועמען וועסטו דאָ רופן אין אַזאַ העקר?..

דעם זייגערס טיק־טאַק פאַלט צונויף מיט אונדזער האַרצקלאַפּעניש. אויסגעמאַטערט פונעם שלעכטן וועג, שלאָפט דער מאַן גאַנץ שטאַרק. און איך שלאָף ניט. די שטילקייַט האָט מיך אויפגעוועקט. דער לעבן־ראַש שלעפערט מיך אייַן, נאָר שטילקייַט וועקט מיך.

איך הייב זיך אויף און, טאַפּנדיק די פינצטערניש, גיי איך אַרויס אין פּירהויז, זעץ זיך אַף דער באַנק אונטער דער איקאָנע, וואָס איז אייַנגעדעקט מיט ווייַסן.

די הינט בילן ניט, די הענער קרייען ניט, עס כראַפּעט ניט אַפן אויוון די אַלטע ניאַניע, זי איז אייַנגעשלאָפן שטיל, ווי אַ מויז.

באַלד איז שוין ליכטיק. באַלד קומט דער געבענטשטער אינדערפרי. איך וועל אַרויסגייען איינע אַליין דורכן לילאָוון נעפּל, וואָס איז אָנגעפּאַיעט מיט רעגן. אַף די פּיס — דער ניאַניעס שטיוול, וועלכע רופן זיך „טשאַרלי־צאַפּלי". זיי זייַנען שוואַרצע, מיט הויכע כאַליאַוועס. אין זיי וועל איך בראָדזשען לענגויס דעם צעאַקערטן פעלד ביז די שיטערע אָסיען־ביימלעך, און זייער גרויסע איבערגוואַקסענע שוואָמען וועלן אַף מיר קוקן פון אונטער זייערע שווערע היטלען. פאַרוואָס נעמט זיי ניט פּאַלאַנקע?

אַט אַ־די פאַלאַנקע האָט אין איר שול־אופגאַבע אין דריטן קלאַס אָנגעשריבן: „די נעצקייט גייט דורך דער גאַס”. איצטער איז זי שוין א גראַמאָטנע, זי ווייסט, אז קיין שום נעצקייט גייט ניט דורך דער גאַס, ס׳זיינען דאָ פאַרשיידענע רעגנס, אויך אזא מין דריבנע רעגנדל, וואָס טריפט און טריפט אפן פּאָנעם.

איך גיי איבער דער בלאָטע. „גיי” איז ניט קיין ווערב, מיט אים באַצייכנט מען ניט דאָס גיין איבער א זינקענדיקער בלאָטע, ווו עס סטאַרטשען בערגלעך, אָבער דאָ זיינען פאַרפּירערישע בערגלעך, שטעל נאָר ארויף אף זיי דעם שטיוול, און זיי זינקען גלייך אראָפּ אין וואַסער. פריער פּרוּוו איך מיטן שטעקן. אויב דער שטעקן זינקט ניט, מאַך איך א טראָט. די קאַרליקבלעטערדיקע ביימלעך און די יאָדלעס אָן נאָדלען זילבערן זיך אין באַגינען. די אופגייענדיקע זון איז פון לילאָווע געווארן רויטלעך, באַהאַלט די טונקל־רויטע קליוקווע־יאַגעדעס.

פאַרוואָס בין איך אריינגעקראָכן אין דער בלאָטע, טאָמער וועלף אָדער שאַקאַלן, ווי וועל איך פונדאַנען אַנטלויפן, ווי וועל איך זיך אָוועקטראָגן אין די „טשאַרלי־צאַפּלי”? כ׳וואָלט געשטאַנען מיטן רוקן אָנגעשפּאַרט אין אַן אָסינע־שטאַם, איז אָבער ניין, ס׳האָט מיך אוועקגעטראָגן אהער, אָנקלייבן קליוקווע פאַר די קינדער. וויאַזוי זשע האָט די ניאַניע און פאַלאַנקע ארויסגעשלעפּט פונדאַנען א זאַק מיט יאַגעדעס?

די קאַראַל־יאַגעדעס זיינען צעוואָרפן איבער די קאָטשקעס, שווימען צווישן די בערגלעך, גרויסע און קלענערע, אַלץ איבערגעמישט, ווי זאָגט די ניאַניע: „ע־ע, וועסט גיין קלייבן קליוקווע, פאַר יעדער יאַגעדע בוק זיך”.

— ווער האָט דיך געבעטן גיין אהין? — וועט זיפצן דער מאַן, אויסגיסנדיק דאָס וואַסער פון די שטיוול. — דער טאָג איז דיר קאַרג?

איך בין ווייט פאַרגאַנגען. דאָס דאַרף זעט זיך שוין ניט. אזא שרעק, אַליין זיך עס גענומען, דאָס וועל איך דעם מאַן ניט דערציילן. א יאַגעדע נאָך א יאַגעדע האָט מיך געפירט אין דער ווייט. ניט אף די קני בין איך געקראָכן, נאָר איינגעבויגן אינדריינען. איך גלייך זיך אויס און זע די ברעגלאָזע בלאָטע. דינע יאַדלעס אָן נאָדלען האָבן זיך צונויפגעפלאָכטן אין א דורכויסיקן זילבערנעם פאָדעם, זיך צונויפגעפלאָכטן מיט זייער שפּינוועבס, זיך איבערגעפלאָנטערט, און אין מיין קאָשעק שיינען און גיסן זיך איבער בלוטיקע טרערן. מע קאָן פאַרפאַלן ווערן אף דער בלאָטע, מיט א קאָשעק בלוטיקע טרערן — ס׳איז פּאָעטיש, אָבער נאַריש. דיכטונג איז נאַריש, אין איר איז ניטאָ קיין ניכטערער זין. און בא מיר איז דאָ, טאַקע דערפאַר שרייב איך ניט קיין לידער, נאָר פּראָזע.

דאָן, אף דער בלאָטע, האָב איך דערמאָנט אַלע הייליקע, באַזונדערס די געבענטשטע נאַרישעוואַטע קסעניע, ווי האָט זי זיך געבוקט אף אַלע פיר זייטן פון דער וועלט. נאָר אויב קעסיידער גיין און גיין, קומט מען ערגעץ אָן, ניט אומעטום איז דאָך דורכויסיקע בלאָטע און א גאָלדגרוב”.

די קעשענעס פון דער קורטקע זיינען שוין פול מיט יאַגעדעס, מער איז ניטאָ וווּהין צו לייגן, און די קליוקווע איז אַלץ גרעסער און גרעסער. איז מיר איינגעפאַלן, אז מע קאָן זי שלינגען. קיינ־



מאָל האָב איך קינדער־שפּײַז ניט געגעסן, און דאָ האָב איך אָנגענומען אַ גאַנצן הויפן, אַרײַנגעשאָטן אין מויל. פאַרזוכט די קליוקווע און זיך דערוווּסט, ווי איז די אויסגעקאַלעמטע געשווירענע ערד. אַ קוק געטאָן אויף לינקס, דערזען אינדערווײַטן די קרומע כאַטעס, די צעוואַלגערטע פּאַרקנס. דאָס איז די אויסגעקאַלעמטע ערד, אַ וואַנט פון רעגן, אַ ווײַנענדיקע וואַנט, אַ פאַראַקערט פעלד און פאַרהאַקטע כאַטעס.

# וואָס פאַרא געסט!

— סאָניע, כאַפּ זיך אויף, געסט, געסט זײַנען געקומען! — און אינדערשטיל אַ פרעג געטאָן אין דער זײַט פון די געקומענע. — ווער איז עס? סאָניע, מאַמעלעך מײַנע, אַזעלכע געסט! און ווער זײַנען יענע? גייט אַרײַן, גייט אַרײַן, שטייט ניט אין דער גאַלערייע, מיר וועלן אײַך מעכאַבעד זײַן מיט סעמעטשקעס, אַזעלכע יאַדערן האָט דער קייסער ניט געגעסן.

די יאַדערן זײַנען אין מויל ווי איבערגעבערענטע קוילן, דאָס מויל איז פול מיט ביטערקייט. ס'שטייט אַ גיפּסענער יעסענין און פּאָרטרעטן פון די מאַרשאַלן אינעם זשורנאַל „אָגאָניאָק". דאָס איז די גאַנצע באַצירונג פונעם צימער.

הינטער דער שאַפע — סאָניע, אַ קלייניקער נאַכט־פייגל מיט אַ העקל־שנאָבל. אַניע הייבט אויף די שוועסטער און פירט זי אַרויס צו די געסט:

— מאַמעלעך מײַנע, סאַראַ געסט! אַניע, דו האָסט זיי מעכאַבעד געווען מיט סעמעטשקעס?

— מעכאַבעד געווען, זיי עסן שוין.

— ווײַנטרויבן גיב זיי.

— כ'וועל מעכאַבעד זײַן, כ'וועל געבן. עסט, זעלטענע ווײַנטרויבן, אַליין געבראַכט פון מאַרק.

— גאָט זאָל אויסהיטן! וואָס זײַנען מיר, כאַלילע, אַרעמעלײַט? מיר וועלן באַצאָלן.

— יאָ, מיר באַצאָלן, געוויס באַצאָלן מיר.

זיי זיצן לעבן טיש, אין פּאַטשיילעכלעך, אָפּגעוואַשענע שוין ביז לעכער. און זייער לעבן — דאָס זײַנען שטיקעלעך בורשטין, אין וועלכן ס'זײַנען פאַרשטיינערט געוואָרן קערלעך, ווײַנטרויבן און ברעקלעך מאַצע. אויב קוקן אויף דער שײַן, קאָן מען זען דינע שפּינוועבס־פעדעם — ווען סאָניע האָט געהאַט אַ גוטע ריע, האָט זי געאַרבעט אין אַזאַ „פּונקט", וואָס האָט געניייט העמדער.

— אָ, ווען מע מאַכט מיר אַן אָפּעראַציע, וואָלט מען מיך צוריקגערופן אין „פּונקט", מע וואָלט געזאָגט: „סאָניע, קומט, נייט אונדז העמדער".

— וואָס פאַרא העמדער? נו, יאָ, וועסט נאָך נייען, גאָט וועט געבן, מע וועט דיר, אימירצעשעם, מאַכן די אָפּעראַציע, און אַזוי האָבן מיר אַלצדינג, וואָס מיר האָבן ניט, דאָס דאַרפן מיר ניט.

— און וואָס מיר דאַרפן, דאָס האָבן מיר ניט!

— מיר דאַרפן ניט, אויף וואָס טויג עס אונדז?

— אָבער אַזוי האָבן מיר אַלצדינג!

— ווען מע מאַכט מיר שוין די אָפּעראַציע, וואָלט מען באַפרײַט מײַן אַניעס הענט, זי וואָלט ווידער אוועקגעגאַנגען אַרבעטן, זי רעכנט דאָך אַזוי גיך.

— פּלוידער ניט, סאָניע. ווער דאַרף די כעזשבוינעס, וואָס האָבן מיר וואָס צו רעכענען, מיר האָבן אַלצדינג.

— יאָ, אַלץ. אַניע, גיב זיי ווײַנטרויבן. אַ גאַנץ הענגל גיב זיי.

— כ'האָב שוין געגעבן, זיי עסן.

— וויאַזוי האָט איר אונדז געפונען? שוין אַ לאַנגע צײַט, אַז מיר האָבן זיך פאַרלאָרן, און קיינער זוכט אונדז ניט. מיר לעבן זיך אײַנצווייען. אַניע איז, אַדאַנק גאָט, אויף די פיס, גייט אַרויס אין שטאָט, קויפט עפּעס אײַן.

— יאָ, איך גיי אויפן מאַרק, דאָרטן איז אַלצדינג דאָ.

— אַלץ. אַזוי אַז מיר דאַרפן גאָרניט. זאָל גאָט אָפּהיטן, קיין שום געלט! אַניע, זאָג זיי, זאָלן זיי צונעמען, איך זאָל ניט זען קיין שום געלט.

די קליינטשינקע מײַלער פון די אומאָפּהענגיקע אײַנוווינער אין די כורוועס זײַנען צונויפגעקלעמט. זיי האָבן דערצויגן קינדער, אייניקלעך, זיי זײַנען געווינט צו געבן, ניט צו נעמען.

זיי זײַנען פון איין מאַמען, פיר שוועסטער. צוויי זײַנען געשטאָרבן, בוזיע און מײַן באָבע, וואָס לויטן פּאַספּאָרט איז זי מעכורע, נאָר גערופן האָט מען זי מיכליע, גיליע און מאַניע. ווי עמעצער האָט געוואָלט, אַזוי האָט מען זי גערופן. דער באָבען איז געווען אַלציינס. אויף יעדער נאָמען האָט זי זיך אָפּגערופן. איצטער אויף יעדער רוף — שווײַגט זי...

אַניע איז, נעבעך, טויב, סאָניע — איז בלינד. דאָס איז דער ריינער עמעס. דער עמעס פון לעבן, ניט פון ביכער. וואָס זאָל מען טאָן, איך צעטייל זיי ניט, זיי לעבן אינײנעם, ווי אַניע מיט סאָניען, זידלען זיך איבער אַלינקע טאָג, נאָר פאַר מענטשן, פאַר פרעמדע שטייען זיי אײנע פאַר דער אַנדערער — אָן אײַזן, אַלגעמיינע אינטערעסן.

— וויפל איז דער זייגער? — פרעגט אַניע, און אין אַ מינוט אַרום טוט זי זיך אַ כאַפּ, ווי זי וואָלט פאַרשפּעטיקט דעם לעצטן באַן. — וויפל איז דער זייגער?

— אויף וואָס דאַרפסטו דעם זייגער? — פרעגט סאָניע. — אַ גאַנצן טאָג פרעגט זי, וויפל איז דער

זייגער, אַזויווי איך וואָלט איר געקאָנט ענטפערן. אָבער האַלעמײַ? ס'איז דאָ די צײַט — לעב, ניטאָ — שטאַרב, איז דאַרף זי אַלעמאָל וויסן פּינקטלעך ביז אַ מינוט.

נאָר קיין צײַט איז ניטאָ. פֿריִער איז אויסגעגאַנגען די צײַט בײַ סאָניען, זי איז אַוועק, ניט ווייסנדיק, וויפֿל דער זייגער איז, איצטער איז צעגאַנגען ווי שניי אויף דער זון אַניעס צײַט... אַזוי זײַנען ניט געוואָרן ביידע שוועסטער. ס'האָט זיך ניט געפֿונען קיין פֿאָטאָגראַף, וואָס זאָל זיי אַראָפּכאַפּן און זיי אַרויסיאָווען אויף דעם הײַטל, טאָג־אײַן, טאָג־אויס. מיסטאָמע דערפֿאַר, ווײַל דאָס לעבן איז בײַ זיי געווען אַ געוויינלעכס, אַ קאַרגס, און, ווי ס'איז איצטער אָנגענומען זיך אויסצודריקן, אָן אומגײַסטיקס.

אין סינאַגאָגע זײַנען זיי ניט געגאַנגען. קיין מיטגלידער פֿון דער פּאַרטיי זײַנען זיי ניט געווען, די קינדער, וועלכע זיי האָבן דערצויגן, וועלכע זײַנען בײַ זיי אויסגעוואַקסן, האָט אַוועקגעשלעפּט די מילכאָמע, אַזוי אַז עס איז ניטאָ וועגן זיי וואָס צו ריידן, לאַכלוטן ניטאָ... סײַדן דאָס, וואָס זיי האָבן זייער ליב געהאַט געסט. זייער גאַסטפֿרײַנטלעכקײַט האָט אויפֿגענומען ליאַדע געסט. אָט זײַנען געקומען איינע, האָבן זיי אַוועקגעגעבן דאָס לעצטע — קערלעך און ווײַנטרויבן. און ביידע שוועסטער האָבן אַזש געשײַנט פֿון פֿרייד, קיין וואָרט ניט געלאָזט אויסריידן. זיך אָנגעשוויגן, אָנגעשריגן, באַזונדער איינע אָן דער אַנדערער. זיי האָבן ניט געזען:

דעם ערמיטאַזש,

פֿלאָרענציע, ווענעציע, נאָרוועגיע מיט אירע פֿיאָרדן,

אַפֿילע מאָסקווע — דאָס האַרץ פֿון דער מענטשהײַט האָבן זיי ניט געזען.

נאָר זיי זײַנען געווען איידעס:

פֿון פּאָגראָמען,

פֿון דער ערשטער וועלט־מילכאָמע,

פֿון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע,

גענוג פֿאַר איין לעבן!..

„וויפֿל איבערגעלעבט, און ווי ווינציק געלעבט..." כ'האָב אַ טאָעס געהאַט, ס'האָט מיך אַ רייץ געטאָן אויף אַ וואָרט־שפּיל, כ'האָב זיך געקוואַפּעט אויף דער שיינקײַט פֿון צוריק־פּראָפּאָרציאָנעלער אָפּהענגיקײַט. מיר קאָנען ניט וויסן, וואָס האָבן זיי איבערגעלעבט און וואָס האָבן זיי דורכגעלעבט.

מיר לאָזן זיך טיף דערין, וואָס ליגט אויבנויף. וואָס פֿאַר אַ לעבן האָט געקאָכט, געשטורעמט אין דעם קעסל, נאָר אַלץ האָט אויסגעקאָכט, ס'איז געבליבן אויפֿן דעק צוויי בורשטין־שטיקלעך און אין זיי אויף אייביק־פֿאַרקילטע יאָדערן, ווײַנטרויבן, ברעקלעך מאַצע, דינסטע פּעדעמלעך און בלעזלעך פֿון ניט־אויסגעוויינטע טרערן.

ייִדיש — ש. גרמאַן



פאַיִנע גרימבערג

# פאַרזעצונג קומט

„זי שיט אַזוי מיט ווערטער, אַז אַרן קומט צו־זיך ערשט אויף דער טרעפּ־פּלאַטפאָרמע מיט דעם מאַטראַץ אויף דער פּלייצע".

נו, לאָמיר האָפן, אַז איך שיט ניט אַזוי מיט ווערטער, ווי די מומע סימע, און גענאַדי עסטרײַך וועט זיך אַזוי ניט פאַרלירן, ווי איר פּלימעניק אַרן. סימע און אַרן זײַנען פּערסאָנאַזשן פון איינער פון די אַמערסטן אינטערעסאַנטע נאָוועלעס („דער מאַטראַץ"), וואָס עסטרײַך האָט פאַרעפנטלעכט. אונדזער הײַנטיקער שמועס איז, קאָן זײַן, דער ערשטער אין זײַן ליטעראַרישער ביאָגראַפיע.

ג. עסטרײַכן קאָן מען מיט פולער רעכט אָנרופן „יונגער אווטאָר". ער האָט דעביוטירט אויף די שפּאַלטן פון „סאָוועטיש היימלאַנד" אין 1986 אין עלטער פון פיר און דרײַסיק יאָר. אַלזאָ, אינגאַנצן נאָך אַ יונגער מענטש... וועלכע וועגן האָבן אים געבראַכט צו דער שאַפונג און פאַרוואָס גראָד אויף ייִדיש?

בעשאַס אונדזער אַ באַגעגעניש פרעג איך אים:

— גענאַדי, וויאַזוי איז פאָרגעקומען אײַער, ווי מע זאָגט, „באַקאַנטשאַפט" מיט ייִדיש?

— קיין שום „באַקאַנטשאַפט" איז ניט געווען. ס'האָבן זיך ניט גענייטיקט קיין ספּעציעלע סווידאַניעס. ייִדיש האָט געקלונגען אין אונדזער מישפּאָכע אָן אויפהער און איז געווען פאַר מיר אַזאַ מוטער־שפּראַך, ווי רוסיש. אויף ייִדיש האָבן גערעדט דער זיידע און די באָבע, דער טאַטע און די מאַמע...

אַדאַנק דעם טאַטן האָט דאָס ייִנגל אַנטדעקט פאַר זיך אַ רײַכע ליטעראַטור אין ייִדיש. דער טאַטע האָט ניט נאָר באַהערשט די שפּראַך, ער האָט פאַרענדיקט דעם ייִדישן פאַקולטעט פונעם זשיטאָמירער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט און איז געשיקט געוואָרן אין זלאַטאָפּאָליער ראַיאָן. לאָמיר אָבער געבן דאָס וואָרט גענאַדין.

— דער פולער נאָמען פונעם „אַדמיניסטראַטיוון איינס" איז געווען — ייִדישער נײַזלאַטאָפּאָליער ראַיאָן. געשאַפן האָט ער זיך אויף דער באַזע פון די אַלטע ייִדישע ערדאַרבעטערישע קאָלאָניעס. די היטלעריסטן האָבן אים, ווי באַוווּסט, ליקווידירט אויף זייער אויפן... דאָס איז געווען אַ באַזונדערער רעגיאָן, אַ באַפעלקערטער מיט ייִדן, וועלכע באַשעפטיקן זיך פון לאַנגאָנען מיט ערדאַרבעט, מיט פויערישער מי. אין אָט דעם ראַיאָן, האָבן עקזיסטירט אייגענע מינהאָגים, אינגאַנצן אַ ספּעציפישער קאָלאָריט. דאָרט איז אויסגעוואַקסן מײַן מאַמע, דאָרט האָט זי מיטן טאַטן זיך באַגעגנט און כאַסענע געהאַט.

אויסמײַדנדיק צו רעדן צופיל וועגן זיך, פאַרשווײַגט גענאַדי וועגן דעם, אַז ווען דער פאָטער האָט פאַרלוירן די ריִע, האָט דער זון אים געלייענט אויף אַ קאָל די ווערק פון קינסטלערישער ליטעראַטור אויף ייִדיש...

נו, און וואָס ווײַטער? עפּשער לויט אַ טראַדיציע — דער פילאָלאָגישער אָדער היסטאָרישער פאַקולטעט פונעם אוניווערסיטעט? ניין, דאָס לעבן גייט מיט זײַנע וועגן, אָפּט מער אומדערוואַרטע, איידער מע קאָן זיך פאָרשטעלן. גענאַדי האָט פאַרענדיקט דעם זאַפּאָראָזשיער מאַשינבוי־אינסטיטוט, איצט אַרבעט ער אין איינעם פון די מאָסקווער פּראָיעקט־אינסטיטוטן, באַשעפטיקט זיך מיטן פאַנאַנדעראַרבעטן אווטאָמאַטיזירטע אָנפירונג־סיסטעמען.

דער לייענער וועט דערווידערן: צוליב וואָס דאַרף מען אַזוי גענוי איבערדערציילן די ביאָגראַפיע פון אַ מענטשן, וועלכער האָט אָקאָרשט אָנגע־

הויבן שרײַבן, מע קאָן זאָגן, א יאָר מיט א מיטוואָך! אויך מיר א גרויסער קלאסיקער!

פארשטייט זיך, אז די נײַע אווטאָרן, וועמענס נעמען און ווערק באווײַזן זיך אלץ אָפטער אף די שפאלטן פון „סאָוועטיש היימלאנד", זײַנען נאָך דערווײַל ניט זייער קיין „גרויסע קלאסיקער", עס פרייט אָבער דער עצם פאקט, וואָס א היפשער טייל פונעם אווטאָרן־קאָלעקטיוו פון דעם זשורנאל איז אזוי יונג געוואָרן אין די לעצטע יאָרן, וואָס עס רעדט וועגן א נײַעם צופלוס פון קויכעס אין אונדזער אלטער ייִדישער ליטעראטור. און בעפייִרעש איז אינטערעסאנט צו וויסן, מיט וועלכע וועגן עס זײַנען געגאנגען צו דער ייִדישער שפראך אזעלכע שוין אײַנגעוואָרצלטע אינעם מאמע־לאָשן יונגע שרײַבער, ווי באָריס סאנדלער, לעוו בערינסקי, וועלוול טשערנין, גענאדי עסטרײַך... צום אונטערשייד פון די שריפטשטעלער פונעם עלטערן דאָר, האָט דאָך זייער שפראך־סוויווע פון קינדווײַז אָן זיך אונטערשיידט מיט א שטאנדהאפטיקער צוויישפראכיקײַט, זיי האָבן פארענדיקט רוסיש־שפראכיקע שולן און הויכשולן, אינעם גרעסטן טייל פון זייער טאָגטעגלעכן לעבן באנוצן זיי זיך מיט דער רוסישער שפראך און אין דער שײַן פון דעם אלעם איז באזונדערס וויכטיק נאָכצושפירן נאָך זייער פערזענלעכער און באזונדערס נאָך זייער שריפטשטעלערישער בייִאָגראפיע. ווײַל יעדער רינג אין דער בייִאָגראפיע פון די דאָזיקע יונגע מענטשן איז בעטאָך א נײַער שריט אפן ניט־פאָשעטן וועג פון רעאליזירן און בארעכטיקן דעם גורל פון א הײַנטצײַטיקן סאָוועטישן ייִדישן שרײַבער; און אפילע (נעם העכער!) א נײַער שריט אפן וועג פון דער פאָרמירונג פון א הײַנטצײַטיקער יונגער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור.

דעריבער לאָמיר זיך אומקערן צום העלד פון אונדזער איצטיקן ארטיקל, צום יונגן פראָזאיקער גענאדי עסטרײַך. דאָס איז, ווי מיר זעען, א גאנץ מאזלבראָכעדיקער פאכמאן מיט הויכער טעכנישער בילדונג. אָבער דער אינטערעס צו די ייִדישע טראדיציעס, צו דער געשיכטע און דער קולטור פון אונדזער פאָלק ווערט ניט אויסגעלאָשן אין זײַן טאָגטעגלעך לעבן. עסטרײַך באשליסט צוערשט א פרוּוו טאָן זיך ווי א היסטאָריקער־ליבהאָבער.

—איך האָב באשלאָסן אָנשרײַבן וועגן די ייִדישע ערדארבעטערישע קאָלאָניעס. ניט האָבנדיק, ווי א זעלבסטעטיקער ליבהאָבער, קיין צוטריט צו די ארכיוון, האָב איך אליין געזוכט וועלכע־ניט־איז דאָקומענטן, פינקטלעכער גערעדט — געמאכט פאר זיך אויסצוגן פון די שוין פובליקירטע מאטעריאלן. מיך האָט באזונדערס אינטערעסירט די געשיכטע פון דער אנטשטייונג פון די דאָזיקע ייִשוווים...

— אף וואָס פאר א שפראך האָט איר אָנגעהויבן עס צו פארשרײַבן?

— צוערשט אף רוסיש, דערנאָך בין איך אריבער אף ייִדיש...

— און נאָך שפעטער האָט איר פארשטאנען, אז אײַער בארוף איז שרײַבן פראָזע?

— יאָ, נעמלעך אזוי. און ניט סתם פראָזע, נאָר ייִדישע פראָזע. און געהאָלפן האָט מיר צו אָנהייבן גלייבן אין אָט דעם בארוף מײַנער א פרײַנט אין דער רעדאקציע פון „סאָוועטיש היימלאנד". ער האָט מיר צוגעגעבן מוט, ווען איך האָב אים באוויזן די ערשטע ליטעראַרישע פרוּוון, און פאָרגעלייגט מיר אָפגעבן די מאנוסקריפטן אין דער רעדאקציע. און ווײַטער ווייסט איר שוין, וואָס עס איז געשען. מײַנע דערציילונגען זײַנען אָנגענומען און אָפגעדרוקט געוואָרן אינעם זשורנאל...

— נו, און ווי האלט עס מיט די היסטאָרישע פאָרשונגען?

— איך האָף, אז זיי וועלן מיר העלפן בייסן שרײַבן גרעסערע און קלענערע דערציילונגען אף דער היסטאָרישער טעמאטיק.

גענאדי עסטרײַך איז שוין עטלעכע מאָל ארויסגעטראָטן מיט זײַנע פראָזע־ווערק אף די שפאלטן פונעם זשורנאל. די לייענער זײַנען, קאָן מען זאָגן, שוין באקאנט מיט זײַן „האנטשריפט". ארויסווײַזנדיק די נייטיקע אָפעראטיווקײַט צו פארבאנדערקוקן א נײַעם שפראָצלינג, וועלן מיר פרוּוון פעסטשטעלן די גרונט־שטריכן און סטיל־אייגנשאפטן פון די ווערק פון אָט דעם יונגן שעפער.

מיר לייענען די ניט־גרויסע נאָוועלע „דער מאטראַץ", די זעלבע, וואָס מיט איר ציטאטע הייבט זיך אָן דער דאָזיקער ארטיקל. וואָס ציט קודעם־קאָל צו צו זיך די אויפמערקזאמקײַט? פארשטייט זיך, די אָפוועזנהײַט פון דעם, וואָס איז אָנגענומען צו אָנרופן „א פארכאפנדיקער סוזשעט". גאָרניט „אזעלכס" קומט ניט פאָר! פאָשעט, איינער אן ארן, א מענטש, ניט זייער קיין מאזלדיקער, האָט פארענדיקט א טעכניקום, עס שיטן זיך באגריסונגען, ס'איז צופרידן דער נאטשאלניק, עס פרייט זיך זײַן קאָלעגע לוקיאנאָוו. מע האָט געהעכערט ארענען אף צען רובל דעם לוין. דאָס ווײַב וויינט שיר ניט פון גליק. מע דארף ארײַנגיין צום פעטער מאָטל, זיך טיילן מיט אים מיט דער פרייד. דער פעטער מאָטל אָבער האָט זײַן אייגענע פרייד — ענדלעך געקויפט א מעבל־גארניטור! און אָט, אָנשטאָט א ווארעמען שמועס איז אויסגעקומען צוזאמען מיט מאָטלס זון סערגייען, אונטער דער קאָמאנדע פון דער טומלדיקער מומע סימע זיך נעמען פאר דער ארבעט. די מומע סימע רעדט אײַן ארענען, ער זאָל קויפן דעם איצט שוין ניט נייטיקן מאטראַץ אף פיסלעך — סאכאקל צען רובל! אין טאָך דארף ער, ארן, דעם מאטראַץ אף קאפאָרעס, אָבער א פארטויבטער פון דער מומעס פלאפלערײַ, קלײַבט ער זיך מיט גרויס מי ארויס פון דער דירע מיטן מאטראַץ אף דער פלייצע. אין טראמווײַ קומט אים נאָך אויס צו צאָלן שטראָף דעם קאָנטראָליאָר, דערנאָך שלעפט ער מיט דער הילף פונעם ווייכהארציקן קאָנטראָליאָר דעם פיללײַדנדיקן מאטראַץ אפן מיסטפלאַץ. נו, דאנקען גאָט, צו אלץ נעמט א סאָף, און עס קומט אָן דאָס עמעסע גליק, די עכטע לינדערונג. בלויז דאָס צעבראָכענע הילצערנע פיסל אין דער קעשענע דערמאָנט וועגן דער שווערקײַט, וואָס האָט אײַנגעבויגן די פלייצע...

ניט צופעליק שטעלן מיר אזוי אויספירלעך זיך אָפ אפן אינהאלט פון אָט דער נאָוועלע. פארשטייט זיך, אז אין דער ערשטער ריי ווילט זיך פארגלײַכן ארענען מיט שאָלעם־אליכעמס „קלאסישע שלימאזלען", אָבער ניין, ארענען וועסטו אזוי ניט אָנרופן. דער אנעקדאָטישער צופאל מיטן מאטראַץ אקצענטירט בלויז די שטייגערישע גרויקײַט

פֿון זײַן טאָגטעגלעך לעבן. גיכער בעט זיך צו
פֿאַרגלײַכן אים מיטן העלד פֿון דער באַקאַנטער
פֿאָלקס־מײַסע וועגן דעם מענטשן, וועמען עס איז
געוואָרן ענג אין שטוב און לויט דער אײצע פֿון א
כאָכעם לאָזט ער אַהין אַרײַן אײנעם נאָכן אַנדערן
אַלע זײַנע שטוב־באַלעבאַטים און נאָכדעם פֿירט ער
זײ אַרויס אײנעם נאָך דעם אַנדערן צוריק. אַזוי
ווערט פֿאַרוואַנדלט די וואָזגעניש מיטן מאַטראַץ
אין א מין סימבאָל פֿון קלײן־באַלעבאָסלדיקער עק־
זיסטענץ, פּונקט ווי דער פֿאַרוואָרפֿענער אָפּן מיסט־
פּלאַץ מאַטראַץ וואָלט סימבאָליזירט די לאַסט פֿון
דער כאַטשבי אויף א רעגע אַראָפּגעוואָרפֿענער גרויס־
קײַט. אָבער די אַלגעמײן־מענטשלעכע אידיי פֿון
אָט דער נאָוועלע וועגן דער מאַכט פֿון קלײנבירגער־
לעכקײַט, וועלכע צעפּרעסט די נעשאָמע, איז
אויסגעדריקט אויפֿן סמאַך פֿון די אײַנגעוואָרצלטע
אין דער ייִדישער ליטעראַטור טראַדיציעס.

— זאָגט, ביטע, גענאַדי, ווער פֿון די קלאַסי־
קער איז אײַך אַמערסטן נאָענט?

— מיט אַלע מײַנע קושיעס פֿיל איך שאָלעם־
אַלייכעמען, דערבײַ שאָלעם־אַלייכעמען דעם נאָ־
וועליסט. אין זײַנע נאָוועלעס ציט מיך קוידעמקאָל
צו דאָס געפֿיל פֿון אַן עכט פֿולבלוטיק לעבן, פֿון
אַדעקוואַטקײַט אין דער אָפּשפּיגלונג פֿון דער
קאָנקרעטער ווירקלעכקײַט...

אָט האָט איר נאָך איין געלעגנהײַט פֿאַר מאַכ־
שאָוועס. שאָלעם־אַלייכעם... ס'איז א סאָפּעק, צי
עס איז פֿאַראַן כאָטש איין פּראָזאַיִקער פֿון דער
נײַער צײַט, אין וועמענס שאַפֿונג מע וואָלט ניט
געקאָנט געפֿינען באַריר־פּונקטן מיט די גרונטלייגנ־
דיקע יעסוידעס פֿון שאָלעם־אַלייכעמס שעפֿערישער
יערושע. יאָ, אייניקע מיטצײַטלער פֿונעם מערק־
ווירדיקן שרײַבער זײַנען געווען עפּשער מער דיי־
נערע סטיליסטן, האָבן ראַפֿינירטער אויסגעבויט די
סושזעט־קאַנווע, אָבער בלויז שאָלעם־אַלייכעמען
האָט זיך אײַנגעגעבן צו שאַפֿן דאָס, וואָס רופֿט זיך
אַרכיטיפּישע מאָדעל פֿון א פּראָזאַיִש ווערק אויף
ייִדיש. די דאָזיקע אַרכיטיפּישקײַט איז ניט נאָר אין
די פּרינציפּן פֿון אויסבויען א סושזעט, אין די
קרעפֿטיק אויסגעפֿורעמטע כאַראַקטערס, נאָר פֿריִער
פֿאַר אַלץ, אין דעם אינטאָנאַציאָנעל־סטיליסטישן
אויסדרוק. פֿאַר די יונגע פּראָזאַיִקער שטייט א קאָמ־
פּליצירטע ניט־אײנדײַטיקע אויפֿגאַבע: פֿאָרזעצן און
אַנטוויקלען ווײַטער די טראַדיציעס פֿון שאָלעם־
אַלייכעמס אַרכיטיפּישער פּראָזע, אויסמײַדנדיק צו
פֿאַרוואַנדלען דאָס טראַדיציאָנעלע אין א סטאַנדאַר־
טער און סטערעאָטיפּישער סכעמע. און דער ער־
שטער טראָט אויפֿן וועג פֿונעם קאַמף מיטן טראַפֿאַ־
רעט איז, פֿאַרשטייט זיך, אַרײַנפֿירן אין די דער־
ציילונגען נײַע הײַנטצײַטיקע טעמעס, סושזעטן,
מאָטיוון.

ג. עסטרײַכס נאָוועלע „אַלטע אָפּגעריבענע
טרעפּ" טראַקטירט די פּראָבלעם וועגן דעם אַרויס־
פֿאָר מיצאַד אייניקע ייִדן פֿון פּסטר קיין ייִסראָעל.
צום קאָוועד פֿונעם יונגן אַווטאָר דאַרף מען אָפּ־
מערקן, אַז ער פּרוּווט ניט פֿאַרלייגן קיין „גרייטע"
לייזונגען, פֿאַרפֿולט ניט זײַן דערציילונג מיט פֿון
פֿריִער „ריכטיקע" סענטענצן.

דער סושזעט איז, ווי טאָמיד בא עסטרײַכן,
ביז גאָר א פּאַשעטער. עס שטאַרבט דער אַלטער

לערער פֿון געשיכטע רוּווים כאַנאַנאָוויטש, און זײַן
געוועזענער שילער יורע קומט צו פֿאָרן אין די
היים־ערטער אויף דער לעווײַע. צוערשט יורעס פֿאָ־
טער און דער לערער, וועלכע זײַנען געשטאָרבן
אין די היימישע קאַנטן, האָבן פֿאַרזאַמלט אַרום זיך
אַלע קרוּווים און פֿרײַנט; דין פֿלעכט זיך איבער
מיט די אַנדערע מאָטיוון אינעם סושזעט די טעמע
פֿון דעם היימלאַנד. אויך יורע האָט זיך דאָך גע־
קווענקלט: צי זאָל ער ניט פֿאַרלאָזן דעם סאָוועטנ־
פֿאַרבאַנד. אָבער גראָד דער אַלטער לערער פֿון
געשיכטע האָט אונטערגעהאַלטן אין אים די איבער־
צײַגונג, אַז ס'איז פֿאַראַן איין היימלאַנד באַם
מענטשן. לויטן לויפֿיקן ווילן אָדער לויט א קאַפּריז
וועסטו קיין אַנדער היימלאַנד ניט געפֿינען. „פֿון
א מענטשן, וועלכער ווייסט ניט דאָס פֿריִערדיקע
לעבן, קאָן מען דערוואַרטן וואָס נאָר איר ווילט".
און מיט א באַזונדערער וואָגיקײַט, מיט א פֿילאָ־
סאָפֿישן אינהאַלט ווערט אָנגעפֿילט דער פֿינאַל־
עפּיזאָד, ווען מאַשע, רוּווים כאַנאַנאָוויטשעס שנור,
באַגעגנט דעם געקומענעם אין די היימישע ערטער
פֿון מאָסקווע יורען מיט די ווערטער וועגן דעם,
אַז מע וואַרט דאָ אויף אים...

— גענאַדי, וועמען שעצט איר מער פֿון די
סאָוועטישע ייִדישע פּראָזע־מײַסטערס?

— איך האָב ליב די פּראָזע פֿון פּערעץ מאַר־
קישן, שירע גאָרשמאַן, מוישע אַלטמאַנען. אַלטמאַנס
טראַדיציע זעצט פֿאָר באָריס סאַנדלער, מײַן קאָ־
לעגע פֿון קעשענעוו...

— און ווער זײַנען אײַערע באַליבטע רוסישע
סאָוועטישע שרײַבער?

— דער רײַפֿער טריפֿאָנאָוו, נאַגיבין...

דאָס הײַנטצײַטיקע און דאָס טראַדיציאָנעלע...
מעשונעדיק און אייגנאַרטיק האָבן זיי זיך איבער־
געפֿלאָכטן אין דער נאָוועלע „אין א בעדאַרקע".
דער מיליטערישער זשורנאַליסט דערמאָנט דערוויי־
טערט בערגעלסאָנס אייניקע פּערסאָנאַזשן, דער
באַריידעוודיקער באַלעגאָלע איז מיט עפּעס ענלעך
אויף שאָלעם־אַלייכעמס לייזער דעם באַלעגאָלע,
מאָטל מאַרגוליסעס שיינע טעכטער ווערן אונטער־
געטראָגן ווי א מין רעפֿלעקטאָר־אָפּשײַן פֿון טעוויע
דעם מילכיקנס טעכטער, די סיטואַציע מיטן מאַלע
זײַן ברענגט אויפֿן זיקאָרן אי. באַבעלס דערציילונג
„קאַרל־יאַנקעל".

איז עפּשער די דאָזיקע דערציילונג וועגן א
זשורנאַליסט, וואָס פֿאָרט צוגאַסט צום ברודער, און
וועגן א באַלעגאָלע־בריוונטרעגער, וועלכער פֿירט
דעם זשורנאַליסט, בלויז א קאָמפּיליאַציע פֿון פֿרעמ־
דע מאָטיוון, פֿון קלאַסישע סושזעטישע גענג?
פֿאַרשטייט זיך, אַז ניט. פֿאַר עסטרײַכס ביידע נאָ־
וועלעס זײַנען, בא דער טראַדיציאָנעלער דאָמיני־
רונג פֿון דירעקטע מאָנאָלאָגישע רייד, וואָס זײַנען
איבערגעשאָטן מיט טראַדיציאָנעלע פֿאָלקס־אַפֿאָריז־
מען, קוידעמקאָל כאַראַקטעריסטיש די געלונגענע
פֿאַרווייכערונג פֿון דער סטערעאָטיפּיש געוואָרענער
אינטאָנאַציאָנעל־לעקסישער ספּעציפֿיק פֿון דער דער־
ציילונג אויף ייִדיש, אָט איז א בײַשפּיל: „...די טעכ־
טער זײַנען בא אים אַלע שיינהײַטן, און מע וועט
זיי צעכאַפּן פֿאַר א וואָך צײַט, און נאָכדעם וועט
מען קומען און קלאַפּן אין די פֿענצטער און זיך
נאָכפֿרעגן, צי ער האָט נאָך". די ריטמיק פֿון דער

דערציילונג בייַט זיך אין דער זייַט פון מער גלאַטקייַט, עס פאַרקלענערט זיך אַ ביסל די נערוועזע איבערגעריסנקייַט; און אין דעם פילט זיך די פאָזיטיווע ווירקונג פון דער רוסישער פּראָזע.

אָבער ניט נאָר מיט דער סטיליסטישער און שפּראַכלעכער אייגנאַרטיקייַט צייכנט זיך אויס עסטרייַכס נאָוועלע, פאַר איר איז אויך כאַראַקטעריסטיש די געוויסע פאַרלייַכטערונג פון דער רעטראָספּעקטיווער ווייַטקייַט. דאָס, וואָס דער בריוונטרעגער דערציילט, איז אַן אָן פאַר זיך ווערטפול, ס'איז אַ מין אינפאָרמאַציע, וואָס באַקומט אַ באַזונדערע ווערט אַלס סימבאָל פון דעם אומענדלעכן פאָלקס־זיקאָרן, וועלכער היט אָפּ אין אַן אייניקייַטלעכן שטראָם דאָס גרויסע און דאָס קליינע, דאָס לעכערלעכע און דאָס טרויעריקע. ניט אומזיסט טראַכט אינעם פינאַל דער זשורנאַליסט וועגן דעם, אַז די דערציילונגען פון זייַן באַרעדעוודיקן מיטשמועסער וואָלט געקלעקט ניט אויף איין בוך...

— אין וואָס זעט איר די הייַנטצייַטיקייַט פון אַ ליטעראַריש ווערק?

— לויט מייַן מיינונג, באַשטייט די הייַנטצייַטיקייַט ניט אַזוי אין דער סומע פון וואָסער־ניט־איז קאָנקרעטע לעבנס־סימאָנים, ווי אין דער עצם פּראָבלעמאַטיק פונעם ווערק. איך מיין, אַז הייַנטצייַטיק איז אַלץ, וואָס אַנטשפּרעכט דעם וועלטבאַנעם פון אַ הייַנטיקן מענטשן...

פאַר ריטען אָבער, דער העלדן פון דער נאָוועלע „אַ צימער מיט אַ הויכער סטעליע", זייַנען געוואָרן הייַנטצייַטיק „די מייַסים פון ווייַט פאַרגאַנגענע צייַטן". דאָס מיידל, וואָס איז געקומען פון בערדיאַנסק קיין מאָסקווע, קעדיי אָנגעבן די דאָקומענטן אינעם פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט, עפנט פאַר זיך אין דער אַלטער מאָסקווער קאָמונאַלער קוואַרטיר אַ ביז גאָר נייַע וועלט. ריטעס קאָנטאַקטן מיט די צוויי זקיינעס, איר פעטערס שכיינעס, זייַנען ווי אַ בריק צווישן דער פאַרגאַנגענהייַט און דער צוקונפט. די „צעדרייטע זקיינע" פאַרוואַנדלט זיך, ווי אין אַ מייַסעלע, אין אַ יונגער ראָמאַנטישער רעוואָלוציאָנערקע, וועלכע לעבט איבער איר צעשיידונג מיטן געליבטן...

אָנהייבנדיק פון אָט דער נאָוועלע, קאָן מען שוין, אַפּאָנעם, ריידן וועגן עסטרייַכס ספּעציפישן קסאַוו, וועגן זייַנע אייגענע פּערסאָנאַזשן. די אייגנטימלעכע פאַר אים דערציילונג־פאָרם — דאָס איז אַ נאָוועלע, אין וועלכער די פּערסאָנאַזשן אַנטפּלעקן זיך בולעט אויסער דער אַקטיווער אַנטוויקלונג פון דער סוזשעט־קאַנווע; זיי וואַקסן אויס אין דער גאַנצקייַט פון זייערע כאַראַקטערן, אין דער אייגנאַרטיקייַט פון זייער נאַטור, פון דעם וואָכעדיקן לעבן מיט די געוויינלעכע דייַגעס, זאָרגן, איבערלעבונגען...

— צי זייַנען פאַראַן בייַ אייַערע פּערסאָנאַזשן קאָנקרעטע פּראָטאָטיפּן אינעם לעבן?

— אַוודאי פאַראַן. שאַפנדיק מייַנע פּערסאָנאַזשן, שטויס איך זיך אָפּ פון די געשטאַלטן פון קאָנקרעטע לעבעדיקע מענטשן, וועלכע איך קען גאַנץ גוט, פון די געשטאַלטן פון מייַנע פרייַנט און נאָענטע...

בייַם לייענען די נאָוועלע „די ווערדנע באָבע באַשעווע" ווערט טאַקע ווידער אויפגעוועקט דאָס געפיל פון געוויינלעכקייַט פונעם טאָגטעגלעכן לעבן. די גרענעצן פון דעם מישפּאָכעדיקן קרייַז, וועמענס צענטער עס איז די אַלטע באַשעווע, צערוקן זיך אין געוויסע מאָמענטן ביז די גרענעצן פון ברייטע פאַראַלגעמיינערונגען. מע קאָן עס זאָגן וועגן דער אַלטערס זון, פעטער וואָלאָדיע, וועמענס נאָמען האָט געהאַט אויסצושטיין אַ גאַנצע ריי טראַגיקאָמישע מעטאַמאָרפאָזעס: לויט די דאָקומענטן איז ער בענציען, אויף דער אַרבעט — יעווגעני, אין שטוב — וואָלאָדיע, און ביכלאַל רופט מען דאָך אים דאָוויד; אויך וועגן באַשעוועס אַליין, זי האָט ליב צו לייענען אויף אַ קאָל עפּעס טשיקאַוועסדיקס און שטעלט פעסט לויט איר פאַרשטאַנד די קולמינאַציע־מאָמענטן. באַשעווע איז אַ געשטאַלט פון אַ שטאַרקער, פיל אויסגעפּרוווטער אַמכאָ־פרוי, אַן עכטער היטערן פון דער נעסט.

— וויאַזוי באַציט איר זיך צו אייַערע פּערסאָנאַזשן?

— נו, ערשטנס, האָב איך זיי פּאָשעט ליב...

— און צווייטנס?

— צווייטנס? איך סטאַרע זיך זייַן שטרענג צו זיך, ווי צו אַ שעפער פון מייַנע פּערסאָנאַזשן, פון מייַנע העלדן...

דאָס טאָגטעגלעכע לעבן פון די העלדן פון דער נאָוועלע „ערעוו כאַנוקאַס־האַבאַיִס" גייט לאַכלוטן ניט שלעכט: דאָס פּאָרפּאָלק מאַרק און ליזע האָבן באַקומען אַ נייַע דירע, זייער טאָכטער לענע קלייַבט זיך, נאָכן פאַרענדיקן די שול, אָנקומען אין אוניווערסיטעט, גוט האָט זיך אויך אייַנגעפונדעוועט דאָס לעבן בייַ ליובען, ליזעס כאַווערטע. דערוויסנדיק זיך, אַז מאַרק און ליזע פאָרן אַריבער אין אַ נייַער דירע, קלינגט זי זיי אָן און לייגט פאָר איר הילף. פאַרוואָס זשע האָט מאַרק זיך אָפּגעזאָגט? ווייַזט זיך אַרויס, אַז הינטער דער אויסערלעכער באַרויִקטקייַט באַהאַלטן זיך קאָמפּליצירטע און דראַמאַטישע מענטשלעכע באַציִונגען...

די קינדערשע פרייַנטשאַפט, די פאַרליבטקייַט פון דעם דעמלט נאָך יונגן מאַריק אין ליובען, דער אַרעסט פון ליובעס פאָטער, די שווערע מאַטעריעלע לאַגע בייַ דער פאַרבליבענער מישפּאָכע, די הילף, וועלכע עס ווייַזט איר אַרויס מאַריקס פאָטער... דער אַוטאָר שילדערט שטרענג אָביעקטיוו אָט די רעאַלע לעבנס־ווידעראַנאַנדן. ס'האָט זיך פאַרענדיקט די קינדהייַט, מאַרק איז שוין אַ דערוואַקסענער, ער האָט כאַסענע געהאַט. אָבער די נייַע באַגעגעניש מיט ליובען טראָגט אַרייַן אַ צערודערונג אין זייַן לעבן. לויט דער נאַטור איז ער גיכער אַ ווילנלאָזער מענטש, ניט קיין „זוכער פון פּאַסירונגען". אָבער עפּשער גראָד די דאָזיקע אייגנשאַפט פון זייַן כאַראַקטער דערלויבט ליובעס שטאַרקער ווילן „אייַנצוהאַלטן אים לעבן זיך".

האַקלאַל, פון דער זייַט קאָן זיך דוכטן, אַז אַלץ איז דאָ קעשורע. עס כאַווערן זיך צוויי גוטע בעשאָלעמדיקע מישפּאָכעס. אָבער אינווייניק איז דער מאַצעוו פול מיט מאַטערנדיקע פּראָבלעמען, אָנגעצויגענע ווי אַ סטרונע...

אין אָט דער נאָוועלע פּרוווט דער אַוטאָר אַריבערוואַרפן אַ בריקל פון דער טראַדיציאָנעלער ייִדישער ליטעראַטור, וועמענס דאָמינירנדיקע טעמע איז טאָמיד דער סאָציאַלער, געזעלשאַפטלעכער

מאצעוו פון די פּערסאָנאַזשן אין זייער אַרומיקער וועלט, צו דער רוסישער און אייראָפּעיִשער טראַדיציע פון א דינעם פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז פון די אינטימע צווישנבאַציִונגען. אַפילו אין אַזעלכע אויסטערלישע אין זייער ריינעם און דורכדרינגלעכן ליריזם שאָלעם־אַלייכעמס ווערק, ווי „סטעמפּעניו" און „שיר־השירים", זיינען די אינטימע באַציִונגען און געפילן, וועלכע בינדן צונויף א מאַנצבל מיט א פרוי, א באָכער מיט א מיידל, גלייך ווי צעגאַנגען געוואָרן אויפן אַלגעמיינעם „סאָציִאַל־באַפאַרבטן" פאָן פון דער דערציילונג. די „עטנאָגראַפיע", דער „סאָציִאַל־שטייגערישער" יעסאָד האָבן דאָמינירט איבער דער „אַלגעמיין־מענטשלעכער פּסיכאָלאָגיע". און דאָס איז פאַרשטענדלעך, ווייל דאָס לעבן אין דער יידישער סוויווע האָט איבערגעלאָזט ווייניק צייט פאַר „ליידנשאַפטן". דעריבער שטעלן זיך לייכט מיידעלעך אין דער גאָרער וועלט אויפן אָרט פון נאַטאַשע ראָסטאָוואַ און פרויען אין רייפן עלטער נעמען אויף ווי זייער אַן „אייגענע" אַנע קאַרענינאַ. ס'איז אָבער א ספק, צי אַפילו מיר, די דירעקטע יאָרשים פון שאָלעם־אַלייכעמס סטעמפּעניו און ראָכעלע, קאָנען זיך פאַרגלייכן מיט זיי, זיי זיינען פאַרבליבן דאָרט, ווייט, „אין דער געשיכטע", און מיר האָבן אין אונדזערע געפילן זיך א רוק געטאָן פאָרויס. צי דאַרף מען האַלטן, אַז דאָס איז א כיסאָרן פון דער יידישער ליטעראַטור? פאַרשטייט זיך, אַז ניט. דאָס איז בלויז איר אייגנשאַפט, איר ספּעציפיק.

עס שווימט אָבער אויף א פראַגע: צי איז ניט געקומען די צייט רעפאָרמירן אין עפּעס־וואָס די דאָזיקע ספּעציפיק? די לעבנס־באַדינגונגען פון די סאָוועטישע יידן האָבן דאָך פון לאַנג זיך געענדערט. איז דען ניט געקומען די צייט אַוועקצושטעלן אין סאַמע צענטער די ווערק, אין וועלכע פּערזענלעכע, אינטימע באַציִונגען זאָלן ווערן א דאָמינאַנטע?

אַזאַ פּרווו האָט געמאַכט אין דער נאָוועלע „ערעוו כאַנוקאַס־האַבאַיִס" גענאַדי עסטרייך. דער דרייעק ליזע—מאַרק—ליובע ווערט שאַרף אַרויסגערוקט אויפן ערשטן פּלאַן, עס אַנטשטייט א טענדענץ, אַז אין דער דערציילונג דאָמינירט גראָד דער פּערזענלעכער, עמאָציִאָנעלער, אַלגעמיין־מענטשלעכער יעסאָד. די דאָזיקע טענדענץ לאָזט זיך פילן אויך אין דער טראַקטירונג פון די געשטאַלטן, אין דער דערנעענטערונג פון אָט דער טראַקטירונג צו די רוסישע און אייראָפּעיִשע קלאַסישע קאַנאָנען. און אָט באַווייזט זיך שוין אין ליובעס כאַראַקטער עפּעס פון מאָפּאַסאַנס „פאַטאַלע פרויען" און פון טשעכאָווס „אַנע אויפן האַלדז"... דאָס אַלץ רופט, נאַטירלעך, אַרויס אויך אַן ענדערונג אינעם צוגאַנג צו דער סטיליסטיק, צום שפּראַכלעכן געבוי פון דער נאָוועלע. אַן אינטערעסאַנטע דעטאַל, וואָס זאָגט אייִדעס וועגן דער ראַפינירטקייט פונעם אוטאָרס כוש: אין דער נאָוועלע איז אָנגענומען, אַז אירע פּערסאָנאַזשן רעדן געוויינלעך אויף רוסיש, אָבער ווען מע דאַרף שמועסן וועגן עפּעס פאַרבאָרגנס, עפּעס אַזעלכעס וואָס דער אַנדערער וועלכע־ניט־איז סוידעס, גייען זיי איבער אויף יידיש. „א סאַך דאַרף מען זאָגן אויף מאַמע־לאָשן"...

— גענאַדי, צי קאָן איך אייך פאַרגעבן א „פּאַרפּירערישע פראַגע": ס'איז שווער צו שרייבן אויף יידיש?

— איך פאַרשטיי אייך, און נעם אָן דעם „אַרויסרוף". אויף דער „פּאַרפּירערישער פראַגע" גיב איך אַן ערלעכן ענטפער: יאָ, אין א גרויסער מאָס איז עס ניט אַזוי פּאָשעט, באַזונדערס, אויב דאָס ווערק איז געווידמעט דער היינטצייטיקער טעמאַטיק.

— זאָגט קאָנקרעטער...

— נו, אַשטייגער, איך סטאַרע זיך אויסמיידן אידיִאָמען, שטאַנדהאַפטיקע אויסדרוקן, וועלכע זיינען אייגנטימלעך דער יידישער שפּראַך, בייסן איבערגעבן די רוסישע רייד אויף יידיש... אויסער דעם, עקספּערימענטיר איך, פּרוביר אָנווענדן דעם פּרינציפּ פון „צוויי־שפּראַכיקייט". לעמאָשל, די מוטער־שפּראַך פון דער העלדן איז נאָך אין טאָך יידיש, נאָר ריידנדיק מיט דער טאָכטער, ענטפערט זי אויף רוסיש. איך שטעל אַריין אינעם אַלגעמיינעם דערציילערישן מאַסיוו אויף יידיש פראַגמענטן פון דירעקטע רייד אויף רוסיש. מיט דירעקטע רייד איז באַזונדערס קאָמפּליצירט. איך קאָן אָפן אָנערקענען: דירעקטע רייד, מאָנאָלאָגן, דיִאַלאָגן, באַזונדערס (איך שטרייך עס אונטער נאָכאַמאָל!) אין די ווערק אויף דער היינטצייטיקער טעמאַטיק, — דאָס איז אַן עמעסע פּראָבלעם...

— און וועלכע מיטלען זעט איר אויף צו לייזן די דאָזיקע פּראָבלעם?

— קוידעמקאָל, אַקטיוו איינפירן נעאָלאָגיזמען.

— וויִאַזוי טראָגט איבער יידיש דאָס דאָזיקע איינפירן?

— איר אַליין דאַרפט עס פילן: יידיש איז ווי א יאַם־גובקע, וואָס זאַפּט איין אין זיך אַלדאָס נייַע, דערביי ניט אָנרירנדיק די בלויז פאַר אים אייגנטימלעכע אינדיווידואַליטעט. אין אָט דעם זין איז יידיש — א וווּנדערלעך געבענטשטע און דאַנקבאַרע שפּראַך!..

אוןווירקלעך, אין דער לעקסיק פון עסטרייכס נאָוועלעס באַהעפטן זיך אָרגאַניש, אַשטייגער, דאָס העברעיִש־שטאַמענדיקע וואָרט „אויוועראַבאָטל", די טראַדיציִאָנעלע ווערטער „עסיקפלייש" און „געפילטע פיש" מיט די ווערטער „רעאַגירט", „נערוון", „קאָנסטרויִרן" אאַז״וו.

ניט דאָס לעצטע אָרט פאַרנעמט די טעמע פון דער ספּעציִפישער שפּראַך־סוויווע אין דער נאָוועלע „די ערשטע ווינדע". דאָדיק און זיין כאַווער אַליק לערנען זיך אין שול מיט א „דייטשישן אָפּנייג". דאָדיק פּלאָנטערט גאַנץ אָפט די רוסישע און אוקראַיִנישע ווערטער, און, ענטפערנדיק בייס די לימודים אויף דייטש, שטעלט ער פּלוצעם ווען־ניט־ווען אַריין א וואָרט אויף יידיש. דאָדיק ווייסט אַליין ניט, וואָס פאַר א שפּראַך איז בא אים די היימישע: רוסיש, אוקראַיִניש צי יידיש. און די מאַמע — זי קען גאַנצע פיר שפּראַכן און האַלט דאָדיקן פאַר א „פאַרשטאָפּטן קאָפּ". די מאַמע איז בא דער מיינונג, אַז דאָדיק איז אין זיין אומפעיִקייט צו דער לער א קאָפּיע פונעם טאַטן. דעם פאָטערס ערשטע מישפּאָכע האָבן אומגעבראַכט די פאַשיסטן, און די נעכט קאָן ער צומאָל ניט איינשלאָפן, זיצט און

טראכט עפּעס, טראכט... דאַדיק אָבער איז נאָך צו קליין און איז צופיל פאַרכאַפּט מיט זײַן אייגענעם לעבן, קעדיי אַרײַנטראַכטן זיך אין די דינקײַטן פון די באַציִונגען צווישן דעם טאַטן און דער מאַמען. ס'איז פּאַשעט א ביסל ניט געמיטלעך אין דער מישפּאָכע, און ער ציט זיך צו זײַן עלטערן פרײַנט, דעם ליפּטיאַר פּעטער דאָוויד. דער פּעטער דאָוויד איז אזא אינטערעסאנטער מענטש, א מילכאָמע־אינוואליד, און געווען איז ער אמאָל א סטאכאנאָווען און מע האָט אפילע געשריבן וועגן אים אין דער פּילטיראזשקע. און נאָך האָט ליב דער פּעטער דאָוויד דאַדיקן, ער רופט אים „טיאָזקא" (נאָמען־ברודער), דערציילט אים וועגן דאָוויד־האמעלעכן, וועלכער איז געווען א גרויסער כאָכעם, און דעריבער דאַרפן אַלע דאָווידס זײַן כאַכאָמים! אָ, אזעלכע דערציילונגען ווירקן פיל בעסער, איידער דער מאַמעס נאָטאציעס!

— געַנאַדי, איר האָט צוויי קינדער: די ניַין־יאָריקע אַניע און דער צווייאָריקער יאַשע. צי לערנט איר מיט זיי ייִדיש?

— ספּעציִעל ניט, אָבער אין דער מישפּאָכע זײַנען פאַראַן צוויי טרעגער פון דער שפּראַך — מײַן מאַמע און איך...

— צי וועלן קענען אמאָל אײַערע קינדער זאָגן וועגן זיך, ווי דאַדיק, אז זיי פאַרמאָגן צוויי לעשוינעס: רוסיש און ייִדיש?

— איך ווייס ניט, עס קאָן זײַן...

אַלזאָ, ווידער א פּראָבלעם: דערציִען (און לערנען) דעם קינפטיקן לייענער. פאַרשטייט זיך, מע קאָן זי לייזן גופע אין דער מישפּאָכע, אָבער א מער אָפּטימאַלער וואַריִאַנט וואָלט, מעגלעך, געווען, אַשטייגער, אָרגאַניזירן א קרײַזל אָפּ צו דער־לערנען די ייִדישע שפּראַך באַם פּיִאָנערן־פּאַלאַץ; די מיטאַרבעטער און די אווטאָרן פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" וואָלטן געקאָנט קורירן דאָס דאָזיקע קרײַזל, די קינדער וואָלטן מיט פאַרגעניגן זיך באַקאַנט אינעם אָריגינאַל מיטן ייִנגעלע מאָטל, מיט די פּערסאָנאַזשן פון שאָלעם־אַלייכעמס דערציילונגען און מיט ייִצכאָק־לייבוש פּערעצעס מײַסעלעך; מע וואָלט אויך געקאָנט אָרגאַניזירן א זעלבסטעטיקן קינדער־טעאַטער אין ייִדיש אָפּ דער באַזע פון אזא קרײַזל, אַזויאַרום, וואָלט זיך גע־גרייט א באַזע פאַר דער ווײַטערדיקער אנטוויקלונג פון אונדזער שפּראַך...

דער אומבײַט פון דוירעס, טאַטעס און קינדער, ברידער און שוועסטער — דאָס איז דער קערן פון עסטרײַכס נאָוועלע „נאכמען". צווישן נאכמענען און זײַן ייִנגערן ברודער איז ניט פּאָשעט א כילעק אינעם עלטער — עלף יאָר, — צווישן זיי ליגט א גאנצע עפּאָכע. א קינד פון שווערע יאָרן, איז נאכמען טאַקע פאַרבליבן א קליינוווּקסיקער, דערפאַר אָבער איז זײַן ברודערקע, פון וועמענס נאָמען עס ווערט געפירט די דערציילונגען, אַן אַקסעלעראַט, א קינד פון די פופציקער יאָרן. נאכמען איז א „שטומע לעלע". ער האָט פאַרענדיקט די שול מיט א גאָלדענער מעדאַל, פאַנאַטיש טרײַ דער וויסנשאַפט, שרײַבט א דיסערטאַציע, און זײַן ברודער איז א מענטש א פריילעכער, א קאָמפּאַנייִשער, אַרבעט אַלס אַדמיניסטראַטאָר אין צירק... אין אַלגעמיין, האָט יעדערער זײַנע אייגענע זאָרגן. ס'איז אָבער בא זיי איין אַלגעמיינס: א מאַמע, א מישפּאָכע־שטוב, וווּהין עס ציט די נעשאָמע, יענע גרונט־יעסוידעס, פון וועלכע עס שאַפט זיך דער באַגריף „היים" און „היימלאַנד"...

ס'איז איבערגעלייענט געוואָרן דאָס לעצטע זײַטל פון די פאַרעפנטלעכטע אין פאַרשיידענע נומערן פון „סאָוועטיש היימלאַנד" נאָוועלעס פונעם יונגן ייִדישן פּראָזאיִקער געַנאַדי עסטרײַך. בלײַבט איצט בלויז ווינטשן אים דערפאָלג און, פאַרשטייט זיך, גוטע, באַדאַכטע לייענער. דער לייענער — אָט איז נאָך איין ערנסטע פּראָבלעם... מיר גיבן ווידער דאָס וואָרט דעם אווטאָר:

— איך פּערזענלעך טרוים וועגן א לייענער, ווינטשנסווערט אין עלטער פון 25 ביז 45 יאָר. עס זײַנען אָבער פאַראַן דערווײַל ניט זייער א סאַך אזעלכע לייענער, פון אָט דעם צווישן־עלטער, וואָס איז אַמערסטן פּראָדוקטיוו אין אַלע הינזיכטן. איך מיין, אז די לייזונג פון דער „לייענער־פּראָבלעם" איז אין א גרויסער מאָס אָפּהענגיק פון אונדז, שריפטשטעלער: אויב עס וועט זײַן עכטע ליטעראַטור, — וועט זײַן אַן עכטער לייענער. און ליטעראַטור וועט זײַן! איך גלייב אין דעם!

— נו, אַלע גלייבן מיר אין דעם, און מיר ווינטשן אײַך ווײַטערדיקע דערפאָלגן!..

„די פאָרזעצונג קומט!"

★

מיכאיל קרוטיקאוו

# טראַדיציע און היינטצייטיקייט אין דער שאַפונג פון שמואל האַלקינען

*Во мне печаль, которой Царь Давид*
*По-царски одарил тысячелетья.*

А. Ахматова

שמואל האַלקין, דער גרויסער סאָוועטישער יידישער דיכטער, איז געבוירן געוואָרן אין 1897 אין דער ווייסרוסישער שטאָט ראַהאַטשאָוו אין אַן אַרעמער מישפּאָכע, וווּ ער איז געווען דאָס ניינטע קינד. בא אים האָבן זיך פרי ארויסגעוויזן קינסטלערישע פעיִקייטן, כּוץ דיכטונג — אויך אין מאָלעריי (צוזאמען מיט זיין פריינט טאנכום קאַפּלאַן, שפּעטער א בארימטן מאָלער, פלעג דער יונגער האַלקין פארדינען געלט מיט מאָלן שילדן). אין די ווייטערדיקע יאָרן האָט האַלקין אויסגעקליבן די ליטעראַטור, וועלכער ער האָט אָפּגעגעבן דאָס גאַנצע לעבן. אין ליטעראַטור-אויצער האָט ער איבערגעלאָזט א גרויסע צאָל לירישע און פילאָסאָפישע פּאָעטישע ציקלען, די פּיעסעס — „באַר-קאָכבא", „שולאמיס" און אנדערע, ווי אויך איבערזעצונגען, אזעלכע באַדייטנדיקע, ווי שעקספּירס „קיניג ליר". געשטאָרבן איז שמואל האַלקין אין 1960.

די שאַפונגען פון שמואל האַלקינען האָבן פיל מאָל צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דער ליטעראַטור-קריטיק. אין סאָוועטנפארבאַנד האָבן וועגן איר געשריבן מוישע ליטוואַקאָוו, יעכעזקל דאָברושין, נאָכעם אויסלענדער, ייסראָעל סערעבריאַני, ריווקע רובין, הערש רעמעניק, אַרן ווערגעליס און אנד.; פון די אויסלענדישע פאָרשער קאָן מען אָנרופן נאכמען מייזילן. אין דעם בוך „שטאַפּלען" האָט הערש רעמעניק אָנגעוויזן אויף דער פּראָבלעם פון דער ראָליע פון דער העברעיִשער טראַדיציע אין האַלקינס שאַפונג. ביז היינט האָט די דאָזיקע טעמע קיין גענוגנדיקע באַלויכטונג ניט געפונען.

אין איינער פון די שפּעטע (1958) לידער האָט האַלקין געשריבן:

מיט וואָס איך וועל אַמאָל באַוואַקסן ווערן,
כ'שטעל גוט זיך פאָר — דערויף איין לעבן איז גענוג.
צי וועט אָבער די צייט מיין נאָמען ניט פארווערן
מיט קומענדיקן דאָר זיך ברידערלעך פארקערן,
צי שפּעטער דאָרט — פון מאָל צו מאָל זיך לאָזן הערן, —
איין לעבן ווייניק איז פאר אַזא ווייטן קוק.

אָן מיר — מיין נאָמען ווער וועט לעבנסדויער שענקען?
מיט ליבשאַפט צי מיט גלייכגילט — אויף די ליפּן ברענגען?
ווען צווישןביידן, אונדז דער בונד וועט זיין צעשטערט —
צי וועט ער זיך ניט פילן פרעמדלעך אויף דער ערד?
אויף אָט דעם אלעמען קעדיי אַן ענטפער געבן,
צוויי לעבנס דורכלעבן וועסט מוזן פאַרן לעבן.

די ליד פירט אונדז באַלד אריין אינעם קרייז פון די פּראָבלעמען, מיט וועלכע מיר וועלן זיך אָנטרעפן אין דעם אַרטיקל: דאָס אָרט פונעם מענטשן, פון די מייסים זיינע אינעם שטראָם פון דער געשיכטע; דער זייכער, וואָס מע לאָזט נאָך זיך איבער אין די קומענדיקע דוירעס. שטעלנדיק פאַר זיך אזעלכע פראַגן, דערמאָנט זיך דער מענטש אומפארמיידלעך אין די פאָרגייער זיינע, טוט א פּרווו אָפּצוזוכן זייער אָרט און ראָליע אין דער געשיכטע. די צווישנפארהעלטענישן פון דער טראַדיציע און דער היינטצייטיקייט, דאָס פילן זיך אַלס רינג אין דער קייט פון דוירעס, אין דער „גאָלדענער קייט" פון דער יידישער קולטור — אָט די טעמעס זיינען ספּעציעל וויכטיק פאַר דער אָפּשאַצונג פון האַלקינס שאַפונג.

די שאַפונג פון יעדן דיכטער האָט צוויי אַספּעקטן: ערשטנס, איז זי פאַרפולט און באַהערשט מיט טיף פּערזענלעכע, פונעם לעבן אויסגעליטענע געפילן און געדאַנקען, פארקערפּערטע אין דער פאָרם פון קאָנקרעטע פּאָעטישע געשטאַלטן, און, צווייטנס, באַזירט זי זיך אויף דער דערפאַרונג פון

פאַרגייער, אַף דער שעפערישער טראַדיציע, צו וועלכער דער פּאָעט רעכנט זיך צו. אַלס אַזאַ דערפאַרונג קאָן פאַרעכנט ווערן סײַ די דערפאַרונג פון דירעקטע לערער, קימאַט מיטצײַטלער, סײַ די דערפאַרונג פון דיכטער, וואָס זײַנען אָפּגעווײַטערט אין דער צײַט מיט פיל יאָרהונדערטער. אַזוי־אַרום, געפינט יעדער דיכטער זײַן אייגן אָרט אין דער אייביקער פּאָעטישער טראַדיציע. ביידע צדדים געפינען זיך אין אַ קעגנזײַטיקער ווירקונג: די טראַדיציע ווירקט אַף דער אויסדרוק־פאָרם פונעם דיכטער, און דער דיכטער מאַכט מיט זײַן שאַפונג די טראַדיציע לעבעדיק, זעצט זי פאָר און באַרײַכערט זי. ווי ס׳דאַכט זיך מיר, האָט די דאָזיקע קעגנזײַטיקע ווירקונג אַ באַזונדערע באַדײַטונג פאַר דער ייִדישער פּאָעזיע.

די ייִדישע ליטעראַרישע טראַדיציע (אַף פאַרשיידענע לעשוינעס) איז איינע פון די עלטסטע אין דער וועלט־ליטעראַטור. די גאַנצע היסטאָרישע אַנטוויקלונג פונעם ייִדישן ליטעראַרישן שאַפן האָט אַף זיך אויסגעפּרוּווט אַ שטאַרקע השפּעה פון דעם טאַנאַך. האַלטן זיך אין אַ זײַט פון דער דאָזיקער השפּעה איז פּראַקטיש אומעגלעך: יעדער ייִדישער שריפטשטעלער, אַף וועלכער שפּראַך ער זאָל ניט שרײַבן, דאַרף אַזוי צי אַנדערש פעסטשטעלן זײַן באַציִונג צו די סטיל־עלעמענטן פון דער ביבל, צו אירע אַנזאַמלונגען. אויסמײַדן די פּראָבלעם איז ניט מעגלעך. ווי האַלקין האָט געשריבן:

געווען כ׳בין יונג, און אינעם גרויסן
לעבנס־פלאָנטער,
אַנשטאָט אוועקגיין אין אַ זײַט און דאָרט זיך שטיל
שטיין,
גענומען כ׳האָב אַף זיך אַ שווערן קנופּ — אַ
מילשטיין.
(„וואָס פון אַ מילשטיין בלײַבט")

דער ייִדישער דיכטער ווערט פונקט ווי גלײַך געבוירן מיט „אַ לאַסט" הינטער זיך. ער דאַרף געפינען זײַן אייגן אָרט אין דער דאָזיקער טראַדיציע, האַגאַם דערבײַ לעבט ער אין זײַן אייגענער טקופע און דאַרף שרײַבן אַזוי, אַז (מע זאָל) „אין מײַן ליד דערקענען מאָרגן//מײַן גרויסן הײַנט מיט אַלע זײַנע זאָרגן" (האַלקין).

איך האָב, אַלזאָ, אָפּגעצייכנט צוויי אַספּעקטן אין דער שאַפונג פון יעדן פּאָעט: די טראַדיציע און די פּערזענלעכע דערפאַרונג, די פאַרגאַנגענהײַט און די קעגנוואַרט.

צוזאַמען מיט דער ייִדישער ליטעראַטור־טראַדיציע פאַרנעמט אויך די אייראָפּעיִשע, ביפּראַט רוסישע ליטעראַטור־טראַדיציע אַ וויכטיק אָרט אין האַלקינס שאַפונג. דער דיכטער גופא האָט דערמאָנט אין זײַן אויטאָביִאָגראַפיע אַ ריי דיכטער, וואָס האָבן אַף אים געווירקט: „פּושקין און געטע, טיוטשעוו און באַראַטינסקי, איבן־גאַביראָל פון שפּאַניע און די אַלטע כינעזישע ליריקער, טאַגאָר און יעהודע האַלייווי, אַמאַר כאַיאַם און מאַיאַקאָווסקי". ס׳איז קעדײַ צו זאָגן, אַז עס איז שווער געפינען נאָך איין ליטעראַטור, אין וועלכער, אַזוי ווי אין דער ייִדישער, האָבן געקאָנט זיך באַגעגענען און אָרגאַניש זיך פאַראייניקן אַזעלכע פאַרשיידענע לויט דער שפּראַך און לויט דער צײַט קולטורן.

האַלקין, וועלכער האָט פון קינדווײַז באַקומען אַ טראַדיציִאָנעלע ייִדישע רעליגיִעזע דערציִונג, האָט אײַנגעזויגן די גאַנצע רײַכקײַט פון דער אוראַלטער און מיטלאַלטערלעכער העברעיִשער ליטעראַטור. די ערשטע ליטעראַרישע פּרוּוון זײַנע האָט ער געמאַכט דאַפקע אַף דעם דאָזיקן לאָשן (די ליד „לראשון במאי" — „צום ערשטן מײַ"). דערנאָך, לעבנדיק אין אַ רוסיש־שפּראַכיקער סוויווע, האָט ער זיך, נאַטירלעך, באַהעפט צו דער רוסישער ליטעראַטור. מע דאַרף אויך ניט פאַרגעסן, אַז ער האָט געהאַט אַ פולע מעגלעכקײַט צו לייענען אַף דײַטש, — און אָט איז דער אין רוסלאַנד ווינענדיקער ייִדישער דיכטער אָרגאַניש אײַנגעשלאָסן געוואָרן אין אָט די אַזוי פאַרשיידענע ליטעראַטורן. ווײַטער וועל איך זיך קאָנצענטרירן אַף דעם, ווי אַזוי ס׳האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין די ווערק פון שמועל האַלקינען די ווירקונג פון דער קלאַסישער העברעיִשער אוראַלטער און מיטלאַלטערלעכער ליטעראַטור.

איך וועל אָנהייבן מיט דער ליד, ווו די הויפּטטעמע איז די באַציִונג פונעם דיכטער צו דער פאַרגאַנגענהײַט, וועלכע ס׳פּאַרקערפּערט זײַן טאַטע. ווען דער פאָטער וואָלט געהערט זײַנע לידער, — זאָגט דער פּאָעט, — דאַן וואָלט ער:

אָן אויער צוגעלייגט, ווען כ׳האָב געזונגען,
געשמייכלט, ווען מײַן פרוכט האָט אים פאַרשמעקט.

צומאָל נאָר גוטמוטיק געזאָגט: איך זע,
דעם שעפער מערקסט ניט — אים פאַרשטעלט
זײַן שאַפן.
טרעפסט אָן אַ בוים — „מה נאה אילן זה".
און פאַר זײַן זון — און שאָטן־שפּיל טוסט גאַפן.

ווי בא אַ געצנדינסט, דו זינגסט דעם בוים
אַ לויב — זײַן צווײַגן־שפּאַן פון קרוין ביז
וואָרצל,
און דעם, וואָס האָט באַשאַפן ערד און רוים,
געווידמעט זײַן כאָטש איין־און־איינציק וואָרט
זאָל.

דו מיינסט, אַז נאָר פון נעכט און טעג די בײַט,
צום פעלד — די זון, דער וואָלקן זאָל ניט
זאַמען, —
זײַן כעסעד דאַרף, — ווי ביידן זיי צוזאַמען, —
אויך דײַן געזאַנג — ס׳זאָל קומען צו דער צײַט.

געווען אַ מיילעך דאָוויד אַף דער וועלט —
פון הארץ אין האַרץ ביז הײַנט צום מענטש ער
רעדט.
מיט אים פאַרגלײַכן זיך, מײַן זון, דיר פעלט
אַ סאַך — אָט דאָס געווען איז אַ פּאָעט...

די דאָזיקע שורעס קאָנען זאָגן אַ סאַך. קוידעמקאָל רופט האַלקין אָן, מיטן מויל פון זײַן פאָטער, דעם אידעאַל פון אַ פּאָעט — דעם ערשטן ייִדישן דיכטער, דאָוויד־האַמיילעך. די טהילים־געזאַנגען זײַנע, ווי קיין שום אַנדער ווערק, האָבן

געווירקט אַף דער יִדישער, און אין אַ גרויסער מאָס אויך אַף דער אייראָפּעִישער ליטעראַטור. די שאַפונגען פון די קלאַסיקער פון דער מיטלאַלטערלעכער העברעִישער ליטעראַטור פון דעם שפּאַנישן פּעריאָד זײַנען פול מיט טעמעס און געשטאַלטן, מיט דירעקטע און פאַרבאָרגענע ציטאַטן פון דאָרטן.

שמועל האַלקינען, וועלכער האָט באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע דערציִונג, איז דער טהילים געווען באַקאַנט פון דער קינדהייט אָן, און דאָס האָט אוואַדע געווירקט אַף זײַן פּאָעטישן דענקען. ער קאָן אָבער זיך ניט צופּאַסן פולקום צו דער דאָזיקער פּאָעטישער טראַדיציע, זײַנע באַציִונגען מיט דער פאַרגאַנגענהייט זײַנען גאַנץ קאָמפּליצירטע.

דער פּאָעטער אין דער ליד זאָגט: „טרעפסט אָן אַ בוים — „מה נאה אילן זה" (ווי שיין איז אָט דער בוים). דער דאָזיקער זאַץ איז אַ ציטאַטע פונעם מאַסעכעס שאַס „פּירקי אבות" (פּירקיי אָוועס) (3.9): „רבי יעקב אומר המהלך בדרך ושונה ומפסיק ממישנתו ואומר מה נאה אילן זה מה נאה ניר זה מעלה עליו הכתוב כאלו מתחיב בנפשו"; דער טאַרגום אַף איוורע־טײַטש דערקלערט דעם טאָך פונעם פּאָסעק אַזוי: „רעבע יאַנקעוו זאָגט: ווען איינער גייט אונטערוועגנס און לערנט און הערט אָפּ פון זײַן לערנען און זאָגט: ווי שיין איז דער בוים, ווי שיין איז דער אַקער, און דעסגלײַכן אַנדערע רייד, כאָטש ער מיינט גאָט צו לויבן דערמיט, רעכנט פאָרט די טוירע אַף אים, גלײַך ווי ער פאַרשולדיקט זײַן נעפעש".

האַלקין באַשטרײַט אין זײַן ליד די דאָזיקע שטעלונג צו דער וועלט. פאַר אים איז די וועלט שיין, און אין אַנדערע לידער זײַנע זאָגט ער עס פיל מאָל (אין אַזעלכע לידער, ווי „דער קוואַל", „ווער זשע איז געוואָרן אַלט" און אַנד.). די שיינקייט פון דער וועלט איז דער יעסאָד פון האַלקינס פּאָעטישער וועלט־אָנשויונג.

דער פּאָעטער וואַרפט דעם זון פאָר, אַז דאָס שאַפן, דה. די וועלט, שטערט אים זען דעם באַשעפער. דאָ קאָן מען ברענגען די שורעס פון יעהודע האַלייווי:

> והעולם אשר נתן בלבי
> מנעני לבקש אחריתי
> ואיכה אעבד יוצרי בעודי
> אסיר יצרי ועבד תאותי
>
> (און די וועלט, וואָס ער האָט געגעבן אין מײַן האַרצן,
> שטערט מיר זוכן מײַן סאָף.
> און וויאַזוי וועל איך דינען מײַן באַשאַפער, קאָלזמאַן איך בין אָן אַסיר פון מײַן יעיצערהאָרע און אַ
> שקלאַף פון מײַן טײַווע).

פאַר יעהודע האַלייווין איז די וועלט, וועלכע איז געשאַפן אינעם מענטשנס האַרצן, אַ שטער אַפן וועג צו דעם באַשעפער; די טײַוועס און מאַכשאָוועס דערווײַטערן דעם מענטש פונעם בוירע. האַלקין קוקט אַף דער וועלט אַנדערש: „כ'האָב דיך, מײַן וועלט, ניט אופגעהערט צו ליבן".

ס'איז קעדײַ צו לייגן אַכט אַף דער שורע באַ יעהודע האַלייווי: „והעולם אשר נתן בלבי" — „און די וועלט, וואָס ער האָט געגעבן אין מײַן האַרצן".

דאָס איז אַ ציטאַטע פונעם סייפער קויהעלעס (3.10—11): „ראיתי את הענין אשר נתן אלהים לבני האדם לענות בו. את הכל עשה יפה בעתו גם את העולם נתן בלבם מבלי אשר לא ימצא האדם את המעשה אשר עשה האלהים מראש ועד סוף". אין איוורע־טײַטש איז דער פּאָסעק איבערגעזעצט אַזוי — „זאָגט שלוימע־האַמעלעך: איך האָב געזען די פּירונג, וואָס גאָט האָט געגעבן צו די מענטשן, זיי זאָלן זיך פירן מיט דעם; זע איך, אַז אַלע זאַכן האָט גאָט געמאַכט גוט, אָבער נאָר אין דער צײַט. אַז מע טוט עס אָן דער צײַט, איז ניט גוט. אויך די כאָכמע פון דער וועלט האָט גאָט געגעבן צו די מענטשן אין זייער האַרצן, אַן איטלעכער מענטש זאָל וויסן די כאָכמע. אָבער אויך דער מענטש קאָן ניט געפינען מיט כאָכמע דאָס גאַנצע טאָן, וואָס גאָט האָט געטאָן פון אָנהייב ביז אויסלאָז". די איבערזעצונג איז שווער פאַר אונדז, און כוץ דעם, איז זי געמישט מיט דערקלערונגען. נאָר אינטערעסאַנט איז, אַז דאָס העברעִישע וואָרט „עולם" — די וועלט — איז איבערגעזעצט ווי „כאָכמע פון דער וועלט". האַלקינס וועלט־אָנשויונג וואָלט בעסער געפּאַסט דער בוכשטעבלעכער זין: אין מענטשנס האַרץ איז פאַראַן אַ גאַנצע וועלט, און דער מענטש איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר איר. מיט זײַנע טאַטן קאָן ער איר ברענגען נוץ אָדער שאָדן, און דאָס ווירקט סײַ אַף דעם מענטשן גופע — אַף זײַן אינערלעכער וועלט, סײַ אַף זײַן סוויווע:

> ווען ערגעץ אין מיר — אין פאַרהוילענער טיף,
> ניט זײַן וואָלט קיין יאַם, און אין יאַם — ניט קיין שיף, —
> כ'וואָלט בינדן אַ ברעג מיט אַ ברעג ניט געקאָנט,
> כ'וואָלט עפשער אפילע ס'וואָרט „יאַם" ניט דערמאָנט.
>
> ווען ערגעץ אין מיר וואָלט ניט לײַכטן די זון, —
> ווער ווייסט, סאַראַ בייז וואָלט געקומען דערפון;
> קאָן זײַן, אַז דאָס ברויט וואָלט ניט רײַפן אין פעלד,
> געפאַנצערט אין אײַז, וואָלט זיך דרייען די וועלט.
>
> ווען ערגעץ אין מיר, אין דער ליכטיקייט דאָרט,
> וואָלט טויהו־וואָוויהו ניט האָבן זײַן אָרט, —
> דער הימל וואָלט קיינמאָל קיין שטערן געבאָרן,
> די וועלט וואָלט נאָר איין מאָל באַשאַפן געוואָרן
> און ניט יעדע ווײַלע געוואָרן באַנײַט.

די שטענדיקע באַנײַונג און ווידערבאַשאַפונג פון דער וועלט איז אויך אַ דיכטערישע זעונג, וואָס געהערט צו דער מיטלאַלטערלעכער העברעִישער ליטעראַטור. האַלקין האָט ניט איין מאָל זיך געווענדט צו דער טראַדיציאָנעלער פּאָעזיע. ער האָט אַנטליִען באַ איר טעמעס און געשטאַלטן פאַר זײַנע לידער, אָפט אַנדערש איבערטראַכטנדיק זיי. די פון קינדווײַז פאַרגעדענקטע ווערטער זײַנען דערנאָך ניט זעלטן אופגעקומען באַ האַלקינען אין זיקאָרן, אופגעקומען אין פאַרשיידענע לעבנס־סיטואַציעס, שאַפנדיק וווּנדערלעכע שורעס:

צווישן אלע בראָכעס, וואָס כ׳פלעג קינדווייַז זאָגן,
ווי נאָר איך פלעג אופשטיין, יעדן אינדערפרי —
זומער — בא דער זון־שייַן, ווינטער — אין פאַרטאָגן,
היפּערנדיק ווערטער, ניט פאַרפעלט כ׳האָב די:

„גרויסער האר פון וועלטן, זאָלסט דורך מיר
געבענטשט זייַן,
דו, וואָס פרייַ טוסט מאכן דעם, וואָס איז געבונדן".
און פאַר מייַנע אויגן שטיין כ׳פלעג זען א מענטשן
וואָס דער לעצטער בינד־שטריק ווערט פון אים
פאַרשוווּנדן.

מער פלעג איך ניט טראכטן, מער פאַר אים ניט
זאָרגן —
זאָל א מענטש אליין זיך אָפּזוכן זייַן גליק...
און די זעלבע בראָכע — נאָכאַמאָל אף מאָרגן,
אף דעם זעלבן מענטשן — אלץ די זעלבע שטריק.

ווער זשע איז דאָ שולדיק — פלעג איך קלערן
דעמלט,
עפּשער איך — מער קיינער — האָט זיך מיר געדאכט,
זאָגנדיק די בראָכע, האָט מייַן הארץ געדרעמלט,
צי דערבייַ דער מויעך ניט געווען דערוואכט?

און די זעלבע ווערטער כ׳פלעג שוין אנדערש זאָגן,
גאָרניט, כוץ דערלייזונג, האָבנדיק אין זין,
מיט דעם מענטשנס גורל ביז צו נאכט זיך פּלאָגן,
אים צו זען א פרייַען מאָרגן אין באגין.

אלס יעסאָד פון דער ליד, פון וועלכן ס׳האָט זיך אנטוויקלט דאָס גאנצע געשטאלט, האָט געדינט אויך די בראָכע, וואָס מע פלעגט זאָגן באגינען: „ברוך אתה ה׳ אלהינו מלך העולם המתיר אסורים" — „געבענטשט זאָל זייַן אונדזער גאָט, וואָס באפרייַט די אסירים". האלקין האָט דאָס דאָזיקע געשטאלט אנטוויקלט אלס אויסדרוק פון דער אינערלעכער פאַראנטוואָרטלעכקייַט פונעם מענטשן פאַרן גורל פון דער גאנצער וועלט; די פּראָבלעם פון אָט דער פאַראנטוואָרטלעכקייַט האָט אים גוואלדיק אופגערעגט.

די פאַרשטעלונג, אז יעדער מענטש ווירקט מיט זייַן אופירונג און מיט זייַנע געדאנקען אף דעם גורל פון דער גאנצער וועלט, איז געווען זייער פאַרשפּרייט אין דער מיטלאלטערלעכער יידישער רעליגיעזער פילאָסאָפיע. א באזונדערס גרויסן באדייַט האָבן אָט דער באהויפּטונג צוגעגעבן די נאָכפאָלגער פון יִיצכאָק לוריא, וועלכער האָט געלעבט אין 16־טן יאָרהונדערט אין דער שטאָט צפאס אין ערעץ־יִיסראָעל. פון זיי איז די לערע וועגן „תקון", דה. אויסבעסערונג פון דער וועלט, איבערגעגאנגען צו כסידעס, וואָס איז געווען זייער פּאָפּולער אין ווייַסרוסלאנד, ווו האלקין האָט פאַרבראכט זייַן קינדהייַט. אין ראָהאטשאָוו, האלקינס היימשטאָט, האָט זיך אופגעהאלטן איינע פון די עלטסטע כסידישע קעהילעס אין ווייַסרוסלאנד.

נאָך איין בייַשפּיל, וויאזוי האלקין באזיניקט אף זייַן אייגענעם אויפן טראדיציאָנעלע מינהאָגים, איז די ליד „די פולע לעוואָנע". די טעמע פון דער ליד איז דער מינהעג פון קידוש־לעוואָנע, וואָס סימבאָליזירט די באנייַונג פון דער וועלט. נאָך דער בראָכע פלעגן אלע אָנוועזנדיקע באגריסן איינער דעם אנדערן מיט די ווערטער „שאָלעם־אליי־כעם".

אין זייַן ליד דערמאָנט זיך האלקין, וויאזוי ער האָט אין דער יוגנט אויסגעפירט דעם דאָזיקן מינהעג און ווי שפּעטער, ווען ער איז שוין א באיאָרטער מענטש, ווערט אים אפסנייַ אופגעדעקט דער זין פונעם אלטן מינהעג:

נאָר כ׳אייַל זי אויך הייַנט ניט פאַרשפּעטיקן בענטשן,
פון קינדערשער בראָכע קיין אָס ניט פאַרפעלט.
כ׳זאָג: „שאָלעם־אליי־כעם" — אייַך, היימישע מענטשן,
און טו זיך א נייג פאַר דער גאנצענער וועלט.

מיט דערמאָנונגען פון זייַן קינדהייַט איז באַפאַרבט אויך די דאָזיקע ליד האלקינס:

און נאָך האָב איך זיך קינדווייַז פאָרגעשטעלט:
נעשאָמעס זייַנען לויכטנדיקע פונקען,
וואָס קומען, דאכט זיך, שפּרייטן ליכט דער וועלט,
נאָר ווערן לייַכטזיניק אין טהאָם פאַרזונקען.

באוואקסן ווערנדיק מיט האָב־און־גוף,
אין נידער ווערנדיק אלץ מער געוויכטיק, —
זיי פוילן זיך שוין אופשטייַגן ארוף,
זיך טאָן א פּרווו די וועלט צו מאכן ליכטיק.

און ס׳טרעפט, אז זיי, געבוירענע פון ליכט,
אז דאָפקע זיי — זיי ווערן פינצטערלינגען,
און זייער כוישעך איז אזוי געדיכט —
מיט טויזנט אויגן אים ניט דורכצודרינגען.

לאָמיר זיך אומקערן צוריק צו דער פּראָבלעם וועגן הארמאָניע און שיינקייַט פון דער וועלט. האלקין פלעגט אָפט און פון פאַרשיידענע זייַטן זיך אומקערן צו דער דאָזיקער טעמע און געפינען פאַר איר אלץ נייַע אויסדרוקן און געשטאלטן. דאָס אופזוכן און באשטעטיקן די שיינקייַט, דאָס אומופהערלעכע ארייַנדרינגען אין איר סאָד באשעפטיקן דעם פּאָעט. לויט דער קלאָרקייַט פונעם געשטאלט, טיילט זיך אויס די ליד „די דריטע קראפט":

די לינקע האנט איז גווורע, און די רעכטע — גנאָד.
און ווייל איז יענעם, וואָס פאַרשטאנען האָט דעם
סאָד —
אין זיך א שאָלעם־בונד צו שליסן צווישןביידן,
קעדייַ אין זיך זיי ביידן קיינמאָל ניט צעשיידן:
אף אופבינדן די קראפט, וואָס גנאָד אין זיך זי
טראָגט,
אף אופוועקן די גנאָד, וואָס גווורע זי פאַרמאָגט, —
אזביידע זאָלן זיי — אין צווייענדיקער איינהייַט —
ארויסברענגען די דריטע קראפט, וואָס רופט זיך:
שיינהייַט,
וואָס איז ניט בלויז צו שוועל צו דייַניקער געווענדט,
נאָר טראָגסט דער וועלט אנטקעגן זי אין ביידע
הענט.

די שליסל־באגריפן פון אָט דער ליד — גווורע, גנאָד און שיינקייַט — זייַנען אויך שליסל־באגריפן פון דער וועלט. אזוי פאַסקנט די מיטלאל־

טערלעכע ייִדישע וועלט־אָנשויונג. די פֿאַרבינדונג צווישן די דאָזיקע באַגריפֿן איז אָפּגעשפּיגלט אין דער לערע וועגן אָדאָם־האַקאַדמוין: אין דער רעכטער האַנט האָט ער געטראָגן גנאָד, אין דער לינקער — גוווּרע, און די שיינקייט האָט גנאָד מיט גוווּרע פֿאַרבונדן. די באַציִונג צווישן דער אינערלעכער און אויסערלעכער וועלט, צווישן דעם מענטשן און דעם אוילעם, איז די טעמע, וועלכע האַלקין פֿלעגט ניט אופֿהערן צו באַהאַנדלען. דאָ טרעפֿן זיך אין זײַן פּאָעזיע צוזאַמען די אייראָפּעיִשע און די ייִדישע ליטעראַטור־טראַדיציעס. עס וואָרט אָנשוילעך געטעס אויסדרוק: „Im Innern ist ein Universum auch“ (אינעווייניק אינעם מענטשן איז פֿאַראַן אַן אַלוועלט אויך). ס׳איז גוט באַוווּסט, אַז די ייִדישע מיטלאַלטערלעכע פֿילאָסאָפֿיע איז געווען ענג פֿאַרקניפּט מיט דער פּלאַטאָנישער טראַדיציע; באַזונדערס שטאַרק האָט דער פּלאַטאָניזם געווירקט אױף דעם גרויסן ייִדישן פּאָעט און פֿילאָסאָף שלוימע איבן־גאַבירואָל, וואָס האָט געלעבט אין שפּאַניע אין 11־טן יאָרהונדערט. ער האָט געשריבן אַ גראַנדיִעזע פֿילאָסאָפֿישע פּאָעמע „כתר מלכות“ (קרוין פֿון מעלוכע), וועלכע באַשרײַבט די גאַנצע אַלוועלט — אָנגעהויבן פֿון דעם בוירע־אוילעם און ביז צו דער געשאַפֿענער וועלט און דעם מענטשן. די פּאָעמע איז פֿול מיטן געפֿיל פֿון דער וועלט־האַרמאָניע. די באַוועגונג פֿון די הימל־ספֿערן, פֿון די פּלאַנעטן, פֿון דער ערד — אַלץ איז אונטערגעוואָרפֿן די פֿעסטגעשטעלטע געזעצן, און דער מענטש, אַן אומבאַשטענדיק וועזן, מוז אויך לעבן לויט די דאָזיקע געזעצן.

קימאַט אין טויזנט יאָר אַרום האָט שמואל האַלקין זיך אָפּגערופֿן אױף יענער, איינער פֿון די עלטסטע קאַשעס — אױף דער פֿראַגע וועגן דעם מענטשן און זײַן אָרט אין דער וועלט:

— מיט וועמען רעדט איר, פֿעטער? — איך? מיט קיינעם.
— איז וואָס זשע פֿליסטערן באַ אײַך די ליפּן?
— דאָס פּרוּוו איך, קינד, זיך מיט דער וועלט פֿאַרקניפּן,
אונדז זאָל זײַן פֿרײלעכער צו גיין אײנעם...
איז וואָס — זאָל איך זיך מוידע זײַן פֿאַר קליינוואַרג,
וואָס אָט צעלאַכט זיך עס און גלײַך ווערט ערנסט,
אַז בינדן וועלטן צוויי, טרעפֿט, זייער שווער אײַז,
ווען גיין אין איין געשפּאַן זיי פּלוצעם ענג ווערט.

און איך — צוזאַמען גיין איך פּרוּוו זיי צווינגען...
און ס׳זאָל זיך גראַמען נאָך, און ס׳זאָל זיך זינגען.

דער מענטש איז שטערבלעך, נאָר ער קאָן באַזיגן דעם טויט. האַלקין שטעלט אָפּסניַ די פֿראַגע וועגן דעם טאָך פֿונעם מענטשנס לעבן, וועגן דעם, וואָס עס בלײַבט נאָכן מענטשן, וואָס עס וועט בלײַבן נאָך אים, דעם דיכטער, גופֿע:

ווײַל כוץ די טוּונגען, וואָס בלײַבט אונדז איבער נאָך?
אונדז, שטערבלעכע, וואָס שטענדיק שטייען אױף דער מיט —
צעווישן דעם, וואָס שוין דו ווייסט, און דעם, וואָס ווייסט נאָך ניט,

פֿון ערשטן — ניט באַפֿרײַט, באַם צווייטן ביסט אין יאָך.

און נאָך און נאָך: אַז צווישן „כ׳האָב“ און צווישן „כ׳וועל“,
איז, כוץ דער מוירע פֿאַר אַן אויסגעדאַכטער שוועל,
מער קיין זאַך ניט פֿאַראַן... נאָר איך האָב איבערטראָטן
די שרעק, וואָס האָט מיר נאָכגעשלעפּט זיך ווי אַ שאָטן.

האַלקינען איז באַוווּסט אין דער פֿולער מאָס די טיפֿקייט פֿון אָט דער קאַשע: דער מענטש אַליין, און מער ניט קיין אַנדערער, איז פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר זײַן לעבן, און ער דאַרף אַליין, מיט דער אָנשטרענגונג פֿון אַלע זײַנע קויכעס, דאָס באַרעכטיקן:

און ווײַל איך לעב צום ערשטן מאָל,
און, ווי מיר דאַכט, אַז אויך צום לעצטן,
איך פּרוּוו מײַן לעבן הויכגעשעצטן
אַ זידל טאָן, און אױף אַ קאָל.

אין אָט די שורעס איז פֿאַר אונדז אינטערעסאַנט איין רעמעז, וואָס איז, אַגעוו, פֿאַרשוווּנדן אין דער רוסישער איבערזעצונג (פֿון אי. גורעוויטשן): דער דיכטער זאָגט: „צום ערשטן מאָל, און ווי מיר דאַכט, אַז אויך צום לעצטן“. דער געדאַנק איז איבערגעזעצט אַזוי:

И так как я живу на свете
И в первый и в последний раз...

די ווערטער „דאַכט מיר“ האָט דער איבערזעצער דורכגעלאָזט, און דאָס טראָגט אַרײַן הײַנטצײַטיקע קאַטעגאָרישקייט. זיי זײַנען אָבער אַ שפּור פֿון אַן אַלטער קאַבאַלישער טראַדיציע — פֿון דער לערע וועגן דעם גילגל, ד.ה. וועגן דער איבערוואַנדערונג פֿון די נעשאָמעס. לויט אָט דער לערע לעבט יעדע מענטשישע נעשאָמע עטלעכע מאָל, ביז זי וועט אויספֿילן איר באַרוף. האַלקין אָבער נעמט איבער די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַר זײַן לעבן אױף זיך אַליין. איינע פֿון זײַנע לידער בויט ער אין דער פֿאָרם פֿון אַן אַלטן זאָג, וואָס געהערט דעם ראַבי הילעל (פּירקי אבות. 1.14): „אם אין אני לי מי לי וכשאני לעצמי מה אני ואם לא עכשיו אימתי“ — „אויב ניט איך פֿאַר זיך — ווער איז פֿאַר מיר; אויב איך בין נאָר פֿאַר זיך — פֿאַר וואָס בין איך, און אויב ניט איצט — איז ווען זשע?“

אויב ניט איך פֿאַר זיך וועל טאָן —
ווער פֿאַר מיר וועט אַלץ דאָ אופֿטאָן?
ס׳שטייט דאָס לעבן דאָך אין קאָן,
שטענדיק קאָן מען דיך אַ רוף טאָן,
טאַקע דיך, דיך זעלבסט בימכילע,
ווו מע פֿרעגט ניט קיין פֿאַמיליע, —
אם אין אני לי — מי לי?

די אינערלעכע און די אויסערלעכע וועלטן זײַנען, ווי איך האָב שוין געזאָגט, ענג פֿאַרבונדן

אין האלקינס פּאָעזיע. דער מענטש פּרוּווט פאַר־שטיין די אָרדענונג און די אַנטשטייונג פון דעם אַרום, קעדיי צו געפינען אין אים זײַן אייגן אָרט, פאַרשטיין זיך אַליין. אין דעם דאָזיקן שטרעבן כאַ־זערט האלקין איבער אויך די טראַדיציע פון דער מיטלאַלטערלעכער העברעיִשער פּאָעזיע.

די פיר יעסוידעס, האָב איך קינדווײַז קלאָר
געוווּסט, —
דאָס זײַנען: פײַער, וואַסער, גרונט־זאַמד און ווינט.
אַז ס'איז פון זיי די קערפּערלעכע וועלט געשפּינט,
אַז פאַר זיי, פריִער, איז די וועלט געווען פּוסט
און וויסט... איז ווייניק דען פאַר אַזאַ קינד דאָס
וויסן?

פיר יעסוידעס, עלעמענטן פון דער וועלט, דערמאָנט פּלאַטאָן: פײַער, לופט, וואַסער און ערד (און דאַפּקע אַזוי זײַנען זיי אָנגערופן אין דער רו־סישער איבערזעצונג). נאָר אין האלקינס ליד שטייט אָנשטאָט לופט — ווינט, און דאָס לאָזט זיך דער־מאָנען אין איבן־גאַבירעלן, אין זײַן פּאָעמע „כתר מלכות":

מי ימלל גבורותיך. בעשותך כדור הארץ נחלק
לשנים.
חציו יבשה וחציו מים.
והקפת המים גלגל הרוח. סובב סובב הולך הרוח.
ועל סביבותיו ינוח.
והקפת על הרוח גלגל האש.
והיסודות האלה ארבעתם להם יסוד אחד. ומוצאם
אחד.
וממנו יוצאים ומיתחדשים. ומשם יפרד והיה לארבעה
ראשים.

(ווער וועט דערציילן וועגן דײַנע גוווּרעס, ווען דו האָסט באַשאַפן דעם ערדקויל און צעטיילט אים אין
צוויי?
ער איז האַלב־יאַבאָשע און האַלב־וואַסער.
און דו האָסט אַרומגעגאַרטלט דאָס וואַסער מיט דער
ספערע פונעם ווינט.
דער ווינט דרייט זיך, קערט זיך אום צוריק אויף זײַן
אָרט און שטילט זיך אײַן;
און דו האָסט אַרומגעגאַרטלט דעם ווינט מיט דער
ספערע פונעם פײַער.
און אָט די פיר יעסוידעס האָבן איין־און־איינציקן
יעסאָד און איין־און־איינציקן קוואַל.
און פון דעם קומען זיי אַרויס און באַנײַען זיך. און
פון דאָרט צעטיילן זיי זיך און גייען אַוועק איבער
פיר וועגן).

האלקינס וועלט איז אַ גרויסער ביניען, וועלכע איז געבויט מיט דער מי פון פיל אומבאַוווּסטע מענטשן, אַ פּאַלאַץ, וואָס האַלט זיך טראָץ טויהו־וואָוויהו. די וועלט אַנטשטייט אַלס רעזולטאַט פון שטענדיקער שעפערישער אַרבעט. און צווישן די בויער געפינט זיך דער פּאָעט גופע.

דו ווייסט, אַף וועמען האַלט זיך אונדזער שיינער
בּיניען? —
אַף דיר, אַף מיר, אַף אונדז — באַקאַנטע,
אומבאַקאַנטע,
אַף די, וואָס זייער רום פון טאָג צו טאָג פאַרדינען,
אַף די, וואָס בלײַבן שטום און קיינמאָל ניט
דערמאַנטע.

נאָר קוק זיך בעסער צו — וועסט זען, ווי אַף די
ליפּן
בײַ אָט די שווײַגער די — דײַן רום זיך זוכט
פאַרוועבן.
און אין געדאַכט בײַ זיי זיך לענגער צו פאַרקניפּן
דאָס לעצטע גיסטו אָפּ — דו גיסט אַוועק דאָס לעבן.

און אַ באַשטעטיקונג פון דעם, אַז דאָס לעבן איז אָפּגעלעבט ניט אומזיסט, אַז דער מענטש האָט זײַן באַרוף אויסגעפילט, איז פאַראַן פּאָעט דאָס בי־בלישע געשטאַלט פון דער טויב, וואָס האָט גע־בראַכט נויעכן די בסורע וועגן דעם סאָף פונעם מאַבל — דאָס געשטאַלט, וואָס איז געוואָרן נאָענט פאַר דער גאַנצער מענטשהײַט: די טויב מיט אַן איילבערט־צווײַג אינעם מויל:

כאָטש ס'איז אַף מיר שוין קענטלעך אָנצוזען
דעם גאַנצן אומרו־מאַבל פון געשיכטע, —
און דאָך די טויב, נאָך גרינעם בלאַט געשיקטע,
איז הײַנט אַף מײַנע באַרג־שפּיצן געווען.

און איידער אײַנקלעמען אין מויל דאָס גרינס,
מיט גוטער בסורע, אָנשטרענגען דעם פליגל, —
זי האָט אין אויג מײַנס זיך געטאָן אַ שפּיגל,
און איך האָב זי פון טיפן האַרץ באַגריסט.

נאָר כ'ווייס ניט, וואָס האָט הײַנט דערפרייט מיך
מער:
די טויב, וואָס בײַ אַ יעדן מאַבל דאָ איז,
צי דאָס, וואָס זי האָט, זאָל זײַן אַלפי טאָעס,
נאָך גרינס דערקליבן זיך צו מיר אַהער.

מע קאָן דאָ דערמאָנען נאָך אַ ליד האלקינס, ווו ס'איז פאַראַן דאָס דאָזיקע געשטאַלט:

דו זעסט, צו מיר האָט ווידער זיך געקערט
אין גרויסוואַסער מײַן טויב — מײַן קורצע ליד.
אַף איר — דער שטויב פון אַ באַנײַטער ערד,
אין אויג — דער דאָרשט נאָך ווײַטקײַטן פאַרהיט.

און איצט געקומען איז די רעכטע שאָ —
פון האַרץ אַרויסלאָזן די שוואַרצע קראָ, —
דאָרט זאָל זיך נאָר די גוטע בסורע נעסטן,
אַז כ'קאָן זיך נאָר אַף ווײַטקײַטן פאַרמעסטן.

דאָ רעדט האלקין וועגן זײַנע לידער — וועגן דעם טאָך פון זײַן אייגן לעבן. די לידער זײַנען פאַר אים אויך אַ טייל פון דער וועלט, און זייער אופּקום איז אַזוי געהיים ווי די וועלט־באַשאַפונג גופע. די דאָזיקע טעמע אַנטוויקלט זיך אויך אין דער פאָרם פון אַ דיאַלאָג מיט דער טראַדיציע. האלקין אַנטלײַט זײַנע געשטאַלטן באַם ביבלישן

סייפער מישלע (19—18. 30): „שלושה חמה נפלאו ממני וארבעה לא ידעתים. דרך הנשר בשמים דרך נחש עלי־צור דרך־אניה בלב־ים ודרך גבר בעלמה" — „דרײַ זאַכן זײַנען ווונדערלעך פאַר מיר, און פיר פאַרשטיי איך ניט. דער וועג פונעם אָדלער אינעם הימל, דער וועג פון דער שלאַנג אַפן פעלדז, דער וועג פון דער שיף אינעם יאַם און דער וועג פון אַ מאַן צו אַ פרוי":

געהיימע וועגן האָסטו אויסגעציילט,
וואָס זייער שפור פאַרבלײַבט פון אויג פאַרהוילן:
דער וועג פון שלאַנג אַף פעלדזן־שטיין אַף הוילן,
אַ צווייטן פעלדז ווען זי האָט אויסדערווײלט;
אין יאַם — דער וועג פון לײַכטן זעגלשיף;
דער שפור פון פויגל־פלי אין הימל־טיף;
באָר מער פון אַלץ פאַרבלײַבט פאַר דיר אַ ווונדער—
דער וועג פון מאַן צו פרוי — אים ציילסט באַזונדער.

און איך וואָלט דיך אַף נאָך אַ וועג געפרעגט,
וואָס וועלן כ'וואָלט, ניט ווערן זאָל פאַרמעקט
דורך שטויב פון טאָג און ניט דורך ווינט באַנאַכט,—
דער וועג, וואָס פאַנגט זיך אָן אין מײַן געדאַכט,—
קרײַזט דורך אַ וועלט און גליקלעך לאָזט זיך אויס
אין אָט דער ליד — אַ פינגער־שפּאַן די גרויס.

די דאָזיקע ליד איז אויך געבליבן ניט פולקום איבערגעזעצט אַף רוסיש: די איבערזעצערן — יו. ניימאַן) האָט ניט דערמאָנט דעם פערטן, באַזונדערס אויסגעטיילטן וועג — פון דעם מאַן צו דער פרוי, און מאַכמעס דעם איז די פאַרבינדונג מיטן ביבלישן געשטאַלט געוואָרן ניט קלאָר.

איך האָב ניט געשטעלט פאַר זיך קיין ציל צונויפצוזאַמלען אַלע געשטאַלטן און אַסאָציאַציעס, וואָס פאַרבינדן די לידער פון ש. האַלקינען מיט דער העברעיִשער טראַדיציע. פאַר מיר איז געווען וויכטיק צו באַווײַזן, אַף וועלכן אופן די וויכטיקסטע טעמעס פון האַלקינס פּאָעזיע זײַנען אַ פאָרזעצונג און אַנטוויקלונג פון די טעמאַטישע ליניעס, וואָס הייבן זיך אָן בײַ די קוואַלן פון דער ליטעראַטור בײַ ייִדן. די דאָזיקע ליניעס גייען דורך דורך פאַרשיידענע טקופעס און לענדער. האַלקין האָט ניט קאָפּירט די מײַסטער־ווערק פון אונדזערע פאָרגייער, זײַן שטעלונג צו דער טראַדיציע איז אַ שעפערישע. ער האָט ניט מוירע פאַר זײַן אייגן קאָל, האָט ניט מוירע אַנדערש צו ענטפערן אַף די אייביקע פראַגעס וועגן דעם אָרט פונעם מענטשן אין דער וועלט, וועגן דעם צוועק פון זײַן לעבן, וועגן די אורקוואַלן פונעם וועלטבוי.

אין דער פּערזאָן פון שמועל האַלקינען האָט די טראַדיציע, וואָס איז דרײַ טויזנט יאָר אַלט, געפונען אַ פולבאַרעכטיקטן מײַסטער, וועלכער האָט זיך אָנגעשלאָגן אין איר און זי אַנטוויקלט. צום שלוס וועל איך ברענגען די שורעס פונעם פּאָעט גופע, וואָס מע קאָן זיי מיסטאַמע פאַררעכענען פאַר אַ זעלבסט־אָפּשאַצונג פון זײַן אָרט אין דער טראַדיציע פונעם ייִדישן פאָלק:

דעם ניגון אָן ווערטער איך האָב ניט געזונגען.
איך האָב נאָר געהערט און די טרערן געשלונגען.
ווען עמעצער פרעגט מיך דאָך: וואָס טוט דיר באַנג?
כ'וואָלט עפשער געענטפערט: דאָס עלנט געזאַנג,
וואָס האָט זיך צו הויך אין די הימלען פאַרקליבן,
און איז אַף דער ערד אָן אַן אָנשפּאַר געבליבן,
און ס'קאָן נאָך, כאָלילע, די פראַגע דער וועלט,
אַזוי ווי אַ פויגל אין שפּיץ פון אַ פעלדז
צעקלאַפּן זיך, פאַלנדיק טיף אין דער נידער,
אַף קיינמאָל, מער קיינמאָל ניט אופשטײַגן ווידער,—
האָב איך, ווי אַן אָרעוו, אין מיט פון דער וועלט,
צוויי קינדערשע דלאָניעס איר אונטערגעשטעלט...

# אַ לאָצמאַן אינעם אָקעאַן פון מעמואַריסטיק



די מעלוכע־ביבליאָטעק אף װ. אי. לענינס נאָמען האָט בעשוטפעס מיט אַנדערע פירנדיקע ביבליאָטעקן אין לאַנד — דער לענינגראַדער עפנטלעכער מעלוכע־ביבליאָטעק פון דער װיסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון פססר, דער עפנטלעכער היסטאָרישער מעלוכע־ביבליאָטעק פון רספסר און אַנד. פאַרענדיקט די אַרבעט איבער אַ פילבענדיק ביבליאָגראַפיש װערק — „די געשיכטע פונעם פאַר־רעװאָליוציאָנערן רוסלאַנד אין טאָגביכער און זיכרױנעס”.

די דאָזיקע אױסגאַבע װערט מיט רעכט באַטראַכט מיצאַד ספּעציאַליסטן אַלס דאָס גרעסטע ביבליאָגראַפישע װערק פונעם יאָרהונדערט. די װיסנשאַפטלעכע אָנפירונג און די רעדאַגירונג פון אָט דער אױסגאַבע זײַנען געװאָרן די לעצטע אַרבעט פונעם אָנגעזעענעם סאָװעטישן היסטאָריקער, פּראָפעסאָר פונעם מאָסקװער אוניװערסיטעט פּ. אַ. זײַאָנטשקאָװסקי. אינעם אַרײַנפיר־װאָרט צום אָנװײַזער האָט ער געשריבן: „די טאָגביכער און זיכרױנעס שטעלן מיט זיך פאָר אײנע פון די װיכטיקסטע גרופּעס פון היסטאָרישע קװאַלן... מעמואַרן זײַנען זײער װיכטיק פאַר אַלע פאַראינטערעסירטע אינעם דערלערנען דעם עװאַר פון רוסלאַנד און, אין דער ערשטער רײ, פאַר היסטאָריקער, ליטעראַטור־קענער, עטנאָגראַפן, קונסטקענער, װעלכע פאָרשן פאַרשײדענע זײַטן פונעם היסטאָרישן פּראָצעס אין דער גאַנצער פילאַרטיקײַט זײַערער”. און װירקלעך, מעמואַרן און טאָגביכער, אָדער, װי עס זאָגן די היסטאָריקער, — קװאַלן פון פּערזענלעכער אָפּשטאַמונג, דערלױבן אַרײַנדרינגען אין דער ספּעציפישער אַטמאָספער פון די געשעענישן, װאָס װערן געפאָרשט, צו פאַרשטײן און דערפילן דאָס, װאָס לעװ טאָלסטאָי האָט אָנגערופן „דער גײַסט און דער קאָליר” פון דער צײַט.

באַנאַנד מיט דעם קאָנען די מעמואַרן און טאָגביכער באַטראַכט װערן אױך אַלס דענקמעלער פון געשיכטע און קולטור, װעלכע שטעלן פאָר אַן אינטערעס פאַר אַ ברײטן קרײַז לײענער.

אין דער רעצענזירטער אױסגאַבע זײַנען אײַנגעשלאָסן זיכרױנעס און טאָגביכער איבער געשיכטע, עקאָנאָמיק און קולטור פון רוסלאַנד, װעלכע זײַנען געשריבן אף רוסיש און פאַרעפנטלעכט אין צײַטשריפטן, זאַמלביכער אָדער אַלס באַזונדערע אױפלאַגעס.

דער כראָנאָלאָגישער מעהאַלעך פון דער אױסגאַבע איז אַ ריזיקער: אָנגעהױבן פונעם 15־טן יאָרהונדערט און ביזן 1 מאַרט 1917. די אָנהײבגרענעץ פונעם אָנװײַזער איז פאַרבונדן מיט דער צײַט װען עס איז געשאַפן געװאָרן די צענטראַליזירטע רוסישע מעדינע, די סאָף־דאַטע — מיט דער ליקװידאַציע פון דער זעלבסטהערשונג אין רוסלאַנד. דער ערשטער באַנד כאַפּט אַרום דעם פּעריאָד זינט דעם אָנהײב פונעם 15־טן יאָרהונדערט ביזן אָנהײב פונעם 19־טן יאָרהונדערט. דער צװײטער באַנד — פונעם 1801 ביזן 1856. דער דריטער באַנד איז געװידמעט דעם פּעריאָד 1857—1894. דער פערטער באַנד — זינט דעם 1894 און ביזן 1917. באַנאַנד מיטן כראָנאָלאָגישן פּרינציפּ איז דער אַנדערער װיכטיקער מעטאָדאָלאָגישער פּרינציפּ פונעם בױען די אױסגאַבע דער טעמאַטישער. צװישן די אײַנגעשלאָסענע אינעם אָנװײַזער אָפּטײלן זײַנען אַמערסטן אינטערעסאַנט אַזעלכע, װי: „די סאָציאַל־עקאָנאָמישע אָרדענונג”, „דער קלאַסן־קאַמף”, „די רעװאָליוציאָנערע און געזעלשאַפטלעכע באַװעגונג”, „געגנטן און פעלקער פון רוסלאַנד”, „װיסנשאַפט”, „ליטעראַטור”, „טעאַטער”, „פּערסאָנאַליעס” אאַז״װ. יעדער אָפּטײל אַנטהאַלט אין זיך צענדליקער רובריקעס.

אין דער אױסגאַבע האָט באַקומען אַ ברײטע אָפּשפּיגלונג אױך די מעמואַריסטיק, װאָס האָט אַ שײַכעס צו סאַמע פאַרשײדענע אַנטפּלעקונגען פונעם לעבן פון דעם רוסלענדישן ייִדנטום אין 19־טן — אָנהײב 20־טן יאָרהונדערטער: עקאָנאָמיק און קלאַסן־קאַמף, געזעלשאַפטלעכע און רעװאָליוציאָנערע באַװעגונג, ליטעראַטור, טעאַטער, רעליגיע, שטײגער אאַװ. אַ גאַנצער קאָמפּלעקס מעמואַר־קװאַלן האָט אַזױ אָדער אַנדערש אַ שײַכעס צו דער געשיכטע פונעם רוסלענדישן ייִדנטום. דאָס זײַנען זיכרױנעס װעגן דער אינערלעכער, בעסױכעם נאַציאָנאַלער, פּאָליטיק פונעם צאַריזם; מאַטעריאַלן

---

История дореволюционной России в дневниках и воспоминаниях: Аннотированный указатель книг и публикаций в журналах. М., 1978—1986, т. I, II, ч. 1, 2; Т. III, ч. 1—4; т. IV, ч. 1—4.

אין 1987 װעט דערשײַנען דער אײנפאַרמיר־באַנד, װעלכער אַנטהאַלט דעם קעגנשטאַנד־אָנװײַזער, װי אױך אַלגעמײנע אָנװײַזערס צו אַלע בענדער. ס'איז פאַרפּלאַנירט דאָס דערשײַנען פון אַ צוגאָבלעכן באַנד, אין װעלכן ס'װעט אַרײַנגײן די פריִער ניט פאַרעגיסטרירטע מעמואַריסטיק.

אַרום די רוסיש־יידישע פאַרבינדונגען, לעמאַשל, אין געביט פון קולטור אאַז. אייניקע פון די אַנדערע גערופענע אינעם אַנווייַזער קוואַלן פון פּערזענלעכער אָפּשטאַמונג זייַנען גוט באַוווּסט און ווערן שוין פון לאַנג אויסגענוצט מיצאַד פאָרשער, אַנדערע (און זיי באַטרעפן די מערהייַט) זייַנען הייַנט שוין פאַרגעסן און זיי וואַרטן, מע זאָל זיי אַרייַנפירן אין וויסנשאַפטלעכן געברויך.

אין דער רעשימע פונעם אָפּטייל „רעוואָליוציאָנערע און געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג" ציט צו אונדזער אויפמערקזאַמקייַט דער זאַמלבוך „רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג צווישן די יידן", וועלכער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין מאָסקווע אין 1930 מיצאַד דער אַלפאַרבאַנדישער געזעלשאַפט פון פּאָליט־קאַטאָרזשאַנער און פאַרשיקטע". ער איז צונויפגעשטעלט פון זיכרוינעס און מיטיילונגען, וועלכע ס'האָט זייַנערצייַט באַהאַנדלט די יידישע סעקציע פון דער געזעלשאַפט. ס'איז געגאַנגען א רייד הויפּטזאַכלעך וועגן די אָנפאַנג־עטאַפּן אין דער אַנטשטייונג און אַנטוויקלונג פון דער אַרבעטער־און רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג. זייער אינטערעסאַנט זייַנען, לעמאַשל, די זיכרוינעס פון דעם אַלטן רעוואָליוציאָנער פעליקס קאָן „מייַנע ערשטע באַגעגענישן מיט יידישע אַרבעטער", ווי אויך מיטיילונגען פון א מעמואַרן־כאַראַקטער, וועלכע געהערן אַווראָם גינזבורגן, שמועל גאָזשאַנסקין, יעווגעני גורעוויטשן און אַנד.

אין דער רובריק „קלייַנבירגערלעכע פּאַרטייען" געפינען מיר די מעמואַריסטיק וועגן דער טעטיקייַט פונעם „אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד אין ליטע, פּוילן און רוסלאַנד". דאָסראָוו אָנגערופענע אין דער רובריק זיכוינעס זייַנען אָנגעשריבן און פאַרעפנטלעכט שוין אין דער סאָוועטישער טקופע מיצאַד געוועזענע בונדיסטן, וועלכע זייַנען געוואָרן מיטגלידער פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי (מוישע ראַוויטש־טשערקאַסקי [ראַבינאָוויטש], מוישע ראַפּעס, יאַנקעוו שומיאַצקי). פון גרויסער ווערט זייַנען אַלעקסאַנדער שעווצאָווס ווייניק באַוווּסטע נאָטיצן וועגן הירש לעקערטן.

מירן אָנווייַזן אַף צוויי נעמען פון געלערנטע, וועלכע האָבן געווידמעט זייערע פאָרשונגען דער געשיכטע פונעם רוסלענדישן יידנטום. דאָס זייַנען דער רוסישער רעכטקענער סערגיי אַלעקסאַנדראָוויטש בערשאַדסקי (1896—1850) און דער יידישער פּובליציסט און פאָרשער, וואָס פלעגט אַרויסגעבן זייַנע ווערק אַף רוסיש איליאַ אָרשאַנסקי (1875—1846). צווישן די זיכרוינעס וועגן בערשאַדסקין דאַרף מען אָפּמערקן די פּובליקאַציעס פונעם יוריסט און געזעלשאַפטלעכן טוער מאַקסים ווינאַווער, וועלכער שילדערט די פּערזענלעכקייַט און דעם קרייַז פון וויסנשאַפטלעכע אינטערעסן פונעם געלערנטן, ווי אויך די נאָטיצן פונעם רעקטאָר פון דעם פּעטערבורגער אוניווערסיטעט א. כ. האָלמסטען, וועלכער דערציילט, וויאַזוי בערשאַדסקי, אַן אָפּשטאַמיקער פונעם גייַסטלעכן שטאַנד, האָט זיך געווענדט צו דער ניט־געוויינלעכער פאַר זייַן צייַט טעמע — צו דער געשיכטע און רעכטלאַגע פון די יידן אין מיזרעך־אייראָפּע. מעמואַרן וועגן אָרשאַנסקין זייַנען ווייניק אין צאָל. דעריבער זייַנען באַזונדערס ווערטפול די זיכרוינעס פון זייַן באַוואָר פּיאָטער יאַמפּאָלסקי, אין וועלכע עס ווערט, דערעכאַגעוו, באַוויזן די באַציִונג פונעם יידישן אויפקלערער צו דער יידישער שפּראַך: אָרשאַנסקי האָט „זייער געשעצט דעם זשאַרגאָן אַלס מיטל, וואָס טויג אַף דורכפירן אַלמענטשלעכע אידייען אין דער פאָלקס־מאַסע... ער פלעג מיט פרייד באַגריסן דאָס דערשייַנען אַף זשאַרגאָן פון א באַליביקן נוצלעכן בוך, וועלכער האָט אַרייַנגעטראָגן אין די מאַסן די שייַן פונעם וויסן וועגן דער אַרומיקער וועלט".

ברייט און פאַרשיידנאַרטיק איז די מעמואַריסטיק אַף רוסיש וועגן יידישע שרייַבער. באַזונדערס רייַך איז די ליטעראַטור וועגן שאָלעם־אַליכעמען. באַנאַנד מיט די באַוווּסטע, ברייט ציטירטע און ניט איין מאָל פאַרעפנטלעכטע זיכרוינעס פון ליאַליע און וועוויק ראַבינאָוויטש, שימען דובנאָוו, וו. א. טשאַגאָוועץ, ווענדן זיך די ליטעראַטור־קענער, האָגאַם א סאַך זעלטענער, צו די אָנגעזאַפּטע מיט וויכטיקע פאַקטן מעמואַרן פון ב. יערוכימזאָן און יא. ליאַקומאָוויטש, וואָס זייַנען אָפּגעדרוקט געוואָרן אינעם יאָר פון דעם שרייַבערס טויט אין „יעווריישסקאַיאַ ניעדיעליאַ", ווי אויך צו די נאָטיצן פונעם זשורנאַליסט יודל סאָלאָדוכאָ, וועלכע זייַנען דערשינען אין 1939. אינעם אָנווייַזער איז אויך אָנגערופן די מעמואַריסטיק וועגן שאָלעם אַשן (דערונטער פון אַנדריי בעלי), וועגן שימען פרוגן, שימען יושקעוויטשן, ווי אויך אווטאָביאָגראַפישע נאָטיצן פון די שרייַבער דאָוויד אייַזמאַן און אָסיפּ דימאָוו (פּערעלמאַן).

צו די מעמואַרן וועגן ליטעראַטן זייַנען נאָענט אויך די זייער טשיקאַווע „דערינערונגען און באַגעגענישן" פונעם פּעדאַגאָג און שריפטשטעלער מאַרק ריוועסמאַן, פאַרעפנטלעכטע אין „יעווריישקאַיאַ לעטאָפּיס" אין 1924. זייַן שטאַרקער זיקאָרן מאַכט לעבעדיק די געשטאַלטן פון שאָלעם־אַליכעמען און מענדעלע מוכער־ספאָרימען, אייַזיק־מייער דיקן, שאָמערן (פּ. שייַקעוויטש), ש. אַנ־סקין, שימען פרוגן, ייצכאָק־לייבוש פּערעצן, לעוו לעוואַנדע — סאַמע פאַרשיידענע לויט זייער שאַפונג, באַגאַבונג און שטרעבונגען יידישע שרייַבער. דער אווטאָר רעדט מיט גרויסער סימפּאַטיע וועגן דער יידישער שפּראַך, ברענגט ביט ווייניק אַרויסזאָגונגען פון יידישע ליטעראַטן וועגן איר. אָט איז די אַרויסזאָגונג פון דעם „זיידן" מענדעלע, וועלכע איז פול מיט ביטערקייַט און אין דער זעלבער צייַט מיט האָפענונג:

„די רייַכע יידן און די אַזויגערופענע אינטעליגענץ קוקן נאָך אַלץ מיט א ביטל־געפיל אַף א בוך, וואָס איז אָנגעשריבן אַפן זשאַרגאָן... אָט פאַרוואָס דינט פּערעץ אין דער יידישער גמינע, שאָלעם־אַליכעם פאַרט אַרום אַלס פאָרלעזער — בעקיצער, די יידישע טאַרבע איז געוואָרן אַן אומפאַרמיידלעכער כייפעץ, אַן אומפאַרמייַדלעכער באַגאַזש פון א יידישן שרייַבער. אויב דער אייבערשטער וועט נאָך פאַרלענגערן מייַנע יאָרן, וועל איך אומבאַדינגט אָנשרייַבן א בוך אונטערן נאָמען „די יידישע שלעפּערקע אין פּעדערן".. און סייַווי גלייב איך אינעם יידישן שרייַבער. דאָך פון אונדזערע „אָרעמבאָכערים" זייַנען אַרויס אַזעלכע לייַכטזייַלן ווי ביאַליק... אונדזער יידישע פען „אָרעמבאָכערוועט" אויכעט, „עסט טעג", אָבער זי וועט

לעבן לאַנגע יאָרן. איך בין, לעמאָשל, געווען זייער צופרידן, ווען פרוג האָט זיך גענומען צו שרײַבן אַף דער שפּראַך פון „פּישקע דעם קרומען". ער האָט פאַרשטאַנען, וואָס עס פאָדערט פון אים די ייִדישע מאַסע... אַדעראבע, אויך ביאַליק האָט דאָך אָנגעשריבן אַף דער דאָזיקער שפּראַך עפּעס אויסערגעוויינלעכס... און דאָס איז ניט קיין צופעליקייט, כ'שווער מיט מײַנע באָרד־און־פּייעס".

פאַרשיידענע זײַטן פון דער ייִדישער קולטור זײַנען פאָרגעשטעלט גאַנץ ברייט. אינטערעסאַנט איז די רובריק „טעאַטער פון נאַציאָנאַלע אומגעגנטן", ווו צוזאַמען מיט זיכרוינעס וועגן אַרמענישן, אוקראַיִנישן און אָסעטינישן טעאַטערן זײַנען אײַנגעשלאָסן מעמואַרן פון די ייִדישע אַקטיאָרן מאַקס ריבאַלסקי און יעשוע פּײַל, וועלכע האָבן געשריבן וועגן דעם שווערן גורל פונעם ייִדישן פּראָווינציעלן טעאַטער אין דער פאַר־רעוואָליוציאָנערער צײַט. ס'איז פּאָלוווערטיק אויך די מעמואַריסטיק וועגן דעם סקולפּטאָר מאַרק אַנטאָקאָלסקי (וועגן אים האָט לײַדנשאַפטלעך געשריבן זײַן פרײַנט און קונסט־כאַווער איליאַ גינזבורג).

פאַרשטייט זיך, עס איז אומעגלעך פאַרצושטעלן דאָ אַפילע פּאַשעט אָנרופן אַלע אינטערעסאַנטע פאַר אונדז זיכרוינעס און טאָגביכער, אײַנגעשלאָסענע אינעם אָנווײַזער (לאָמיר באַמערקן, אַז אַליין דאָס לייענען דעם ביבליאָגראַפישן אָנצײַגער איז פאַרכאַפּנדיק). און דאָך קאָן מען ניט פאַרבײַגיין די מעמואַריסטיק, וואָס האָט אַן עטנאָגראַפישע ווערט, אַשטייגער, לעוו אײַזענבערגס „דאָס שטעטל קאַמענקע און זײַנע טוישווים", י. ראַוורעבעס „די כאַסענע פונעם מאַקאַראָווער צאַדיק" (ביידע שילדערן דעם שטייגער און די מינהאָגים פון די וואָלינער כסידים אין דער צווייטער העלפט פונעם 19־טן — אָנהייב 20־טן יאָרהונדערטער). די פאָלקסלעגענדעס וועגן דעם ווילנער גאָען, דערונטער וועגן זײַן באַגעגעניש מיטן קייסער אַלעקסאַנדער I און וועגן דעם, וויאַזוי ער האָט פאָרויסגעזאָגט דעם ניצאָכן איבער נאַפּאָלעאָנען, געפינען מיר אינעם אַרטיקל „פון די זיכרוינעס וועגן דעם ייִדישן אָוואַר", וואָס דער ליטעראַט סאַוועלי עפראָן האָט פאַרעפנטלעכט אינעם זשורנאַל „איסטאָריטשעסקי וועסטניק" (1913, נומ. 8).

אין דער רעצענזירטער אויסגאַבע איז אויך אײַנגעשלאָסן די מעמואַריסטיק, וואָס שילדערט דעם שטייגער און די זיטן פון אַ ריי ייִדישע אייִדעס. דאָס זײַנען דעריקער נאָטיצן פון וואַנדערער, וועלכע האָבן אין פאַרשיידענער צײַט (בעסויכעם אין אָנהייב פונעם 19־טן יה.) באַזוכט קרים, טראַנסקאַווקאַז, מיטל־אַזיע. מירן דאָ אָפּמערקן די נאָטיצן פונעם פּרײַסישן באַראָן אַ. פאָן האַקסטהאַוזען „דער טראַנסקאַווקאַזער קאַנט", וועלכע זײַנען אָפּגעדרוקט געוואָרן אין לײַפּציג אין 1843 און אין פּעטערבורג אַף רוסיש אין 1857. די דאָזיקע נאָטיצן אַנטהאַלטן טעקסטן פון קאַראַיִמישע און ייִדישע זינגלידער. אַ באַשרײַבונג פון דער שווערער לאַגע פון די בוכאַרער ייִדן איז געגעבן אין די בעלעטריזירטע זיכרוינעס פונעם וואַנדערער און דיפּלאָמאַט יע. פּ. קאָוואַלעווסקי („דער וואַנדערער איבער דער יאַבאָשע און יאַמען", סאַנקט־פּעטערבורג, 1843). אין די „פאַרצייכענונגען וועגן דער נאַטור פון קאַווקאַז", וועלכע געהערן דעם זאָאָלאָג ק. אַ. סאַטונין (פאַרעפנטלעכט אינעם זשורנאַל „יעסטעסטוואָזנאַניִע אי געאָגראַפיִא" אין 1901—1911) זײַנען פאַראַן ידיִעס וועגן די באַרג־ייִדן.

אַלס אַ זעלבשטענדיקע טעמאַטישע גרופּע קאָן מען באַטראַכטן די דערינערונגען פון געוועזענע קאַנטאָניסטן — מ. מערימזאָן, אי. איצקאָוויטש, מ. שפּיגעל, ווי אויך פון שאָלעם ביילין („יעוורייסקאַיאַ סטאַרינאַ", 1911—1915) וועגן די שרעקלעכע ניסיוינעס, וועלכע זײַנען אויסגעפאַלן אַפן גורל פון די קינדער, פאַרשלעפּטע צו דינען אין דער צאַרישער אַרמיי. אַ סאַך פון די אָנגערופענע אינעם אָנווײַזער דערינערונגען, בעסויכעם פון רוסישע מעכאַברים, שילדערן מיט גרויס מיטגעפיל איינע פון די סאַמע טראַגישע זײַטן אינעם ייִדישן לעבן בימיי דעם צאַריזם — די פּאָגראָמען־פּאָליטיק פון דער זעלבסטהערשונג און פון די שוואַרצמייעניקעס.

די פאַרפיקסירטע אינעם אָנווײַזער „קוואַלן פון פערזענלעכער אָפּשטאַמונג" שאַפן אַ ברייטע באַזע פאַרן פאַנאַנדעראַרבעטן אייניקע פּראַקטיש ניט אויסגעפאָרשטע אין דער הײַנטצײַטיקער פאָטערלענדישער יודאַיִק סוזשעטן, לעמאָשל — וועגן דער אַנטשטייונג און אַנטוויקלונג פון דער האַסקאָלע, וועגן די ערשטע ייִדן אין פאַרשיידענע סווייווס פון אינטעלעקטואַלן. אַ באַזונדערן אינטערעס שטעלן אין דעם פּראַט פאַר די אָנגערופענע אינעם אָנווײַזער נאָטיצן פונעם ערשטן ייִדישן סטודענט אין רוסלאַנד לעוו מאַנדעלשטאַם און פון איינעם פון די ערשטע מאַסקילים אין רוסלאַנד, דעם שרײַבער אַוורום פּאַפּערנאָ. כוץ אוניקאַלע פאַקטישע אָנגאַבן, גיבן מײַסטעריש איבער די דאָזיקע זיכרוינעס, באַזונדערס די עמאָציאָנעל אָנגעזאַפּטע נאָטיצן פון פּאַפּערנאָן, דאָס בילד פונעם ייִדישן לעבן אין דער מיט פונעם פאָריקן יאָרהונדערט, דער איבערבראָך־עפּאָכע אינעם לעבן פון די ייִדן און פון גאַנץ רוסלאַנד.

די מאַטעריאַלן פונעם אָנווײַזער „די געשיכטע פון דעם פאַר־רעוואָליוציאָנערן רוסלאַנד אין טאָגביכער און זיכרוינעס" דערלויבן צו דערזען די געשיכטע פונעם רוסלענדישן ייִדנטום אין איר גאַנצער פילאַרטיקײַט און אין דער זעלבער צײַט אַלס באַשטאַנדטייל פון דער געשיכטע פון דעם פילנאַציאָנאַלן רוסלאַנד. די ערשטע איינצלנע מעמואַר־נאָטיצן וועגן די רוסלענדישע ייִדן, געשריבענע אַף רוסיש, האָבן זיך באַוויזן אין אָנהייב פונעם 19־טן יאָרהונדערט — דאָס זײַנען די בעלעטריזירטע זיכרוינעס פונעם שרײַבער פּ. אי. סומאַראָקאָוו וועגן זײַן רײַזע קיין קרים (סאַנקט־פּעטערבורג, 1803—1805) און די טאָגבוך־פאַרשרײַבונגען פון אַ. ק. באָשניאַק, וועלכע אַנטהאַלטן אוניקאַלע ידיִעס וועגן די ייִדן פון ווײַסרוסלאַנד אין די יאָרן פון דער פאָטערלענדישער מילכאָמע פונעם 1812 יאָר (מאָסקווע, 1820—1821). צום אָנהייב פונעם 20־טן יאָרהונדערט ציילט שוין אָן די מעמואַריסטיק, וואָס האָט אַ שײַכעס צו די ייִדן, צענדליקער און אַפילע הונדערטער נעמען. די דאָזיקע פאַקטן זאָגן איידעס וועגן דעם גיכן אײַנשליסן זיך פון די ייִדן אינעם רוסלענדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, וועגן דעם וווּקס פונעם נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוווּסטזײַן, ווי

אויך וועגן דעם שטײַגנדיקן אינטערעס פון דער רוסישער געזעלשאפט צום ייִדנטום.

די אויסגאבע איז, פארשטייט זיך, ניט פרײַ אויך פון געוויסע כעסרוינעס. דער אָנצײַגער פון עטנישע נעמען איז ניט קיין פולער, און אין א רייַ פאלן שפיגלט ער ניט אָפּ אלע ייִדישע סוזשעטן, וואָס זײַנען פארפיקסירט אין דער אויסגאבע גופא. די צונויפשטעלער זײַנען פארבײַגעגאנגען אייניקע ווערטפולע מעמוארן. לעמאָשל, די קאָלאָריטפולע זיכרוינעס פונעם רעוואָליוציאָנער און עטנאָגראַף וולאדימיר באָגאָראַז (טאַן) „די קאָלימער יעהודע" („יעווריישקאיא לעטאָפּיס", העפט 3, מאָסקווע — לענינגראד, 1924), וועלכע שילדערט דאָס לעבן אין דער פארשיקונג קיין קאָלימא פון א גרופּע רעוואָליוציאָנערן־ייִדן אין סאָף פונעם פאָריקן יאָרהונדערט. אין די מעמוארן טרעפן מיר פראָטים פון דער פּסיכאָלאָגיע פון די ייִדן, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן דעם רעוואָליוציאָנערן קאמף. „אלס רוסישע ייִדן, — האָט געשריבן באָגאָראַז־טאַן, — פלעגן מיר זיך באטראכטן ווי צוויי מאָל געבוירענע און ווי קינדער פון צוויי גרויסע פעלקער, צונויפגעבונדענע אין דער רוסלענדישער רעוואָליוציע". לאָמיר האָפן, אז די דאָזיקע, ווי אויך אייניקע אנדערע פובליקאציעס, וועלן געפינען אן אָפּשפיגלונג אינעם צוגאָבלעכן באנד.

דאָס דערשײַנען פון דער פילבענדיקער „געשיכטע פון דעם פאר־רעוואָליוציאָנערן רוסלאנד אין טאָגביכער און זיכרוינעס" שאפט גינסטיקע באדינגונגען פארן פארברייטערן די טעמאטיק און די קוואלן־באזע פון די פאָרשונגען אין פארשיידענע געביטן פון הומאניטארע וויסנשאפטן, בעסויכעם, לאָמיר האָפן, אויך אין דער יודאַיִק.

אצינד זײַנען די מיטארבעטער פון דער מעלוכע־ביבליאָטעק אָפּ וו. אי. לענינס נאָמען, בעשוטפעס מיט אנדערע וויסנשאפטלעכע אנשטאלטן פונעם לאנד, צוגעטראָטן צום צונויפשטעלן אן אנאלאָגישן אָנווײַזער, געווידמעט דער געשיכטע פונעם סאָוועטישן פעריאָד.

אלעקסאנדער לאָקשין

# אין דער איבערזעצונג פון אונגאריש




אין 1985 האָט דער פארלאג „קאָרווינא" אין בודאפעשט ארויסגעלאָזט אָפּ רוסיש א זאמלונג לידער פונעם אונגארישן פּאָעט מיקלאָש ראדנאָטי.

ווער איז מיקלאָש ראדנאָטי?

ער איז געבוירן געוואָרן דעם 5 מײַ 1909 אין בודאפעשט בא ייִדישע עלטערן. בייסן קימפּעט איז זײַן מאמע און דער ברודער־צווילינג געשטאָרבן. אין א יאָר ארום האָט דער פאָטער כאסענע געהאט. זײַן נײַע פרוי איז געוואָרן אן עכטע מוטער פאר דעם קליינעם מיקלאָשן. שפּעטער האָט דער דיכטער געווידמעט איר און זײַן ייִנגערער שוועסטער אגנעש אייניקע ווערק. אויך אגי איז געווען א פּאָעטעסע. זי האָט געשריבן אונטערן פּסעוודאָנים אגנעש ערדעי. אין 1944 זײַנען אגנעש און איר מוטער אומגעקומען אין אָשווענטשים.

נאָך אין גימנאזיע האָט מיקלאָש ראדנאָטי געלייענט די לידער פון ענדרע אדי, דעם אָפּגאָט פון דער דעמלטיקער אונגארישער יוגנט. ער באפרײַנדעט זיך מיט יאָזשעף אטילא, דיולא איִיעש און אנדערע באוווּסטע אונגארישע ליטעראטן. אין 1928 נעמט ער אן אָנטייל אינעם ארויסגעבן דעם זשורנאל „1928". שפּעטער ארבעט ער אין זשורנאל „קאָרטארש" („מיטצײַטלער"). אין 1930 האָט דער פארלאג „קאָרטארש" ארויסגעגעבן די ערשטע זאמלונג פון זײַנע לידער אונטערן טיטל „די געצנדינערישע באגריסונג". דאָס איז א הימן דעם לעבן, וואָס איז דורכגענומען מיט פרייד פון ערדישער עקזיסטענץ.

נאָכן ארויסגעבן די ערשטע לידער־זאמלונג איז ראדנאָטי אָנגעקומען אין אוניווערסיטעט פון דער שטאָט סעגעד אָפּ דער אָפּטיילונג פון אונגארישער און פראנצויזישער ליטעראטורן. דאָרט שליסט ער זיך אָן אין דער קאָמוניסטישער באוועגונג און אין דער ארבעט פון „דער קינסטלערישער קאָלעגיע פון דער סעגעדער יוגנט". פיל מיטגלידער פון דער דאָזיקער אָרגאניזאציע זײַנען שפּעטער געוואָרן באוווּסטע שרײַבער, ארטיסטן, קינסטלער. זומער 1931 האָט ראדנאָטי געלעבט אין פּאריזש, ווו ער האָט איבערגעזעצט אָפּ אונגאריש

---

Раднoти М. Избранное. «Корвина», Будапешт, 1985.

די לידער פון פראנצויזישע פּאָעטן, אָנהייבנדיק פון ראָנסארן און ביז די דיכטער פונעם XX יה. אפּאָלינער, סאנדראר, סיטאדען, ראַבין. אין זעלבן 1931 איז ארויס זײַן צווייטער בוך — „לידער פון די נײַע פּאסטעכער”. די צענזור האָט אים פארווארט „איבער דער באַליידיקונג פון מאָראַל און רעליגיע”, דער אווטאָר איז איבערגעגעבן געוואָרן צום געריכט. אדאנק דעם באַוווּסטן פּראָפעסאָר שאנדאָרשיק, וועלכער איז ארויסגעטראָטן אלס זײַן פארטיידיקער, איז די שטראָף געלינדערט געוואָרן.

אין 1937 האָט רעדנאָטי פארענדיקט דעם אוניווערסיטעט און אָנגעשריבן א דיסערטאציע וועגן דער געשיכטע פון דער אונגארישער ליטעראַטור. ניט געקוקט אָף דעם, וואָס ער איז שוין דאַן געווען א באקאנטער פּאָעט און פאָרשער, האָט ער אין רעזולטאט פון דער אנטיסעמיטישער פּאָליטיק פון דער כאָרטי־רעגירונג, ניט געקאָנט געפינען קיין ארבעט. אינגיכן ווערט ער א מיטארבעטער אינעם זשורנאַל „ניוגאט” (מײַרעוו”) און דערנאָך אין זשורנאַל פון דער קאָמוניסטישער פארטיי „גאנדאלאט” („געדאנק”).

דער בירגערקריג אין שפּאניע, דער אָנזאָגער פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע, האָט געטראָפן מיקלאָש ראדנאָטין אין פּאריזש. ער האָט אָנטייל־גענומען אין די אקציעס פון סאָלידאריטעט מיטן שפּאנישן פאָלק, קעגן דער „ניט־ארײַנמישונג”־פּאָליטיק פון דער פראנצויזישער רעגירונג. נאָכן באקאנען זיך מיט דער שאפונג פון פּעדעריקאָ גארסיא לאָרקא איז ער געוואָרן דער ערשטער איבערזעצער פון לאָרקעס לידער אָף אונגאריש.

דער פאשיזם גרײַפט אָן אין פיל לענדער פון אייראָפּע. אונגארן האָט ניט אויסגעמיטן דעם דאָזיקן גורל. מיקלאָש ראדנאָטיס לעצטער וועג איז געלעגן דורך די פאשיסטישע ארבעטס־לאגערן, אין וועלכע עס זײַנען אָפּגעשיקט געוואָרן די ייִדן (אין סאמאָשווערשמארט, ביכאר, כאטוואן).

אין מײַ 1943 האָבן זײַנע פרײַנט אָנגעשריבן אין שויך־מיניסטעריום א ביטע, מע זאָל אים באַפרײַען. דאָס האָט אָבער ניט געהאָלפן. ער פאלט ארײַן אין איינעם פון די שוידערלעכסטע לאגערן — הײדענאָו, ניט ווײַט פון דער יוגאָסלאווישער שטאָט באָר (אפן אָרט, ווו עס איז געווען דער קאָנצלאגער הײדענאָו, שטייט איצט א דענקמאָל דעם אונגארישן פּאָעט ראדנאָטי מיקלאָש).

אָפּטרעטנדיק פון יוגאָסלאוויע, האָבן די פאשיסטן געטריבן די אסירים צופוס דורך אונגארן קיין דײַטשלאנד. דעם 9 נאָיאבער 1944 האָבן זיי דערשאָסן דעם מידן, אויסגעמוטשעטן פּאָעט. דאָס איז געשען אין דעם דאָרף אבדא, אין זײַן היים — אונגארן.

אין צווייי יאָר שפּעטער (1946) האָבן די פרײַנט און דאָס ווײַב מעקאבער געוועזן ראדנאָטין אין בודאפּעשט אפן בעסוילעם קערעפּעשי. בייסן אריבערטראָגן זײַן געביין האָט מען אין דעם טאש פון זײַן פּידזשאק געפונען א נאָטיץ־ביכל מיט זײַנע לעצטע לידער. ער האָט געשריבן ביז דער לעצטער שאָ פון זײַן לעבן. מיט א מעכטיקן קויעך צווינגט ער אונדז דערפילן דעם אָטעם פון די אסירים אפן וועג צום טויט.

איך האַלט אין די הענט צוויי קליינע ביכעלעך מיט אלציינע אופשריפטן: „מיקלאָש ראדנאָטי. 1944. נאָטיצן פון באָר”. איין ביכעלע איז דער אָריגינאל, וועלכן מ'האָט געפונען בעשאס דער עקסגומאציע. אפן ערשטן זײַטל קאָן מען, מיט גרויס מי, דערקענען די שורעס אָף אונגאריש, דײַטש, פראנצויזיש, ענגליש און סערביש: „ווער עס וועט געפינען דאָס דאָזיקע נאָטיץ־ביכל, זאָל עס איבערגעבן דעם פּראָפעסאָר פון בודאפּעשטער אוניווערסיטעט דיולא אָרטוטאי”. דאָס צווייטע ביכל איז א טיפּאָגראפישער אָפּדרוק. דעם פאָרוואָרט צו דער אויסגאבע האָט אָנגעשריבן דער פּראָפעסאָר ד. אָרטוטאי...

ראדנאָטיס לידער זײַנען איבערגעזעצט אָף פראנצויזיש, ענגליש, שפּאניש, איטאליעניש און אנדערע שפּראכן. אָף רוסיש זײַנען זיי אָפּגעדרוקט אין זשורנאַל „אינאָסטראנאיא ליטעראטורא” און אין דער אנטאָלאָגיע פון אונגארישער דיכטונג. אין 1968 האָט דער פארלאג „כודאָזשעסטווענאיא ליטעראטורא” ארויסגעגעבן א זאמלונג פון ראדנאָטיס לידער. ווי מיר האָבן געזאָגט אין אָנהייב, איז אין אונגארן ארויס פון דרוק זײַנע א נײַע זאמלונג. דאָס איז די אמערסטן פולע אויסגאבע אָף רוסיש. דער רעדאקטאָר יעלענע מאליכינא, א סאָוועטישע איבערזעצערן, האָט אָנגעשריבן אויך דעם פאָרוואָרט. די לידער זײַנען פאָרגעשטעלט אין איבערזעצונגען פון דאוויד סאמוילאָוו, לעאָניד מארטינאָוו, ניקאָלײַ טשוקאָווסקי, נאטעלע גאָרסקאיא און אנדערע רוסישע דיכטער.

אויסער די לידער איז אין דער זאמלונג ארײַן ראדנאָטיס דערציילונג „אונטער די צווילינגען”. דעם פּאָעטס אלמאָנע פאני ראדנאָטי איז דער מעכאבער פון די קאָמענטארן.

ס'איז זייער גוט, וואָס די סאָוועטישע לייענער האָבן איצט די מעגלעכקײַט צו באקאנען זיך מיט דער גאנצער שאפונג פון דעם דאָזיקן מערקווירדיקן פּאָעט.

א ל א   מ א ר ק אָ ו ע

# נייַע פֿאָרשונגען פֿון יונגע מיזרעכקענער אין געביט פֿון יודאַיִק

אין פֿעוורואַל 1987 האָט דער אינסטיטוט פֿאַר מיזרעכקענטעניש בא דער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע פֿון פֿססר ארויסגעלאָזט א סעריע זאַמלביכער, אין וועלכע ס׳זייַנען איַינגעשלאָסן טעזיסן פֿון די פֿאָרטראָגן פֿאַר דער פֿערטער אַלפֿאַרבאַנדישער שול פֿון יונגע מיזרעכקענער. אין דעם דריטן ביכל פֿון דער דאָזיקער סעריע — „שפּראַכקענטעניש" — זייַנען צווישן 107 טעזיסן פֿון יונגע לינגוויסטן פֿאַראַן עטלעכע נייַע מאַטעריאַלן איבער יודאַיִק.


АКАДЕМИЯ НАУК СССР
ВСЕСОЮЗНАЯ АССОЦИАЦИЯ ВОСТОКОВЕДОВ
ИНСТИТУТ ВОСТОКОВЕДЕНИЯ

ЧЕТВЕРТАЯ ВСЕСОЮЗНАЯ ШКОЛА МОЛОДЫХ ВОСТОКОВЕДОВ
(г. Иваново, февраль 1987 г.)

ТЕЗИСЫ
Том III
Языкознание

ИЗДАТЕЛЬСТВО "НАУКА"
ГЛАВНАЯ РЕДАКЦИЯ ВОСТОЧНОЙ ЛИТЕРАТУРЫ
МОСКВА 1986

די נעמען פֿון דער מערהייַט פֿון זייערע מעכאַברים זייַנען שוין באַקאַנט די לייענער פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" לויט פּובליקאַציעס אַף די שפּאַלטן פֿונעם זשורנאַל אָדער לויט איבערזיכטן און רעצענזיעס.

אַלעקסאַנדרע איַיכענוואַלד באַטראַכט אין איר אַרבעט „וועגן דער מאָרפֿאָסינטאַקסישער סטרוקטור פֿון די צונויפֿזעצונגען אינעם הייַנטצייַטיקן איווריט" די סיסטעם פֿון דער אַנטשטייונג פֿון צונויפֿגעזעצטע ווערטער אין דער הייַנטצייַטיקער העברעיִשער שפּראַך, אָפּשטויסנדיק זיך פֿון א נייַער מעטאָדיק פֿון זייער אַנאַליז אַלס מאָרפֿאָלאָגישע קאָנסטרוקציעס, וועמענס קאָמפּאָנענטן געפֿינען זיך אין אָפּהענגיקייַט־באַציִונגען איינע פֿון די אַנדערע. דער אווטאָר שטרייַכט אונטער, אַז די אַנטשטייונג פֿון אַזעלכע ווערטער דאַרף מען האַלטן פֿאַר א נייַער דערשייַנונג אין איווריט. זי איז געוואָרן א לינגוויסטישע רעאַלקייַט אין די לעצטע הונדערט יאָר אין די לעצטע הונדערט יאָר אין צוזאַמענהאַנג מיט דער גיכער באַרייַכערונג פֿונעם ווערטער־זאַפּאַס פֿון דעם הייַנטיקן איווריט און זייַן פֿאַרוואַנדלען זיך אין דער שפּראַך פֿון דער פּרעסע, ראַדיִאָ, טעלעוויזיע אַדג. פֿאַר דער אוראַלטער העברעיִשער שפּראַך, פּונקט ווי פֿאַר דער מערהייַט אַנדערע סעמיטישע לעשוינעס, זייַנען צונויפֿגעזעצטע ווערטער געווען ניט כאַראַקטעריסטיש. ס׳איז קיין כידעש ניט, וואָס די אַמערסטן אַקטיווע פֿאָרם פֿונעם שאַפֿן נייַע באַגריפֿן איז אין דעם הייַנטצייַטיקן איווריט געוואָרן א קאַלקירונג פֿון אַנדערע שפּראַכן.

אין הייַנטיקן איווריט ווערן צונויפֿגעזעצטע ווערטער געשאַפֿן אַף צוויי אויפֿאַנים: דורך פֿאַרייניקן צוויי זעלבשטענדיקע ווערטער און דורך פֿאַרייניקן אָדער גראַמאַטיש בייַטן שאָרשים. אַלס ביישפּילן פֿונעם ערשטן טיפּ ברענגט א. איַיכענוואַלד אַזעלכע ווערטער ווי „כדורגל" — „פֿוטבאָל" (בוקשטעבלעך: פּילקע — פֿוס), „קולנוע" — „קינאָ" (בוכשטעבלעך: קאָל — זיך באַוועגנדיקער), און אַנד. זי טיילט אויס 9 וואַריִאַנטן פֿונעם שאַפֿן צונויפֿגעזעצטע ווערטער אין אָפּהענגיקייַט פֿונעם גראַמאַטישן קלאַס פֿון זייערע עלעמענטן. צווישן די געבראַכטע ביישפּילן פֿונעם צונויפֿזעצן די שאָרשים זייַנען פֿאַראַן אַזעלכע ווערטער ווי „בלשן" — „לינגוויסט" (בוקשטעבלעך: באַלעבאָס פֿון לאָשן), „אלחוט" — „דראָטלאָזער טעלעגראַף" (בוקשטעבלעך: אָן דראָט) און אַנד.

מאַיאַ טשעלידזעס פּובליקאַציע „וועגן אייניקע דיִאַכראָנישע ענדערונגען אין דער סיסטעם פֿון וואָקאַלן אינעם מיטל־אַראַמעיִשן דיִאַלעקט פֿון פּאַלעסטינע" איז געווידמעט דעם פֿאָנעטישן און אָרטאָגראַפֿישן אַנאַליז פֿון דעם אָזויגערופֿענעם „ייִדיש־אַראַמעיִשן" לאָשן. מיט אָט דעם טערמין איז איַינגעפֿירט צו באַצייכענען דעם אייגנאַרטיקן אַראַמעיִשן רעדנסאַרט, אַף וועלכן עס האָט גערעדט דאָסראָוו ייִדישע באַפֿעלקערונג אין פּאַלעסטינע זינט דעם סאָף פֿונעם 1־טן יאָרטויזנט פֿאַר דער נייַער ערע ביז צו דער מיט פֿונעם 1־טן יאָרטויזנט פֿון דער נייַער ערע. אין אויסלענדישע לינגוויסטישע אַרבעטן רופֿט מען אָפֿט אָן די דאָזיקע שפּראַך „טאַרגומישע" אָדער פּאָשעט „טאַרגום" (איבערזעצונג) לויט די נעמען פֿון באַוווּסטע איבערזעצונגען פֿון דער טוירע אין אַראַמעיִש. ס׳איז אינטערעסאַנט, אַז די ייִדן, וועלכע האָבן ביז דער גאָר ניט ווייַטער פֿאַרגאַנגענהייַט געלעבט אין איראַקישן און איראַנישן קורדיסטאַן און אָפּגעהיט אַראַמעיִש אַלס לעבעדיקע אומגאַנג־שפּראַך, פֿלעגן אויך אָנרופֿן אירע דיִאַלעקטן מיט אַן אַלגעמיין וואָרט „לישאַניט טאַרגום".

מ. טשעלידזע באַטראַכט די דינאַמיק פֿונעם פֿאָנעטישן און אָרטאָגראַפֿישן באַשטאַנד פֿון וואָקאַלן אין דער אַראַמעיִשער שפּראַך לויטן מוסטער פֿון א סעריע שריפֿטלעכע דענקמעלער פֿון פֿאַרשיידענע צייַטן, אָנהייבנדיק פֿון מיצרישע פּאַפּירוסן אין 4־טן — 5־טן יאָרהונדערטער פֿאַר דער נייַער ערע און ביז די אַראַמעיִשע איבערזעצונגען פֿונעם טאַנאַך און געשעפֿטלעכע טעקסטן פֿון די ערשטע יאָרהונדערטער פֿון דער נייַער ערע. די דאָזיקע אַלע טעקסטן האָבן געשריבן ייִדן, אָדער זיי זייַנען געווען פֿאַרשפּרייט אין דער אַראַמעיִש־שפּראַכיקער ייִדישער סוויווע. דער אווטאָר באַווייַזט, וויִאַזוי אין פֿאַרלויף פֿונעם אָנגעוויזענעם פּעריִאָד האָבן זיך געביטן דער באַשטאַנד און דאָס אָנשרייַבן פֿון

---

Четвертая всесоюзная школа молодых востоковедов. Тезисы, т. III — Языкознание. М.: Наука, 1987, 250 стр.

פאַרשיידענע קאָנסאָנאַנטן־פאָנעמען אין גאַנג פון
דער אינערלעכער אַנטוויקלונג פון דער שפּראַך,
פון דער ווירקונג פונעם גערעדטן און שריפטלעכן
העברעיִשן לאָשן אדג. די דאָזיקע מאַטעריאַלן
שטעלן מיט זיך פאָר אַ קורצן אויסלייג פון אַ טייל
פון דער צוגעגרייטער דורך מ. טשעלידזע קאַנדי־
דאַטן־דיסערטאַציע, וועלכע איז אָקאָרשט פאַרטיי־
דיקט געוואָרן אינעם טביליסער אינסטיטוט פאַר
מיזרעכקענטעניש.

אַלגעמיינע פּראָבלעמען פון דער אַנטוויקלונג
פון וואָקאַלן אין סעמיטישע שפּראַכן זײַנען געווידֿ־
מעט אויך די טעזיסן פון אָלעג רעדקין „די פּראָ־
בלעם פון גאָרגל־קלאַנגען און עמפאַטישע וואָקאַלן
אין סעמיטישע שפּראַכן". אַמערסטן פול זײַנען
אַזעלכע פאָנעמען פאַרגעשטעלט אין די פאָלגנדיקע
סעמיטישע שפּראַכן: אוגאַריטיש, אַראַביש און דאָ־
רעם־אַראַביש. זיי זײַנען אויך פאַראַן אין דער
אוראַלטער העברעיִשער שפּראַך און אין אַראַמעיִש. אַ
שפּע פון גאָרגל־קלאַנגען איז, ווי עס ווײַזט אויס, געווען
אַמערסטן כאַראַקטעריסטיש פאַר דער פּראָטאָסעמי־
טישער אורקוואַל־שפּראַך. שפּעטער זײַנען זיי אַרויס־
געפאַלן פון אַ ריי סעמיטישע לעשוינעס, באַזונ־
דערס איז דאָס, לויטן אווטאָרס מיינונג, באַמערק־
באַר אינעם הײַנטצײַטיקן איוורית, ווו ס'איז שוין
אין אונדזער צײַט נעלעם געוואָרן דאָס קעגנשטעלן
דעם „א" און דעם „ע", דעם „ח" און „כ" אדג.

איגאָר קאָטלערס טעזיסן „צו דער עטימאָלאָ־
גיע און עטנאָלאָגיע פונעם קרימטשאַקישן פאַמי־
ליען־נאָמען באַקשי" זעצן פאָר די סעריע פּובליקאַ־
ציעס פון אָט דעם מעכאַבער איבער דער היסטאָרי־
שער אַנטראָפּאָנימיק פון דער דאָזיקער טיורקיש־
שפּראַכיקער יִידישער איידע פונעם קרימער האַלבּ־
אינדזל. לויט אי. קאָטלערס מיינונג, שפּיגלט דער
פאַמיליען־נאָמען באַקשי אָפּ די אוראַלטע קאָנטאַקטן
פון די קרימער יִידן מיט דער אַרומיקער טיורקיש־
שפּראַכיקער באַפעלקערונג.

אַ היפּשן אינטערעס רופן אַרויס אויך וועלוול
טשערנינס טעזיסן „עלעמענטן פון דער שפּראַך־
סיטואַציע בּאַ די יִידישע סוב־עטנישע גרופּן". דער
אווטאָר אַנטוויקלט די אידיי וועגן דרײַ קאָמקאָנענטן
פון דער שפּראַך־סיטואַציע בּאַ די יִידישע איידעס,
וואָס האָבן געלעבט אין דער דיִאַספּאָרע אין מע־
שעך פון מער ווי צוויי יאָרטויזנטער. פּראַקטיש איז
די יִידישע באַפעלקערונג אומעטום אין דער דיִאַס־
פּאָרע געווען אַ דרײַשפּראַכיקע, און זי פלעג אויס־
נוצן אין טאָגטעגלעכן לעבן עטלעכע לעשוינעס. וו.
טשערנין לייגט פאָר זיי אָנרופן: 1' די גערעדטע
שפּראַך פון דער געגעבענער יִידישער איידע, 2) די
שפּראַך פונעם וווינונגס־לאַנד און 3) דאָס בּוך־
אָדער קולט־לאָשן. די גערעדטע שפּראַך פון אַ
יִידישער איידע איז געווען דאָס מיטל פון איר
אינערלעכן פאַרקער און איז אונטערגעהאַלטן גע־
וואָרן דורך דער אווטאָנאָמער אָרגאַניזאַציע פון
יִידישע קעהילעס אין דער דיִאַספּאָרע און דורך
דעם, וואָס עס האָבן עקזיסטירט קאָמפּאַקטע נאַ־
ציִאָנאַלע יִידישע אַנקלאַוון (יִישוּווים, קוואַרטאַלן,
„געטאָס") אינצווישן דער אַרומיקער באַפעלקערונג.
די שפּראַך פונעם וווינונגס־לאַנד האָט געדינט אַלס
מיטל פונעם אויסערן־פאַרקער אין באַדינגונגען פון
באַשטענדיקע קאָנטאַקטן; צומאָל פלעגן די דאָזיקע
ראָל אויספילן צוויי אָדער אַפילע דרײַ שפּראַכן,
און לעסאָף, דאָס בּוך־לאָשן איז געווען דאָס מיטל
פונעם רעליגיעזן קולט, פון רעליגיִעזער און טייל־
ווײַז וועלטלעכער ליטעראַטור. בּאַ אַלע יִידישע
איידעס (כוץ די אַביסינער פאַלאַשן) האָט די דאָזי־
קע ראָל געהערט דער העברעיִשער שפּראַך (און,
לאָמיר צוגעבן, טיילווײַז אויך דער אַראַמעיִשער
שפּראַך).

וו. טשערנין דעמאָנסטרירט די דאָזיקע סכעמע
אויפן בײַשפּיל פון עטלעכע יִידישע דיִאַספּאָרע־איי־
דעס, וועלכע האָבן גערעדט אויף סאַמע פאַרשיידענע
שפּראַכן. אַזוי איז די גערעדטע שפּראַך פון די
אוקראַיִנישע אַשקענאַזים געווען יִידיש, זייער
„שפּראַך פונעם לאַנד" — אוקראַיִניש און רוסיש,
און דאָס בּוך־לאָשן — העברעיִש. בּאַ די בולגאַרי־
שע ספאַרדים האָבן די דאָזיקע ערטער אַנטשפּרעכ־
לעך פאַרנומען: דזשודעזמאָ; טערקיש און בולגאַ־
ריש; העברעיִש; בּאַ די בוכאַרער יִידן — יִידיש־
טאַדזשיקיש; טאַדזשיקיש און אוזבעקיש; העברעיִש
אדג. ס'איז אינטערעסאַנט, אַז אַדאַנק דער איינ־
הײַטלעכער סטרוקטור פון דער שפּראַך־מאָדעל (וו.
טשערנין רופט זי אָן „שפּראַך־טריִאַדע") האָבן פאַר־
שיידענע יִידישע שפּראַכן — יִידיש, דזשודעזמאָ,
יִידיש־טאַדזשיקיש און אנד., — אומאָפּהענגיק איינע
פון דער אַנדערער, אַנטליִען אויף אַן ענלעכן אופן
איינע און די זעלבע לעקסיק פון העברעיִש און פון
די שפּראַכן פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג. אַ
ספּעציִעלן פאָרטראָג אויף דער דאָזיקער טעמע האָט
וועלוול טשערנין געמאַכט אין 1984 אויף אַ קאָנפע־
רענץ פון יונגע געלערנטע פונעם אינסטיטוט פאַר
עטנאָגראַפיע בּאַ דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון
פּסס״ר.

אַזעלכע זײַנען אינקורצן די איקערדיקע מאָ־
מענטן פון פינף נײַע פּובליקאַציעס איבער יודאַיִק.
מע קאָן בלויז באַדויערן, אַז איבער די באַגרענעצ־
טע ראַמען פון די טעזיסן האָבן די אווטאָרן ניט
געהאַט די מעגלעכקײַט ברייטער פאַנאַנדערוויקלען
זייערע פאָרשונגען. אַ פולערע פּובליקאַציע וואָלט,
בעליסאָפעק, פאָרגעשטעלט אַן אינטערעס סײַ פאַר
ספּעציִאַליסטן אין געביט פון יודאַיִק, סײַ פאַרן
ברייטן קרײַז לייענער, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט
פּראָבלעמען פון דער יִידישער געשיכטע און
שפּראַכקענטעניש.

איגאָר קרופּניק

# „גאָדישניק — 86“




ס׳איז דערשינען דער אָרדנטלעכער 21־טער באַנד פונעם „גאָדישניק“ — דעם יאָרבוך פון דער געזעלשאַפטלעכער קולטור־אויפקלערערישער אָרגאַניזאַציע פון די ייִדן אין בולגאַריע. די דאָזיקע אויסגאַבע האָט שוין געקראָגן א גוטן שעם. וועגן דעם זאָגן אײדעס, צווישן אַנדערן, די געבראַכטע אין דער האַקדאָמע צום באַנד אַרויסזאָגונגען פון פירנדיקע בולגאַרישע געלערנטע — אַקאַדעמיקער נ. טאָדאָראָוו, אי. דויטשעוו, א. שעלודקאָ.

באַם צונויפשטעלן דעם „גאָדישניק־86“ האָט די רעדקאָלעגיע זיך געהאַלטן, אַזוי ווי פריִער, פאַר דער ליניע אויף טעמאַטישער פאַרשיידנאַרטיקייט.

דרײַ אַרטיקלען דערציילן וועגן דער מיטלאַלטערלעכער געשיכטע פון די ייִדן אויפן באַלקאַנער האַלב־אינדזל. דער פּראָפעסאָר כריסטאָ דאַנאָוו אַנאַליזירט צוויי אויפשריפטן — איינע פונעם 3־טן, די אַנדערע פונעם 4־טן יה. פון דער נײַער ערע, וועלכע זײַנען אַנטדעקט געוואָרן בעשאַס אויסגראָבונגען פונעם אוראַלטן פיליפּאָל (דער איצטיקער פּלאָוודיוו). די אויפשריפטן דערציילן וועגן דער בויונג פון א סינאַגאָגע. דער פּראָפעסאָר ניקאָלײַ צוויאַטקאָוו ווענדט זיך אין זײַן אַרבעט צו דער געשיכטע פון דער באַוועגונג פון „יודייסטוויוּטשטשיִע“[1] אויף די באַלקאַנען. ער באַטראַכט אויך דעם אויפקום אין דער זעלבער טקופע פון דער באַוועגונג פון כיאַניטן־קאַראַימער, וועלכע איז געווען נאָענט צו אייניקע מוסולמענישע סעקטעס. סנעזשקאַ פּאַנאָוואַ פאַרשט אויפן סמך פון דאָקומענטן דעם כאַראַקטער פונעם מיסכער־רעכט אין דער אָסמאַנישער אימפּעריע אין 16־טן — 17־טן יאָרהונדערטער.

כריסטאָ באָטושאַראָווס איבערזיכט־אַרטיקל איז געווידמעט דער פּראָבלעם פונעם פּאַטריאָטיזם פון די בולגאַרישע ייִדן זינט דער אַנטשטייונג פון דער בולגאַרישער מעלוכע אין 1878 און ביז דעם 1944. דער אויטאָר באַלויכט די ראָליע פון די בולגאַרישע ייִדן אינעם קאַמף פאַרן פאַרפעסטיקן די מעלוכעשאַפט אין 19־טן — אָנהייב 20־טן יה., דעם אָנטייל פון די ייִדן אין דער ערשטער וועלט־מילכאָמע, דעם אָנטייל פון די ייִדן אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג.

א רײ אַרטיקלען באַהאַנדלען דעם בײַטראָג פון די ייִדן אין דער אַנטוויקלונג פון דער בולגאַרישער קולטור. מיכאַיִל קאָלאַראָוו דערציילט וועגן דער ראָליע פון די ייִדן אין דער אַנטשטייונג און אַנטוויקלונג פון דער בולגאַרישער סטענאָגראַפיע. אַגאַפּיאַ באַלאַרעוואַ גיט איבער די געשיכטע פון דער „ייִדישער געזאַנג־געזעלשאַפט“. אינטערעסאַנט איז דער אַרטיקל פון דימיטער פּאַונאָוו „בולגאַרישע ייִדן אין דער טעאַטראַלער קונסט פון בולגאַריע אין די 30־ער — 40־ער יאָרן פונעם 20־טן יאָרהונדערט“. דאָרט ווערט דערציילט וועגן דער טעטיקייט פון די רעזשיסערן ב. דאַנאָווסקי, מ. בעניִעש, אי. ראָזאַנאָוו, וועגן די אַקטיאָרן ר. און אי. גערשקאָוויטש, ל. קאָנפּאָרטי. דער אויטאָר מערקט ביפראַט אויף די השפּאָע פון דער סאָוועטישער טעאַטראַלער קונסט, קוידעמקאָל פון מייערכאָלדן און וואַכטאַנגאָוון אויף דער שאַפונג פון אָט די קינסטלער. וועגן דער טעטיקייט פונעם ייִדישן ליטעראַריש־פּובליציסטישן קרײַז באַם לייענער־הויז „עמיל שעקערדזשיִסקי“ אין סאָפיִע אין די ערשטע נאָכמילכאָמעדיקע יאָרן טיילט מיט איינער פון די אָנטיילנעמער פונעם קרײַז סאַליס טאַדזשער. באַזונדערס וואַרעם דערציילט ער וועגן די באַגעגענישן מיט איליאַ ערענבורגן, וועגן דער ווירקונג אויף דער שאַפונג פון די יונגע ליטעראַטן־פּובליציסטן מיצאַד דעם גרויסן סאָוועטישן שרײַבער.

אין זעלבן זשאַנער פון זיכרוינעס איז אָנגעשריבן די אַרבעט פון דאַנטשאָ סטאַנטשעוו, וועלכער דערציילט וועגן זײַן קאַמפּס־כאַווער אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג פון די 30־ער יאָרן ע. שעקערדזשיִסקי.

מאַיִס דעקאַלאָ שילדערט דעם פּאָרטרעט פון דער אונטערערדלערן זש. קאָען. זייער בוילעט זײַנען אָנגעשריבן מעמוארן פון שאַרלאָ אַרועטי, אין וועלכע עס ווערן געשילדערט די געשעענישן אין דער וואַרנער טורמע אין די 1942—1944 יאָרן.

אָן אינטערעס שטעלן פאָר די אײַנגעשלאָסענע אינעם יאָרבוך דאָקומענטן־פּובליקאַציעס. עלקאַ קאָנסטאַנטינאָוואַ און נאַדעזשדאַ אַלעקסאַנדראָוואַ האָבן צוגעגרייט צום דרוק די בריוו פון דער באַוווסטער דיכטערן דאָרע גאַבע צום בולגאַרישן שריפטשטעלער ניקאָלײַ ליליִעוו. וואַלענטינאַ קאָלעוואַ פאַרעפנטלעכט דאָקומענטן וועגן די פּראָטעסטן פון בולגאַרישע קינסטלער קעגן באַזײַטיקן בעשאַס דער צווייטער וועלט־מילכאָמע די ייִדן־קינסטלער פונעם שעפערישן פּראָפעסיאָנעלן פאַריין. דאַוויד קאָען האָט געגעבן א קאָמענטאַר צו די אָפּגעדרוקטע אינעם זאַמלבוך מאַטעריאַלן פונעם געריכט איבער מיליטערישע פאַרברעכער. מיר געפינען אינעם זאַמלבוך וויכטיקע אָנגאַבן וועגן די פּלענער אויסצוראָטן די בולגאַרישע ייִדן און וועגן דעם דורכפאַל פון די דאָזיקע פּלענער. ד. קאָען שטרײַכט אונטער, אַז בולגאַריע איז געווען דאָס איינציקע צווישן די אָקופּירטע אייראָפּעיִשע לענדער, ווו עס איז דורכגעפירט געוואָרן א געריכטפּראָצעס קעגן אַנטיסעמיטיזם.

אין דער בײַלאַגע צום „גאָדישניק“ זײַנען פאַרעפנטלעכט די ערשטע אַקטן פונעם פּאַטערלענדישן פראָנט פון בולגאַריע, וועלכע האָבן אָפּגע־

---

[1] אונטער אָט דעם נאָמען זײַנען אין דער רוסישער געזעצגעבונג פון דער ערשטער העלפט פונעם XIX יה. אָנגערופן געוואָרן אייניקע סעקטעס אין רוסלאַנד.

שאַפן די פאַשיסטישע אַנטי־ייִדישע געזעצגעבונג. אין דער בײַלאַגע ווערט פאַרגעזעצט די פּובליקאַציע פון זיכרוינעס פון די אָנטיילנעמער פון דער היסטאָרישער אַנטיפאַשיסטישער מאַניפעסטאַציע דעם 24־טן מײַ 1943. ס'איז אויך אָפּגעדרוקט אַ מאַטעריאַל וועגן דער געשיכטע פון דער צײַטונג „יעוורייסקי וועסטי" — איר פּעריאָדישקײַט, באַשטאַנד פון דער רעדאַקציע, אַמערסטן אַקטיווע מיטאַרבעטער.

דער „גאָדישניק" שליסט זיך מיט צוויי אינטערעסאַנטע מאַטעריאַלן. אַלבערט דעקאַלאָ דערציילט אין אַ סעריע פאַרצייכענונגען אונטערן אַלגעמיינעם טיטל „בולגאַריע פאַר די אויגן און אינעם האַרצן" וועגן זײַנע באַגעגענישן און שמועסן אין ייִסראָעל מיט די ייִדן — אָפּשטאַמיקע פון בולגאַריע, וועגן זייער סימפּאַטיע צום געבורט־לאַנד, וועגן דער זאָרגעוודיקער באַציִונג צו די בולגאַרישע טראַדיציעס. וויטאַלי טאַדזשער און אַנאַ סטאַנעוואַ שילדערן דעם פּאָרטרעט פון אַן אויסערגעוויינלעך פּיליזײַטיקער פּערזענלעכקײַט — ניסים מעוואָראַך — אַ פּעדאַגאָג, דיפּלאָמאַט, געזעלשאַפטלעכן און מעלוכישן טוער. ס'ווערט געבראַכט אַ ביבליאָגראַפיע פון די וויכטיקסטע וויסנשאַפטלעכע און פּובליציסטישע ווערק פונעם פּראָפעסאָר נ. מעוואָראַך.

דער „גאָדישניק" איז גוט אַרויסגעגעבן פונעם פּאָליגראַפישן שטאַנדפּונקט, אין אים זײַנען אָפּגעדרוקט פאָטאָגראַפיעס, וועלכע איליוסטרירן דעם אינהאַלט פון די פאַרעפנטלעכטע אַרטיקלען.

**אַלעקסיי מילער**

# כראָניק

### פאַר די ליבהאָבער פונעם ייִדישן מוזיקאַלן פאָלקלאָר

דעם 6־טן מײַ איז אין דער אַלפאַרבאַנדישער געאָגראַפישער געזעלשאַפט, באַ אַ פילקעפּיקן אוילעם, אויסגעהערט געוואָרן אַ פאָרטראָג פונעם יונגן קעשענעווער קאָמפּאָזיטאָר און פאָלקלאָריסט וולאַדימיר ביטקין אַף דער טעמע „דער ייִדישער מוזיקאַלער פאָלקלאָר אין מאָלדאַוויע און בוקאָווינע". די מיטיילונג איז באַגלייט געוואָרן מיט פּילצאָליקע בײַשפּילן פון פאָלקסלידער און כאַזאָנישע ניגונים, וועלכע דער פאָרטרעגער האָט פאַרשריבן אַף מאַגניטאָפאָןטאַשמעס אין פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך — קעשענעוו, טשערנאָוויץ, בעלץ, טעלענעשט, טיראַספּאָל, בענדער, ריבניצע און אַנד.

עס זײַנען פאָרגעשטעלט געוואָרן פאַרשיידענע וואָקאַלע זשאַנרען: קינדער־לידער, כאַסענע־ניגונים, ווערק אַף היסטאָריש־רעליגיִעזער טעמאַטיק אאַוו. עס האָבן געקלונגען לידער אַף פאַרשיידענע לעשוינעס — ייִדיש, העברעיִש, דזשודעזמאָ (ייִדיש־שפּאַניש) און טאַטיש (באַרג־ייִדיש).

וו. ביטקינס פאָרטראָג איז אויפגענומען געוואָרן אַלס אַ שעפערישער באַריכט וועגן זײַן פאָלקלאָריסטישער טעטיקײַט אין מעשעך פון די לעצטע יאָרן. די לייענער פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" האָבן שוין געהאַט אַ מעגלעכקײַט זיך צו באַקאַנען מיט אייניקע פּראָטים פון אָט די פאָרשונגען לויט דער פאַרצייכענונג „דער מאַרשרוט — די גאַנצע רעפּובליק", וועלכע דער יונגער קאָמפּאָזיטאָר און פאָלקלאָר־זאַמלער האָט פאַרעפנטלעכט אינעם 7־טן נומער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" פונעם פאַריקן יאָר.

## אונדזערע מיטיילונגען

## שימען יאַקערסאָן



געבוירן אין 1956 אין לענינגראַד. פאַרענדיקט דעם לענינגראַדער אינ־סטיטוט פון קולטור. שטודירט העברעיִש אין לענינגראַדער מעלוכע־אוניווערסיטעט. אַרבעט אַלס היטער פון די העברעיִש־ייִדישע פאָנדן אין דער ביבליאָטעק פון דער לענינגראַדער אַפּטיילונג פונעם אינסטי־טוט פאַר מיזרעך־קענטעניש בײַ דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון פססר. צונויפגעשטעלט און אַרויסגעלאָזט אַ „קאַטאַלאָג פון העברעיִשע אינ־קונאַבולן” אין דער דערמאָנטער ביבליאָטעק. וווינט אין לענינגראַד.

# קאָלאָפאָנען פון העברעיִשע אינקונאַבולן

באַ די הײַנטיקע צײַטן זײַנען די וויסנשאַפטן ווידערופגעשטעלט, ס׳זײַנען אופגעריכט געוואָרן די שפּראַכן: די גריכישע, אָן וועלכער מע האָט ניט קיין רעכט צו האַלטן זיך פאַר אַ געלערנטן, די העברעיִשע, די כאַלדעיִשע, די לאַטײַ־נישע. הײַנט־צו־טאָג איז ברייט פאַרשפּרייט דער שיינער ביכערדרוק, וועלכער איז דערפינדן געוואָרן אין מײַנע צײַטן און איז ניספּאָעל געוואָרן פון גאָט, אין דער צײַט, ווען האַרמאַטן זײַנען דערפינדן געוואָרן מאַכמעס אַ טײַוולאָנישער אָנרייצונג. אומעטום זעען מיר געלערנטע מענטשן, די סאַמע געבילדעטע מאַדרי־כים, די גרעסטע ביכערלאַגערס און אַזויאַרום, פון מײַן שטאַנדפּונקט, איז אַפילע אין די צײַטן פון פּלאַטאָנען, ציצעראָנען, פּאַפּיניאַנען געווען שווערער זיך צו לערנען, איידער איצט.

פראַנסואַ ראַבלע. גאַרגאַנטיואַ און פּאַנטאַגריועל. בוך 2, קאַפּ. 2

ווען מע זאָגט, אַז די ייִדן זײַנען אַן אַם־האַסייפער[1], ווערט מיט דעם געוויינלעך געמיינט ניט נאָר דאָס, וואָס ייִדן זײַנען די שעפער פונעם סייפער־האַספּאָרים, נאָר אויך, אַז דאָס ייִדישע פאָלק איז באַוווּסט מיט זײַן איבערגעגעבנקײַט דער בי־כער־טראַדיציע. די צײַט האָט אָפּגעווישט פונעם מענטשלעכן זיקאָרן אַ סאַך געשעענישן, פאַקטן, נעמען, און באַזונדערס זײַנען פאַרגעסן געוואָרן די מאָטיוון פון היסטאָרישע ווענדונגען און אופטועז. פאַרבליבן זײַנען ביכער פון פאַרשיידענע צײַטן, און, לייענענדיק זיי, הערן מיר דאָס געוועןדטע צו אונדז איבער יאָרהונדערטער קאָל פון די מעכאַ־ברים. אָבער וואָס ווייסן מיר וועגן די מענטשן, וועלכע האָבן אומיטלבאַר געשאַפן אונדזערע ער־שטע ביכער; וועגן די דרוקער, קאָרעקטאָרן, זעצער, מײַסטערס, וואָס פלעגן אויסגיסן די שריפטן, באַ־פּוצן די ביכער מיט וויניעטקעס און רעמלעך? ווער זײַנען זיי געווען, אין וועלכע באַדינגונגען, צוליב וועלכע צוועקן — קאָמערציִעלע אָדער מאַסקילי־שע — האָבן זיי זיך פאַרנומען מיטן ביכערדרוק? ענטפערן אויף אָט די אַלע פראַגעס איז ניט פּראָסט. אַרבעטנדיק איבער דער באַשרײַבונג פון די העב־רעיִשע ערשט־דרוקן, האָב איך אָנגעהויבן זאַמלען דעם מאַטעריאַל, וועלכער וואָלט געקאָנט אין וועל־כער־ניט־איז מאָס העלפן צו געפינען דעם ענטפער.

די ערשטע ביכער זײַנען געווען גיכער ענלעך אויף קסאַוויאַדן, איידער אויף געוויינלעכע פאַר אונדז אויסגאַבעס. זיי האָבן ניט געהאַט קיין שאַרבלאַט. אַ טייל פונעם טעקסט — אַלס קלאַל, ניט קיין גרוי־סער, איין בלאַט — פלעגט זײַן אָנגעשריבן גופע פונעם מײַסטער, וואָס האָט געאַרבעט אויף צו שאַפן דעם בוך. אָט דער טייל טאַקע הייסט קאָלאָפאָן.

די קאָלאָפאָנען פון די ייִדישע ערשט־דרוקן רופן אַרויס אַן אויסשליסלעכן אינטערעס סײַ באַ העברע־יִסטן, סײַ באַ היסטאָריקער פונעם בוך. באַ העברע־יִסטן — אַלס דענקמעלער פון דער ליטעראַרישער שפּראַך אין אַ קאָנקרעטן, דײַטלעך דאַטירטן פּעריִאָד, מיט די רעגיִאָנעלע און אינדיווידועלע באַזונדערקײַטן. באַ היסטאָריקער פונעם בוך — אַלס דער איינציקער קוואַל פון ביבליִאָגראַפישער אינפאָרמאַציע. לע־

[1] עם־הספר (העבר.) — דאָס פאָלק פונעם בוך.

ערעך 90 פּראָצענט פֿון דעם, וואָס מיר ווייסן וועגן די העברעיִשע אינקונאבולן, איז גענומען פֿון זיי גופֿא און אין גרונט — פֿון די קאָלאָפֿאָנען. אזא מאַצעוו איז אַמערסטן כאַראַקטעריסטיש גראָד פֿאַרן העברעיִשן בוך איבער סיבעס פֿון אַלגעמיין־היסטאָרישן כאַראַקטער: די אַקטן פֿון וואַנדאַליזם אין פּעריאָד פֿון דער פּעאָדאַלער רעאַקציע זײַנען געווען געווענדט אויך קעגן די דענקמעלער פֿון מאַטעריעלער קולטור. ס׳פֿלעגן רויִנירט ווערן געמיינדע־ביניאָנים, שולן, דרוקערײַען, מע פֿלעג ברענען ביכער און קעהילע־פּינקייסים. באַזונדערס האָט עס אַ שײַכעס צו אַזעלכע לענדער, ווי שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, אין וועלכע די ייִדן־פֿאַרטרײַבונג (1497 ,1492) איז באַגלייט געוואָרן מיטן פֿאַרניכטן ביכער און אַרכיוון.

הײַנט־צו־טאָג איז אונדז ניט באַוווּסט קיין שום פֿילאָלאָגישע אָדער ביבליאָגראַפֿישע פֿאָרשונג, וועלכע איז געווידמעט די העברעיִשע קאָלאָפֿאָנען בכלל אָדער די העברעיִשע אינקונאַבולן־קאָלאָפֿאָנען בפֿרט. די אויפֿגאַבע פֿון דער געגעבענער פֿאָרשונג איז פֿאָרלויפֿיק באַהאַנדלען די העברעיִשע אינקונאַבולן־קאָלאָפֿאָנען אין דרײַ אַספּעקטן: אַלס ליטעראַרישן זשאַנער; פֿונעם שטאַנדפּונקט פֿון ביבליאָגראַפֿישער אינפֿאָרמאַציע; אַלס צוגרייטונג־מאַטעריאַל צום טעזאַורוס[1] פֿון טיפּאָגראַפֿישע טערמינען. בעשאַס דער צוגרייטונג פֿון דער געגעבענער אַרבעט זײַנען קוידעםכּל געווען אויסגענוצט די קאָלאָפֿאָנען־טעקסטן פֿון דער קאָלעקציע, וועלכע געפֿינט זיך אין דער ביבליאָטעק פֿון דער לענינגראַדער אָפּטיילונג פֿונעם אינסטיטוט פֿאַר מיזרעך־קענטעניש און איז פֿאַרעפֿנטלעכט אין מײַן „קאַטאַלאָג פֿון אינקונאַבולן אויף העברעיִש"[2] (ווײַטער: „קאַטאַלאָג") און אויך קאָלאָפֿאָנען און קאָלאָפֿאָנען־פֿראַגמענטן, וואָס זײַנען פֿאַרעפֿנטלעכט אין דעם לײַפּציגער „סאַכאַקל־קאַטאַלאָג פֿון אינקונאַבולן"[3], אין דער ערשטער ביבליאָגראַפֿיע פֿון העברעיִשע ביכער פֿונעם XV יאָרהונדערט פֿון דע ראָסי[4] (פּאַרמע) און אינעם ווערק פֿון דוויר־בער פֿרידבערגן „די געשיכטע פֿון ייִדישע דרוקערײַען..."[5] (אַנטווערפּן).

## העברעיִשע קאָלאָפֿאָנען אַלס ליטעראַרישער זשאַנער

זשאַנער — דאָס איז דער טיפּ פֿון קינסטלערישער פֿאָרם, וועלכער איז פֿאַרייניקט מיט געמיינזאַמקײַט פֿון סטרוקטור־קאָמפּאָזיציאָנעלע סימאָנים. קאָלאָפֿאָנען באַשטייען, אַלס כּלל, פֿון באַשטימטע עלעמענטן, וועלכע זײַנען אונטערגעאָרדנט די אַלגעמיינע געזעצן אינעווייניק אינעם ווערק, ד.ה. זיי פֿאַרמאָגן די סטרוקטור פֿון אַ קאָמפּאָזיציע. ווי באַליביקע מעכאַבער־שאַפֿונגען, האָבן אַוודאי די קאָלאָפֿאָנען זייער אינדיווידועלקײַט, אייננמאָליקײַט, אָבער אויב באַטראַכטן זיי קאָמפּלעקסיש, קאָן מען, אויסער דעם אויסנאַם פֿון אַ קלענער צאָל ריין אינפֿאָרמאַטיווע קאָלאָפֿאָנען, וועלכע אַנטהאַלטן פֿאַרלאַג־אָנגאַבן (אַלס כּלל, ניט קיין פֿולשטענדיקע) און דעם נאָמען פֿונעם איבערשרײַבער אָדער פֿונעם טיפּאָגראַף, — אויסטיילן אַ גענוג קלאָרן סטרוקטור־קאָמפּאָזיציאָנעלן קאַנאָן. די באַשטאַנדטיילן פֿון די קאָלאָפֿאָנען קאָן מען צעטיילן אויף מער געמיינזאַמע און מער באַזונדערע.

געמיינזאַמע קאָלאָפֿאָנען־עלעמענטן

1. דער האַשעם־ייִסבאָרעך נאָכן פֿאַרענדיקן די אַרבעט.

2. אַ שעווער (לויב) דעם ווערק, וואָס ווערט פּובליקירט.

3. פֿאַרלאַג־אָנגאַבן.

4. די נעמען פֿון הויפּט־אָנטיילנעמער פֿון דער אויסגאַבע.

5. דער האַשעם־ייִסבאָרעך מיט דער באַקאָשע העלפֿן אין דרוקן אַנדערע ביכער.

באַזונדערע קאָלאָפֿאָנען־עלעמענטן

1. אַ הימן דעם נײַעם אויפֿן פֿאַרשפּרייטן קענטעניש.

2. אָנקלאָגעס אויף דער קאָמפּליצירטקײַט פֿון דער אַרבעט.

3. דערקלערונג פֿון דער אויסגאַבע־סטרוקטור (אַשטייגער, אַן אויסצוג פֿונעם קאָלאָפֿאָן צו דער אויסגאַבע פֿון דאָוויד קימכיס ווערטערבוך (שאָרשים", נעאַפּאָל, 1491: „...והנה הסכמנו להדפיס זה הספר בשני עמודים למען הרבות טובו ויפיו גם המורה מטום חקקנוהו מבית לדף למען ירוץ קורא בו..." — „...און אַט האָבן מיר באַשלאָסן אָפּדרוקן דעם דאָזיקן סייסער אין 2 שפּאַלטן, קעדיי פֿאַרגרעסערן זײַן אָנגענעמקײַט און שיינקײַט. אויך דעם קוואַלן־אָנווײַזער האָבן מיר אָפּגעדרוקט אינעווייניק פֿונעם בויגן, קעדיי דער לייענער זאָל נאָך אים לויפֿן...".

4. דער פּערספּעקטיווער אַרויסלאָז־פּלאַן פֿון ביכער בכלל און פֿונעם געגעבענעם מעכאַבער בפֿרט.

---

[1] אַ מין רעשימע מיט אויסטײַטשונגען.

[2] Я к е р с о н С. М. Каталог инкунабулов на древнееврейском языке библиотеки Ленинградского отделения Института востоковедения АН СССР, Л., 1985.

[3] Gesamtkatalog der Wiegendrucke (Hrsg. von der Komission für den Gesamtkatalog. . . Leipzig, 1925—1938. — Bd. 1—7.

[4] Rossi, J.B. De Annales Hebraico-Typographici sec. XV. — Parmae, 1795 — 184 p.

[5] פֿריִדבערג, חיים דובעריש. תולדות הדפוס העברי במדינות איטליה, אספניה־פורטוגליה, תורדגמה וארצות הקדם מראשית הוסדו אוהתפתחותו בערך שנת רל"ב... אנטוורפן, תרצ"ד/1934. — 140 עמ.; 46 תמונות.



א זײַט פֿונעם סייפֿער „באור על התורה” פֿון באַכיע בען אָשער בען כאַלאַווע, נעאַפּאָל 1492

5. נעמען פֿון פֿאָרשטייער פֿון דער מעלוכישער און גײַסטלעכער מאַכט, וועלכע האָבן סאַנקציאָנירט די אויסגאַבע, און פֿון די בײַשטײַער.

אינעם פּעריאָד, וועלכן מיר באַטראַכטן, האָט מען געדרוקט העברעיִשע ביכער אין איטאַליע, שפּאַניע, פּאָרטוגאַל און טערקײַ (?) (די פֿראַגע וועגן דער עקזיסטענץ פֿון העברעיִשן ביכערדרוק אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אין די 90־ער יאָרן פֿונעם XV יאָרהונדערט בלײַבט ביז איצט אַן אָפֿענע). די היסטאָריש־קינסטלערישע טראַדיציעס פֿון די ייִדישע קעהילעס אין די דאָזיקע לענדער האָבן זיך נאַטירלעך, באַזירט אויף איינעם און דעם זעלבן רעליגיעז־קולטישן יעסאָד, אָבער צו דער צווייטער העלפֿט פֿונעם XV יאָרהונדערט האָבן זיך די קעהילעס שוין באַדײַטנדיק אונטערגעשיידט אין דעם רעליגיעזן ריטואַל, אינעם באַנעם און דער אופֿאַסונג פֿון דער קולטורעלער ירושע פֿון דער פֿאַרגאַנגענהײַט און אין דער אייגענער ליטעראַרישער שאַפֿונג.

די איטאַליענישע גראַפֿנשאַפֿטן האָבן אין משך פֿון אַ סאַך יאָרהונדערטער זיך אויסגעצייכנט מיט אַ באַדײַטנדיקער עמונע־טאָלעראַנץ צו ניט־קריסטן, באַזונדערס צו די ייִדן, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין איטאַליע נאָך אין דער געצנדינערישער טקופֿע (שוין צום אָנהייב פֿון דער נײַער ערע איז די ייִדישע קעהילע אין רוים געווען איינע פֿון די אײַנפֿלוסרײַכסטע און רײַכסטע אויסער פּאַלעסטינע), און האָבן מער אָדער ווייניקער סטאַביל געלעבט סײַ אין פּאָליטישן, סײַ אין עקאָנאָמישן פּראַט. צווישן אַנדערע אַנטפּלעקונגען פֿון עמונע־טאָלעראַנץ דאַרף מען אָפּמערקן די אָפּוועזנהײַט אין איטאַליע פֿון קאַסטעקײַט בײַ די באַלמעלאָכישע גילדיעס, וועלכע וואָלט פֿאַרבאָטן אַרײַנטרעטן אין די גילדיעס די ניט־קריסטן (איינע פֿון די מעגלעכע סיבעס פֿון דעם, וואָס דער העברעיִשער ביכערדרוק איז צוערשט דערשינען ניט אין דײַטשלאַנד, כאָטש די נעמען פֿון אַ סאַך דרוקער און קאָרעקטאָרן באַווײַזן זייער דײַטשישן אָפּשטאַם, לעמאָשל, די מישפּאָכע דרוקער גינדערהאָזערס, דער דרוקער אַווראָם יעדידיע פֿון קעלן[1] און אַנד). מיר האָבן ניט אין אונדזער רעשוס די פּינקטלעכע דאַטע, ווען ס'איז אַנטשטאַנען די ערשטע ייִדישע דרוקערײַ אין איטאַליע. אין דער ליטעראַטור איז פֿאַראַן אַ דערמאָנונג וועגן אָפּגיסן העברעיִשע אויסיעס שוין אין 1446[2], אָבער אויף זיכער קאָן מען בלויז זאָגן, אַז די ערשטע העברעיִשע ביכער זײַנען אָפּגעדרוקט געוואָרן צווישן 1465, דעם אַנטשטייונג־יאָר פֿון דער ערשטער איטאַליענישער דרוקערײַ פֿון קאָנראַד סווענהיימער און אַרנאָלד פּאַנאַרץ, און 1475, דעם אַרויסגאַנג־יאָר פֿונעם ערשטן העברעיִשן דאַטירטן בוך אין רעדזשיאָ די קאַלאַבריאַ, אין דער דרוקערײַ פֿון אַווראָם בען גאַרטאָן בען ייִצכאָק.

די העברעיִשע שפּראַך פֿון די איטאַליענישע קעהילעס האָט אײַנגעזאַפּט אין זיך אַלע כאַראַקטעריסטישע עלעמענטן פֿון דער עפּאָכע, קודעם־קאָל — אומסטאַבילקײַט פֿון דער אָרטאָגראַפֿיע. איין און דאָס זעלבע וואָרט קאָן מען אָנשרײַבן סײַ אין פֿולן, סײַ אין געקירצטן אויסלייג (די העברעיִשע שריפֿט איז אַ קאָנסאָנאַנטע, אָבער אין פֿאַרלויף פֿון דער צײַט, ווען העברעיִש האָט פֿאַרלאָרן זײַן גערעדטע־פֿונקציע, האָבן זיך אָנגעמערקט טענדענצן צו באַצייכענען די וואָקאַלע קלאַנגען מיט אַנטשפּרעכיקע צייכנס).

ס'האָט זיך אויך געלאָזט פֿילן די אומסטאַבילקײַט פֿון דער גראַמאַטישער מיטשטימונג פֿון די זאַץ־מיטגלידער און דער גרויסער פּראָצענט אַראַמעיִזמען אינעם לאָשן (בײַ באַזונדערע מעכאַברים פֿון דער עפּאָכע, וועלכע מיר פֿאָרשן, איז דאָס לאָשן אויף אַזויפֿיל אויסגעמישט, אַז עס קומט אויס גיכער פּאַסקענען, צי עס איז געווען אַן איינהײַטלעכע שפּראַך). די ביבל, ווי מיר ווייסן, איז אָנגעשריבן אויף העברעיִש און באַזונדערע טיילן אויף אַראַמעיִש, די מישנע — אויף העברעיִש, די געמאָרע — אויף אַראַמעיִש, די מער שפּעטערדיקע — די מעדראָשים און די פֿילאָסאָפֿיש־מיסטישע פֿאַרפֿאַסונגען אין דער קאַבאָלע — אויף אַראַמעיִש.

---

[1] אברהם ידידיה מקולונייא (העבר.).

[2] הברמן, א. מ. אינקונאבולא. — בתוך: האנציקלופדיה העברית כללית, יהודית וארצישראלית. כ. ב. — ירושלים — תל־אביב, חשכ"ד/1964 — תור 985.

אין שפּאַניע און פּאָרטוגאַל האָט מען אָנגע־
הויבן דרוקן העברעיִשע ביכער עטוואָס שפּעטער.
דער ערשטער דאַטירטער בוך אין שפּאַניע איז
דערשינען אין גוואַדאַלאַכאַרע אין 1480 אין דער
דרוקערײַ פֿון שלוימע איבן אַלקאַבעץ; אין פּאָר־
טוגאַל — אין פֿאַראָ אין 1487 אין דער דרוקערײַ
פֿון דאָן שמואל גאַסאָן. די דרוקער האָבן דערלערנט
די מעלאָכע גיכער פֿון אַלץ אין איטאַליע. כאָטש
די שריפֿטן גופֿע, מיט וועלכע ס'זײַנען געווען
אויסגעזעצט די ערשטע דערגאַנגענע צו אונדז
אויסגאַבעס, זײַנען ניט פֿון איטאַליענישן אָפּשטאַם.
זיי קאָפּירן דעם האַרבן ספֿרדישן האַלב־קורסיוו,
און אין א באַדײַטנדיקער מאָס אונטערשיידן זיי זיך
פֿון די שריפֿטן, וואָס זײַנען געווען אָנגענומען אין
איטאַליע.

דער שפּאַניש־פּאָרטוגאַלישער רעגיאָן האָט
צום XV יאָרהונדערט געהאַט א רײַכע, אויב ניט
די רײַכסטע מיטלאַלטערלעכע ליטעראַרישע טראַדי־
ציע. די „גאָלדענע תקופֿה" פֿון דער מוסולמעניש־
יעהודישער שפּאַניע (בערערך די 10—12 יה.)
האָט געשאָנקען דער וועלט־קולטור שעדעווערס פֿון
פּאָעטישער שאַפֿונג און פֿון פֿילאָסאָפֿישן געדאַנק,
גענ־אַלע אַנטדעקונגען אין געביט פֿון אַסטראָנאָ־
מיע און מעדיצין. ס'איז גענוג צו דערמאָנען אַזעל־
כע גרויסע נעמען, ווי יעהודע האַלעווי, שלוימע
איבן גאַבירואָל, מוישע בען מײַמאָן אאַ. די שפּאַני־
שע און פּאָרטוגאַלישע דרוקער און קאָרעקטאָרן
האָבן זיך באַטראַכט אַלס פֿאַרזעצער פֿון א שוין
אויסגעפֿורעמטער ליטעראַרישער טראַדיציע. קאָלאָ־
פֿאָנען פֿון דער מערהײַט העברעיִשע אינקונאַבולן
פֿון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל האָבן פֿאַרמאָגט א פּאָ־
עטישע פֿאָרם, וועלכע איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר
דער ליטעראַטור פֿון דער „גאָלדענער תקופֿה". דער
פֿאַרז־ריטם איז געווען אויסגעבויט אויף א באַשטימ־
טער קאָמבינאַציע און בײַט פֿון לאַנגע, קורצע און
איבערקורצע וואָקאַלן.

דער דאָזיקער אויפֿן פֿון פּאָעטישער אינסטרו־
מענטירונג איז ניט געווען באַדינגט פֿון די באַזונ־
דערקײַטן פֿון העברעיִש, גיכער איז עס געווען א
דירעקט נאָכמאַכן דער אַראַבישער דיכטונג. דאָס
פֿלעגט אין א סך פּראַטים פֿאַרקאָמפּליצירן די
העברעיִשע פּאָעזיע, אָבער אין דער זעלבער צײַט
אויך דערפֿירן זי צו אויסטערלישער ווירטואָזקײַט.
אָבער דער XIV—XV יה. איז א פּעריאָד פֿון באַ־
שײַמפּערלעכער ליטעראַרישער יערידע, פֿון עפּי־
גאָנען, וועלכע פֿלעגן אָפֿט לעשעם אָפּהיטן די
„אַרופֿגעצוווּנגענע" מיצאַד דער טראַדיציע ריט־
מישע סטרוקטור פֿון דער סטראָפֿע גרינגשעצעריש
באַציִען זיך צו איר אינהאַלט. דאָס איז כאַראַקטע־
ריסטיש אויך פֿאַר די מעכאַברים פֿון די קאָלאָפֿאָ־
נען. א סך קאָלאָפֿאָנען זײַנען צו פֿיל דעקאָראַטיווע,
באַזונדערע שורעס, געשטאַלטן זײַנען פֿאַשעט אומ־
פֿאַרשטענדלעך. עס פֿאַרשווערערט אויך באַדײַטנדיק
די איבערזעצונג און די האַסאָגע דער פֿאַקט, וואָס



א זײַט פֿונעם סייפֿער „נעוויִאים ראִשוינים" מיט א
פּיירעש פֿון דאַוויד בען יויסעף קימכי, סאָנצינאָ 1485

דער פּאָעטישער טעקסט פֿון אַלע אויסגעפֿאָרשטע
מיצאַד אונדז שפּאַניש־פּאָרטוגאַלישע קאָלאָפֿאָנען
איז ניט אָפּגעצייכנט מיט נעקודעס (געוויינלעך
זײַנען אין דער העברעיִשער ליטעראַטור פּאָעטישע
ווערק, פּונקט ווי דער טעקסט פֿון דער ביבל און
פֿון די טפֿילעס, אָפּגעצייכנט מיט די נעקודעס).
דאָס אַלגעמיינע אייגנאַרטיקע מיטל אינעם
קאָלאָפֿאָנען־זשאַנער איז די פֿאַרבאָרגענע אַסאָציִאַ־
טיוויקײַט אָדער די פֿאַרבאָרגענע ציטירונג. דער
מעכאַבער אַדרעסירט זײַן ווערק א גענוג באַהאַוונטן
לייענער, וואָס איז אָנגעלייענט אין געביט פֿון
עמונע־ליטעראַטור.

דאָס לערנען אין די ייִדישע רעליגיִעזע שולן
איז טאָמיד געווען באַזירט אויף דער טראַדיציע פֿון
פֿאַרגעדענקען דעם טעקסט, וועלכן מע דערלערנט,
און פֿון איבערזעצן אים אויף דער אומגאַנג־שפּראַך
פֿון דער געגעבענער קעהילע. דאָס לערנען איז
פֿאַר מאַנצבלען געווען אָבליגאַטאָריש און האָט
געדויערט בערערך פֿון 2—6 ביז 12—13 יאָר.
נאָכן ווערן א באַרמיצווע פֿלעג יעדער מאַנצבל אָנ־
טיילנעמען אין דער אַווידע (סינאַגאָגאַלער ליטור־
גיע), וואָס באַשטייט פֿון צונויפֿקאָמפּילירן אין א
באַשטימטער אָרדענונג אויסצוגן פֿון דער ביבל
און פֿון שפּעטערע בראָכעס, פֿון וועזנטלעכן שאַ־
בעסדיקן לייענען קאַפּיטלען פֿונעם ערשטן טייל
פֿון דער ביבל, פֿון דער טוירע (די טוירע לייענט
מען עפֿנטלעכערהייט, אַזוי אַז די צאָל קאַפּיטלען
זאָל זיך גלײַכן צו דער צאָל שאַבעס־טעג פֿאַר דעם
גאַנצן יאָר. דאָס פֿאַרזיכערט די יערלעכע איבער־
כאַזערונג פֿונעם טעקסט), און פֿון דערלערנען טאַל־
מודישע מעסעכטעס (טראַקטאַטן). נעמענדיק אין
אכט די זיך אײַנגעשטעלטע פּראַקטיק פֿון דער
אָבליגאַטאָרישקײַט פֿון אַזאַ דערלערנונג, קאָן מען
פֿעסט אויסרעכענען אויף א גרויסער ערודיציע אין
געגעבענעם געביט בא דעם דערוואַקסענעם לייע־
נער. אויף דער דאָזיקער ערודיציע איז טאַקע געווען
אויסגערעכנט דאָס אויבנדערמאָנטע מיטל פֿון דער
פֿאַרבאָרגענער ציטירונג: דער מעכאַבער דערקלערט

זײַנע געדאַנקען דורך אויסגעקאָמבינירטע מיט דערפאָלג ציטאַטן פון דער קלאַסישער ליטעראַטור. די ווירטואָזקײַט און ערודיציע פונעם מעכאַבער אַנטפּלעקט זיך נעמלעך אין קענען האַרמאָניש זיך אויסדריקן דורך באַוווּסטע שוין ליטעראַרישע געשטאַלטן און אײַנגעשטעלטע רייד־שאַבלאָנען. גענדזנפיסלעך ווערן, נאַטירלעך, דערבײַ אין ערגעץ ניט געשטעלט.

די גרינטלעכע אויפגאַבע פון דער פאָרשונג און איבערזעצונג פון א קאָלאָפאָן אַלס ליטעראַריש ווערק איז טאַקע — די אויפדעקונג פון דער דאָזיקער אַסאָציאַטיווער ריי. די איינציקע איבערזעצונגען פון העברעיִשע קאָלאָפאָנען־אינקונאַבולן, וועלכע זײַנען אונדז באַוווּסט, האָט אויסגעפילט (אַף לאַטײַן) דער קריסטלעכער העברעיִסט און ביבליאָגראַף דע ראָסי אין דער אַרבעט „אַנאַליז פון העברעיִשע דרוקערײַען פונעם XV יאָרהונדערט". אָבער די איבערזעצונגען פון דע ראָסין זײַנען ווערטערלעכע און ריין אינפאָרמאַטיווע, אָן א שום פילאָלאָגישן קאָמענטאַר. דע ראָסי דערמאָנט ניט אַפילע (און עפשער באַמערקט ער טאַקע ניט) די מעגלעכקײַט פון א מער טיפערן דורכלייענען דעם טעקסט. אין פּראָצעס פון אָנשרײַבן די געגעבענע אַרבעט איז מיצאַד אונדז געוועזן פאָרגענומען א פּרוּוו איבערצוזעצן דרײַ קאָלאָפאָנען מיט א היסטאָריש־פילאָלאָגישן קאָמענטאַר. אַזא קאָמענטאַר דאַרף, לויט אונדזערע פאָרשטעלונגען, אײַנשליסן די פאָלגנדע עלעמענטן :יעדיעס וועגן דעם אָרט פון דער אויסגאַבע און פון דער דרוקערײַ; קורצע אָנגאַבן וועגן דעם מעכאַבער פונעם קאָלאָפאָן; אויסטײַטשונגען פון פאַרבאָרגענע ציטאַטן מיט דער אָנווײַזונג פונעם קוואַל; א דערקלערונג פון ספּעציפישע אויסדרוקן און ליטעראַרישע געשטאַלטן, וועלכע באַגעגענען זיך אינעם טעקסט; אויפדעקונג פון אַבריוויאַטורן; דאַטעס־קאָנווערטירונג פון דער יידישע אין דער אייראָפעיִשער צײַט־רעכענונג.

אין דער אַרבעט האָבן מיר אויסגענוצט די „קאָנקאָרדאַנציע צום טאַנאַך" פון מאַנדעלקערנען[1], דעם עטימאָלאָגישן ווערטערבוך פון דער העברעיִשער שפּראַך פון עווען־שאָשאַנען[2], דעם „נאָטריקאָן" פון האַלפּערינען[3]. דעם פולן טעקסט פון די געגעבענע קאָלאָפאָנען האָבן מיר פאַרעפנטלעכט אינעם „קאַטאַלאָג". דאָ ברענגען מיר דעם טעקסט פונעם קאָלאָפאָן צו דער אויסגאַבע פון דאָוויד קימכי (1160—1235). די דרוקער זײַנען מאַעסטראָ יויסעף און נערא, כאַיִם מאָרדעכײַ, כיזקיע מאָנטראָ (מיישטער יוסף ונריה, חיים מרדכי, חזקיה מונטרו — העבר.) 29 אווגוסט, 1477 (כ אלול, ה"רלז, „קאַטאַלאָג", נום. 61). בעת תושלמת חספרים: אשר בדפוסי האותיות נקבעו לסדרים: // באותה מלאכה ימצאו שלש מאות ספרים: המהדרים מין. המהדרים/תהילים עם פירוש הקמחי: לעיני רואיהם יבהיקו יאירו כספירים://על כן לנאזר בגבורה נפארנו ברננה: //וקול זמרה ובשיר כל משורום:// כי יוזכנו להגות בהם אנחנו וכל בני; עמינו לעדי עד ולדור דורים: // ללמוד וללמד לשמור ולעשות ולקיים: את כל הכתוב יזכינו יוצר כל יצורי׳:// ויהי נועם יי אלהי׳עלי׳ ומעשה ידינו כוננה עלינו; אלהי׳ יחונינו// ויברכינו יארפניו אתנו במלאכת ידינו: כי יצליחנו בכל// משלח ידינו מראשיתנו ועד אחריתנו: בעשרים יום בחדש אלול בשנת רלז נגמרה פעולתינו צור// מעוזינו יחיש גואלינו במהרה בימינו// המעתירים ככה בהם עושי// המלאכה מיישטר// יוסף ונרה// חיים// מרדכי וחזקיה// מונטרו:// סליק סליק: סליק://

איבערזעצונג: צו דער צײַט פון פאַרענדיקן די אַרבעט איבער די ביכער, וועלכע זײַנען געוועזן אויסגעזעצט דורך אויסיִעס// אין דער דאָזיקער אַרבעט זײַנען פאַראַן 300 ביכער: ראַיעלע שעבעראַיעלע(א) // טילים מיט א קאָמענטאַר פון קימכי: אין די אויגן, וועלכע זעען זיי, וועלן זיי גלאַנצן (און) לײַכטן, ווי סאַפּירשטיינער// דעריבער לאָמיר אַרויסווײַזן שוואַך אין סימכע דעם, וואָס איז אונטערגעגאַרטלט מיט מעכטיקײַט(ב)// מיטן קאָל פון זמירעס(ג) און מיט דער ליד פון אַלע דיכטער// ווײַל ער האָט אונדז געגעבן דעם זכוס דערלערנען זיי (די טילים), אונדז און אַלע זין פון אונדזער פאָלק אַף אײביקע יאָרן(ד) און אַף דאָר־דוירעס (ה)// לערנען און לערנען, פאַרהיטן און שאַפן און מעקײַעם זײַן: אַלץ, וואָס איז געשריבן אין זיי (אין די טילים). זאָל אונדז זוכע זײַן דער בוירע פון אַלע באַשעפער: און זאָל זײַן די בראָכע פון אונדזער גאָט און פאַרפעסטיק פאַר אונדז די אַרבעט פון אונדזערע הענט(ו).// זאָל ער ראַכמאָנעס האָבן// און זאָל אונדז בענטשן גאָט, און זאָל ער באַווײַזן אונדז זײַן געזיכט(ז) אין דער אַרבעט פון אונדזערע הענט: קעדיי ער זאָל לאָזן און מאַצליִעך זײַן אין אַלע באַשעפטיקונגען פון אונדזערע הענט. פון אונדזער אָנהייב ביז אונדזער פאַרענדיקן: דעם 20־טן טאָג פונעם כוידעש עלול פונעם יאָר רלז (5237) /1476 לויט דער אייראָפעיִשער צײַט־רעכענונג. — רעד./ האָט זיך געענדיקט דער טאַט אונדזערער. זאָל אונדזער גרעסטע אָנשטרענגונג פאַרגיכערן (דעם אָנקום) פונעם גויעל אונדזערן גיכער און נאָך בא אונדזער לעבן// די אַרויסקוקנדיקע אַף דעם. פון זיי די אַרבעטס־אויספילער מאַ־

[1] מאנדעלקערן, שלמה. קונקורדנציה לתנ"ך ערוכה בכל ושלמה לספרי תורה נביאים וכתובים (ב׳כרכים)... מהד שלישיט מתוקנת עם מילוים והוספות... — ירושלים ותל־אביב: הוצאת שוקן, תשט"ו/ 1955. — 1550 עמ.

[2] אבן־שושן. א. מלון חדש, מהד ה. — ירושלים, 1956 — כרך א־ה... 1992 עמ.

[3] היילפרין. מ. הנוטריקון, הסימנים והכנוים. — וילנה, 1912. — 361 עמ.

עסטראָ יויסעף און נעריא/כאַים/מאָרדעכײַ און כיזקיִע// מאָנטראָ:// סאָף. סאָף: סאָף://[1]

דאָס אָרט פונעם ארויסגעבן איז אינעם קאָלאָפאָן ניט אָנגעוויזן. אייניקע ביבליאָגראפן לאָקאַליזירן די געגעבענע אויסגאבע אין דער שטאָט באָלאָניע.

עס עקזיסטירט אַן אנדער מיינונג בענעגייע דעם דורכלייענען די נעמען פון די דרוקער: יויסעף און זײַן זון כאַים מאָרדעכײַ און כיזקיִע מאָנטראָ פון ווענטורע. דער נאָמען נעריא ווערט אינעם געגעבענעם פאַל באטראכט אלס דרוק־פעלער, וועלכן מע דאַרף לייענען ריכטיק אױף אראמעיִש: „און דער זון זײַנער" (ובריה).[2]

## העברעיִשע קאָלאָפאָנען אלס קוואל פון ביבליאָגראפישער אינפאָרמאציע

כוץ דעם, וואָס די קאָלאָפאָנען אנטהאלטן פאקטישן מאטעריאל וועגן די שטעט מיט דרוקערײַען, וועגן די נעמען פון דרוקער, קאָרעקטאָרן, מײַסטערס, זײַנען זיי א גוויִעס־איידעס וועגן דער באַציִונג פון די מיטצײַטלער צו דער נײַער קונסט. מיר טרעפן אין זיי פראקטיש ניט קיין שום אָפּקלאנגען פון דער פּאָלעמיק מיט די קעגנער פון פארשפרייטן דעם ביכערדרוק, כאָטש, ווי באוווּסט, זײַנען פארהיט גענוג באַווײַזן פון דער נעגאטיווער באַציִונג מיצאַד באַשטימטע אָרטאָדאָקסאלע קרײַזן פונעם קריסטלעכן קלער צו גוטענבערגס דערפינדונג. דאָס קאָלאָפאָנען־לאָשן גופא, די לעקסיק, וועלכע איז אויסגעקליבן פאר דער באַשרײַבונג פונעם פּראָצעס פון דער בוך־שאפונג, שטרײַכט אונטער די צאפּלדיקע, קימאַט רעליגיִעזע באַציִונג צו דער נײַער קונסט. לעמאָשל, דער מעכאבער פונעם קאָלאָפאָן צו דער אויסגאבע פונעם ווערק פון באכיא בען אָשער בען כאלאווא „קאָמענטאר צו דער טוירע" (באור על התורה), נעאפּאָל, 3. 1492, „קאטאלאָג נום. 12, דערציילנדיק וועגן דעם פּראָצעס פונעם דרוק און וועגן זײַנע אויספילער, נוצט די ביבלישע לעקסיק פונעם ערשטן סייפער פון די מעלאָכים (מלכים א), נעמלעך פון יענע קאפּיטלען, ווו עס דערציילט זיך וועגן דער בויונג פונעם בייס־האמיקדעש מיצאַד שלוימע־האמעלעך. מיט דעם וויל ער אונטערשטרײַכן די גרויסקײַט פון דער זאַך, וואָס קאָן זיך פארגלײַכן מיט דער בויונג פונעם בייס־האמיקדעש — דער גרעסטער הייליקײַט בא די ייִדן.

[1] (א) לויטן טאלמוד באָווּלי, מעסעכעס שבת 21,
(ב) טילים 65, 7.
(ג) יעשײַאָהו 51, 3; טילים 95, 5.
(ד) לויט יעשײַאָהו 26, 4; 65, 18 אדג.
(ה) יעשײַאָהו 51, 8.
(ו) טילים 90, 17.
(ז) טילים 67, 2.

[2] Meyer H.M.Z. Incunabula. — In: Encyclopedia Judaica. Jerusalem, 1971, vol. 8, col. 1323.

די קאָלאָפאָנען זײַנען דער וויכטיקסטער אייִדעס פון די באַדינגונגען, אין וועלכע ס'האָבן געטאָן זייער זאַך די העברעיִשע ערשט־דרוקער, און פון דער ארבעט־פּראָדוקטיווקײַט בא זיי. אין באַזונדערע קאָלאָפאָנען פלעגן די מעכאברים אָנווײַזן ניט נאָר דעם פארענדיקונג־טערמין, נאָר אויך דעם אָנהייב־טערמין פון דער ארבעט איבער דער אויסגאבע. דעריבער, וויסנדיק דעם בעערעכדיקן טיראַזש פון די אויסגאבעס (אין די קאָלאָפאָנען איז ער אָנגעוויזן — 250—300 עקזעמפּליארן) און נעמענדיק אין אכט, אַז אונדז איז ניט באַקאַנט די פּראַקטיק פון אײַנצײַטיקן זעצן מיטאמאָל עטלעכע שאפונגען אין די דרוקערײַען פונעם XV יאָרהונדערט, קאָן מען גענוג פּינקטלעך אויסרעכענען די ארבעט־פּראָדוקטיווקײַט אין די ערשטע דרוקערײַען. אשטייגער, דאָס דרוקן פון יויסעף אלבאָס (צווייטע העלפט פונעם XIV — ערשטע העלפט פונעם XV יה.) „בוך פון יעסוידעס" („ספר העקרים"), „קאַטאלאָג" נום. 10, אין דער דרוקערײַ פון ייִסראָעל סאָנטשינאָס זון אין סאָנטשינאָ האָט געדויערט פונעם 22 מארכעשוון ביזן 21 טייוועס פונעם (5)246 יאָר, ד.ה. פון דעם 31 אָקטיאבער ביזן 29 דעקאַבער 1485. אױף דעם דאָזיקן פּעריאָד פון 60 טעג איז אויסגעקומען 8 מאָל שאבעס, הייסט עס, אַז אױפן דרוק פון דער אויסגאבע אין פארנעם פון 108 בויגנס און מיט א טיראַזש לעערעך 300/250 עקזעמפּליארן זײַנען אויסגעפאלן אין דער געגעבענער דרוקערײַ 52 ארבעטסטעג, דאָס הייסט, אַז אין מעשעך פון א טאָג פלעגט מען דאָרט אָפּדרוקן לעערעך 520—620 בויגנס.

אין די קאָלאָפאָנען האָבן געפונען זייער אָפּשפּיגלונג די שארפסטע פּראָבלעמען פון אײַנגעוואָרצלטקײַט פונעם האנטגעשריבענעם און פונעם דרוק־בוך אין דער רענעסאנס־טקופע. קאָלאָפאָנען פון א סאך אויסגאבעס זײַנען פול מיט ביטערע אָנקלאָגעס אױף דער אָפּוועזנהײַט פון זיכערע, ראַיִעלע קסאוויאדן. די פארקריפּלונג פונעם טעקסט בעשאַסן איבערשרײַבן איז געווען א פארשפרייטע דערשײַנונג, זי פלעג גוירעם זײַן אומקלאָרע סוידעספולע ערטער אינעם טעקסט, וועלכער איז דעריבער פאלש געטײַטשט געוואָרן דורך די פאָלגנדיקע פיירושים, און ס'פלעג ברענגען סאָפקאָלסאָף צום פולן פארלוסט פונעם אָנפאנגלעכן באטײַט פון דעם טעקסט. עס זײַנען באַוווּסט פאלן, ווען קאָרעקטאָרן, פאראנטוואָרטלעכע פאר דער ריכטיקײַט פונעם טעקסט, פארשטייענדיק דעם בעפיירעשן אומזין פון באַשטימטע ערטער, פלעגן גיכער איבערלאָזן אינעם טעקסט רייִנע ערטער און בעטן די לייענער ארײַנשרײַבן דאָס דורכגעלאָזטע לויט אנדערע, בעסערע קסאוויאדן.

אינטערעסאנט איז אין דעם פּראַט דער קאָלאָפאָן פון דער מישנע־אויסגאבע מיטן קאָמענטאר פון מוישע בען מײַמאָן (1135—1204), וועלכער איז דערשינען אין נעאפּאָל אין 1492 אין דער דרו־

קערײַ פֿון יעהושוע סאָנטשינאָ („קאַטאַלאָג“ נום. 40). דער געגעבענער קאָלאָפֿאָן געפֿינט זיך אויף 86 בויגנס פֿאַרן סאָף פֿון דער פֿאַרפֿאַסונג און האָט דעם פֿאָלגנדיקן פּאָסט־סקריפּטום: „קעדיי ניט מיר, וואָס מאַכן די דאָזיקע אַרבעט, זאָלן זײַן שולדיק, וואָס די ענדע אירע (ד״ה. דער קאָלאָפֿאָן מיט דער טפֿילע צום פֿאַרענדיקן דעם דרוק) האָט זיך אַרויסגעוויזן אין סאָף פֿונעם טייל „קאָדאָשים“ (דעם פֿאַרלעצטן טייל פֿון דער מישנע), — כאָטש זי וואָלט געדאַרפֿט זײַן אין סאָף פֿונעם טייל „טאָהאָרויס“, ווײַל ער איז דער לעצטער לויטן סיידער, — האָבן מיר באַשלאָסן בעטן מעכילע, ווײַל די סיבע פֿון דעם, וואָס דער טייל „קאָדאָשים“ איז געוואָרן אין אונדזער ווערק דער לעצטער לויט דער צײַט, איז די אָפּוועזנהייט בײַ אונדז באַצײַטנס פֿון זײַנע ווירדיקע קאָפּיעס, און דערפֿאַר האָבן מיר אײַנגעאָרדנט דעם קאָלאָפֿאָן אויף דעם דאָזיקן אָרט, ווײַל ווען מיר האָבן עס דערגרייכט, האָט זיך פֿאַרענדיקט דאָס אויסאַרבעטן מיט גאָטס הילף אַלע זעקס טיילן“.

אַלץ, וועגן וואָס עס איז אויבן געגאַנגען אַ רייד, שפּיגלט אָפּ ניט נאָר די גאַנצע ביבליאָגראַפֿישע אינפֿאָרמאַציע פֿון די קאָלאָפֿאָנען און איז בלויז אַן אילוסטראַציע פֿון פֿאַרשיידענע מעגלעכע אַספּעקטן אין דער אַרבעט פֿון אַ ביבליאָגראַף.

## קאָלאָפֿאָנען פֿון העברעיִשע אינקונאַבולן אַלס צוגרייטונגס־מאַטעריאַל צום טעזאַורוס פֿון דרוקערײַ־טערמינען

ווען מיר האָבן גערעדט וועגן קאָלאָפֿאָנען אַלס ליטעראַרישער זשאַנער, האָבן מיר אָפּגעמערקט, אַז די קאָלאָפֿאָנען פֿון העברעיִשע אינקונאַבולן האָבן געירשנט די רײַכע טראַדיציע פֿון האַנטגעשריבענע קאָלאָפֿאָנען, אַנטלײַען בײַ זיי די סטרוקטור, די ליטעראַרישע מאַניר אאַז״וו. אָבער, נאַטירלעך, אין דער שפּראַך פֿון די קסאַוויאַדן איז ניט געווען קיין אַנטשפּרעכיקע לעקסיק פֿאַר דער באַשרײַבונג פֿונעם פּרינציפּיעל נײַעם אופֿן פֿון ביכער־אויסאַרבעטונג.

אין פּראָצעס פֿון אַנטשטייונג און אַנטוויקלונג פֿון דער זעלבסטעטיקער טיפּאָגראַפֿישער לעקסיק קאָן מען אויסטיילן עטלעכע עטאַפּן:

— דער עטאַפּ פֿון אויסניצן די לעקסיק פֿון האַנטשריפֿטלעכע קאָלאָפֿאָנען. למשל, אינעם קאָלאָפֿאָן פֿון איינעם פֿון די פֿריסטע העברעיִשע דרוקביכער — „פּייִרעש צו דער טוירע“ פֿון מוישע בען נאַכמען געראָנדי (1194 — אַרום 1270), אַרויסגעגעבן אין דער דרוקערײַ פֿון אָוראַדיע, מענאַשע און בינייאָמינען פֿון רוים („קאַטאַלאָג“ נום. 15), — איז אויסגענוצט אַ טיפּישער אויסדרוק פֿון די איבערשרײַבער פֿונעם קסאַוויאַד „איבערגעשריבן דורך אַזוינע און אַזוינע“.

— דער עטאַפּ פֿון בילדערישער באַשרײַבונג פֿון דער פּראָפֿעסיע פֿון דרוקער אָדער פֿונעם דרוקערײַ־פּראָצעס. דער דרוקער פֿלעגט ניט פּרוּוון מאַסקירן זיך פֿאַר אַן איבערשרײַבער, אָבער שטאָלצירנדיק מיט זײַן מעלאָכע, האָט ער פֿאָרשעט ניט פֿאַרמאָגט קיין נײַע לעקסיק, וועלכע וואָלט אים באַפֿרידיקט. דעם דרוקערײַ־פּראָצעס פֿלעגט מען אין אַזוינע פֿאַלן אָפֿט אָנרופֿן „די הייליקע מעלאָכע“ (מלאכת הקדש) אָדער „די הייליקע אַרבעט“ (עבודת קדש), אויסניצנדיק דעם ביבלישן אויסדרוק, וואָס האָט אַ שײַכעס צו דער אָווידע אינעם בייס־האַמיקדעש, וואָס עס איז געווען אַ באַשטעטיקונג פֿונעם אויסנעמלעכן אָפּשײַ צום ביכער־דרוק. דער אויפֿגעקלערטער מאַנטואַנער דרוקער אַווראָהאָם קאָנאַט האָט אין די קאָלאָפֿאָנען צו זײַנע אויסגאַבעס זיך טאָמיד גערופֿן „דער שרײַבנדיקער מיט עטלעכע פֿעדערן אָן ניסים“ („קאַטאַלאָג“ נום. 28, 32).

— דער עטאַפּ פֿון אַנטשטייונג פֿון פּראָפֿעסיאָנעלער טערמינאָלאָגיע. די העברעיִשע דרוקער פֿלעגן ניט אַנטלײַען נײַע טערמינען בײַ די אייראָפּעיִשע שפּראַכן, נאָר געפּרוּווט געפֿינען אין לאָשן־קוידעש ווערטער, וואָס טויגן אַזוי אָדער אַנדערש צום פּראָצעס פֿון ביכער־דרוק. אַ שטייגער, מע האָט געניצט דעם ווערב „חקק“, וועמענס גרונט־באַדײַטונג אין דער ביבלישער שפּראַך איז „אויסשנײַדן, גראַווירן“, אָדער דעם מער שפּעטערדיקן וואָרצל „דפס“, וועלכער טרעפֿט זיך אין טאַלמוד אַלס סובסטאַנטיוו אין דער באַדײַטונג „דאָס רעמל פֿאַר אויסגיסן עפּעס“. נאַטירלעך, אַז צוערשט פֿלעגן די דרוקער אויסקלײַבן ווערטער לויט זייער אײַנזען, אָדער אויסניצן זיי אַלע אינאיינעם. פֿון דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט איז אינטערעסאַנט דער קאָלאָפֿאָן פֿונעם דרוקער יויסעף אַשקענאַזי גונצעהאַוזער צו דער אויסגאַבע פֿונעם ווערק פֿון באַכיִא איבן פּאַקודאַ (XI יה.) „כויוועס פֿון הערצער“ (נעאַפּאָל, 1489.XI.19, („קאַטאַלאָג“ נום. 13). דער דרוקער נוצט אויס מיטאַמאָל די גאַנצע טערמינאָלאָגיע, וועלכע איז אים באַוווּסט, אָנהייבנדיק פֿון דער האַנטשריפֿטלעכער און ביז דער נײַסטער ביכער־טערמינאָלאָגיע.

— דער עטאַפּ פֿון סטאַנדאַרטיזירונג פֿון דער טיפּאָגראַפֿישער לעקסיק, פֿון בעהאַדראָגעדיקן אָפּשטאַרבן פֿון סינאָנימען און פֿון דער אַנטשטייונג פֿון דײַטלעכער טערמינאָלאָגיע, וועלכע האָט זיך פֿאַרהיט טאַקע אינעם הײַנטצײַטיקן איווריט. דער דאָזיקער פּראָצעס האָט זיך אָנגעהויבן לערעך פֿון דער צווייטער העלפֿט פֿונעם XVI יאָרהונדערט (אין די אייראָפּעיִשע פֿאָלעאָטיפּן באַגעגענען זיך נאָך אויספֿירלעכע באַשרײַבונגען, וועלכע מיר האָבן העכער ציטירט).

אין אונדזער פֿאָרשונג האָבן מיר געפּרוּווט אָנצייכענען די גרונט־פּראָבלעמאַטיק אַרום די קאָלאָפֿאָנען פֿון העברעיִשע אינקונאַבולן, אָנמערקן אייניקע אַספּעקטן פֿון דער אַרבעט, וועלכע שטייט נאָך פֿאָר.

# א אויסשטעלונג און עקספּערימענט

צום ערשטן מאָל פֿאַר די דרײַסיק יאָר, זינט עס ווערן אײַנגעאָרדנט יוגנטלעכע אויסשטעלונגען, האָבן די אָרגאַניזאַטאָרן פֿון דער 17־טער אויסשטעלונג אין מאָסקווע באַשטימט דורכפֿירן אַן עקספּערימענט. הײַנט, אין עטלעכע כאַדאָשים אַרום נאָך דעם, ווי דער עקספּערימענט איז פֿאַרענדיקט געוואָרן, קאָן מען זאָגן, אַז ער האָט זיך פֿולקום באַרעכטיקט. מער פֿון זיבעציק טויזנט צושויער האָבן באַזוכט די עקספּאָזיציע אַף דער גאַס קוזנעצקי מאָסט אין מעשעך פֿון די אַכצן טעג בײַס די אויסשטעלונג האָט געאַרבעט. צום ערשטן מאָל איז פּאַראַלעל מיט דער עקספּאָזיציע דורכגעפֿירט געוואָרן א ברייטע קולטור־פּראָגראַם, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט יונגע קינעמאַטאָגראַפֿיסטן, קאָמפּאָזיטאָרן, ליטעראַטן, טעאַטראַלע סטודיסטן, מוזיקער... דער גרונט־עקספּערימענט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די אויסשטעלונג האָבן אָרגאַניזירט און אויסגעשטאַט אַליין די יונגע קינסטלער לויט א סצענאַרי פֿון יונגע קונסט־קענער.

דער טאָך פֿונעם נײַעם צוגאַנג איז קוידעמקאָל באַשטאַנען אָט אין וואָס. די ווערק האָט מען פֿאַנאַנדערגעשטעלט און פֿאַנאַנדערגעהאַנגען לויט שעפֿערישע סטילן און ריכטונגען, און ניט לויט די שטרײַטבאַרע פּרינציפּן פֿונעם „גלײַכגעוויכט פֿון זשאַנרען", פֿון די קאָליר־פֿלעקן און פֿון דער גרייס פֿון די ווערק. דער צושויער האָט צום ערשטן מאָל באַקומען א מעגלעכקײַט זיך פֿאַנאַנדערקלײַבן אין דער הײַנטצײַטיקער סיטואַציע, וועלכע האָט זיך צונויפֿגעלייגט צו דער מיט פֿון די 80־ער יאָרן אין דער קונסט פֿון די יונגע מאָסקווער קינסטלער. בא אזא סטיליסטיש צעטיילן דעם מאַטעריאַל איז געלונגען צו דערווײַזן, אַז די אמאָל אַקטיווע פֿאָטאָרעאַליסטישע ריכטונג, ווערט אָפּגעשוואַכט, די מיפֿישע „מאָסקווער מאָלערײַ־שול" שטעלט מיט זיך פֿאָר עפּעס אמאָרפֿישס און אומבאַשטימטס, ס׳האָבן וועגן זיך אַקטיוו געמאָלדן יונגע עקספּרעסיאָניסטן און אָנהענגער פֿון דער מאָלערישער מעטאַפֿאָרע.

ביפֿראַט האָבן אַלעמענס אויפֿמערקזאַמקײַט צוגעצויגן צוויי גרויסע בילדער: מאַקסים קאַנטאָרס „דער וואַרט־זאַל" און לעוו טאַבענקינס „זונטיק", ווי אויך צוויי מאָנאָכראָמנע לײַוונטן פֿון אַלעקסיי סונדוקאָוון „ווען מע שטייט אין דער ריי" און „אַן אומענדלעכער וואַגאָן". פֿאַר א סאַך צושויער האָט זיך אַרויסגעוויזן אומדערוואַרט אַליין די סאָציאַלע אַקטיוויקײַט פֿון אָט די ווערק, וועלכע רײַסן זיך דירעקט אַרײַן אינעם הײַנטצײַטיקן לעבן פֿון א גרויסער שטאָט.

דער באַצויבערנדיקער מיט זײַן באַדינגלעכער בילדערישקײַט רוים פֿון סונדוקאָווס ווערק האָט געצוווּנגען א סאַך צושויער זיך בעעמעס פֿאַרטראַכטן וועגן דער אייגנאַרטיקער שטאָטישער עקאָלאָגיע, וועגן דער אָנגעשטרענגטקײַט און וועגן די ווידערשפּרוכן פֿונעם הײַנטצײַטיקן לעבן. פֿיל מענטשן זײַנען פֿאַרכאַפּט געוואָרן ניט בלויז מיט דעם קינסטלערס דרייסטקײַט נאָר אויך מיט דער דרייסטקײַט פֿון די עקספּאָזיטאָרן, וועלכע האָבן געוואַגט אַרויסצושטעלן אַזעלכע „ריזיקאַלישע" לויט די קאַנאָנען פֿון די פֿריִערדיקע יוגנטלעכע אויסשטעלונגען ווערק. אָבער טאַקע אין דעם איז באַשטאַנען די נײַקײַט פֿון דער 17־טער יוגנטלעכער, וואָס זי האָט באַוויזן ניט קיין קינסטלעך אונטערגעקליבענע מוסטערן, נאָר א רעאַלע קאָמפּאָזיציע פֿון דער הײַנטיקער יונגער מאָלערײַ־קונסט.

מ. קאַנטאָרס בילד „א וואַרט־זאַל" איז, לויט די אָפּרופֿן, געווען דאָס סאַמע שטרײַטבאַרע און אַפֿילע אויפֿרעגנדיקע פֿאַר א סאַך ליבהאָבער פֿון קונסט. דעם יונגן מאָלער איז געלונגען קאָנצענטרירט באַווײַזן די דריקנדיקע אַטמאָספֿער פֿון דעם אומענדלעכן וואַרטן, אין וועלכן עס גייען ניט זעלטן דורך שאָען און טעג, אַפֿילע גאַנצע יאָרן און לעבנס פֿון באַזונדערע מענטשן. דערצו נאָך איז עס, פֿאַרשטייט זיך, ניט עפּעס א קאָנקרעט וואַרטן (אַף א צוג אָדער אַעראָפּלאַן, אַף אַן אויפֿנאַם אין קאַבינעט פֿון א ביוראָקראַט אאַוו.), נאָר גיכער פֿון אַלץ — ביכלאַל דאָס וואַרטן אַף א בעסער לעבן, דאָס וואַרטן אַף דער צוקונפֿט, וואָס קאָן,

לײדער, פאַר עמעצן ניט קומען. קאָנטאָרן פעלט נאָך אין אַ סאַך פאַלן ריין מאַלערישע מײַס־טערשאַפט. אָבער, ווי עס האָט אַמאָל באַמערקט גאָגאָל, באַם שטעלן הויכע צילן שפּילט אַ קינסטלער אויס. און גראָד אין אופהייבן גלאָ־באַלע פילאָסאָפישע פּראָבלעמען און אין שטעלן פאַר זיך צילן זעט זיך בוילעט אַרויס דער קויעך פון דעם יונגן קינסטלער.

די שווערע פאַקטור פונעם פאַרבן־שיכט אויף ל. טאַבענקינס בילד „זונטיק" גייט אויך אַרײַן נאַטירלעך אין דער דאָזיקער רעאַליסטי־שער ריי פון עקספּרעסיווער מאַלערײַ. גוט האָט געזאָגט וועגן ל. טאַבענקינס שאַפונג מ. קאַנ־טאָר: „זײַנע לײַוונטן זײַנען מיר טײַער מיט יענער אָנגעשטרענגטקײַט פונעם ווילן און פון די קויכעס, וועלכע גיסן זיך אַרײַן דורך דעם בילד אינעם לעבן. זיי זײַנען מיר טײַער מיטן ווייטיק פאַרן מענטשן, מיט קענען צעטיילן יענעמס לײדן אָן שום צוויואַקישקײַט... קוקנדיק אויף לײַוונט, פילן מיר אָנשוילעך דעם קינסט־לערס קאַמף מיט די גרויע, טונקעלע, טויבע טענער..."

די אויסשטעלונג האָט באַוויזן ניט ווייניק אַנדערע סטיליסטישע אָריענטאַציעס. פּראַכטפול איז, לעמאָשל, דער בעפּירעש נאָסטאַלגישער פּייזאַזש פון וולאַדימיר ברײַנינען „דאָס הויז אויף ראָג". דער דאָזיקער קינסטלער אַרבעט קאָנסעקווענט איבער דער טעמע פון אַ גרויסער שטאָט, וועלכע האָט פונקט ווי אײַנגעשלונגען די קליינע ראָמאַנטישע שטאָט פון זײַן קינד־הײַט. פונדאַנען שטאַמט די עטוואָס קינסטלעכע געל־ראָזעווע פאַרנעפּלטקײַט און די טונקעלע דורכפאַלן, אין וועלכע עס פאַרשווינדן די קאָנ־טורן פון הײַזער און גאַסן. די הײַזער זעען אויס גלײַך ווי לעבעדיקע באַשעפענישן מיט אַן אייִ־גענער בײַאָגראַפיע און קאָמפּליצירטע גויראָלעס. דאָס קליינע אײַנגעבויגענע „הויז אויף ראָג" איז פאַר אַ סאַך מאָסקווער טוישווים, וועלכע זײַנען איבערגעפאָרן אין נײַע מיקראָראַיאָנען, ניט בלויז אַ צוציִענדיקער שטאָטישער פּייזאַזש, נאָר אַ דערמאָנונג אין זייער פאַרגאַנגענעם לעבן.

אינטערעסאַנט איז געווען אויף דער אויס־שטעלונג אויך דער סקולפּטור־סעקטאָר, אין וועלכן דער צושויער האָט געפונען פאַר זיך שאַרפע און אומדערוואַרטע לייזונגען פון אייבי־קע און טראַדיציאָנעלע, ווי עס דאַכט זיך, טע־מעס און מאָטיוון, אָנהייבנדיק פונעם געוויינ־לעכן קאָפּ־פּאָרטרעט און ביז פילפיגורנדיקע זשאַנער־קאָמפּאָזיציעס.

האַקלאַל, דאָס איז געווען אַן אויסשטעלונג פון אַנטדעקונגען. די שטרענגע סטאַטיסטיק האָט באַוויזן, אַז צווישן אַנדערע האָבן זי באַ־זוכט 15 טויזנט ספּעציאַליסטן — סטודענטן פון קינסטלערישע הויכשולן, קונסטקענער, אַרכי־טעקטאָרן, מיטגלידער פון אַנדערע שעפערישע פאַריינען. אַ רעקאָרדישע איז געווען די אויס־שטעלונג אויך לויט דער צאָל צײַטונגס־ און זשורנאַל־אַרטיקלען, וועלכע האָבן באַהאַנדלט די עקספּאָזיציעס.

**ווילִיאַם מײַלאַנד**



געבוירן אין 1944 אין מאָסקווע. מיטגליד פון מאָסקווער אָפּטיילונג פונעם קינסטלער־פאַריין. אויטאָר פון ביכער און אַרטיקלען וועגן דער הײַנטצײַ־טיקער סאָוועטישער פּלאַסטישער קונסט. לאַורעאַט פון דער פּרעמיע פון מאָסקווער קאָמיוג (1978) און פון דער מאָסקווער אָפּטיילונג פונעם קינסט־לער־פאַריין (1979, 1984, 1986). פּובליקירט רעגולער איבערזיכט־אַרטיקלען, געווידמעט דער שאַפונג פון יונגע סאָוועטישע קינסטלער.





נאטאליע גלעבאָווא. קאָמפּאָזיציע

אפן ווערניסאַזש פון דער 17־טער יוגנט־
לעכער אויסשטעלונג אין מאָסקווע
אף קוזנעצקי מאָסט



# אין אלדאָס לעבעדיקן פאַרליבט

לעצטנס האָבן פאַר די ווערק פון זעלבסטעטיקע קינסטלער ברייט זיך צעפּראַלט די טירן פון אויסשטעלונגס־זאַלן און סאַלאָנען, קולטור־הײַזער און קלובן, קאַפעען און קינאָ־טעאַטערן, אין א סאַך ערטער ווערן דורכגעפירט אויסשטעלונגען אַף צו פאַרקויפן בילדער פון קינסטלער־אָנפאַנגער. דער אימפּראָוויזירטער „קונסט־סאַלאָן" אין בערעזע־וועלדל באַם אָלימפּישן פערד־ספּאָרטיוון קאָמפּלעקס אין ביטצא נעמט צונויף אין די זונטיקן טויזנטער אײַנוווינער און געסט פון דער הויפּט־שטאָט, און עס קומט פאָר אַן עכטער יאָמטעוו פון דער מאָלערײַ־קונסט. דאָס וועלדל רופט מען אָן — „מאָסקווער מאָנמארטר".

טאַקע דאָרט קאָנט איר זען דעם „קינסטלער לויטן באַרוף, אָבער ניט לויטן פאַך" דעם פיר־און־דרײַסיקיאָריקן אַלעקסאַנדער צוקערמאַן. פּונקט ווי דאַסראַוו זײַנע קאָלעגן, האָט ער זיך ניט געלערנט אין א וועלכן־ניט־איז ספּעציאַליזירטן קינסטלערישן לערן־אַנשטאַלט. זײַן בילדונג האָט ער באַקומען אין אַזא ווײַטן פון מאָלערײַ געביט, ווי ביאָלאָגיע.

פון דער פריִער קינדהייט איז אַלעקסאַנדער פאַרליבט אין אלדאָס לעבעדיקן. אין זײַן שטוב האָבן שטענדיק געלעבט אַקוואַריום־פישלעך, געקוואַליעטע פּאַפּוגײַעלעך, שטעכלער, טשערעפּאַכעס, כאָמיאַקעס, הינט. צומאָל — אויך א יאַפּאָניש וואַכטל, גיפטיקע זשערליאַנקעס, עקזאָטישע גאָלד־אויגישע זשאַבעס און גאָט ווייסט וואָס נאָך. בלויז ביאָלאָגן, אַפּאָנעם, ווייסן די אַלע באַשעפענישן, וועלכע ער האָט זאָרגזאַם געכאָליעט, געהאָדעוועט און לעסאָף, אָנגעהויבן זיי צו מאָלן.

ס'איז דורכגעגאַן א צײַט, און זײַן „האָבי" האָט זיך פאַרוואַנדלט אין א נויטווענדיקייט, געוואָרן א מיטל זיך אויסצודריקן, א מין פאַרבן־עספּעראַנטאָ, אַף וועלכער דער קינסטלער פּרוּווט ריידן מיטן צושויער.

— האַגאַם אַלעקסאַנדער צוקערמאַן מאָלט קימאַט אויסשליסלעך באַלעכאַים, — זאָגט אונדז דער קונסטקענער פון דער טרעטיאַקאָווער גאַלעריי אַלעקסאַנדרע בויעווסקאַיאַ, — קאָן מען אים ניט אָנרופן אַנימאַליסט אין געוויינלעכן זין פון וואָרט. זײַן גראַפיק: א שטריך, א פּונקט, א קלאָרע נערוועזע ליניע, ווי בא א קאַרדיאָגראַף, וואָס פיקסירט די גײַענדיקע פונעם האַרצן ווייטיק־אַריטמיִע... דאָס איז א לעבעדיקע פאַרקערפּערונג פון דער אייביקער שטרעבונג פון א שעפערישער פּערזענלעכקײַט צו גליק, א לעבעדיקער געשפּרעך פון א מענטשן מיט מענטשן.

אָפּטמאָל וועט א ניט־דערפאַרענער צושויער, וואַרשײַנלעך, ניט גלײַך פאַרשטיין, וואָס פאַר א קאָנקרעטע כײַע, פויגל, פיש זײַנען געשילדערט אַפן געמעל, כאָטש מע קאָן זיי דאָך בעליסאָפּעק דערקענען. אין דער דאָזיקער „פּלאַכלעכער", טייל־ווײַז ענלעכער אַף אוראַלטע פעלדז־געמעלן גראַפיק, איז וויכטיקער פון אַלץ ניט די „פּאָרטרעטישע" ענלעכקײַט, נאָר די אידייען, געפילן, שטימונגען פונעם קינסטלער, וועלכע ווערן באַזונדערס אונטערגעשטראָכן סײַ דורך דער אייגנאַרטיקײַט פון זײַן שעפערישער מאַניר (אָפּוועזנהײַט פונעם געוויינלעכן פאָן, פון די שאָטנס, אָנגעשטרענגטע שוואַרצע און קאָלירקע ליניעס אַף דעם בלענדנדיק ווײַסן פעלד פונעם בויגן), סײַ אפילע דורך דער כסימע, וועלכע איז, דאַכט זיך, אַוועקגעשטעלט אין דעם איינציקן נייטיקן אָרט און דערגאַנצט קאָמפּאָזיציאָנעל דעם געמעל. און באַנאַנד מיט דעם איז אין אַלעקסאַנדער צוקערמאַנס גראַפיק פאַראַן עפּעס א „ניט־פאַרענדיקטקײַט", וואָס עס גיט יעדן צושויער א מעגלעכקײַט זעלבשטענדיק צו באַטראַכטן די אייביקע, אָבער פאַר יעדן דאָר אַף זײַן אויפן נײַע און אַקטועלע פּראָבלעמען פון אָפּשאַצן די לעבנס־ווערטן, פּראָיעצירן זיי אַף דער אַרומיקער וועלט, אַף די מענטשן, אַף זיך אַליין.

אַלעקסאַנדער צוקערמאַנס שעפערישער באַגאַזש באַשטייט פון קימאַט אָנדערהאַלבן טויזנט געמעלן, א סאַך פון וועלכע זײַנען פאַרעפנטלעכט אין פאַרשיידענע צײַטונגען און זשורנאַלן, עקספּאָנירט אינעם „צענטער פאַר אָפּהיטן די נאַטור" בײַסן XII אַלייעלטלעכן פעסטיוואַלן פון דער יוגנט און סטודענטן, ווי אויך אינעם מאָסקווער מעלוכע־אוניווערסיטעט, אינעם אויסשטעלונגס־זאַל פון דער פּרעסע־אַגענטור „נאָוואָסטי".

אָלעג באַרקאַן



געבוירן אין 1946 אין מאָסקווע. נאָכן פאַרענדיקן אין 1969 דעם מאָסקווער אינסטיטוט פון כימישער מאַשינבויונג געווען א לעקטאָר אינעם אינסטיטוט פאַר העכערן די קוואַליפיקאַציע פון די אָנפירנדיקע טוער אין איינעם פון די מיניסטעריומס. אָנהייבנדיק פונעם 1982 — א פּראָפעסיאָנעלער זשורנאַליסט.



## אלעקסאנדער צוקערמאן



געבוירן געוואָרן אין מאָסקווע אין 1954. פארענדיקט דעם פעדאגאָגישן אינסטיטוט אף נ. ק. קרופסקאיאס נאָמען. ארבעט אלס ביאָלאָג אין א וויסנשאפטלעך־פאָרשערישן אינסטיטוט. וווינט אין מאָסקווע.



אין 1932 איז אין כארקאָוו דורכגעפירט געוואָרן די ערשטע אלפארבאנדישע בארעטונג פון יונגע ייִדישע שרײַבער. אפן בילד: די אָנטײלנעמער פון דער בארעטונג.

יונגע ייִדישע שרײַבער פונעם 1941 יאָר. פון רעכטס אף לינקס: וועלוול רעדקאָ, הענעך קויפמאן, לייב גאָרנשטיין, מאָטל הארצמאן (אלע האָבן זיך ניט אומגעקערט פונעם פראָנט).



# „בוֹאָלער,

# טונק אײַן

# דאָס פּענדזל...״





באָריס מינקאָווסקי        מיכאיל יאַכילעוויטש

פֿאָרשטעלן אין אַ קורצער נאָטיץ צוויי רײַפֿע מאָלערײַ־מײַסטערס איז אַ גאַנץ קאָמפּליצירטע אויפֿגאַבע. פֿאַר מיר ווערט זי נאָך קאָמפּליצירטער מאַכמעס דעם, וואָס מיט איינעם פֿון די קינסטלער פֿאַרבינדט מיך אַ לאַנגיאָריקע פֿרײַנטשאַפֿט. דערפֿאַר האָף איך, אַז דער לייענער וועט מיר מויכל זײַן די פּערזענלעכע סימפּאַטיעס, איבער וועלכע ס׳איז שווער דורכצומאַכן אַן „אָביעקטיוון אַנאַליז״. נאָך מער, איך וועל זיך מודה זײַן, אַז כ׳בין ניט קיין ספּעציאַליסט־קונסטקענער, אין טאָך — אַ פֿאַרינטערעסירטער לייענער, וואָס האָט ליב דעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד״ פֿאַר זײַן אויפֿמערקזאַמקײַט צו די דערשײַנונגען פֿונעם קינסטלערישן לעבן, און איך סימפּאַטיזיר אויך יעדן אָרדנטלעכן דעביוטאַנט. באַזונדערס רירן מיך די ווערק פֿון קינסטלער, וואָס געהערן צו מײַן דאָר.

מיכאיל יאַכילעוויטש האָט אײַנגעזאַפּט די קינסטלערישע שפּראַך אין זײַן מישפּאָכע. מיכאילס זיידע, מייער אַקסעלראָד, איז גוט באַוווּסט די לייענער פֿונעם זשורנאַל, די בילדער פֿון אָט דעם גרויסן סאָוועטישן ייִדישן מאָלער ווערן אָפּגעהיט אין די בעסטע מוזייען.

דאַכט זיך, די זאַך איז פּאָשעט. טו אַזוי, ווי דער זיידע האָט געטאָן, און דו וועסט זײַן אַזאַ מײַסטער, ווי ער. ניין, מיכאיל יאַכילעוויטש גייט ניט אויף אַזאַ אילוזאָרישן וועג. ער איז ניט קיין עפּיגאָן, כאָטש ער ניט איבער דעם זיידן, פֿאַרנעמט זיך ניט מיט אַ „פֿאַרפֿולקומונג״ פֿון דעם זיידנס מאַניר. מייער אַקסעלראָד איז פֿאַר אים אַ מוסטער פֿון ערלעך דינען דער קונסט, און ניט פֿון גרייטע קאָמפּאָזיציאָנעלע, אָדער פּלאַסטישע לייזונגען.

מיכאיל יאַכילעוויטש איז געבוירן געוואָרן אין מאָסקווע אין 1956, האָט פֿאַרענדיקט די סטודיע־שול באַם מאָסקווער קינסטלערישן אַקאַדעמישן טעאַטער. ער איז אַ קינסטלער פֿון טעאַטער. אָבער די ליבע צו מאָלערײַ צווינגט אים אַ סאַך שאָען שטיין באַם לײַוונט. פֿון קינדווײַז אָן איז ער באַקאַנט מיט דעם, וואָס עס קומט פֿאָר „הינטער די קוליסן״. דאָרט, אויף יענער זײַט פֿונעם מאָלבערט, געפֿינען זיך אייגענע, נאָענטע, גוטע מענטשן. די וועלט איז בכלל באַזעצט מיט גוטע מענטשן.

די סימפּאַטיע צו מענטשן, די אַלוועלטלעכע טאָלעראַנטקײַט ברענגט מיכאיל יאַכילעוויטשן צו פּייזאַזש־מאָלערײַ, אין וועלכער גוטע מענטשן קאָעקזיסטירן אָן וועלכע־ניט־איז אָנשטרענגונגען מיט באַלעכאַים, וועלדער, וועגן, טײַכן, הימלען.

מיכאיל יאַכילעוויטש פֿלעג נעמען לימודים פֿון מאָלערײַ ניט בלויז באַם זיידן, אין זײַן שאַפֿונג קאָן מען זען „שפּורן״ פֿון פֿאַלקן, טישלערן, סעזאַנען. דאָס זײַנען געווען מײַסטערס פֿון איין קינסטלערישן געבאָט. זיי האָבן אַלע דעמאַסקירט די באַפּוצערײַ און דאָס בלינדע נאָכפֿאָלגן דער מאָדע אין דער מאָלערײַ. זיי האָבן געלערנט, אַז אין קונסט איז ניטאָ קיין זין צו שטרעבן צו דער אויסערלעכער ענלעכקײַט, צום איבערגעבן בלויז דאָס זעבאַרע. די שטאַמענדיקע פֿון סעזאַנען און פֿון פֿאַלקן שטאַרקע געפֿאַקטקײַט פֿון אַ באַליביקער „זאַך״, די שטאַמענדיקע פֿון טישלערן באַדינגלעכקײַט פֿון דער שילדערונג האָבן זיך איבערגעפֿלאָכטן אין מיכאיל יאַכילעוויטשעס שאַפֿונג, ניט שטערנדיק זײַן אייגענעם אַרט דענקען.

דער צווייטער קינסטלער, וועגן וועלכן מיר ווילן דאָ דערציילן, באָריס מינקאָווסקי, איז געבוירן געוואָרן אין 1949 אין טשערנאָוויץ, אין דער ניט־גרויסער שטאָט, וועלכע האָט דעמלט, אין די

באָריס
מינקאָווסקי



דאָס מיידל אירע

זיי גייען



## מיכאיל יאכילעוויטש



א דעלטאפלאנעריסט



עסקיז פון א דעקאראציע

שווערע 50־ער יאָרן, געהאַט ניט מער, ווי 100 טויזנט איינוווינער, אויסגעמאַטערטע דורך דער נאַרוואַס אָפּגעדונערטער מילכאָמע. די פּראָסטע אַרבעטער־מישפּאָכע, אין וועלכער באָריס איז געווען דאָס מיזיניקל, האָט אים געגעבן (ווי אין די רייפע יאָרן רופט ער עס אָן) די „ייִדישע אינטאָנאַציע" פון זיין שאַפונג. אין עלטער פון 14 יאָר איז ער צוזאַמען מיט דער מישפּאָכע אַריבערגעפאָרן קיין נאָוואָסיבירסק, וווּ עס האָט זיך דאַן געלערנט זיין ברודער. דאָרט האָט ער אין 1971 פאַרענדיקט דעם אַרכיטעקטור־פאַקולטעט. דאָרט פאַרמירט זיך און פאַרפעסטיקט זיך זיין הויפּט־באַרוף — מאָלע־רײַ. ער אַרבעט אַלס אַרכיטעקטאָר און פּרוווט איינ־צײַטיק די קויכעס אין אַקוואַרעל, געמעל, גראַפיק, נעמט אָנטייל אין אויסשטעלונגען אין נאָוואָסיבירסק און טאָמסק. דער סטימול צו שאַפונג איז בא אים שטענדיק אין דער אומגעוויינלעכקייט פון א גע־שעעניש אָדער פון מענטשישע באַציִונגען.

באָריס מינקאָווסקי מאָלט אין א צושטאַנד פון פאַרכושטקייט, רופט זיך כידעשן צוזאַמען מיט אים. זיין באַוווּנדערונג דערגייט ביז ייִעש. זיין ייִעש ברענגט צום קלאָרן זען די פּראָבלעם.

די פריִע אַרבעטן זיינע — דאָס איז אַן אַנגע־שטרענגטע זוכונג פונעם ליכטיקן יעסאָד. דער שווארצער ליײַוונט ווערט ווי אויסגעלויכטן, דאָס גע־שטאַלט — אַרויסגענומען פונעם כוישעך. זיין מאָ־לערײַ (ניט גראַפיק, ניט געמעל), איז לעכאַטכילע אַכראָמאַטיש, קאָנטראַסטפול, שוואַרץ־ווײַס. אַזאַ אַסקעטישע פאָדערונג צו זיך — מיט לאַקאָנישע, ביז גאָר קאַרגע מיטלען אויסדריקן דעם פאַר־טראַכט — ברענגט פיירעס ניט טייקעף־אומיִיאַד.

אין 1981 יאָר — א פּערסאָנאַלע אויסשטעלונג אין טביליסי. 107 אַרבעטן פונעם יונגן קינסטלער ווערן הייס באַהאַנדלט און, אַלפּי קלאַל, געלויבט מיצאַד ספּעציאַליסטן און ליבהאָבער.

נאָכדעם ווערט נעלעם דער שוואַרצער קאָליר. ער ווערט נעלעם אַלס אויסדריקלעכע טאָנאַלקייט, נאָר איז אָפּגעהיט אַלס קינסטלערישער שפּראַך־גאַנג. באָריס מינקאָווסקיס אַרבעטן פון דעם דאָ־זיקן פּעריאָד מיט זייערע נאַענטע לויטן טאָן קאָ־ליר־שאַטירונגען, זיינען פּרינציפּיִעל פלאַכאַרטיקע. זיי צווינגען דעם צושויער זעלבשטענדיק צו „פאַ־נאַנדעראַרבעטן" דעם רוים, אַרײַנדרינגען אינעם בילד. עס אינטערעסירט דעם קינסטלער קוידעם־קאָל דער מענטש, וועלכער דריקט אויס מיט זיין געמיט די הויפּט־פּראָבלעמען פונעם לעבן, פון דער שאַפונג, פון דער ליבע. דער פּאָרטרעט שפּילט אין זיין שאַפונג די פירנדיקע ראָליע.

באָריס מינקאָווסקי איז א טעאַטראַלער קינסט־לער. ער פאַרמאָגט א גרויסע דערפאַרונג פון סצע־נאָגראַפישער אַרבעט. פיל ווערק זיינען בא אים אָריענטירט אָפן מאַטעריאַל פון דער קלאַסישער און היינטצייטיקער דראַמאַטורגיע. זיין מאָלערײַ איז אין בעסטן זין א מיזאַנסצעניִשע, און זיינע טעאַ־טראַלע אַרבעטן זיינען מאָלעריש אין דער העכסטער מאַדרייגע. די וועלט פון מענטשישע באַציִונגען איז דאָרט פול מיט פּראָבלעמען און קאָנפליקטן, דערבײַ ליגן די דאָזיקע פּראָבלעמען, די דאָזיקע קאָנפליקטן קיינמאָל ניט אָפן אויבערפלאַך. ווען זיי זיינען זע־באַר, זיינען זיי ניט גינסטיק פאַר א קינסטלערישן אַנאַליז. ניט באַזונדערע כאַראַקטערן רירן אָן דעם קינסטלער, נאָר זייערע צוזאַמענשטויסן, וועלכע דריקן זיך אַמשאַרפסטן אויס אין דעם אייביקן דיִא־לאָג צווישן מענטש און מענטש, צווישן מאַנצבל און פרוי.

סײַ אין טעאַטער, סײַ אין מאָלערײַ איז באָריס מינקאָווסקין נאָענט די אידייע פון עקיבאַנע — פון דער ווײַטמיזרעכדיקער קונסט צו פאַרייניקן דאָס כיינעוודיקע און צאַרטע מיטן האַרבן און ניט־צוט־ריטלעכן, דאָס לעבעדיקע — מיטן טויטן...

די פילאַרטיקייט פונעם היינטצייטיקן לעבן פאָדערט אויך ניט־טראַדיציאָנעלע מיטלען פונעם שעפערישן סינטעז. באָריס מינקאָווסקי זוכט אַנגע־שטרענגט. ער שרײַבט גיך און א סאַך. זיינע ספּיי־קעס רייסן ניט איבער די שאַפונג, זיי דריקן זיך אין דער שאַפונג אויס. בילדער, אָנגעשריבענע אין פאַרשיידענע צייטן און איבער פאַרשיידענע טעי־מים קאָנען איינגעשלאָסן ווערן אין איין ראַם. אָף איין ליײַוונט קאָנען זיך געפינען עטלעכע רוימען מיט פאַרשיידענע סוזשעטן, און דאָס רופט ניט אַרויס קיין צעמישונג באַם צושויער.

לאָמיר האָפן, אַז אונדזער באַקאַנטשאַפט מיט די ווערק פון מיכאַיל יאַכילעוויטש און באָריס מינ־קאָווסקי וועט זיך פאַרזעצן אָף אויסשטעלונגען, אין טעאַטער. די מאָלער טינקען איין זייערע פּענד־זלען אין דער טאָגטעגלעכקייט און לאָזן איבער שפּורן אין אונדזערע נעשאָמעס.

ר אָ מ אָ ן ס פּ ע ק ט אָ ר



גאַבריעל געוואָרן אין טשערנאָוויץ אין 1950. פאַרענדיקט דעם פּסיכאָלאָגישן פאַקולטעט פונעם מאָסקווער מעלוכע־אוניווערסיטעט. אַרבעט אין אינסטיטוט פאַר פּסיכאָלאָגיע בא דער אַקאַדעמיע פון פּעדאַגאָגישע וויסנשאַפטן פון פּססר. וווינט אין מאָסקווע.

מאַרינע ווײַנשטיין

# „זאָל קלינגען מוזיק!..‟



געבוירן געוואָרן אין 1956 אין דער שטאָט סעוועראָדווינסק ארכאנגעלס־קער געגנט. פאַרענדיקט די לענינגראַדער מעלוכע־קאָנסערוואַטאָריע. די טעמע פון איר דיפּלאָם־אַרבעט איז געווען: „אייניקע פראַגן פון דער געשיכטע און טעאָריע פון דער אוראַלטער ייִדישער מוזיק‟. אין משך פון די לעצטע יאָרן האָט זי פאַרעפנטלעכט אַ ריי אַרטיקלען וועגן דער ייִדישער מוזיק אין רוסישע וויסנשאַפטלעכע זאַמלביכער און אין דער צײַטונג „בירעבידזשאַנער שטערן‟. אַרבעט אַלס מוזיק־אונטערריכטער. וווינט אין לענינגראַד.

אין נאָיאַבער 1900 איז אין מאָסקווע פּאָליטעכנישן מוזיי פאָרגעקומען אַ קאָנצערט, וועלכער האָט געהאַט אַן אומגעהערטן דערפאָלג. „דאָס פּובליקום איז געשטאַנען, שאַפנדיק אַ געדיכטע וואַנט אין זאַל, אין די דורכגענג, קאָרידאָרן און אויף די טרעפּ‟ (רוסקאַיאַ מוזיקאַלנאַיאַ גאַזעטאַ‟, נומ. 52). דאָס איז געווען דער ערשטער מאַסן־קאָנצערט פון ייִדישער מוזיק. צום ערשטן מאָל האָט זיך געלאָזט פילן, אַז „די ייִדישע ליד עקזיסטירט בעמעס און רופט אַרויס אַ שטאַרקן אינטערעס — סײַ אַן עטנאָגראַפישן, סײַ אַ קינסטלערישן‟. ס׳איז געגעבן געוואָרן אַ כאַראַקטעריסטיק דער ליטורגישער מוזיק: „אין דער ליטורגישער מוזיק טרעפן מיר ניגונים, געוויס אוראַלטע, וועלכע עס זינגען מער אָדער ווייניקער אַלציינס קימאַט אַלע ייִדן אויפן ערדקויל. דער אָפּשטאַם פון די ניגונים ווערט פאַרלוירן אינעם כוישעך פון יאָרהונדערטער און עפשער אַפילע יאָרטויזנטער‟.

דאָס איז געווען אַן אָנהייב פונעם אומגעזעענעם ביז דעמאָלט אויפשטײַג אין דעם ייִדישן מוזיקאַלן לעבן, אַ שטאַרקער סטימול אין באַהערשן דעם פאָלקלאָר, אַקטיוויזירן די קאָמפּאָזיטאָרישע שעפערישקײַט און מוזיקאַליש־טעאַטראַלע קונסט אין ייִדיש און אויף ייִדישער טעמאַטיק. דער אָנהייב — פאַרן פּובליקום, דער ערשטער סאַכאַקל — פאַר יענע, וועמענס איבערצײַגטקײַט, טעטיקער ענטוזיאַזם און אָנגעשטרענגטע מי האָבן געמוזט פירן צו אַזעלכע גלענצנדיקע רעזולטאַטן.

אָבער קוידעמקאָל האָט מען דערהערט דעם רוף צו פאַרשרײַבן ייִדישע מעלאָדיעס, מיט וועלכן ס׳זײַנען אַרויסגעטראָטן אין דער פּרעסע ל. ווינץ („אַלטע פראַגן און נײַע אויפגאַבן‟, „וואָסכאָד‟, בוך X, 1898), אי. ליפּײַעוו („נאַכאַמאָל וועגן דער פאָלקסליד בײַ ייִדן‟, „כראָניקאַ וואָסכאָדאַ‟, בוך XIII, 1898), פּ. מינקאָווסקי (זשורנאַל „האַשעלאָך‟, ביכער I, III, 1899), ס. גינזבורג און פּ. מאַרעק, וועמענס אַרויסטרעטונג איז שוין אין עטלעכע יאָר אַרום אָפּגעשאַצט געוואָרן אַלס אַנטפּלעקונג פאַר דער ייִדישער אינטעליגענץ („יעווריייסקאַיאַ ענציקלאָפּעדיאַ‟, באַנד XI). דער רוף צו

פאַרשרײַבן „זשאַרגאָן־פאָלקסלידער", וועלכע ווערן אויסגעזונגען אין די מעקוימעס פון די אין פאַרשרײַבער, איז מאָטיווירט געוואָרן מיט דעם, וואָס „דער לעבעדיקער מאַטעריאַל, וועלכער שפּיגלט אָפּ די אָנשויונגען פונעם פאָלק אױף די אָדער יענע איבערגעלעבטע דורך אים טקופעס, דראָט אױף אייביק פאַרלאָרן ווערן, אויב ער וועט באַצײַטנס ניט ווערן פאַרעגיסטירט" („כראָניקא וואָסכאָדא", בוך XI).

אַזויאַרום, הייבט זיך אָן אַן אַקטיווע אַרבעט צו סיסטעמאַטיזירן די טעקסטן פון זינגלידער. אַלס אַנערקענטער זאַמלער און פּראָפּאַגאַנדיסט פונעם ייִדישן מוזיקאַלן פאָלקלאָר טרעט אַרויס יולי ענגעל — די סאַמע באַדײַטנדיקע פיגור אין אָט דעם געביט. אַ געזעלשאַפטלעכער טוער פון ברייטן פאַרנעם, אַ קריטיקער פון די „רוסקיִע וועדאָמאָסטי", לאָזט ער זיך אַוועק אין 1898 איבער די ייִשוּווים פונעם טכום־האַמוישעוו, ווו ער פאַרשרײַבט אױף אַ פאָנאָגראַף די לידער פון פאַרשיידענע קאַנטן, וועלכע ער באַאַרבעט דערנאָך און פּובליקירט זיי („יעווריייסקיִע נאַראָדניִע פּעסני וו מוזיקאַלנאָי אָבראַבאָטקע יו. ענגעליא", העפטן 1—3, מאָסקווע, 1909, 1912, 1914). ניט געקוקט אױף דעם, וואָס ענגעל באַקומט דראָענדיקע בריוו פון די שוואַרצמייעדיקע אָרגאַניזאַציעס, אָרגאַניזירט ער נאָך דער ערשטער מאַסן־אַרויסטרעטונג אין פּאָליטעכנישן מוזיי אַ רייע קאָנצערטן פון ייִדישער מוזיק אין פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך פונעם טכום, אַן ערעך אינעם גײַסט פון די פאָלקיסטן און פון די קינסטלער־פּעדוויזשניקעס: „מע דאַרף אָפּגעבן דעם פאָלק דעם כויוו".

פאָלקלאָר־עקספּעדיציעס ווערן אָרגאַניזירט און פינאַנסירט אויך מיצאַד אַנשטאַלטן, אַזעלכע ווי די עטנאָגראַפישע קאָמיסיע פון דער אימפּעראַטאָרישער געזעלשאַפט פון ליבהאָבער פון דער נאַטורוויסנשאַפט, אַנטראָפּאָלאָגיע און עטנאָגראַפיע, דער אַזיִאַטישער מוזיי פון דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע אין פּעטערבורג, דער פאָנד פונעם באַראָן גינזבורג.

אײַנצײַטיק מיט דער „פאָלקלאָר"־ריכטונג קומט אוף די „היסטאָרישע" ריכטונג, וועלכע איז פאַרגעשטעלט מיט איבערדיכטונגען און אויך מיט פאָרשונגען פון דער סינאַגאָגאַלער מוזיק. אין אָט דעם זשאַנער דערשײַנען די ביכער פון פּ. מינקאָווסקין, י. דונאַיעווסקין (דעם זיידן פונעם באַרימטן סאָוועטישן קאָמפּאָזיטאָר).

אין 1908 עפנט זיך אין פּעטערבורג דער ייִדישער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער מוזיי, וועלכער האָט דורכגעפירט אין די יאָרן 1912—1914 עקספּעדיציעס איבער דער וואָלינער, קאַמענעץ־פּאָדאָלסקער און אַנדערע גובערניעס (אייניקע וואַליקעס ווערן אופגעהיט אויך הײַנט־צו־טאָג אינעם פאָנאָגראַם־אַרכיוו פון דעם פּושקין־הויז, און נאָך אַ נויטווענדיקער רעסטאַווראַציע וואָלטן זיי געקאָנט ווערן צוטריטלעך פאַר צוהערער). ס'אָרגאַניזירט זיך די געזעלשאַפט פון ייִדישער פאָלקסמוזיק, וועמענס ציל איז געווען „מיטצווווירקן דער אַנטוויקלונג פונעם ייִדישן גײַסטיקן און וועלטלעכן לעבן דורך זאַמלען מוסטערן פון דער פאָלקסשאַפונג, קינסלעריש זיי באַאַרבעטן, אַרויסגעבן און פאַרשפּרייטן אין דער געזעלשאַפט" (רוסקאַיא מוזיקאַלנאַיאַ גאַזעטאַ, 1908, נומ. 42). אויסער פאַרשרײַבן לידער, פאַרנעמט זיך די געזעלשאַפט מיט פּאָפּוליאַריזירן זיי. פאַר די ערשטע 5 יאָר פון איר עקזיסטענץ זײַנען דורכגעפירט געוואָרן 154 קאָנצערטן. די קאָנצערטן ווערן אופגענומען מיט ענטוזיִאַזם. „מע קאָן מעקאַנע זײַן אױף דעם פאַרגעניגן, מיט וועלכן דער פּילקעפּיקער אוילעם (קימאַט אויסשליסלעך אַ ייִדישער) האָט דורכגעהערט יעדע ליד און געפאָדערט אומצאָליקע איבערכאַזערונגען" (רוסקאַיאַ מוזיקאַלנאַיאַ גאַזעטאַ, 1910, נומ. 8). די קאָנצערט־טעטיקײַט פון דער געזעלשאַפט האָט פאַרפאָלגט פאַרשיידענע צילן: „אַרויסשטויסן די פּסעוודאָ־פאָלקישע מוזיק, צוגרייטן מוסטערהאַפטע אויספירער, אויסאַרבעטן אַ קאַטאַלאָג פון פאַרפאַסונגען, וועלכע זײַנען רעקאָמענדירט צום אויספירן. אינעם קאַטאַלאָג אײַנשליסן ווערק אױף ייִדישע טעמעס, אױף ביבלישע טעקסטן און אױף ווערטער פון ייִדישע פּאָעטן". די אַקטיווע קאָנצערטירונג פון די מוזיקאַנטן פון דער געזעלשאַפט האָט בעעמעס מיטגעהאָלפן דער פּאָפּוליאַריזירונג פונעם ייִדישן פאָלקלאָר — די ייִדישע ליד קלינגט פון דער גרויסער עסטראַדע, אירע מײַלעס ווערן אַנערקענט מיצאַד ברייטע קרײַזן פון דער מוזיקאַלער געזעלשאַפטלעכקײַט.

די אַרבעט אױף צו זאַמלען און פאַרשרײַבן לידער האָבן פאַרווירקלעכט די פאָלקלאָריסטן ז. קיסעלהאָף, קאָפּיט, שאַליט, לוריע; צום 1913 יאָר זײַנען געווען פאַרשריבן אַריבער 500 וואַליקעס אין דער וויטעבסקער, וואָלינער און אַנדערע גובערניעס; מ. גנעסין האָט באַזוכט מיטן זעלבן ציל פּאַלעסטינע. ס'פלעג רעגולער אַרויסטרעטן מיט לעקציעס און מיטיילונגען מ. גנעסין, ז. קיסעלהאָף, יו. ענגעל. די געזעלשאַפט פלעגט אַרויסגעבן ייִדישע פאָלקסלידער, דערין באַאַרבעטונגען פאַר אַ כאָר און סטרונע־קוואַרטעט, ווי אויך די ווערק פון אַ. קריין, מ. גנעסין אאַ. אױף די פאַרזאַמלונגען פון דער געזעלשאַפט פלעג מען לייענען און באַהאַנדלען פאָרטראָגן (ד. שאָרס — „ייִדן אין דער מוזיק און מוזיק בא די ייִדן", ל. סאַמינסקיס — „די ייִדישע מוזיק, איר פאַרגאַנגענהײַט, ווירקלעכקײַט און פּערספּעקטיוון"). ס'עפענען זיך אָפּטיילונגען פון דער געזעלשאַפט אין מאָסקווע, קיִעוו, כאַרקאָוו (אין 1913), אין סימפעראָפּאָל (1916). דער קאָמיטעט פון דער געזעלשאַפט איז באַשטאַנען פון פאָלקנדיקע מוזיקאַנטן: מ. גנעסין, פּ. לוואָוו, ז. קיסעלהאָף, ל. סאַמינסקי, ס. ראָזאָווסקי, ד. טשערנאָמאָרדיקאָוו, יע. שקליאַר אאַ. — קימאַט אַלע זײַנען זיי געווען קאָנסערוואַטאָריע־שילער פון נ. אַ. רימסקי־קאָרסאַקאָוון.

אין אָנהייב פֿונעם יאָרהונדערט האָבן זיך אין דער קאָנסערוואַטאָריע געלערנט אַ סך ייִדן. דאָס איז געווען פֿאַרבונדן קוידעמקאָל מיטן באַווײַזן זיך פֿון אַ היפּשער צאָל אַסימילירטע ייִדן, וועלכע האָבן זיך געצויגן צו אייראָפּעיִשער געבילדעטקייט. די דאָזיקע מענטשן, ווי אויך פֿאָרשטייער פֿון אַנדערע ניט־רוסישע קולטורן, פֿלעגן געניסן פֿון דער פֿרײַנטלעכער באַציִונג און שטיצע פֿון רוסישע מוזיקאַנטן. ס׳האָבן זיך פֿאַרהיט זיכרוינעס וועגן רימסקי־קאָרסאַקאָוון, ווו זײַנע שילער שטעלן אויף די אַטמאָספֿער פֿון די לימודים באַם גרויסן קאָמפּאָזיטאָר. „ער פֿלעג זיך גערן אַרויסזאָגן וועגן די באַזונדערקײַטן פֿון די נאַציִאָנאַלע מעלאָדיעס... איינער פֿון מײַנע קלאַס־כאַווירים האָט איינמאָל געבראַכט אַפֿן לימעד צוויי מוזיקאַלע פּיעסעס, דוכט זיך — פֿאַר פֿידל אין דער באַגלייטונג פֿון פֿאָרטעפּיאַנאָ, אונטערן נאָמען „מיזרעך־מעלאָדיעס". „זייער ווײַלע פֿאַרפֿאַסונגען, — האָט געזאָגט רימסקי־קאָרסאַקאָוו, וועגן דער מוזיק. — אָבער פֿאַרוואָס האָט איר זיי אָנגערופֿן „מיזרעך־מעלאָדיעס"? דאָס זײַנען דאָך טיפּישע ייִדישע מעלאָדיעס! ס׳איז שווער איבערפּלאָנטערן זיי מיט אַנדערע" (מ. גנעסין. „געדאַנקען און דערינערונגען וועגן רימסקי־קאָרסאַקאָוון", רוסיש, מ., 1956, ז. 208). „איך בין זייער דערפֿרייט צו זען, אַז איר שרײַבט ווערק אינעם ייִדישן גײַסט (האָט געזאָגט רימסקי־קאָרסאַקאָוו). ס׳איז זייער מאָדנע, וואָס די טאַלמידים מײַנע, ייִדן, פֿאַרנעמען זיך אַזוי ווייניק מיט זייער אייגענער מוזיק. די ייִדישע מוזיק עקזיסטירט. דאָס איז אַ מערקווירדיקע מוזיק, און זי וואַרט אויף איר גלינקען" (ל. סאַמינסקי. „וועגן דער ייִדישער מוזיק", רוסיש, זאַמלונג ס־פּב, 1914, ז. 18).

אייגנטימלעך איז פֿאַר די פֿאַר־רעוואָלוציִאָנערע יאָרן די פּאָלעמיק צווישן יו. ענגעלן און ל. סאַמינסקין, בענוגע דער קינסטלערישער ווערט פֿונעם ייִדישן מוזיקאַלן פֿאָלקלאָר, וועלכע האָט זיך פֿאַנאַנדערגעוויקלט אין דער רוסיש־ייִדישער פּרעסע („ראַסוועט", 1915, נום. 5, 7; „יעווריייסקאַיאַ נידעליאַ", 1916, נום. 4, 11, 12, 19, 51; 1917 נום. 1).

אין 1915 דערעפֿנט זיך אין פּעטראָגראַד די „רוסישע געזעלשאַפֿט פֿאַר דערלערנען דאָס ייִדישע לעבן". ווי עס דרינגט פֿון דעם סטאַטוט, איז איר ציל „דערלערנען און אויספֿאָרשן די ייִדישע געשיכטע, ליטעראַטור, קונסט, פֿאָלקלאָר, שטייגער, עקאָנאָמישן און רעכטלעכן מאַצעוו". צווישן די קאָמיטעט־מיטגלידער געפֿינט זיך דאָ מ. גאָרקי. אין די ליטעראַריש־מוזיקאַלישע אָוונטן באַטייליקן זיך אויסנעמלעכע מוזיקאַנטן — א. גלאַזונאָוו, א. זילאָטי, וו. קאַראַטיגין, ס. קוסעוויצקי, נ. רימסקי־קאָרסאַקאָוו, פֿ. שאַליאַפּין; שרײַבער און קינסטלער: א. בענואַ, ז. גיפּיוס, א. קופּרין, ד. מערעזשקאָווסקי אאַ.

אין די 20־ער יאָרן דערשײַנט אַ ריי אינטערעסאַנטע פּובליקאַציעס. ל. סאַבאַנייעוו (אַ רוס לויט דער נאַציִאָנאַליטעט) שרײַבט אָן אַ בראָשור „די ייִדישע נאַציִאָנאַלע שול אין דער מוזיק" (ל., 1924), אין וועלכער ער ברענגט אַרויס טרעפֿלעכע מוזיקאַליש־סאָציִאָלאָגישע באַאָבאַכטונגען וועגן די באַדינגונגען און געזעצמעסיקײַטן אינעם פֿאָרמירן נאַציִאָנאַלע קאָמפּאָזיטאָרישע שולן און לייגט גרויסע האָפֿענונגען אויף די קאָמפּאָזיטאָרן פֿון דער געזעלשאַפֿט פֿאַר ייִדישער מוזיק אין לענינגראַד. אין די זעלבע יאָרן גרייט די געזעלשאַפֿט צום אַרויסגעבן די פֿאָרשונג פֿון ד. מאַגידן „וועגן העברעיִשע מוזיקאַלע אינסטרומענטן". אין אַ מוזיקאַלער זאַמלונג (1927) ווערט פֿאַרעפֿנטלעכט אָן ערנסטער טעאָרעטישער אַרטיקל פֿון דעם זעלבן אווטאָר וועגן די אינטאָנאַציִעלע באַזונדערקײַטן פֿון סינאַגאָגאַלע ניגונים, וועגן זייער פֿאַרבינדונג מיט העברעיִש, וועגן דער האַשפּאָע פֿונעם לאָשן אויף דער אינטאָנאַציע און פֿאָרם.

די וויכטיקסטע געשעעניש אינעם ייִדישן מוזיקאַלן לעבן פֿון די ערשטע נאָכרעוואָלוציִאָנערע יאָרן איז די דערעפֿענונג פֿונעם מאָסקווער ייִדישן טעאַטער, וועלכער האָט זיך „אַרויסגעוויזן אַלס אַקומוליאַטאָר פֿון די בעסטע שעפֿערישע קוייכעס. צום טעאַטער האָבן זיך געצויגן קינסטלער, מוזיקאַנטן, שרײַבער, געזעלשאַפֿטלעכע טוער..." (שלוימע מיכאָעלס. „שמועסן, רעדעס", רוסיש, מ., 1964, ז. 594). מיטן מוזיקאַלן טייל האָבן זיך פֿאַרנומען קאָמפּאָזיטאָרן וועמענס שאַפֿונגען עס האָט מיט כיישעק אַרויסגעגעבן און אויסגעפֿילט די געזעלשאַפֿט פֿון ייִדישער פֿאָלקס־מוזיק: א. קריין, אי. אַכראָן, אי. מילנער, ל. פּולווער (דער לעצטער איז אין די יאָרן 1922—1949 געווען דיריגענט און פֿאַרוואַלטער פֿונעם מוזיק־טייל פֿונעם טעאַטער, אווטאָר פֿון דער מוזיק אין מער ווי 40 פֿאָרשטעלונגען).

ס׳אַקטיוויזירט זיך די קאָמפּאָזיטאָרישע טעטיקײַט אויך אויסער דעם טעאַטער. אַ נײַע אַנטוויקלונג באַקומען די סימפֿאָנישע, קאַמערישע (וואָקאַלע און אינסטרומענטאַלע) זשאַנרען, עס דערשײַנען אָפּערעס, קאַנטאַטעס.

דער דאָזיקער פּעריאָד פֿון אופֿשטײַג איז בעשום־אופֿן ניט קיין אָפּגעזונדערטער עפּיזאָד. לאָמיר זיך ווענדן צו די הײַנטיקע פּראָבלעמען אין געביט פֿון ייִדישער מוזיק, פֿאָלקלאָר, מוזיקאַלן טעאַטער. קוידעמקאָל איז וויכטיק דאָס, וואָס אָט די געביטן זײַנען פֿאַרגעשטעלט אין אונדזער צײַט אין אַ ברייטן דיאַפּאַזאָן פֿון קונסט־מיטלען — מיט לידער־זאַמלונגען, גראַמאָפֿאָן־פּלאַטעס, קאָנצערט־קאָלעקטיוון (עטלעכע פֿאָלקס־טעאַטערן, זעלבסטטעטיקע קאָלעקטיוון און, אַוודע, דער פּראָפֿעסיִאָנעלער מוזיקאַלער קאַמער־טעאַטער). זיי פֿאַרמאָגן אַ דאַנקבאַרן, פֿאַרינטערעסירטן און ניט־צעבאַלעווען צוהערער.

איך אָט דער שײַן זעען זיך אויך אונדזערע שוואַכקײַטן. ס'איז אַ מויוו צו זאָרגן ניט נאָר וועגן דעם, ווי־אַזוי צו אויספּילן, נאָר טאַקע, אין דער ערשטער ריי, וועגן דעם — וואָס צו אויספּילן. און דאָס דאָזיקע „וואָס" ווײַזט זיך אַרויס איבעראַשנדיק אײַנאַרטיק. אין רעזולטאַט באַקומט זיך שוין קימאַט אַזוי, אַז דער באַגריף ייִדישע מוזיק ווערט שיר ניט אידענטיש מיט דער פֿאָרשטעלונג וועגן עטלעכע באַוווּסטע פֿאָלקסלידער אָדער אַוטאָרישע עסטראַדע־שאַפֿונגען (אױף 70 נאָכמילכאָמעדיקע גראַמאָפֿאָן־פּלאַטעס, וועלכע זײַנען מיר באַוווּסט און וואָס שליסן אײַן מער ווי 180 געזאַנג־נומערן, באַגעגענען זיך אָפּטער פֿון אַלץ „אונטער אַ קליין ביימעלע", „איציק האָט שוין כאַסענע געהאַט", „וואַרניטשקעס", „מאַמע, שלאָג מיך ניט!", „רייַ־זעלע"). דערמיט קאָן זיך אײַנשטעלן אַ דורכויס פֿאַלשע מיינונג, אַז דער ייִדישער רעפּערטואַר איז אין טאָך אַן אָרעמער (עמעס, דאָס דערשײַנען פֿאַרן אַלפֿאַרבאַנדישן מוזיק־שעצער פֿון מוישע בערעגאָווסקיס זאַמלונג „יעווריייסקי מוזיקאַלני פֿאָלקלאָר" (1962) האָט אָפּגעשטעלט די פֿאַרשפּרייטונג פֿון אַזאַ מיינונג). עס רופֿט אַרויס זאָרג אויך דאָס, וואָס פֿון די לידער־זשאַנרען זײַנען פֿאָרגעשטעלט נעמלעך די, וועלכע האָבן אויסגעפּרווּוט אויף זיך די שטאַרקערע האַשפּאָע מיצאַד דער ניט־ייִדישער מוזיק, אין דער צײַט, ווען די אַמערסטן אָריגינעלע זשאַנרען פֿאַרבלײַבן ווי אין אַ זײַט (לעמאָשל, דער אוניקאַלער ייִדישער זשאַנער פֿון אַ ניגון אָן ווערטער איז פֿאָרגעשטעלט אויף די דערמאָנטע 70 פּלאַטעס בלויז איין מאָל).

דאָס זוכן אַן אויסוועג פֿון דער געשאַפֿענער לאַגע האָט, ווײַזט אויס, געבראַכט דעם ייִדישן מוזיקאַלן קאַמער־טעאַטער צום פּרווו צונויפֿצוקרייצן דעם ייִדישן פֿאָלקלאָר מיט די דערגרייכונגען פֿון דער מײַרעוו־עסטראַדע. ס'איז אָבער ניט קיין אַווירע זיך ווענדן צו דער פּאַטערלענדישער דערפֿאַרונג. לאָמיר אַ קוק טאָן, וואָס עס זאָגט אונדז אונטער אין דעם פּראַט דאָס ייִדישע מוזיקאַלע לעבן אין די רוסישע הויפּט־שטעט אין אָנהייב פֿונעם יאָרהונדערט?

אין דער רעצענזיע אויף דעם ערשטן ייִדישן קאָנצערט האָט די „רוסקאַיאַ מוזיקאַלנאַיאַ גאַזעטאַ" געשריבן דעם 30 נאָיאַבער 1900: „איצט שטרעבט די אינטעליגענץ צו אַנדערע מיטלען, — ניט איבערקײַען און איבערכאַזערן פּרעמדס, נאָר פֿלײַסיק פֿאַרנעמען זיך מיט דערלערנען עכטע מוסטערן פֿון דעם פֿאָלקס זינג־שאַפֿונג, מוסטערן אויסעראָרדנטלעך אָריגינעלע, אומגעווייִנלעכע, אין וועלכע עס האָט זיך פֿאַרקריצט די לאַנגע געשיכטע פֿון לײַדן און פֿריידן בײַ די ייִדן. אַוואַדע איז איבעריק צו ריידן, אַז צו דעם האָט מען געדאַרפֿט, לעכאַלעהאַפּאָכעס בײַ אונדז, אין רוסלאַנד, זיך ווענדן מיט לאַנגע יאָרן צוריק... מיר האָבן זיך דערוואַרט אויף מענטשן פֿון מעסירעסנעפֿעשדיקער מי, וועלכע האָבן פֿאַרשטאַנען, אויף וואָס פֿאַר אַן אויפֿן מע דאַרף צוגיין צו דעם אויצער פֿון קונסט". אומזיניק איז אין קימאַט 90 יאָר אַרום פֿאַרגעסן וועגן דעם, „ווי־אַזוי מע דאַרף צוגיין צו דעם אויצער פֿון קונסט".

פּעסימיסטן וועלן דערווידערן — וואָס איז, מישטיינסגעזאָגט, פֿאַרבליבן נאָך דער מילכאָמע... בעליסאָפּעק, די פֿאַרלוסטן זײַנען אויסערגעוויינלעכע, און ס'איז ניט מעגלעך זיי קאָמפּענסירן. ס'זײַנען אָבער נאָך דאָ צווישן אונדז ניט ווייניק מענטשן, וועלכע געדענקען די פֿאָלקסלידער, דאָס, וואָס עס פֿאַרגעדענקט זיך פֿון דער קינדהײַט אויפֿן גאַנצן לעבן. און כאָטש דעם זיקאָרן בײַ באַזונדערע מענטשן, איז פֿאַראַן „דער זיקאָרן פֿון דער מענטשהײַט", אַרכיוון, אין וועלכע עס האָבן זיך פֿאַרהיט הונדערטער פֿאַרנאָטירונגען, ניט באַוווּסטע און ביז גאָר ווערטפֿולע. אָבער ניט נאָר סכומיקע באַרײַכערונג פֿונעם רעפּערטואַר קאָן מען דערוואַרטן פֿונעם פֿאָלקלאָר־קוואַל: ס'איז מעגלעך, אַז די באַקאַנטשאַפֿט מיט גאַנצע שיכטן פֿון עכטער פֿאָלקס־מוזיק וועט צעברעכן בײַ די אויספֿילער דעם געשפּענעם „געהער־סטערעאָטיפּ" פֿון דער עסטראַדע־באַאַרבעטונג פֿון דער פֿאָלקסליד, פֿון דער באַאַרבעטונג, וועלכע איז אומפֿאַרמײַדלעך אַ פֿאַרקריפּלענדיקע.

איך בין ניט קעגן באַאַרבעטונגען בכלל. כ'בין קעגן באַאַרבעטונגען, וועלכע האָבן פֿאַרשטעלט מיט זיך דעם אָריגינאַל. די ייִדישע לידער — אַלע ביז איינער — אויף די דערמאָנטע נאָכמילכאָמעדיקע גראַמאָפֿאָן־פּלאַטעס זײַנען געגעבן באַאַרבעטערהייט, מיט אַ האַרמאָנישער באַגלייטונג, וואָס איז פֿאַר דער פֿאָלקסליד ווייניק כאַראַקטעריסטיש און וואָס פֿאַרקריפּלט אין אַ סאַך פֿאַלן די טאָנאַלע סטרוקטור, אונטערוואַרפֿנדיק זי די אייראָפּעיִשע נאָרמעס, און דאָס איז פֿאַר געוויסע נאַציאָנאַלע זשאַנרען לאַכלוטן ניט כאַראַקטעריסטיש. דאָס זעלבע קאָן מען זאָגן וועגן די זאַמלונגען פֿון זינגלידער. אין אייניקע פֿון זיי איז דער טעקסט דערצו נאָך פֿאָרגעשטעלט אויסשליסלעך... מיט דער עקוויריטמישער איבערזעצונג. ס'איז איבעריק צו זאָגן, אויף וויפֿל עס ווידערשפּרעכט דער סינקרעטישער אייניקײַט פֿונעם טעקסט און פֿון דער מוזיק אין דער פֿאָלקסליד. כ'וועל זיך דערלויבן דורכציטירן אַ פּריוואַטן בריוו: „און אָט זיצט אויף אַזאַ קאָנצערט אַן אַלטיטשקע (וועלכע שטאַמט פֿון אַ שטעטל אין געוועזענעם טכום. — מ. ו.) און פֿרעגט זיך אָן: „איך בעט אײַך, זאָגט מיר, וועמענס טאַנץ טאַנצט אויס אַזוי פֿאַרשײַט מײַן אייניקל?"...

אין דער רעצענזיע אויפֿן קאָנצערט פֿון דער מאָסקווער אָפּטיילונג פֿון דער געזעלשאַפֿט פֿון ייִדישער פֿאָלקס־מוזיק, וועלכע איז פֿאָרגעקומען דעם 28 מאַרט 1916, האָט וויאַטשעסלאַוו פּאַסכאַלאָוו געשריבן („כראָניקאַ מוזיקאַלנאָגאָ סאָוורע־

מעניקאַ", העפט 21, ז. 40): „דער טערמין יידישע פאָלקסליד איז אַ גאַנץ ברייטער. די זאַך איז אין דעם, וואָס די דאָזיקע ליד איז אַ פּראָדוקט פון אַן אוראַלטער און הויכער מיזרעך־קולטור און פון רעליגיעזער שעפערישקייט באַם יידישן פאָלק". דער דאָזיקער שטאַנדפּונקט ווערט באַשטעטיקט אויך אין אַנדערע רעצענזיעס, לעמאָשל — אויף אַ קאָנצערט פון איינעם אַ כאָר (דאָרט, העפט 20, ז. 21): „דער אָנפירער פון די קורסן האָט, אפּאָנעם, אויס ריין פּראַקטישע טײַמים אָנגעהויבן זײַן אַרבעט מיט די שילער פון וועלטלעכער מוזיק... מע קאָן בלויז ווינטשן, אַז אין די פּראָגראַמען פון די קינפטיקע קאָנצערטן זאָל זיך געפינען אַ פּאַסיק אָרט פאַר דער ליטורגישער ליד". אין די 30־ער יאָרן טרעפן מיר דעם זעלבן געדאַנק וועגן דעם ברייטן פאַרשטאַנד פון „פאָלקס"־שאַפונג אין דער יידישער קולטור, לייענענדיק די אַרבעטן פון סאָוועטישן פאָלקלאָריסט ס. מאַגיד, דער טאָכטער פון יד. מאַגידן.

די ווענדונג צו ליטורגישער מוזיק — ביזאַנטישער, גרעגאָריאַנער — איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די סאָוועטישע קאָנצערט־אָרגאַניזאַציעס אין די לעצטע יאָרן. איצט וועט קיינעם ניט כידעשן דאָס קלינגען פון ס. ראַכמאַנינאָווס „ווסענאָשטשנאַיאַ" אָדער פון די מיטלאַלטערלעכע „סעקווענציעס" אינעם זאַל פון דער אַקאַדעמישער קאַפּעלע. דאָס האָט אײַנגעשלאָסן אין אונדזער רעפּערטואַרישן געהער־„געברויך" אַ גאַנצן שיכט פון דער מוזיקאַלער קולטור. פאַר דער יידישער קולטור האָט די ווענדונג צו דער גײַסטלעכער ספערע אַ באַזונדערע באַדײַטונג מאַכמעס דער ספּעציפישער ראָליע פון דער ביבלישער טראַדיציע פאַר דער יידישער קולטור ביכלאַל. אין ריין מעלאָדישן פּראַט וועלן מיר אָפּמערקן, אַז גראָד יענע פאָלקלאָרישע און האַלבפאָלקלאָרישע זשאַנרען, אין וועלכע עס איז צו שפּירן די האַשפּאָע פון דער ביבלישער רעציטאַציע, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַמערסטן וואָרצלדיקע, אייגנאַרטיקע, שטאַנדהאַפטיקע בענעגייע פרעמדע ווירקונגען. דער צושויער שענקט זײַן גוט געמיט די אָפּהילכן פון פאַרגאַנגענע צײַטן — כאַסידישע לידער, ניגונים אָן ווערטער.

און צולעצט — וועגן דער עצעם קאָמפּאָזיטאָרישער שעפערישקײַט. ל. סאַבאַנייעוו, דער באַרימטער מוזיק־פאָרשער, האָט מיט באַגײַסטערונג געשריבן אין דער אויבנדערמאָנטער בראָשור וועגן די קאָמפּאָזיטאָרן פון דער לענינגראַדער געזעלשאַפט פון יידישער פאָלקס־מוזיק: „די דאָזיקע גרופּע פאַרמאָגט אַ סאַך שאַנסן אַליין צו ווערן „די מעכטיקע קוטשקע" באַ דעם יידנטום" (ז. 31). און כאָטש די האָפענונגען פון ל. סאַבאַנייעוון זײַנען ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן, האָבן די דאָזיקע קאָמפּאָזיטאָרן געשאַפן פיל ביז גאָר וואָגיקע ווערק, וועלכע פאַרדינען בעליסאָפעק, מע זאָל זיי אויספילן. אַזוי, לעמאָשל, זײַנען אַרויס פון אונטער א. קריינס פען די יידישע עסקיזן פאַר אַ סטרונעקוואַרטעט און פאַר אַ קלאַרנעט (1910—1911), די קאַנטאַטע „קאַדיש" (1922), 10 יידישע לידער (1937); א. וועפּריק האָט געשאַפן די „טענץ און לידער פון דער געטאָ" (1927), מ. גנעסין — די וואַריאַציעס אויף אַ יידישער טעמע פאַר אַ סטרונעקוואַרטעט (1916), די סימפאָנישע פאַנטאַזיע אין יידישן נוסעך (1916), די אָפּערע־פּאָעמע „יוגנט פון אוורהאָם־אָווינו" (1921—1923) און שוין אין 1943 די טריאָ „אין אָנדענק פון אונדזערע אומגעקומענע קינדער".

גנעסינס וואָקאַלע ציקלען — „יידישע לידער" (1927) און „די דערציילונג וועגן דעם געלרויטן מאָטעלע" (1929) זײַנען מוסטערן פון עכט קינסטלערישן פאַרווירקלעכן די פאָלקס־ניגן־אינטאָנאַציעס און פון מײַסטערישער קאָמפּאָזיטאָרישער אַרבעט. אין זיי זעען מיר באַשײַמפּערלעך די קינסטלערישע פולווערטיקײַט און בוילעטקײַט פון נאַציאָנאַלן סטיל. דאָס אויספילן אָט די און אַ סאַך אַנדערע ווערק וואָלט, פון איין זײַט, באַרײַכערט דעם רעפּערטואַר דורכן אײַנשליסן אין די אַרויסטריטונג־פּראָגראַמען פאַרשיידנאַרטיקע זשאַנרען, פאַרשיידענע אויספילער־באַשטאַנדן (לאָמיר דערמאָנען, אַז אין די ראַמען פון דער געזעלשאַפט האָט פונקציאָנירט אַ כאָר, אַ קוואַרטעט), פון דער אַנדערער זײַט, וואָלט עס מיטגעווירקט דעם וווּקס פונעם אויספילערישן פּראָפעסיאָנאַליזם.

אַן ענלעכע סיטואַציע האָט זיך געשאַפן אויך אין טעאַטער. די פּיעסעס און אינסצענירונגען, וועלכע ווערן פאַרהיט אין די אַרכיוון און וועלכע זײַנען געגאַנגען אויף דער בינע פונעם מאָסקווער גאָסעט און פון אַנדערע יידישע טעאַטערן (אין כאַרקאָוו, אָדעס, ביראָבידזשאַן, מינסק) וואָלטן אָן שום סאָפעק גוט צוניץ געקומען די הײַנטצײַטיקע רעזשיסערן.

מיר ווייסן, אַז די מוזיקאַנטן פונעם אָנהייב יאָרהונדערט פלעגן ווייניקער פון אַלץ נישטערן אין די אַרכיוון. דאָס זעלבע זעען מיר אויך אַצינד: די יערושע בלײַבט אַ יערושע. אַזויאַרום באַקומט זיך, אַז דאָס מוזיקאַלע לעבן פון דער פאַרגאַנגענהײַט, די אָנגעזאַמלטע אוצרעס זײַנען ניט דערגרייכבאַר פאַר דער הײַנטצײַטיקער אויספילערישער שאַפונג. און נאָך אָט וואָס. באַ אונדז אין לאַנד זײַנען פאַראַן מער איידער ערגעץ־ווו קאָמפּאָזיטאָרן, וועלכע שרײַבן יידישע מוזיק. אָבער די יידישער קאָמפּאָזיטאָרן אַרבעטן אַליין פאַר זיך, און די יידישע קאָנצערט־קאָלעקטיוון — אויך אַליין פאַר זיך. פון דער שעפערישער מיטאַרבעט וואָלטן געווינען סײַ די קאָמפּאָזיטאָרן — זיי וואָלטן באַקומען זייערע אויספילער, — סײַ די קאָלעקטיוון — ס'וואָלט געוואָרן רײַכער דער רעפּערטואַר. נאַטירלעך, אַז געווינען וואָלטן די צוהערער, די דורשטיקע, דאַנקבאַרע, פאַרינטערעסירטע.




וולאַדימיר ביטקין

# דער יובילײ פון א רובריק אין „סאָוועטיש היימלאַנד“

ערשט ניט לאַנג צוריק האָט דער זשורנאַל
„סאָוועטיש היימלאַנד“ אָפּגעפּײַערט זײַן זילבער־
נעם יובילײ, און אָט איז געקומען נאָך איין קײַ־
לעכדיקע דאַטע אינעם לעבן פונעם זשורנאַל —
25 יאָר, זינט מע האָט אײַנגעפירט די נאָטן־רוב־
ריק „לאָמיר זינגען נײַע לידער“. און אויב פאַר
דעם פערטל יאָרהונדערט קאָן מען צונויפשטעלן
פון די ליטעראַרישע ווערק א גאַנצע לייען־ביב־
ליאָטעק, איז לויט די קעסיידערדיקע מוזיקאַלי־
שע זײַטלעך מעגלעך דורכפירן א היפּשע צאָל
קאָנצערטן. דאָס וואָלט געווען א פּראָגראַם פון
111 ייִדישע זינגלידער און ראָמאַנסן. פאַרבלײַבנ־
דיק ניט נאָר ווי א זשורנאַל־פאַקט, זײַנען די בע־
סטע פון אָט די ווערק פּובליקירט געוואָרן אין
פאַרשיידענע נאָטן־זאַמלונגען, אַרײַן אינעם רעפּער־
טואַר פון פיל פּראָפעסיאָנעלע און זעלבסטטעטיקע
אַרטיסטן, פאַרשריבן געוואָרן אַף פּלאַטן, בעקי־
צער — זיי זײַנען אַרײַן אינעם אַלגעמיינעם קול־
טור־פאָנד.

„סאָוועטיש היימלאַנד“ — דאָס איז ניט בלויז
א ליטעראַרישע, נאָר אויך א מוזיקאַלישע דערשײַ־
נונג. די רובריק „לאָמיר זינגען נײַע לידער“ פאַר־
נעמט א געהעריק אָרט אין דער טעטיקײַט פונעם
זשורנאַל. אַף א סאַך קאָמפּאָזיטאָרן און אויספי־
לער האָט „סאָוועטיש היימלאַנד“ געווירקט מיט זײַן
עסטעטיק, אָנגעוויזן זיי דעם ריכטיקן וועג, וועל־
כער פירט צו וואָרהאַפטיקײַט אין קונסט, דעם וועג
צו היינטצײַטיקײַט און פאָלקסטימלעכקײַט. ס׳איז
נאָך א גרויסער ספק, צי עס וואָלטן געקאָנט
אָן דער באַגײַסטערנדיקער עקזיסטענץ פונעם
זשורנאַל געבוירן ווערן אַזעלכע זינגלידער, וועל־
כע שטעלן איצט מיט רעכט צונויף דעם אוצר
פון דער הײַנטצײַטיקער ייִדישער סאָוועטישער
מוזיק.

ווען מיר באַטראַכטן דעם שוין דורכגעגאַנ־
גענעם וועג, ווערן מיר איבעראַשט פון דער גרוי־
סער צאָל מעכאַברים, פון דער טעמאַטישער ברייט־
קײַט און זשאַנרען־פאַרשיידנאַרטיקײַט, פון דער
אָנגאַזשעטיקטקײַט מיט שעפערישע סטילן. צווישן
די 28 קאָמפּאָזיטאָרן פון דער נאָטן־רובריק געפי־
נען מיר אַזעלכע נעמען, ווי יעווגעני זשאַרקאָוו־
סקי, יאַן פרענקעל און וולאַדימיר שאַינסקי, ווע־
מענס לידער אַלס מוזיקאַלע שאַפונג פונעם סאָ־
וועטישן פאָלק זינגט מען הײַנט אין צענדליקער
לענדער פון דער וועלט: ווי לייב יאַמפּאָלסקי,
שמועל סענדעריי, לייב פּולווער, זינאָווי קאָמפּא־
נייעץ — זייערע שעפערישע גוירלעס זײַנען
פאַרקניפּט און פאַרבונדן מיטן סאָוועטישן פּעריאָד
אין דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער מוזיק;
דער קימאַט לעגענדאַרער שמועל פײַנטוך; לעסאָף
די שעפער פון דער ייִנגערער גענעראַציע, אַזעל־
כע, ווי וולאַדימיר טערלעצקי און דער ייִנגסטער
סערגיי טשעבאָטאַריאָוו, וואָס האָט ראַדיקאַל באַ־
נײַט די טאָנאַלקײַט פון דער הײַנטצײַטיקער ייִדי־
שער ליד.

נאָך מער איבעראַשט די רעשימע פון די 39
פּאָעטן — צווישן זיי אָשער שוואַרצמאַן, פּערעץ
מאַרקיש, מאָישע קולבאַק, שמועל האַלקין, אַרן
ווערגעליס, שיקע דריז, אַווראָם גאָנטאַר, מאָטל
גרוביאַן, כאַים ביידער אַוקעדוימע. זייערע גלענצנ־
דיקע פּערזן האָבן אויסגעפורעמט ניט בלויז דעם
ספּעקטער פון דער טעמאַטיק, נאָר אויך די אויס־
דריק־מיטלען און זשאַנרען, אָנהייבנדיק פון פאָלקס־
טימלעכער פּאַשטעקײַט („א ניגנדל“, ש. דריז —
ל. יאַמפּאָלסקי), ביז דערהויבענער שטרענגער פּאַ־
טעטיק („איז געווען אַמאָל“, א. ווערגעליס —
יע. זשאַרקאָווסקי) און ראַפינירטער ליריק (ס.
טשעבאָטאַריאָווס ראָמאַנסן אַף א. ווערגעליסעס
ווערטער).

די סטיליסטיק פון די נאָטן־פּובליקאַציעס אין
„סאָוועטיש היימלאַנד“ גיט אונדז אַן אינטערעסאַנ־
טע פאָרשטעלונג, וויאַזוי עס האָט זיך אַנטוויקלט
די ייִדישע זינגליד פאַר די 25 יאָר.

אין משך פונעם ערשטן יאָרצענדליק
(1961 — 1971) זײַנען אין דער רובריק „לאָמיר
זינגען נײַע לידער“ אַרויס אין דער עפנטלעכקײַט
44 ווערק (כולל דעם, נאָך 10 רעוואָלוציאָנערע
און לאַגער־לידער). בײַ דער גרויסער צאָל אויר־
טאָרן — 12 — האָבן אויסגעשפּראָכענע ייִדישע
סאָוועטישע לידער געשאַפן אין יענע יאָרן הויפּט־
זאַכלעך דרײַ קאָמפּאָזיטאָרן: ל. יאַמפּאָלסקי, ש.
סענדעריי און ז. קאָמפּאַנייעץ. יעדערער פון זיי
איז א באַזונדערע פּערזענלעכקײַט אין דער גע־
שיכטע פון דער פאָטערלענדישער קולטור. די וואָ־
קאַל־שאַפונג פון די דאָזיקע קאָמפּאָזיטאָרן איז פול
מיט פּאַשטעס און אופריכטיקײַט, וואָס פאַרמאָגט
טיפע וואָרצלען אינעם פאָלקלאָר. באַנאַנד דערמיט
פלעגן זיי אָפט ברעכן די גרענעצן פון דער טראַ־
דיציאָנעלער לידער־פאָרם, און א סאַך פון זייערע
ווערק פלעגן איבערוואַקסן אין ראָמאַנסן, האַרציק־
דורכדרינגלעכע און שטרענג־אײַנגעהאַלטענע.

מע קאָן זאָגן, אַז אין די ערשטע צען יאָר
פונעם זשורנאַל איז די צאָל פאַרעפנטלעכטע זינג־
לידער נאָך געווען א ניט־באַפרידנדיקע, צווישן

2 און 6 א יאָר, אָבער נאָך אַן איבעררײַס (אין 1968 האָבן זיך געדרוקט בלויז מאַסן־לידער) איז צוגעקומען שעפֿערישע ענערגיע, און אין משך פֿון די יאָרן 1971—1972 האָבן די ליבהאָבער פֿון דער ייִדישער זינגליד באַקומען אַן אוצר פֿון הויכקלאַסישע ווערק — סאַכאַקל 21 — דאָס איז געווען דער הויכפּונקט אין דער שאַפֿונג פֿון אָריגינעלע ייִדישע זינגלידער.

13 פֿון אָט די ווערק האָט געגעבן לייב יאַמפּאָלסקי (קימאַט אַלע אויף די ווערטער פֿון אַרן ווערגעליס), פֿיל פֿון וועלכע עס זײַנען די לעצטע מײַסטער־ווערק זײַנע (דער קאָמפּאָזיטאָר איז געשטאָרבן אין 1972), צווישן זיי זעען מיר „שטיי אויף, מײַן שטעטעלע", „א קאַראַהאָד", זאָגט ניט קדיש נאָך מײַן שטעטל", „א ליד פֿון א שנײַדער" אאַ.

פֿאַר דעם צווייטן יאָרצענדליק פֿון „לאָמיר זינגען נײַע לידער" (1972—1981) איז אייגנטימלעך א סטאַבילער כאַראַקטער. נאָך די קעסיידערדיקע שפּרונגען אַרויף־אַראָפּ, וואָס טרעפֿן זיך אינעם ערשטן יאָרצענדליק, זעט אויס דער צווייטער פּעריאָד ווי א דורכגעטראַכטע, פּלאַנמעסיקע דערשײַנונג, הגם די צאָל פֿון די זינגלידער וואַקלט זיך צווישן 3 און 9 א יאָר און ניט קוקנדיק אפֿילע אויף דער קורצטערמיניקער „קאָנקורירנדיקער" רובריק „פֿונעם פֿאָלקס־אוצר" (1978—1980). גראַדע אין אָט דער צײַט פֿאַרברייטערט זיך דער קרײַז פֿון די אַוטאָרן (20), די צאָל פּובליקאַציעס אין אַלגעמיין דערגרייכט 58 זינגלידער. דער אויפֿקום פֿון נײַע נעמען האָט בעהאַדראָגעדיק מיטגעווירקט אויף דער זשאַנער־סטיליסטישער איבעראָריענטאַציע פֿון דער רובריק. די קאָמפּאָזיטאָרן ניצן מער אויס די הײַנטצײַטיקע טאָן־מיטלען. מיר באַגעגענען די עלעגאַנטע עסטראַדע־מאַניר פֿון דאָוויד אַשקענאַזיס „די ערד און דער רעגנבויגן" (ווערטער פֿון מ. גרוביאַן), דעם טיפֿן בירגער־פּאַטאָס פֿון יעווגעני זשאַרקאָווסקיס „איז געווען אַמאָל" (ווערטער פֿון א. ווערגעליס), דעם גרויסן אומעט פֿון יאַן פֿרענקעלס „א לאַנגער וועג" (ווערטער פֿון אי. שאַפּיראָ).

טאַקע אין יענע יאָרן האָט זיך אַרויסגעוויזן דער יונגער קאָמפּאָזיטאָר, דעמלט נאָך א סטודענט פֿון דער מאָסקווער קאָנסערוואַטאָריע, סערגיי טשעבאָטאַריאָוו. זײַן סאָלידער דעביוט אויף די שפּאַלטן פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" אין 1973 („האַנעשאָמע לאָך, וועהאַגוף שעלאָך", ווערטער פֿון א. ווערגעליס) האָט ממש איבערגעאַנדערשט די טראַדיציאָנעלע, שטעטלדיקע פֿאָרשטעלונגען וועגן דער ייִדישער וואָקאַל־מוזיק. זײַנע ווערק זײַנען ניט אַזוי גרינג צו זינגען, ווײַל זיי זײַנען צו מעטאַפֿאָרישע, אַזוי צו זאָגן, — „מוזיק פֿאַר מוזיקאַנטן", און בכלל, זײַנען זיי ניט קיין אויסגעשפּראָכענע זינגלידער, נאָר גיכער אַנטוויקלטע וואָקאַל־פּיעסעס, ראָמאַנסן. אָבער אין א „תּקופֿה" פֿון ביליקע שלאַגערס און אייניטאָניקע מאַכערײַקעס, אין א תּקופֿה ווען דער ברוטאַלער אָנגריף פֿון סובקולטור ברענגט מיט זיך אַן אַלגעמיינע גײַסטיקע פֿאַראָרעמטקײַט — אין אַזאַ תּקופֿה דאַרף מען האָבן מוט, כּדי צו שאַפֿן ראָמאַנסן. זײַענדיק פֿון קדמונים א באַליבטער זשאַנער פֿון דער שטייגער־מוזיק, לעבט דער הײַנטצײַטיקער ראָמאַנס איבער א טיפֿן קריזיס — איינע זינגען אים ניט, די אַנדערע הערן אים ניט; ער איז געוואָרן א „טאָגבוך"־זשאַנער פֿון קאָמפּאָזיטאָרן, קימאַט א האָפֿענונגלאָזן קאָנטאַקט־מיטל צווישן דעם מחבר און דעם צוהערער.

און אָט, טראָץ דעם, פּובליקירן זיך מיצאַד ס. טשעבאָטאַריאָוון, אָנהייבנדיק פֿונעם 1973 ביזן 1981 יאָר, אין דער רובריק „לאָמיר זינגען..." — 14 ראָמאַנסן אויף די ווערטער פֿון א. ווערגעליסן (און דאָס יאָר 1974 איז, אַשטייגער, ממש געווען א „טשעבאָטאַריאָוו־יאָר" — 7 ווערק פֿון 8, אין אַלגעמיין). די פֿאַרשריבענע שפּעטער אויף א פּלאַטע, גראָד זיי האָבן געבראַכט דעם קאָמפּאָזיטאָר א פֿאַרדינטן דערפֿאָלג.

מע קאָן פֿאַרשיידן דערקלערן דעם דאָזיקן פֿענאָמען, אָבער דער סוד, ווי מע זאָגט, ליגט אויף דער אויבערפֿלאַך: דאָס ערשטע מאָל פֿאַר די לעצטע יאָרן זינט מיכאל גנעסינס צײַטן („ייִדישע לידער", 1926 יאָר), האָט די ייִדישע וואָקאַל־מוזיק אָנגעהויבן צו רעדן אין דעם מעמוארן־אומעט, אין אויסגעכאָלעמטע מאָטיוון וועגן דעם אַמאָל, דער טראַגישער גראָטעסק פֿון דמיטרי שאָסטאַקאָוויטשן, די קלאַסישע מיסטיפֿיקאַציעס פֿון סערגיי פּראָקאָפֿיעוון, דער אַסקעטיזם פֿון געאָרגי סווירידאָוון (און מיסטאַמע נאָך עפּעס) — דאָס אַלץ, איבערגעשמאָלצן צוזאַמען מיטן ייִדישן מעלאָס, גיט אונדז דעם מוסטער פֿונעם קינסטלערישן עמעס, פֿון וועלכן עס שטייען וואָגיק אויף מאַמאָשעסדיקע און צאַפּלדיקע טאָן־געשטאַלטן פֿון די הײַנטיקע טעג.

און פֿונדעסטוועגן, ניט קוקנדיק אויפֿן רעאַלן אויפֿבלי פֿון דער נאָטן־רובריק און איר אַוטאָריטעט, קומט אין אײַנגיכן נאָך איר קולמינאַציע — אין 1975—1976 — א בעהאַדראָגעדיקע יערידע, וועלכע ציט זיך ביז דעם הײַנטיקן טאָג. אין די לעצטע פֿינף יאָר (1982—1986) זײַנען, אָבער, ווידער טעטיק, ווי פֿריִער, די וועטעראַנען פֿון „לאָמיר זינגען..." לייב בירנאָוו און זינאָווי קאָמפּאַנייעץ. עס זײַנען אויך אויפֿגעקומען נײַע קאָמפּאָזיטאָרישע נעמען. די זשאַנער־סטיליסטישע באַנײַונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פֿריִער, ווערט פֿאַרגעזעצט. די בעסטע פֿאַר אָט די פֿינף יאָר איז, לויט מײַן מיינונג, געווען די זינגליד פֿונעם ביראָבידזשאַנער מאַקס עפּשטיין „מײַן אָרדענטרעגערישע געגנט". ניט געקוקט אויף געדאַכטער פּאָמפּעזקײַט פֿון די ווערטער, דערפֿרייט אונדז די דאָזיקע ליד מיט איר אומשאַבלאָנישער, אויפֿריכטיקער טראַקטירונג פֿונעם היימלאַנד־געשטאַלט — א טראַקטירונג, וואָס איז ווײַט פֿון פּאַראַדנע־אויסשטעלערישער טראַסקערײַ.

פֿאַרשטייט זיך, אַז 9 לידער פֿאַר 5 יאָר איז ניט דאָס זעלבע, וואָס 50 פֿאַר 10 יאָר... ס. טשעבאָטאַריאָוו, וועלכער האָט פֿריִער לידירט, איז איצט בלויז צוויי מאָל אַרויסגעטראָטן אין דער נאָטן־רובריק. און דער אַוטאָר פֿון די דאָזיקע שורות וואָלט אויך געקאָנט אַקטיווער זיך באַטייליקן אין „לאָמיר זינגען...". און אינגאַנצן האָבן זיך אָפּגעדרוקט פֿאַר די לעצטע 5 יאָר 6 אַוטאָרן. דאָס איז א סך, צי ווייניק?

מיר וועלן ניט לייגן איצט קיין אכט אַף צו־פעליקע נעמען. אָבער אינעם אַקטיוו פון דער באַטן־רוביק וועלן, ווי־יזט אויס, זיך געפינען אַף ווײַטער אַן ערעך 7—8 קאָמפּאָזיטאָרן. יעדערער פון זיי וואָלט געקאָנט אָפּטער זיך ווענדן צו דער קלינגענדיקער, זאַפטיקער ייִדישער פּאָעזיע!

מיט גוטע ווינטשן איז ניט מעגלעך זיך דער־שלאָגן א נײַעם אופבלי פונעם זשאַנער, ס׳זײַנען בײַטיק נײַע יונגע נעמען. און זיי זײַנען בעפיירעש דאָ, אָבער דערווײַל זײַנען זיי נאָך ניט אַרײַנגע־שריבן אין דער רעשימע פון מעכאַברים פון „לאָ־מיר זינגען נײַע ייִדישע לידער". און שולדיק איז אין דעם ניט אַזוי דער זשורנאַל, ווי די פּאַסיוו־קײַט פון די אַווטאָרן. אַט, לעמאָשל, — צוויי פון זיי.

אַלעקסאַנדער ווּסטין (מאָסקווע) האָט געענ־דיקט די מאָסקווער קאָנסערוואַטאָריע אין 1968. אין זײַן שעפערישן באַגאַזש זײַנען פאַראַן עטלע־בע וואָקאַלע און אינסטרומענטאַלע ווערק, אינספּי־רירטע פונעם ייִדישן פאָלקלאָר (דאָס סאַמע אינ־טערעסאַנטע פון זיי — „קאַפּריטשיאָ").

ראָזאַליע גלייזער (טיראַספּאָל) האָט געענ־דיקט די קעשענעווער קאָנסערוואַטאָריע אין 1978. צווישן אירע פאַרשיידנאַרטיקע מוזיקאַלע ווערק טיילן זיך אויס די פּרעכטיקע, פלאַמענדיק־עק־זאַלטירנדיקע ראָמאַנסן אַף די ווערטער פון מוישע טייף.

אַזעלכע יונגע קאָמפּאָזיטאָרן זײַנען פאַראַן ניט ווייניק. ס׳וואָלט אונדז געווען ווינטשנסווערט, אַז די מײַסטערס — יאַ. פרענקעל, וו. שאַינסקי, ז. קאָמפּאַנייעץ, וו. טערלעצקי — זאָלן זיך אָפּ־טער ווענדן צו דער ייִדישער ליד. מיט דעם וואָלטן זיי, פאַרשטייט זיך, אופגעהויבן דעם פּראָפעסיאָ־נעלן און קינסטלערישן ניוואָ פון אונדזער קאָלעק־טיוון ווערק — דער הײַנטצײַטיקער סאָוועטישער ייִדישער מוזיק.

---

# כראָניק

## צײַס פון מיטל־אזיע

לויט א מיטיילונג פון דער סאַמאַרקאַנדער צײַטונג „לענינסקי פּוט" איז בא א קולטור־הויז אין דער שטאָט געשאַפן געוואָרן א „קלוב פון דער געשיכטע פונעם קוואַרטאַל „מיזרעך". אַף דער טעריטאָריע פון דעם דאָ־זיקן קוואַרטאַל האָט אין די צײַטן פונעם בוכאַרער עמיראַט עקזיסטירט די אַזוי גערופענע ייִדישע מאַכאַליאַ — א מין געטאָ.

דער אָנפירער פונעם קלוב ביניאַמין ביניאַמינאָוו האָט דערציילט דעם קאָרעספּאָנדענט פון דער צײַטונג, אַז הײַנט־צו־טאָג איז די באַפעלקערונג פונעם קוואַרטאַל א פילנאַציאָנאַלע: עס וווינען דאָרט ייִדן, טאַדזשיקן, אוזבעקן, רוסן, דעריבער איז די איקערדיקע אופגאַבע, וואָס עס שטעלט פאַר זיך דער קלוב, — דערציִען די יוגנט אין אינטערנאַציאָנאַלן גײַסט, אַפן יעסאָד פונעם דערלערנען און אויספאָרשן די געשיכטע פון דעם אייגענעם קוואַרטאַל.

וויקטאָר לענזאָן

# מיר זאָגן אַרויס אַ מיינונג

די ייִדישע קולטור אין פּסטר לעבט הײַנט איבער אַ רענעסאַנס. דאָס איז ניט קיין גוזמע — בוכשטעבלעך אין אַלע ספערן פון דער ליטעראַטור און קונסט ווענדט אַף זיך די אויפמערקזאַמקײַט אַ נײַע שעפערישע ענערגיע, וועלכע האָט זיך שוין פאַרקערפּערט אין אַ ריי באַדײַטנדיקע ווערק און געשעענישן אינעם קולטור־לעבן. אין אַ גרויסער מאָס האָט עס אַ שײַכעס צום טעאַטער, וועלכער האָט שטענדיק — אַלנפאַלס פון די צײַטן פון גאָלדפאַדענען, לאַטײַנערן און שפּעטער פון גראַנאָווסקין און מיכאָעלסן, — פאַרנומען אין דער סיסטעם פון קינסטלערישע ווערטן פונעם ייִדישן פאָלק אַ באַזונדער אָרט, זײַענדיק אַ קאָנצענטראַציע פונעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, אַן אָפּשפּיגלונג פון די סאָציאַלע, פּאָליטישע, מאָראַלישע פּראָבלעמען. אין דאָזיקן זין איז די אינפאָרמאַציע, וועלכע עס אַנטהאַלט אַ. קאָרדונערס אַרטיקל „דער נאָמען און דער טאָך” (זשורנאַל „טעאַטראַלנאַיאַ זשיזן”, 1986, נומ. 21, איבערגעדרוקט אין „סאָוועטיש היימלאַנד”, 1987, נומ. 4), ווייך גערעדט, ניט קיין פינקטלעכע.

פאַרוואָס זאָג איך — ניט קיין פינקטלעכע? ווײַל דער אווטאָר — אויס אומבאַהאַוונטקײַט אָדער ווײַל ער איז געווען צו שטאַרק פאַרכאַפּט מיט דער טעמע — רעדט וועגן דעם ייִדישן מוזיקאַלן קאַמער־טעאַטער ווי וועגן דעם איינציקן ייִדישן טעאַטער בײַ אונדז אין לאַנד און אַפילע אין אייראָפּע. וואָס איז שײַעך אייראָפּע, זײַנען, ווי באַוווּסט, פאַראַן ייִדישע מעלוכע־טעאַטערן אין פּוילן און אין רומעניע. אויך בײַ אונדז זײַנען טעטיק עטלעכע ייִדישע טעאַטראַלע קאָלעקטיוון. אַכוץ דעם מוזיקאַלן קאַמער־טעאַטער, פונקציאָנירן דער מאָסקווער ייִדישער דראַמאַטישער טעאַטער־סטודיע, דער ביראָבידזשאַנער ייִדישער מוזיקאַליש־דראַמאַטישער פאָלקס־טעאַטער, דער ווילנער ייִדישער פאָלקס־טעאַטער, דער מוזיקאַליש־דראַמאַטישער ייִדישער זעלבסטעטיקער קאָלעקטיוו אין קאַונאַס, די שאָו־גרופּע „פריילעכס”.

עס גייט אַפילע ניט בלויז אין דער צאָל. די ייִדישע מוזיקאַליש־טעאַטראַלע קונסט ווערט אַלץ מער פּאָפּולער, שטרעבנדיק צו פאַרנעמען אַ ווירדיק אָרט אין דער סיסטעם פון דער פילנאַציאָנאַלער סאָוועטישער קולטור. און אַזוינס קאָן מען נישט ניט באַגריסן.

עס באַאומרויִקט אָבער דאָס, וואָס מע הערט צווישן דעם פּובליקום: „אַ דאַנק, וואָס כאָטש אַזאַ טעאַטער איז פאַראַן...” (אין געגעבענעם פאַל גייט אַ רייד וועגן דעם מאָסקווער ייִדישן טעאַטער־סטודיע). אַזעלכע אַרויסזאָגונגען זײַנען ניט קיין צופעליקע, און מע טאָר זיי ניט איגנאָרירן. זיי האָבן אַ שײַכעס צו דער קינסטלערישער קוואַליטעט און רירן אָן די אַרבעט פון אַלע פאַראַנענע טעאַטראַלע קאָלעקטיוון. אײַנגאַנצן גענומען, דרינגען זיי אַרויס, פון די אויסגעוואַקסענע פאַר דער לעצטער צײַט פאָדערונגען צו דער פּראָפעסיאָנעלער קונסט פונעם הײַנטצײַטיקן סאָוועטישן ייִדישן טעאַטער־וועזן.

דער שטילשטאַנד אינעם ייִדישן טעאַטראַלן לעבן, וועלכער האָט געדויערט ניט איין יאָר, האָט צוגעוווינט צו דעם געדאַנק, אַז אַ גוטע פאָרשטעלונג אינעם ייִדישן טעאַטער איז שיר ניט אַ סענסאַציע. עס איז אָנגענעם, וואָס פון דער בינע רעדט מען אַף ייִדיש, ס'איז אָנגענעם דער עצעם פאַקט, וואָס עס איז פאַראַן אַ ייִדישער טעאַטער און מע קאָן אים באַזוכן, קויפנדיק אַ בילעט פאַר אַ רובל אָדער צוויי. ס'איז אָנגענעם, וואָס דער טעאַטער איז ניט אַף איין טאָג און ניט אַף צוויי טעג — ער איז דאָ און וועט זײַן.

יאָ, דאָס געפיל פון שטאָלץ פאַר דער אידיי גופע פון אַ נאַציאָנאַלן טעאַטער האָט ניט זעלטן גענומען די אויבערהאַנט איבער אַ טיפערער און מער באַקלערטער באַזיניקונג פונעם טאָן פון דער אָדער אַנדערער דערשײַנונג אין דער נאַציאָנאַלער טעאַטראַלער קולטור. אַלנפאַלס, אַזוי איז געווען אינעם אָנהייב פון דעם ייִדישן טעאַטראַלן „בום”. נאָר אָט זײַנען געוואָרן רעגולער די ספּעקטאַקלען, אייניקע פאָרשטעלונגען (לעמאָשל, „לאָמיר אַלע אינײנעם” אין ייִדישן מוזיקאַלן קאַמער־טעאַטער) האָט באַוויזן די צענטראַלע טעלעוויזיע פונעם לאַנד, פינף ספּעקטאַקלען האָט געשאַפן דער מאָסקווער ייִדישער טעאַטער־סטודיע (ער לאַדט אײַן דעם צושויער אין זײַן סטאַבילן בניִען זעכצן מאָל אין כוידעש), אין די צענטראַלע צײַטונגען און זשורנאַלן האָבן זיך באַוויזן רעצענזיעס אַף ייִדישע ספּעקטאַקלען — האַקיצער, דאָס לעבן פונעם ייִדישן טעאַטער איז אַרײַן אין אַ געוויינלעכן שטייגער. אַלס רעזולטאַט איז דער צושויער געוואָרן שטרענגער. דער צושויער האָט אָנגעהויבן

אויסצווויילן, וואָס פאַר אַ טעאַטער און וואָס פאַר אַ פאַרשטעלונג צו קוקן. און אויב, לעמאַשל, דער ייִדישער מוזיקאַלער קאַמער־טעאַטער האָט פאַרהיט, באַ אַלע זײַנע בלויזן, זײַן פּאָפּולערקײַט, באַזוכן די ספּעקטאַקלען פונעם מאָסקווער דראַמאַטישן טעאַטער־סטודיע ווייניק צושויער. ס'איז גענוג געווען, אַז דער אַנסאַמבל „פריילעכס", וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר דעם זשאַנער פון אַ ייִדישן טעאַטראַליזירטן קאָנצערט, זיך פאַרהאַלטן אַ ביסל מער אויף די גאַסטראָלן אין מאָסקווע, אַז עס זאָלן פאַרשווינדן די טומלדיקע אַנשלאַגן.

די סיבע פונעם דיסבאַלאַנס פון די באַזוכן פון די ייִדישע טעאַטערן און ספּעקטאַקלען איז אַ קלאָרע: דער „בום" איז דורכגעגאַנגען, די צאָל קאָלעקטיוון דערלויבט אויסצומעקן דעם ייִדישן טעאַטער פונעם „רויטן בוך" פון דער סאָוועטישער קולטור — ס'איז געקומען דער מאָמענט ערנסט אָפּצושאַצן די קוואַליטעט. און אין אָט דעם הינזיכט רופט די לאַגע אַרויס זאָרג.

עס האָט אַ זין צו באַטראַכטן אין די נײַע באַדינגונגען די פראַגע וועגן דעם, וואָס עס דאַרף האָבן איצטער די נאַציאָנאַלע קולטור? אין דעם פּראַט זײַנען פאַראַן ניט ווייניק, אָפּט גאַנץ ווידערשפּרעכלעכע מיינונגען. אויף וויפל די דאָזיקע מיינונגען טראָגן ניט בלויז אַ ריטאָרישן כאַראַקטער, נאָר ווירקן גאַנץ דירעקט אויף דער פּראַקטיק פון דער ייִדישער טעאַטראַלער קולטור, וועלן מיר אָנווײַזן אויף די סאַמע פאַרשפּרייטע פון זיי.

ניט זעלטן קאָן מען הערן, אַז פּראָפּאַגאַנדירן הײַנט די נאַציאָנאַלע קולטור דאַרף מען אָנהייבן פון אַ פּאַשעטער זאַך — פון עטנאָגראַפיע, פונעם פאָלקלאָר־עלעמענט, און דערנאָך ערשט אַריבערגיין צו אַ מער ערנסטן איניען. אַזאַ דידאַקטישער צוגאַנג האָט, לויט אונדזער מיינונג, אַכוץ דער אָנשוילעכער איינזײַטיקייט, נאָך איין איקערדיקן בלויז: אומצוטרוי צום צושויער, וועלכער איז קלוימערשט ניט גרייט „גלײַך" אויפצונעמען די הײַנטצײַטיקע אַנטפלעקונגען פון דער נאַציאָנאַלער קולטור.

אין צוזאַמענהאַנג דערמיט קומט אויפן געדאַנק אַ פאַרגלײַך מיט אַ גאַנץ אַנדערן געביט — מיט דער מעטאָדיק פון לערנען קינדער מוזיק. פריִער האָט מען געמיינט, אַז דאָס קינד דאַרף מען אַרײַנפירן אין דער מוזיק מיט דער הילף פון „ציפּ־צאָפּ, העמערל, קום צו מיר אין קעמערל" און פון אַנדערע איינפאַכע לידעלעך, און ערשט דערנאָך, דערבײַ ניט אַזוי גיך, זיי געבן אויסצוהערן טשײַקאָווסקין, מענדעלסאָנען. האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דאָס קינד פילט מיטן גאַנצן האַרצן גראָד די מוזיק פון שאָפּענען, טשײַקאָווסקין, שובערטן, און יענץ „ציפּ־צאָפּ, העמערל" איז פאַר אים לאַנגווײַליק, אומפאַרשטענדלעך און ניט אינטערעסאַנט. דאָס איז שײַך צום קינד. הײַנט וואָס זאָל מען זאָגן וועגן אַ רײַפן צוהערער און צושויער?

אַזוי איז געבוירן געוואָרן די קאָנצעפּציע פון „עטנישע מוזיקאַליש־טעאַטראַלע גרופּעס", וועלכע שטעלן פאָר די נאַציאָנאַלע קולטור אין עפּעס אַ פאַרלײַכטערטן וואַריאַנט. דערבײַ דאָס, וואָס עס קלינגט שוין אין די מיינונג־אויסטוישן, איז ניט שטענדיק פאַרקערפּערט קוואַליטאַטיוו אויף דער בינע. דערצו נאָך ווערט פונעם פאָלקלאָר, וואָס איז ווירקלעך דער גרונט פון דער נאַציאָנאַלער קולטור, ניט זעלטן אויסגעהוילט זײַן אינהאַלט. דאָס קומט פאָר געוויינלעך אָט אויף אַזאַ אויפן.

ווי באַוווּסט, איז די ייִדישע פאָלקסליד ניט געווען באַשטימט אויף אויסצופּילן זי פון דער בינע. זי האָט געטראָגן אין זיך אַן אויסגעווייטיקטן אינהאַלט: פּײַן, פרייד, בענקשאַפט, ליבע, ביטערן הומאָר — אַלץ, וואָס עס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם כאַראַקטער פונעם פאָלק און זײַנע שטרעבונגען. אַזאַ ליד פלעגט זיך זינגען באַ דער אַרבעט, אינדערהיים, אין שטייגער, שטילערהייט, מיט האַרץ און געפיל. פון דער צווייטער זײַט, האָט דער נאַציאָנאַלער טעאַטער געבוירן אויך אַ ריין עסטראַדע־ליד — קופּלעטן, וועלכע פלעגן קלינגען פון דער בינע, און פון דאָרט זײַנען זיי געגאַנגען צום צושויער, געוואָרן פּאָפּולער טאַקע אַדאַנק די ספּעקטאַקלען, אין וועלכע זיי זײַנען געבוירן געוואָרן. ס'איז ניט שווער צו אונטערשיידן אַ פאָלקסליד פון טעאַטראַלע קופּלעטן, וועלכע זײַנען געווען אַ באַשטאַנדטייל פון דער ייִדישער אָפּערעטע.

וואָס זשע אָבער קומט ניט זעלטן פאָר הײַנט? ס'איז אַנטשטאַנען אַן אָביעקטיווע נויטווענדיקייט צו פּאָפּולאַריזירן די פאָלקסליד, דערבײַ ניט בלויז מיט דער הילף פון מוזיקאַלישע אַנסאַמבלען, נאָר אויך פונעם טעאַטער (ווי עס טוט, לעמאַשל, דער ייִדישער מוזיקאַלער קאַמער־טעאַטער). פאַרגעסנדיק, ווײַזט אויס, אַז די עסטראַדע איז אַ קונסט זייער אַן ערנסטע, אַז זי האָט צו טאָן ניט בלויז מיט איבערגעבן אין אַ לײַכטן וואַריאַנט ערנסטע קינסטלערישע דערשײַנונגען, נאָר אויך מיט הויכער אַנטפּלעקונג פונעם גײַסט, שטרעבן לײַדנשאַפטלעך אייניקע טוער פון דער הײַנטיקער ייִדישער קונסט צו פאַרײנפאַכן דעם אינהאַלט פון דער ייִדישער ליד, צוגעבנדיק איר בלויז אַן עסטראַדע־עקזערסיס. פונדאַנען שטאַמט אָפּט דאָס, וואָס עס טאָר ניט דערלאָזט ווערן — טראַגישע, טיף דראַמאַטישע פאָלקסלידער ווערן אויסגעפּילט אין זעלבן נוסעך, ווי, לאָמיר זאָגן, „שלימאַזל, אוי וויי, שלימאַזל". ניט איבערקלײַבעריש זײַנען אין דעם דאָזיקן פּראַט דער אַנסאַמבל „פריילעכס", דער ייִדישער מוזיקאַלער קאַמער־טעאַטער. דער איקער, וואָס איז פאַרבאָרגן אינעם ייִדישן פאָלקלאָר, אין דער ייִדישער ליד, ווערט אויסגעהוילט, אָפּטרעטנדיק דאָס אָרט פאַר פּוסטער פאַרשײַטקייט, לעצאָנעס מיט דער מעלאָדיק און מיטן טעקסט פון דער פאָלקסליד. מע מאַכט זי, אַזוי צו זאָגן, עסטראַדיש לײַכטער.

ס'איז קלאָר, אַז דער נאַציאָנאַלער פאָלקלאָר דאַרף קלינגען פון דער בינע ניט ווי אַן עטנאָגראַפישער עקסקורס און ניט אין אַ פאַרלײַכטערטער פאָרם פאַר יענע, וועלכע זײַנען קלוימערשט ווייניק באַקאַנט מיט דער ייִדישער קולטור, נאָר ווי עכטע פאָלקס־קונסט, ערנסט, טיף, ווי בכלל קונסט. זי האָט עס קאָשער פאַרדינט.

עס וואָלט געווען לעפּיש צו באַשטרײַטן די נויטווענדיקייט פון ריין פאָלקלאָרישע טעאַטערן

און אנסאמבלען אין א באַליביקער קולטור, דערין אין דער ייִדישער — אָן זיי וואָלט די נאַציִאָנאַלע קונסט אויסגעזען אָרעמער. דער נאַציִאָנאַלער קולטור אָבער איז נייטיק אויך א הײַנטצײַטיקער פּראָבלעם־ווּעקטאָר, וואָס אַזאַ איז לויטן באַרוף א דראַמאַטישער טעאַטער. א פּרווו פון אַזאַ טעאַטער ווערט הײַנט געמאַכט אינעם מאָסקווער ייִדישן דראַמאַטישן טעאַטער־סטודיע.

דער דאָזיקער טעאַטער עקזיסטירט פונעם 1962. פריִער האָט ער געהייסן ייִדישער דראַמאַטישער אַנסאַמבל, נאָך פון יול 1986 איז ער געוואָרן א טעאַטער־סטודיע. ער האָט באַקומען א גאַנץ נישקאָשעדיקע געבײַדע אין דער הויפּט־שטאָט, אַף דער גאַס, וועלכע מע רופט וואַרשעווער שאָסיי. זײַנע ספּעקטאַקלען פאַרן מאָסקווער צושויער באַווײַזט ער רעגולער. אין משך פון זײַן 25־יאָריקער געשיכטע האָבן זיך אינעם טעאַטער געביטן עטלעכע רעזשיסערן, און אין די לעצטע זיבן יאָר שטייט בעראָש פון אים יאַקאָוו גובענקאָ.

די פינף ספּעקטאַקלען, וועלכע דער טעאַטער האָט באַוויזן, זײַנען א טעמע פאַר אָן ערנסטן געשפּרעך. אָן ערנסטן, אַף וויפל ער פּרעטענדירט איבערצונעמען די עסטאַפעטע פון ש. מיכאָעלסן, פאָרשטעלן די ייִדישע דראַמאַטישע קונסט בא אונדז אין לאַנד. א נאַציִאָנאַלער דראַמאַטישער טעאַטער איז בכלל א מין קולמינאַציע־פּונקט פון דער נאַציִאָנאַלער קולטור, און דעריבער טאָר מען אים ניט איבערלאָזן אָן אויפמערקזאַמקײַט.

מע קאָן דאָ דערמאָנען דעם גרויסן א. נ. אָסטראָווסקין, וועלכער האָט אָנגעוויזן, אַז „א נאַציאָנאַלער טעאַטער איז א סימן פון רײַפקײַט פון דער נאַציע, פּונקט ווי אַקאַדעמיעס, אוניווערסיטעטן, מוזייען. האָבן זײַן פאָלקס־טעאַטער און שטאָלצירן מיט אים פאַרלאַנגט א באַליביק פאָלק, א באַליביקער שיוועט, א באַליביקע שפּראַך... דראַמאַטישע פּאָעזיע (דה. טעאַטער. — וו. ל.) איז נענטער צום פאָלק, איידער אַלע אַנדערע געביטן פון ליטעראַטור...” אַזוי איז עס בעפּייִרעש, און דעריבער שטעלן מיר פאַר א נאַציִאָנאַלן דראַמאַטישן טעאַטער ערנסטע פאָדערונגען. אָן קיין שום האַנאָכעס און באַוואָרענישן.

אַף וואָס וואַרט דער צושויער, קומענדיק אין א נאַציִאָנאַלן טעאַטער? קוידעמקאָל, ווײַל ער זען טאַקע א נאַציִאָנאַלן טעאַטער. ער ווײַל זען דאָס, וואָס עס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין משך פון יאָרהונדערטער אינעם באַוווּסטזײַן פונעם פאָלק, דאָס, וואָס איז געוואָרן זײַן גענעטישע באַזונדערקײַט, דאָס, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר א טייל פונעם פאָלקס באַוווּסטזײַן — די נאַציִאָנאַלע קולטור. די באַזונדערקײַט פון א פאָלק איז אין דער נאַציִאָנאַלער פּסיכאָלאָגיע, אין דער ספערע פון דער קונסט, וועלכע האָט באַקומען איר אָפּשפּיגלונג אין מוזיק, מאָלערײַ, ליטעראַטור, טעאַטער.

פון אָט דעם שטאַנדפּונקט רופן אַרויס די הײַנטיקע ספּעקטאַקלען פון אונדזער טעאַטער־סטודיע א כידעש. אַלס קולמינאַציע פון אַזאַ מיספּאַרשטייעניש קאָן מען אָננעמען דעם אײַנדרוק פונעם ספּעקטאַקל „מיט די געליבטע צעשיידט זיך ניט”, לויט דער פּיעסע פון א. וואָלאָדין. אומזיסט וועט דער צושויער, קומענדיק אַף דעם דאָזיקן ספּעקטאַקל, זוכן עפּעס, וואָס האָט א שײַכעס צו נאַציִאָנאַלער טעמאַטיק. זי איז פּאָשעט ניטאָ. ניט די שפּראַך, ניט דער אינהאַלט פון דער פּיעסע, ניט די באַזונדערקײַטן פון דער שטעלונג האָבן קיין שום שײַכעס ניט צו דער ספּעציפיק פון דער ייִדישער קולטור. וויאַזוי זשע איז דער גאַנץ שוואַכער און טאָך ספּעקטאַקל אַרײַנגעפאַלן אין רעפּערטואַר פונעם ייִדישן טעאַטער? ניט שוין זשע בלויז דערפאַר, ווײַל וואָלאָדין איז דער פּסעוודאָנים פון ליפשיצן?

אַגעוו, האָט זיך א טערעץ געפונען. אין אָן אינטערוויו פאַר דער צײַטונג „מאָסקאָווסקאַיא

# אָן ענטפער אַף קריטישע באַמערקונגען

אין נאָיאַבער־נומער פון „סאָוועטיש היימלאַנד” פאַר דעם פאָריקן יאָר האָט לייב ווילסקער קריטיקירט א ריי באַהויפּטונגען, וועלכע עס אַנטהאַלט מײַן אַרטיקל „די אויספאָרעמונג פונעם הײַנטצײַטיקן איווריט אַלס שפּראַך־עקספּערימענט” („סאָוועטיש היימלאַנד”, נום. 7, 1986). איך בין דאַנקבאַר ל. ווילסקערן פאַרן אויפמערקזאַמען איבערלייענען דעם אַרטיקל, ווײַל פּרינציפּיִעלע, זאָרגפעליקע קריטיק, און ביפראַט נאָך אַזאַ פּראַטימדיקע, איז א זעלטענע דערשײַנונג, א ווערטפולע אַליין פאַר זיך. עס דוכט זיך אָבער, אַז לייב ווילסקערס טײַנעס זײַנען ניט אַלעמאָל אינגאַנצן באַרעכטיקט און באַגרינדעט. אין אָט דער ענטפער־רעפליק ווילט זיך מיר אַנאַליזירן די געבראַכטע מיצאַד דעם באַוווּסטן פאָרשער אַרגומענטן.

קוידעמקאָל דאַרף מען אונטערשטרײַכן, אַז, פאַרטראַכטנדיק די פּובליקאַציע אַף די שפּאַלטן פונעם זשורנאַל, האָב איך געדאַרפט זיך צופּאַסן צו זײַן פּאָפּולערן כאַראַקטער. דעריבער האָט דער אַרטיקל ניט פּרעטענדירט צו געבן אָן אויספירלעכע און אויסשעפּנדיקע באַשרײַבונג פון דער געשיכטע פון העברעיִש בכלל. די רייד איז געגאַנגען בלויז וועגן איינעם אָן אַספּעקט פון דער דאָזיקער געשיכטע — דער אויספאָרעמונג פונעם מאָדערנעם איווריט.

אַדרעבע, לאָמיר זיך ווענדן צום איניִען גופע. ס׳איז ניט קיין צופאַל, וואָס דער אָנהייב פונעם מאָדערנעם איווריט אַלס לעבעדיקע און טאָגטעגלעכע שפּראַך, ווּעמענס געברויך־ספערע איז ניט באַגרענעצט מיטן געביט פון עמונע, וויסנשאַפט און ליטעראַטור, איז פאָרגעקומען דאַפקע אין דער טקו־

פראוודא" און פאַר דער מאָסקווער פּראָגראַם פון דער צענטראַלער טעלעוויזיע האָט דער רעזשיסער דעקלאַרירט דעם „אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער" פונעם טעאַטער, מיט וועלכן ער פירט אָן. גופא דער טעזיס וועגן דעם, אַז אַ באַליביקע נאַציאָנאַלע קונסט דאַרף זיך ניט פאַרשליסן אין זיך, נאָר, פאַרקערט, זי דאַרף זײַן אַן אינטערנאַציאָנאַלער גליד אין דער פילנאַציאָנאַלער, סאָוועטישער קולטור, — איז אומבאַשטרײַטבאַר. אָבער אַ נאַציאָנאַלער טעאַטער איז בלויז דאַן בעקויעך „אַרויסגיין אויף דער אַרביטע" פון אינטערנאַציאָנאַלער קונסט, ווען ער שפּיגלט אָפּ מיט דער גאַנצער קינסטלערישער קראַפט די פּראָבלעמען און קולטור־ווערטן פונעם פאָלק, וואָס איז אַן אָביעקט פון זײַן שאַפונג. גאָר אַנדערש איז, ווען דער טעזיס „אינטערנאַציאָנאַלער" ווערט אַרויסגערוקט אַלס אַ קאָמופליאַזש, אַ שירמע פאַר דער אומפעיִקייט אָפּצושפּיגלען מיט מיטלען פון טעאַטער דאָס, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר דעם טאָך פונעם נאַציאָנאַלן אין דער קונסט.

פון דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט ווערט אַנדערש אויפגענומען אויך די פּראָבלעם פון שפּראַך אינעם טעאַטער. „מיט די געליבטע צעשיידט זיך ניט" איז אין דעם פּראַט ניט דער איינציקער עפּיזאָד אינעם רעפּערטואַר פונעם טעאַטער. די אַנדערע ספּעקטאַקלען ווערן פאַקטיש געשפּילט אין אַ געמיש פון צוויי שפּראַכן — ייִדיש און רוסיש, אַפילו אויך אוקראַיִניש. די מאָטיווירונג איז אַזאַ: די מערהייט צושויער ווייסט קלוימערשט ניט ייִדיש, וועלן זיי כאָטש אַ האַלב פאַרשטיין (דאָס הייסט, דער רוסישער טייל, געוויינלעך). און יענע, וועלכע ווייסן — זאָלן זיי באַקומען פאַרגעניגן אויפן כּעזשבן פון דער אַנדערער העלפט. האַגאַם די שפּראַך־פּראָבלעם קאָן פרײַ געלייזט ווערן מיט דער הילף פון טעכנישע מיטלען — אַ סינכראָנישע איבערזעצונג אין די קאָפּ־הערערס אָדער פון ייִדיש אויף רוסיש, אָדער פון רוסיש אויף ייִדיש (ווי עס טוט, לעמאָשל, דער וואַרשעווער ייִדישער מעלוכע־טעאַטער).

דער רעזשיסערישער געדאַנק פונקציאָנירט לאַכלוטן ניט אויף ייִדיש. דער קעסיידערדיקער אַריבערגאַנג פון איין שפּראַך אויף דער אַנדערער ברענגט צו דער פאַרלעגנהייט: אויף וועלכער שפּראַך דענקט דער פּערסאָנאַזש? פאַרשטייט זיך, די ייִדן, וועלכע האָבן געוווינט אין טכום־האַמוישעוו (די האַנדלונג אין דער מערהייט ספּעקטאַקלען קומט פאָר גראָד אין יענע ערטער), האָבן גערעדט סײַ אויף ייִדיש, סײַ אויף רוסיש און אוקראַיִניש. נאָר ווי אַזוי־אַרים האָט זיך זיי — לויט דער קאָנצעפּציע פונעם רעזשיסער — אײַנגעגעבן צו דענקען גלײַך אויף עטלעכע לעשוינעס? טעוויע דער מילכיקער, רייזל, לייבל — די העלדן פון שאָלעם־אַלייכעמען, וועלכער האָט, ווי באַוווּסט, גלײַך אויף דרײַ שפּראַכן ניט געשריבן, זײַנען געצווּנגען אין מעשעך פון די ספּעקטאַקלען, וואָס זײַנען געשטעלט געוואָרן לויט די מאָטיוון פונעם גרויסן קלאַסיקער פון דער ייִדישער ליטעראַטור, אויסצוהאַלטן זייער אַ שווערן שפּראַכלעכן סלאַלאָם אין מעשעך פונעם גאַנצן ספּעקטאַקל. ס'איז ניט שווער זיך פאָרצושטעלן, וויאַזוי עס פּלאָנטערן זיך דערבײַ זייערע געדאַנקען.

ווילנדיק—ניט־ווילנדיק, טראַכט זיך: די קלאַסישע ייִדישע ליטעראַטור, וועלכע איז געוואָרן אַ קוואַל פאַר די אינסצענירונגען פונעם רעזשיסער פון דעם מאָסקווער ייִדישן דראַמאַטישן טעאַטער, די גאַנצע הײַנטצײַטיקע ייִדישע דראַמאַטורגיע זײַנען דאָך געשאַפן געוואָרן אויף ייִדיש. וויאַזוי זשע קאָן מען שטעלן אין אַ נאַציאָנאַלן טעאַטער אַ נאַציאָנאַלע פּיעסע, ניט האַלטנדיק אין דער האַנט דעם אָריגינאַל?

אין אַלגעמיין גענומען, נאָכן דורכקוקן די ספּעקטאַקלען פונעם טעאַטער שאַפט זיך אַ געפיל,

---

פע פונעם סאַמע ברעג פון קאָלערליי שפּראַך־עקספּערימענטן. ס'איז, ווײַזט אויס, אויך ניט צופעליק, וואָס דער באַרימטער אַרטיקל פון ע. בען־יעהודע „השעלה הנכבדה", וועלכן די היסטאָריקער פון דער מאָדערנער העברעיִשער שפּראַך באַטראַכטן אַלס קערפּונקט אין איר געשיכטע (זע וועגן דעם, לעמאָשל, H. Rabin. Hebrew. Current Trends in Linguistics, 6, 1970, Paris, Mouton; נ. ציומסקי, הלשון העברית בדרכי התפתחותה, ירושלים, 1967 און אַנד.), איז אָנגעשריבן געוואָרן אינעם וועלטצענטער פון שפּראַך־עקספּערימענטן פּאַריזש און איז פאַרעפנטלעכט אין נאָך איינעם אַזאַ צענטער — ווין.

איצט וועל איך דערווידערן מײַן געערטן אָפּאָנענט אין שײַכעס מיט זײַנע טײַנעס פּונקט נאָך פּונקט:

ערשטנס: די פראַגע וועגן דעם, אין וועלכער מאָס מע מעג דעם איוריט אין יענער פאָרם, אין וועלכער ער עקזיסטירט הײַנט־צו־טאָג אין די ווערק פון דער מאָדערנער ליטעראַטור (א. אָז, ש.־י. אַגנאָן און אַנד.) און אין מינדלעכן געברויך באַטראַכטן ווי דאָס זעלבע לאָשן, וואָס עס האָט געשאַפן ע. בען־יעהודע. מײַן מיינונג איז דאָ זייער אַ פּראָסטע: אָן ספק, האָט ע. בען־יעהודע דעם פונדאַמענט פון איוריט, אויף וועלכן מע רעדט און מע שרײַבט איצט, פאַרלייגט אויפן סמאך פון דער ליטעראַטור־טראַדיציע, האַגאַם דאָס לאָשן האָט שפּעטער דורכגעמאַכט היפּשע ענדערונגען. דאָ דאַרף מען אָפּמערקן די ראָליע פון מענדעלע מוכער־ספאָרימען אין דער שאַפונג פון דער הײַנטצײַטיקער שריפטלעכער פאָרם פון דער העברעיִשער שפּראַך. מע קאָן אויך ברענגען אַן אַנאַלאָגיע: ס'וואָלט געווען ניט פּינקטלעך צו זאָגן, אַז די הײַנטצײַטיקע עסטאָנער רעדן אויף דער זעלבער שפּראַך, אויף וועלכער עס האָט געשריבן דער גרונטלייגער פון דער ליטעראַרישער עסטאָנישער שפּראַך קרוצוואַלד, אָבער נעמלעך מיט זײַן נאָמען איז מיט

אַז ייִדיש איז ניט קיין אָרגאַנישער יעסאָד פון
יא. גובענקאָס ספּעקטאַקלען — די שפּראַך איז דאָ
בלויז ווי אַ נייטיקער רעוועראַנס, דערבײַ אַפילע
ניט לעגאַבע דעם צושויער, וועלכער קען ייִדיש
(דעם דאָזיקן צושויער איז שווער אָפּצונאַרן), נאָר
לעגאַבע דעם נאָמען פונעם טעאַטער — דער טע־
אַטער איז דאָך, אַזוי צו זאָגן, אַ ייִדישער. גראָד
פון דעם, און ניט פון דער שטרעבונג צו אינטער־
נאַציאָנאַליזם, אַנטשטייט די צוויי־דרײַשפּראַכיקײַט
פון די ספּעקטאַקלען, וועלכע ברענגען צו שפּראַכ־
לעכער און קולטור־עקלעקטיק.

איך האָב ניט צופעליק אָנגעהויבן דעם גע־
שפּרעך וועגן דעם טעאַטער ניט פון דער קוואַלי־
טעט פון די ספּעקטאַקלען, ניט פון אָפּשאַצן זייער
אידייִש־קינסטלערישן טאָך, נאָר גראָד פון דער
שפּראַך, וועלכע איז דערפירט געוואָרן צו זײַן,
אַזוי צו זאָגן, אַ „דערבײַיִקער" עלעמענט. ניין, ניט
קיין צווייטראַנגיקער בוי־מאַטעריאַל איז שפּראַך
אין אַ ספּעקטאַקל, נאָר עפּשער גראָד דער וויכ־
טיקסטער, ווײַל אין דער באַציִונג צו דער שפּראַך
אַנטפּלעקט זיך די באַציִונג צו דער קולטור אין
אַלגעמיין גענומען. עס איז שווער זיך פאָרצושטעלן
גאַסטראָלן, לעמאָשל, פון דעם מאָסקווער ציגײַ־
נערישן טעאַטער אין יאַפּאַן, אויף וועלכע די ציגײַ־
נער וואָלטן גערעדט אויף רוסיש. פאַרוואָס זשע
באַציט זיך דער ייִדישער טעאַטער בײַ זיך אין־
דערהיים אַזוי נאַכלעסיק צו דער נאַציאָנאַלער
שפּראַך?

פון וואָס באַשטייט אַ נאַציאָנאַלע קולטור?
איך מיין, אַז ס'איז שווער צו געבן אויף אָט דער
פראַגע אַן אויסשעפּלעכן ענטפער. אָבער עס זײַ־
נען פאַראַן הויפּט־אַריִענטירן, וועלכע דערלויבן
מער־ווייניקער קאָנקרעט באַשטימען, אין וואָס עס
איז דער איקער פון אַ נאַציאָנאַלער קולטור. אַכוץ
דער שפּראַך, זײַנען דאָס די באַזונדערקײַטן פונעם
אויפן פון דענקען, פילצאָליקע היסטאָרישע טראַ־
דיציעס, דערונטער אין דער שטייגער־ספערע, נאַ־
ציאָנאַלער פאָלקלאָר, ענדלעך — דער נאַציאָנאַ־
לער כאַראַקטער אין דער גאַנצער פאַרשיידנאַרטי־
קײַט פון זײַנע ספּעציפישע באַזונדערקײַטן. די
אָפּוועזנהײַט אַפילע פון די דאָזיקע פאַקטאָרן אין
דער אָפּשפּיגלונג אויף דער בינע פון אַ נאַציאָנאַלן
דראַמאַטישן טעאַטער מוז אומבאַדינגט פאַרמינערן
די וואָרהאַפטיקײַט פונעם ספּעקטאַקל.

אין דער סאָוועטישער טעאַטראַלער קולטור
איז הײַנט מערקבאַר די טענדענץ פון פאַרהיטן
און, אויב ס'איז נייטיק, אויך אויפשטעלן דאָס, וואָס
האָט אַ שײַכעס צו דער נאַציאָנאַלער קולטור.
ס'איז ניטאָ וואָס צו לייקענען, אַז דאָ איז איבער
דער אָפּוועזנהײַט פון אַ געהעריקער אויפמערקזאַמ־
קײַט אין די לעצטע יאָרצענדליקער פיל פאַרלוירן
געגאַנגען. הײַנט איז נייטיק קערנדל צו קערנדל,
פראַגמענט צו פראַגמענט, ווי מע פורעמט אויס אַ
מאָזאַיִק, צונויפנעמען די אייגנאַרטיקע קולטורן פון
קליינע פעלקער אין אונדזער לאַנד. דאָס איז
איינע פון די וויכטיקע אויפגאַבן פונעם נאַציאָנאַלן
טעאַטער הײַנט.

אָפּט קאָן (מען הערן) דערונטער פון אָנגע־
זעענע טעאַטראַלע טוער, אַ פראַגע: מיט וואָס פאַר
אַ וועג דאַרף איצט גיין דער ייִדישער טעאַטער —
מיטן וועג פון מוזיקאַלישער צי מיטן וועג פון
דראַמאַטישער קונסט? אין דער עצם פראַגע
שטעקט אַן אַלאָגיזם. דער ייִדישער טעאַטער, דע־
רונטער דער דראַמאַטישער, איז שטענדיק געווען
אַ מוזיקאַלער טעאַטער. פאַר דער ייִדישער קולטור
איז ניט בענימצע קיין טעאַטער אָן מוזיק. די מו־
זיק איז דאָ אַ באַזונדערער, אומאָפּנעמבאַרער טייל
פונעם דראַמאַטישן געדאַנק, יענער עמאָציאָנעלער
און באַזיניקטער יעסאָד, אַרום וועלכן עס ווערט
פאַנאַנדערגעוויקלט דער סיוזשעט. ניטאָ קיין מו־
זיק — איז דער טעאַטער ווי אַ יאַם אָן אַ זון, ער
פאַרלירט זײַנע פאַרבן.

---

רעכט פאַרבונדן די אַנטשטייִונג פון איר ליטעראַ־
רישער נאָרמע.

צווייטנס: וואָס איז שײַך דער פראַזע: „דער
הײַנטצײַטיקער איוורית... איז קינסטלעך ווידערופ־
געשטעלט געוואָרן אויפן סמך פון אוראַלטע און
מיטלאַלטערלעכע שריפטלעכע דענקמעלער", איז
אַבסאָליוט נאַטירלעך, וואָס די מענטשן, וועלכע
האָבן אָנטיילגענומען אין דער אויספורעמונג פונעם
הײַנטצײַטיקן איוורית (נעמלעך — ע. בען־יעהודע
מיט זײַנע מיטדענקער), האָבן אויסגענוצט די ליטע־
ראַרישע העברעיִשע שפּראַך פונעם 19־טן יה., וואָר־
שײַנלעך אַליין ניט באַזיניקנדיק דאָס. און פונדעסט־
וועגן האָבן זיי גופע באַהויפּטעט אין זייערע מאַני־
פעסטן, אַז זיי האָבן געאַרבעט אויפן סמך פון מער
אוראַלטע מעקוירים. דעריבער האָב איך זיך דער־
לויבט ניט אונטערצושטרײַכן ספּעציִעל, אַז אויך
דאָס לאָשן פונעם 19־טן יה. איז טיילווײַז אויסגע־
נוצט געוואָרן (פאַרגלײַכט, לעמאָשל, ר. סיוון.
העברית לרובדה. לשוננו לעם 26, 5, 1975 און
אַנד.).

דריטנס: די דאַטירונג פונעם פּרי־ביבלישן לאָשן
(לערעך 14־ער יה. פאַר דער נײַער ערע) איז גע־
בראַכט, ניט געקוקט אויף דער אָפּוועזנהײַט פון
שפּראַך־דענקמעלער פריִער פונעם 12־טן יה. פאַר
דער נײַער ערע, אויף דעם סמך, וואָס עס איז בײַ־
כלאַל פאַרפירט צו פאַרייניקן דאָס טאַנאַך־לאָשן
מיט דער שפּראַך פון אוראַלטע העברעיִשע אויפ־
שריפטן פון דער זעלבער טקופע. אין געגעבענעם
פאַל איז די באַצייכענונג „טאַנאַך־לאָשן" אַ גאַנץ
באַדינגלעכע, און מע דאַרף זי שטעלן אין גענדזנ־
פיסלעך (פאַרגלײַכט מיט די דאַטירונגען אין די
ווערק פון כ. ראַבין, אי. דיאַקאָנאָוו, ב. גראַנדע
אאַוו.). איך וויל אויך דערמאָנען, אַז אין מײַן אַר־
טיקל איז די דאַטירונג פון פאַרשיידענע עטאַפּן אין
דער אַנטוויקלונג פון העברעיִש ניט געווען קיין
ציל אַליין פאַר זיך. דאָך מוז מען אָנערקענען, אַז
פאַרן סאָף פון דער טאַנאַך־טקופע אין העברעיִש

די באַזונדערע ראָליע פון דער מוזיק אינעם ייִדישן טעאַטער איז דערגאַנגען צו אונדז פון קאַדמוינים, פון די ערשטע קוואַלן. זי פּילט זיך אויך אין די ערשטע פּראָפעסיאָנעלע שטעלונגען אין אייראָפּע — אין לאַטײַנערס און גאָלדפאַדענס ספּעקטאַקלען. ס׳איז גוט באַוווסט, וואָס פאַר אַ ראָליע עס האָט געשפּילט מוזיק אין מאָסקווער גאָסעט, אין די ספּעקטאַקלען, וועלכע ס׳האָבן געשטעלט אַ. גראַנאָווסקי און ש. מיכאָעלס.

מוזיק אינעם ייִדישן טעאַטער — דאָס איז יענער נאַציאָנאַלער מוזיקאַלער פאָלקלאָר, וואָס זײַן קוואַל איז ווירקלעך אומויסשעפּלעך, ווי אויך די אווטאָרישע מוזיק, וואָס איז געבויט אויף דעם דאָזיקן פאָלקלאָר. אין אונדזער דראַמאַטישן טעאַטער־סטודיע זײַנען אָן צווייפל פאַראַן אַ ריי אינטערעסאַנטע געפינסן אין וולאַדימיר טערלעצקיס מוזיק צו די ספּעקטאַקלען „דער דאַמען־שנײַדער“ און „דער ייִדישער אַנעקדאָט“. זיי ווערן אָבער פאַרשלאָגן פון עפּעס אַ „פאָלקלאָר“ פונעם מאַרק־טיפּ, אַזאַ, ווי אין דער „ליד“ „זשיל נאַ סוועטיע כאַיִם, ניקעם ניע פּרימעטשײַעם“ (פּריִער איז אָנשטאָט איר געווען אַן אַנאַלאָגישע לויטן אינערלעכן „גײַסטיקן“ ניוואָ — „יעווריִ, יעווריִ, קרוגאָם אַדני יעווריִ“)...

דאָס זעלבע — אין דער ספערע פון כאָרעאָגראַפיע, פּינקטלעכער געזאָגט, פון די אָנדײַטן אויף איר, וועלכע טוען אַמאָל זיך אַ כאַפּ אַרײַן אין די ספּעקטאַקלען. קיין איינע פון די באַוועגונגען דײַטן ניט אָן אַפילו באַדינגלעך אויף נאַציאָנאַלער כאָרעאָגראַפיע, וואָס איר וואַריאַציעס זײַנען אויך זייער רײַך און האָבן נאָך אַ מער אוראַלטע געשיכטע.

מיר האָבן ניט מוירע צו זאָגן: די שטופע פון באַהערשן דעם נאַציאָנאַלן פאָלקלאָר באַווײַזט דעם ניוואָ פון דער קולטור פונעם ייִדישן נאַציאָנאַלן טעאַטער.

וולאַדימיר נעמיראָוויטש־דאַנטשענקאָ האָט אַמאָל באַמערקט: „איך קאָן זיך ניט פאָרשטעלן אַ נאַציאָנאַלן טעאַטער אָן עלעמענטן פון שטייגער“.

און דאָס איז גאַנץ ריכטיק, ווײַל נאַציאָנאַלער שטייגער — דאָס איז יענע לעבנס־סוויווע, אָן וועלכער אַ נאַציאָנאַלע קולטור עקזיסטירט ניט.

הײַנט אָבער באַווײַזט דער דראַמאַטישער טעאַטער אַ קונץ צו עקזיסטירן אויסער די עלעמענטן פון שטייגער, ווי זיי וואָלטן ניט זײַן און ניט געווען בִּיכלל. אין דרײַ ספּעקטאַקלען פון פיר (וועגן דעם ספּעקטאַקל „מיט די געליבטע צעשיידט זיך ניט“ רעדן מיר ניט, אויף וויפל ער האָט בִּיכלל ניט קיין שום שײַכעס צום נאַציאָנאַלן טעאַטער) זײַנען קיין עלעמענטן פון שטייגער ניטאָ. אין „טעוויע דער מילכיקער“ זײַנען זיי מינימאַל פאַרגעשטעלט, נאָר זייערע פונקציעס פילן זיי ניט אויס, ווײַל זיי אַנטשפּרעכן ניט די היסטאָרישע אָריגינאַלן און פּראָטאָטיפּן. די קאָסטיומען, די היטלען, עפּעס אָן אָנדײַט אויף „ייִדישער" וווינונג — זײַנען אַזוי אויספאָרמירט, אַז בעסער וואָלטן זיי בִּיכלל ניט געווען.

ניט בעסער איז, צום באַדויערן, מיטן וויסן די עטיק פונעם פאָלק, באַזונדערס אין די פאָרשטעלונגען, וועלכע שפּיגלען אָפּ אַ קאָנקרעטע היסטאָרישע עפּאָכע, אַ קאָנקרעט אָרט פון דער האַנדלונג. אַ גאַנצע ריי דויערנדיקע עפּיזאָדן אינעם ספּעקטאַקל „טעוויע דער מילכיקער“ זײַנען געבויט אויף סיטואַציעס, וועלכע האָבן ניט געקאָנט זײַן אין אַן אוקראַיִניש שטעטל אויפן שיידוועג פונעם 19־טן און 20־טן יאָרהונדערט. אַלס קולמינאַציע פונעם אָנהייב־טייל פון דעם ספּעקטאַקל באַווײַזט זיך, לעמאָשל, אַ „קאָרידע“ — אַ צענדליק יונגען, באַוואָפנטע מיט העק, פילן אויס אַ מעשוגענעם טאַנץ, בייס וועלכן זיי קוילען אַן אָקס. בײַ די ייִדן אין טכום־האַמוישעוו קוילעט אַן אָקס ניט קיין שויכעט, נאָר אַ צעווילדעוועטע כאָפּטע יונגאַטשעס? צום באַדויערן, איז דער ספּעקטאַקל אָנגעשפּיגעוועט מיט אַזעלכע אומגעלומפּערטע סצענעס.

אַ נאַציאָנאַלער טעאַטער איז באַרופן צו ווײַזן אויף דער בינע דעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. דער ענדציל פון דער דאָזיקער קונסט באַשטייט אין

---

האַלט איך דעם 2־טן יה. פאַר דער נײַער ערע, און אינעם אָפּגעדרוקטן טעקסט פון מײַן אַרטיקל האָט געטראָפן אַ דרוקפעלער („2־טער יה. פון דער נײַער ערע“).

פּערטנס: איך האָב ספּעציִעל ניט דערמאָנט וועגן די קומראַנער שריפטן, ווײַל זייער טראַקטירונג און ריישיס־קאָל דער אַנאַליז פון פאַרשיידענע עלעמענטן זייערע פאָדערן אַ פּראָטימדיקן צוגאַנג, און דאָס איז ניט געווען דער ציל פון מײַן פאָרשונג.

פינפטנס: בעשאַסן אַנאַליזירן די העברעיִשע שפּראַך פונעם מיטלאַלטער האָב איך זי באַטראַכט פונעם שטאַנדפּונקט פון דער אַנטוויקלונג פון דער הײַנטצײַטיקער העברעיִשער שפּראַך. ס׳איז פאַר מיר וויכטיק, וואָס דאָס מיטלאַלטערלעכע לאָשנקוידעש האָט ניט אַרומגעכאַפּט אַלע ספערן פונעם לעבן. אין אַ געוויסער מאָס איז עס לויט די פונקציעס געווען ענלעך אויפן מיטלאַלטערלעכן לאַטײַן, וואָס איז אויך געווען די שפּראַך פון עמונע, וויסנשאַפט און טיילוויַיז — פון דער וועלטלעכער ליטעראַטור. דער אַנדערער וויכטיקער אַספּעקט פון דער אַנטוויקלונג פונעם מיטלאַלטערלעכן העברעיִשן לאָשן באַשטייט אין דעם, וואָס שוין דעמלט האָט זיך באַוויזן די טראַדיציע פונעם „קינסטלעכן שאַפן“ ווערטער. לעמאָשל, אין דער דאָזיקער טקופע זײַנען געשאַפן געוואָרן פאָלגנדע ווערטער (און עטלעכע פון זיי זײַנען אָנגענומען אין הײַנטצײַטיקן איווריט): מרכז, אפס, הצלחה, צמצום, יחס און אַזוי ווײַטער (זע וועגן דעם: ר. סיוון. עברית לרובדה און אַנד., D. Cohen, H. Zafrani. Grammaire de l'hébreu vivant. Paris, 1968). די טראַדיציע פון אויסבילדן

דעם, וואָס דער צושויער „דערקענט זיך“ אינעם פּערסאָנאַזש, וועלכער רעדט צו אים פון דער בינע. גראָד אין דעם איז דער קריטעריי פונעם עמעס אין אַ באַליביקן נאַציאָנאַלן ספּעקטאַקל. און כאַראַקטער באַשטייט פון דער מאַניר צו דענקען און ריידן, פון די געוווינשאַפטן, פון דער מימיק און זשעסטיקוליאַציע און פון אַ סאַך אַנדערע, אָפט אומבאַמערקבאַרע מאָמענטן פון דער פּסיכאָפיזישער סטרוקטור פונעם מענטשן. ווײַזט אויס, אַז דאָס, וואָס מאָסקווער ייִדישער דראַמאַטישער טעאַטער־סטודיע שפּילט בכלל ניט פולע זאַלן, באַווײַזט, אַז קיין נאַציאָנאַלן כאַראַקטער האָט ער ניט געשאַפן.

איצט קומען מיר צו דער פראַגע, וואָס פון דעם, וועלכן ענטפער דאָס לעבן וועט אויף איר געבן, איז אָפּהענגיק די קינפטיקע אַנטוויקלונג פונעם ייִדישן דראַמאַטישן טעאַטער. וואָס זשע, פונדעסטוועגן, ווילן מיר פון אים — ער זאָל זײַן אַ ייִדישער טעאַטער אָדער אַ טעאַטער וועגן ייִדן? אין די לעצטע יאָרן האָט, זעט אויס, גענומען דעם איבערהאַנט דאָס צווייטע, און געשען איז עס דערפאַר, וואָס ניט דער רעזשיסער, ניט די מערהייט אַרטיסטן האָבן נישט די נייטיקע קענטענישן אין דער ייִדישער קולטור. מיר אָבער מיינען, אַז „טעאַטער וועגן ייִדן“ איז אַזאַ באַגריף, וואָס קאָן זײַן צוגעפּאַסט צו דער בינע פון אַ באַליביקן אַנדערן, ניט פון אַ ייִדישן נאַציאָנאַלן טעאַטער.

די זשאַנרען, איז דער טעאַטער ענג פאַרבונדן מיט אַזעלכע קונסט־פאָרמען, ווי קאַמער־אויפשפּילונג פון פאָלקסלידער, פאָלקלאָרישע וואָקאַל־אינסטרומענטאַלע אַנסאַמבלען, אַנסאַמבלען פון פאָלקס־טענץ. זיי דאַרפן, פאַרשטייט זיך, ניט זײַן קיין ריין עטנאָגראַפישע. נאָר די אַנטשטייונג פונעם נײַעם, אינדיווידועלן דאַרף זיך באַזירן אויפן דערלערנען די טיפע פּלאַסטן פון דער קולטור. קיין אַנדערער וועג איז ניטאָ.

וויאַזוי קאָן מען בײַקומען די נעגאַטיווע טענדענצן? ניט געקוקט אויף דער ספּעציפישקייט פון

איך מיין, אַז גרויסע נוץ וואָלטן געקאָנט ברענגען די מענטשן, וועלכע זײַנען אין דער פאַרגאַנגענהייט געווען פאַרבונדן מיטן ייִדישן טעאַטער. עס לעבן היינט־צו־טאָג מער פון צוויי צענדליק געוועזענע אַרטיסטן פונעם מאָסקווער גאָסעט. אַ טייל פון זיי אַרבעט נאָך איצט אין פאַרשיידענע טעאַטערן. און ס'איז ניט פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס די אָנפירונג פונעם הײַנטיקן מאָסקווער ייִדישן דראַמאַטישן טעאַטער לאַדט זיי ניט אײַן, אויב ניט אויף אַרבעט, איז כאָטש קעדיי זיך אײַצענען מיט זיי באַם שטעלן די אָדער יענע פּיעסע. עטלעכע אַרטיסטן, וועלכע האָבן פריִער געאַרבעט אינעם טעאַטער, זײַנען פון אים אוועקגעגאַנגען.

קיין שום רעזשיסער, ווי קיין שום קינסטלער, קאָמפּאָזיטאָר, קאָן ניט אָנהייבן קונסט פון זיך זעלבסט. אין אַ באַליביקער קונסט קומט פאָר אין משך פון יאָרן, יאָרצענדליקער, יאָרהונדערטער אַ פּראָצעס פון אָנזאַמלונג. אָן דעם באַהערשן די רײַכטימער פון טראַדיציעס קאָן ניט זײַן קיין נאָוואַטאָרישקייט.

---

די ווערטער האָט, נאַטירלעך, געקאָנט ווירקן אין אַ געוויסער מאָס אויף דער ווערטער־אויסבילדונג אינעם הײַנטצײַטיקן איוורית.

זעקסטנס: איינער פון די גרונט־וועגן פונעם באַרײַכערן דעם לעקסישן באַשטאַנד פון דעם הײַנטצײַטיקן איוורית איז געווען די קאַלקירונג פון מײַרעוו־אייראָפּעיִשע לעשוינעס — פראַנצויזיש, דײַטש, ענגליש, ווי אויך פון אַראַביש און ייִדיש. זע וועגן דעם:
H. Rosen. Contemporary Hebrew. Paris, 1977; J. Blau. The Resnaissance of Modern Hebrew and Modern Standard Arabic. California, 1983 etc.

וואָס איז שײַעך דעם וואָרט „עתון“, ווערט דאָס דאָזיקע וואָרט זיכער באַנוצט אין הײַנטצײַטיקן איוורית אין דער באַדײַטונג „צײַטונג“, „פּעריאָדי־שע אויסגאַבע“ (זע ווערטערביכער פון אַלקאַלאַי, בען־יעהודע און אַנד.), כאָטש עס איז פאָרגעלייגט געוואָרן ניט מיצאַד ע. בען־יעהודע, אָבער ס'איז אָנגענומען דורך אים און דורך זײַנע קאָלעגן. דעריבער האָט דאָס וואָרט, בעליסאָפעק, אַ שײַכעס צו דער זעלבער טקופע פון דער אַנטוויקלונג פונעם מאָדערנעם איוורית, וועגן וועלכער עס גייט אַ רייד. דאָס זעלבע דאַרף מען זאָגן אויך וועגן אַ ריי אַנדערע דערמאָנטע אַלס בײַשפּילן ווערטער.

צום סאָף וויל איך נאָכאַמאָל באַדאַנקען ל. ווילסקערן פאַר זײַן אויפמערקזאַמקײַט צו מײַן אַרבעט, פאַר דער קריטיק, אָן וועלכער די וויסנשאַפט קאָן זיך ניט אַנטוויקלען.

א ל ע ק ס א נ ד ר ע   א ײַ כ ע נ ו ו א ל ד

# סטענאָגראַמע פון א שמועס, אין וועלכן ס'האָבן אָנטיילגענומען פיר יונגע ייִדישע שרײַבער

לעוו בערינסקי: קיין שום געזעצמעסיקײַט איז ניט פאַראַן אין דעם, וואָס הײַנט האָבן זיך דאָ צונויפגעקליבן גראָד מיר. מיט די זעלבע רעכט און מיט דער זעלבער קאָמפּעטענטקײַט אין די פּראָבלעמען פון דער יונגער ייִדישער ליטעראַטור וואָלטן זיך געקאָנט דורכשמועסן אַנדערע אָנפאַנגער, אשטייגער, מ. זינגעריס, מ. פעלזענבאום, וו. טשערנין, א. בעלאָוסאָוו, אָדער וו. ביטקין, ד. יושקאָווסקי, מ. לעמסטער, פ. גרימבערג... דער קרײַז פון פּראָבלעמען, מיין איך, וואָלט געבליבן דער זעלבער, ווײַל אַלע מיר געפינען זיך פאָרמאַנענט אין אַט דעם „קרײַז", אַלע, ניט צונויפרעדנדיק זיך, טראַכטן בעפיירעש וועגן דעם העמשעך פון אונדזער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור. די טרוימען און האָפענונגען זײַנען בא אונדז אַלגעמיינע, מיר פײַניקן זיך מאַכמעס איינע און די זעלבע ספּייקעס. איך וויל בלויז ארויסזאָגן א מיינונג, אז עס איז לאַכלוטן ניט אומבאַדינגט ארומצוכאַפּן אין אונדזער שמועס אַלץ מיטאַנאַנדער, זיך פאַרמעסטן אַף ארויסצוגעבן אָפּשאַצונגען דעם הײַנטיקן מאַצעוו פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור, פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין אַנדערע לענדער און דאָסגלײַכן. בא אונדז זײַנען פאַראַן אייגענע דרינגענדיקע פּראָבלעמען, טאַקע זיי דאַרפן, לויט מײַן מיינונג, אונדז הײַנט אינטערעסירן. אַדעראַבע, ס'איז קיינעם ניט פאַרווערט צו באַרירן א באַליביקן פאַקט, די אָדער יענע קולטור־סיטואַציע, נאָר מיר דאַרפן זיך אָנצילן אַף אַן ענגן קרײַז פראַגן. איך ווייס ניט קיין פּראָבלעמען פון א טעמפּ ווינקל, ס'זײַנען ניטאָ קיין פראַגעס, אַף וועלכע מע קאָן געבן בלויז נעגאַטיווע ענטפערס. פאַראַן קאָמפּליצירטקײַטן פונעם לעבעדיקן, נאַטירלעכן און זיכערן פּראָצעס. אַף א פאַרשיידענעם אויפן איז מעגלעך דערקלערן די סיבעס פונעם פענאָמען פון א יונגער קאָהאָרטע ייִדישע פּעןמענטשן אין סאָוועטנפאַרבאַנד, אָבער פאַר אונדז איז איצט וויכטיק דער פאַקט, און דער פאַקט איז אַזאַ, אז קימאַט יעדן כוידעש באַקומט די רעדאַקציע פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" מאַנוסקריפּטן פון אַלץ נײַע און נײַע יונגע, אַפילע פון ביז גאָר יונגיטשקע מעכאַברים, קסאַוויאַדן פון דערציילונגען, לידער, עסייען, פאַרצייכענונגען, אָנגעשריבענע אַף א לעבעדיקער ייִדישער שפּראַך, וועלכע איז אימשטאַנד אויסצודריקן דעם געדאַנק פונעם שרײַבנדיקן. וואָס עס באַטײַט, פאַרשטייט איר...

גענאַדי עסטרײַך: פאַרשטייט זיך, אז דאָס איז טאַקע אינדערעמעסן א פענאָמען — קאָן זײַן, דער איין־און־איינציקער אין אונדזערע טעג אין אַלע לענדער, ווו עס וווינען ייִדן. דאָ קאָנען מיר ניט, כאָטשבי פאַרבײַלויפיק, ניט באַרירן דעם איניען וועגן דער ייִדישער שפּראַך. ס'איז קלאָר, אז די שפּראַך־פּראָבלעם איז די וויכטיקסטע, די בערייִשיסדיקע אין א באַליביקער ליטעראַטור. נאָר אויב אין אַן אַנדער ליטעראַטור, זאָל זײַן אין דער אוקראַיִנישער אָדער אונגאַרישער, איז אין דער שפּראַך געווענדט, אַוועלכע די ליטעראַטור וועט זײַן, באַשטימט אין אונדזער פאַל דאָס לאָשן, צי ס'וועט ביכלאַל זײַן א ליטעראַטור אַף ייִדיש. איך וועל ברענגען עטלעכע באַוווּסטע ייִדיעס. אין די דרײַסיקער יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט האָבן פון 16 מיליאָן ייִדן אין דער וועלט גערעדט אַף ייִדיש 12 מיליאָן. פון די 6 מיליאָן אומגעבראַכטע מיצאַד די פאַשיסטן האָבן 5 מיליאָן, ווי ס'איז אָנגענומען, געהאַלטן ייִדיש פאַר זייער מוטערשפּראַך. אין מעשעך פון די מער ווי 40 נאָכמילכאָמע־יאָרן איז די מערהײַט פאַרבליבענע ייִדישקענער אַוועק פון דער וועלט, אָדער, מאַכמעס נאַטירלעכע סיבעס, אויסגעשלאָסן געוואָרן פונעם אַקטיוון שפּראַך־פּראָצעס אַף ייִדיש. אָן שום סאָפעק האָבן אויך סאָציאַלע סיבעס — דער וווּקס פון אורבאַניזאַציע, די מיגראַציע־פּראָצעסן — מיטגעווירקט דער רעדוצירונג פון ייִדיש, קימאַט צו נישט געמאַכט זײַנע גרונט־פונקציעס אַלס לאָשן מיט קאָמוניקאַטיווע פונקציעס.

פעליקס כאַימאָוויטש: אַזאַ איז אין לעצטן רעזולטאַט דער גוירל ניט נאָר פון ייִדיש. אַן אָביעקטיווע טענדענץ פונעם הײַנטיקן טאָג איז די שטרעבונג פון אַלץ גרעסערע און גרעסערע מאַסן מענטשן זיך באַנוצן מיט די שפּראַכן, וועלכע זײַנען אָנערקענט אַלס מיטל פון מעלוכישן און צווישנפעלקערלעכן פאַרקער. דערבײַ טרעטן אָפּ אַף דעם הינטער־פּלאַן די לעשוינעס פון די אַזוי־גערופענע „קליינע" פעלקער, און דער קרײַז פון זייערע טרעגער ווערט בעהאַדראָגעדיק פאַרשמעלערט. אָבער די אָביעקטיווקײַט פון אַזאַ פּראָצעס באַטײַט ניט לאַכלוטן, אז מיר זײַנען גלײַכגילטיק צו דעם גוירל פון אונדזערע שפּראַכן. אין זיי זײַנען דאָך אָפּגעשפּיגלט די געשיכטע און די דערפאַרונג פון פעלקער און פעלקערשאַפטן, אַף אָט די שפּראַכן זײַנען געשאַפן געוואָרן אַזעלכע פּערל פון דער ליטעראַטור, וועלכע עס איז, אַגעוו, אוממעגלעך איבערצוזעצן אָן וועזנטלעכע פאַרלוסטן אין דער קוואַליטעט. אָט פאַרוואָס דאָס פאַרהיטן די דאָזיקע שפּראַכן און די ליטעראַטורן, וועלכע זײַנען אַף זיי געשריבן, איז א נאָבעלע און נייטי־

קע זאַך, זי איז אין א סאך פאלן אָפּהענגיק פון סוביעקטיווע פאַקטאָרן, לעמאַשל, פונעם כיישעק און פון דער שטרעבונג פון די שפּראַך־טרעגער צו פאַרהיטן דאָס לאַשן פון די אָוועס און פאַרוואַנדלען עס אין אן אינסטרומענט פון זייער שאַפונג.

באָריס סאַנדלער: פונדעסטוועגן האָבן די אכציקער יאָרן געגעבן א מעגלעכקייט צו ריידן ניט נאָר וועגן באַזונדערע פאלן, ווען אין אונדזער יידישער ליטעראַטור איז געקומען א יונגער פּאָעט צי, לאָמיר זאָגן, נאָוועליסט: מיר קאָנען קאָנסטאַטירן א צופלוס אין דער סאָוועטישער יידישער ליטעראַטור מיצאַד עטלעכע צענדליק ליטעראַטן, בעשום־אויפן ניט קיין געקינצלטן. די דאָזיקע יונגע מענטשן האָבן עפּנטלעך געמאָלדן וועגן זייער קאַוואָנע צו אַרבעטן, שאַפן אין דער יידישער שפּראַך. פאַרשטייט זיך, קיין ניסים זיינען ניט מעגלעך. דער באַגייסטערער און אָרגאַניזאַטאָר פון אָט דעם גרויסן וווּנדער איז דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד". מיר אַלע פילן אף זיך זיינע אומדערמידלעכע זוכונגען פון שעפערישע רעזערוון, זיין פאַרינטערעסירטקייט אין דעם ליטעראַרישן און פּאָשעט מענטשלעכן גוירל פון יעדן נעאָפיט, זיין אינדיווידועלע גוטהאַרציקע אַרבעט מיטן יונגן אוויטאָר. ס'איז אַזוי געשען, אַז א מין אָנהייב, א סטימולירונג און א רוף איז געווען די גרינדונג פון דער יידישער גרופּע אף די העכסטע ליטעראַרישע קורסן באַם ליטעראַרישן אינסטיטוט אף א. מ. גאָרקיס נאָמען, ווו אין משך פון צוויי יאָר האָבן יונגע ליטעראַטן געהאַט א מעגלעכקייט אפן סאַמע גרינטלעכסטן אופן צו פאַרפולקומען זייער יידישע שפּראַך, דערלערנען די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור, דעם יידישן פאָלקלאָר, די פּרינציפּן פון ליטעראַרישער שעפערישקייט ביכלאַל. און דאָס איז דאָך אויך אן אופטו פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", וועלכער האָט אָרגאַניזירט די יידיש־גרופּע אף די העכסטע ליטעראַרישע קורסן און אָפּגעגעבן פיל קויכעס אַלס קאָלעקטיווער לערער און אונטערריכטער.

לעוו בערינסקי: יאָ, דאָ קומט פאָר עפּעס ווי א געקייטלטע רעאַקציע, אין דעם באַשטייט די קראַפט פון דורכגעטראַכטע לאַנגטערמיניקע אַקציעס. און מיר זעען שוין איצט, ווי נייע נעמען וועקן אוף נאָך נייערע. מיט עטלעכע טעג צוריק האָב איך געלייענט א קסאָוויאַד פון א ביז גאָר יונגן פּאָעט — ער איז אַלט 19 יאָר און פאַרמאָגט א גוטע יידישע שפּראַך. איך בין באַקאַנט מיט יידישע יונגעלייט אין די לענדער, ווו ס'איז מיר אויסגעקומען צו זיין. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז שטענדיק האָבן זיי געטרוימט צו שרייבן אף דער שפּראַך פון זייערע זיידעס און באָבעס — נאָר דאָס איז אוממעגלעך: יידיש איז פאַר זיי שוין אומצוטריטלעך. קענטיק, אַז דער באַזיס פון דער שפּראַך־קולטור, וועלכער איז געשטעלט געוואָרן באַ אונדז אין לאַנד אין די צוואַנציקער—דרייסיקער יאָרן, טראָץ די טראַגעדיעס, וועלכע זיינען דערנאָך פאָרגעקומען, לאָזט זיך נאָך פילן ביז איצט. מיר דאַרפן אָבער געדענקען נאָך איין זאַך: ניט בלויז יונגע אָנפאַנגער קומען צו יידיש. מיר באַקומען אויך א צופלוס פון אַנדערע שפּראַכן און ליטעראַטורן. איך, לעמאַשל, בין געקומען שוין מיט א דערפאַרונג פון א רוסישן דיכטער און איבערזעצער. פעליקס כאַימאָוויטש האָט געשריבן און שרייבט אַדהייַעם אף ווייסרוסיש. מאַרק זינגעריס — אף ליטוויש.

פעליקס כאַימאָוויטש: אַזאַ צווייִשפּראַכיקייט איז ניט קיין זעלטנהייט אין דער געשיכטע פון דער ליטעראַטור, און אין דער יידישער — געוויס. לאָמיר אַריינקוקן אין דער ווייסרוסישער: פ. באָגושעוויטש, וו. דונין־מאַרצינקעוויטש, יאַנקאַ לוטשינאַ האָבן געשריבן סיי אף ווייסרוסיש, סיי אף פּויליש, דער פּאָעט פונעם 18־טן יאָרהונדערט ד. רודניצקי האָט געשאַפן זיינע ווערק אף דריי שפּראַכן: ווייסרוסישער, פּוילישער און לאַטייַן. עס זיינען באַוווּסט ווערק פון יאַנקאַ קופּאַלאַ, אָנגעשריבענע אף פּויליש און אף רוסיש. לאָמיר זיך דערמאָנען אין דער צווייִשפּראַכיקייט פון אַזעלכע גיגאַנטן, ווי ביאַליק און פרוג. דער קלאַסיקער פון דער סאָוועטישער ווייסרושישער ליטעראַטור זמיטראָק ביאַדוליאַ האָט אין אָנפאַנג פון זיין שאַפונג געשריבן אף העברעיש...

לעוו בערינסקי: אף העברעיש האָט געשריבן דער גרויסער באַבעל. מיר איז באַוווּסט אַז אין די צוואַנציקער יאָרן זיינען געווען פאַרעפנטלעכט אין פּאַריזש באַבעלס נאָוועלעס אף העברעיש.

גענאַדי עסטרייך: די פּראָבלעם באַשטייט ניט אין דעם אף וויפל לעשוינעס עס שאַפט דער מעכאַבער. פאַר מיר פּערזענלעך איז פאַראַן א מין קישעף אין דעם, וואָס, לעמאַשל, לעוו בערינסקי, האָבנדיק שוין דעם אָרעאַל פון א שעפער אין דער רוסישער ליטעראַטור, ווענדט זיך פלוצעם (און עפּשער ניט פלוצעם?) צום יידישן וואָרט און, ווי מיר ווייסן, גאַנץ געלונגען. אין די פריערדיקע צייטן פלעג אָפּט פאָרקומען פאַרקערט: אַשטייגער, דער יידישער דיכטער עמאַנויל קאַזאַקעוויטש איז געוואָרן אן אָנגעזעענער רוסישער פּראָזאַיקער...

באָריס סאַנדלער: איך מיין, אַז דער איבערגאַנג פון דעם אָדער יענעם מעכאַבער פון איין שפּראַך־ספערע אין א צווייטער ווערט באַשטימט קוידעמקאָל דערמיט, וואָס עס קומט באַ אים פאָר אן איבעראַדרעסירונג פון דער שאַפונג צו א נייעם לייענער. עס איז קלאָר, אַז אויב דער זעלבער לעוו בערינסקי האָט באַשטימט אַריבערגיין, צום ביישפּיל, פונעם פּאָפּולערסטן באַ דער גאַנצער סאָוועטישער יוגנט זשורנאַל „יונאָסט" אין דעם לאָקאַלן לויטן טאָך זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", האָבן אין דעם דאָזיקן באַשלוס אָנטיילגענומען אַרגומענטן פון גלאָבאַלע פאַר דעם שעפער און פּערזענלעכע טאַקע פאַר אים אייגנשאַפטן. ס'קאָן זיין, אַז אַלס גרונט דאַרף דאָ אופגענומען ווערן זיין גאַנץ פאָריק לעבן...

לעוו בערינסקי: ווען מיר קומט אויס איצט באַקאַנען זיך מיט נייע מענטשן פון דער ליטעראַרישער וועלט, ביכלאַל פון דער קונסט, הייב איך אָן צו שפּאַסן — ריידן אף א געבראָכענעם רוסיש, און אַלע פראַגעס צו מיר וועגן דער שפּראַך פון מיין שאַפונג פאַלן גלייך אָפּ. די פראַגעס אָבער זיינען, אין טאָך, פאַרדריסלעכע: פאַרוואָס דו, א מענטש, וועלכער באַהערשט פריי רוסיש, שרייבסט אף יידיש... גאָט מיינער, פּושקין האָט פריי באַהערשט פראַנצויזיש... באַ אייניקע מענטשן עקזיס־

טירט עפּעס א שפּראַכלעכער „צענטריזם". מע האַלט אַזוי: אָט, אַשטייגער, דער מאָלדאַוואַנער דרוצע קאָן שרײַבן — און שרײַבט גלײַך אַף רוסיש, אָדער דער קירגיז אײַטמאַטאָוו קאָן שרײַבן — און שרײַבט גלײַך אַף רוסיש. קעדיי קומען צום ברייטן לייענער, פאַרקאָמפּליצירן זיי נישט דאָס לעבן ניט בײַ זיך, ניט בײַ די איבערזעצער, ניט בײַ די פאַרלאַגן און ניט גופא בײַ די לייענער. פון דער צווייטער זײַט, האָט ראַסול גאַמזאַטאָוו ניט באַהערשט ווי עס דאַרף צו זײַן רוסיש, און אים „קומט אויס" צו שרײַבן זײַנע לידער אַף אַוואַריש... קיין איין שפּראַך איז ניט ערגער פון א צווייטער! זאָלן בליִען און אַנטוויקלען זיך די לעשוינעס פון אַלע פעלקער און פעלקערשאַפטן, און אַף וועלכער שפּראַך צו שרײַבן, זאָל באַשליסן אַליין דער שרײַבער.

גענאַדי עסטרײַך: נו, גוט. דאָ האָבן מיר, דוכט זיך, אַלע פאַרשטאַנען איינער דעם אַנדערן. וואָס זשע אָבער פאַר א פּרינציפּ לייגן מיר אַוועק אין אונדזער איינהײַט, אין אונדזער ליטעראַרישער געמיינזאַמקײַט, וואָס האָט זיך באַוויזן אַף דער וועלט אין די 80-ער יאָרן? צי האָבן מיר אונדזערע אייגענע סימאָנים? ווײַל אויב אונדז איז הײַנט-צו-טאָג ליב דער פאַקט גופא פונעם אָנקום אין דער ייִדישער ליטעראַטור פון עטלעכע צענדליק ליטעראַטן פון דעם נײַעם „שטראָם", דאַרף דאָך געזאָגט ווערן, אַז ניט אַלע ווערק אונדזערע זאָגן אַלציינס איידעס וועגן באַגאַבטקײַט, נאָוואַטאָרישקײַט. לאָמיר אין סאַמע אָנהייב ניט אײַנוויקלען זיך אין א נעפּל פון ראַזעווע פאַרבן. יאָ, אונדזער סטאַטיסטיק איז אַן אײַזנפעסטע. די קינסטלערישקײַט — ניט מעסוקן. ווי אויך די נײַקײַט פון דער טעמאַטיק. און די גײַסטיקײַט — בעסויכעם, אויב דאָס וואָרט „גײַסטיקײַט" פאַרטײַטשן ניט פּאָשעט ווי בירגערלעכע און עסטעטישע פּאָזיציעס, נאָר ווי אַן עטיש-עמאָציאָנעלן אימפּולס, אַן איידעלן, פאַרשטעקטן אין דער טיף פּאַטאָס, דאָס, וועמענס אָפּוועזנהײַט דערלויבט ניט דערגרייכן א דערפאָלג, — דאַן איז די פראַגע אַוועקגעשטעלט ריכטיק. עטלעכע נעמען — מירן זיי דאָ ניט אָנרופן — רופן צווישן אונדז ניט אַרויס קיין צווייפל אין זייער עמעסדיקער באַגאַבטקײַט, אין דער מאַסשטאַבקײַט פון זייער שאַפונג, נאָר הײַנט שמועסן מיר ניט וועגן באַזונדערע נעמען, עס גייט א רייד וועגן דעם „שטראָם", אָדער רופט עס אָן, וויִאַזוי איר ווילט. עמעס, אויך דאָ קאָן מען מיר דערווידערן, אַז די ליטעראַטור, הייסט עס, באַשטייט ניט נאָר פון „באַרג-שפּיצן", אַז פאַר א לעבעדיקן פּראָצעס זײַנען נייטיק אויך „הילפס-קויכעס"... נאָר עס ווילט זיך, אַז די „באַהילפיקע" זאָלן אין א גרעסערער מאָס איבערגיין אין דעם ראַזריאַד פון די „הויפּט-קויכעס". און צוליב דעם מוזן מיר אַף דעם סאַמע ערנסטן אויפן פאַרשטיין, אַז עס איז אונדז אומעגלעך זיך באַגיין אָן א קוואַליפיצירטער ליטעראַרישער קריטיק, וועלכע שטייט אַף פּאָזיציעס פון דער הײַנטצײַטיקײַט. מיר, יונגע, דאַרפן שאַפן אַן אייגענע ליטעראַריש-קריטישע „שול", נו, עפּעס נאָר ניט קיין שול, בלויז א „קלאַס". אַנדערש דערוואַרט אונדז א טעמפּ ווינקל. מיר דאַרפן אויסקאָווען אייגענע הײַנטצײַטיקע טאַלאַנען פון קינסטלערישקײַט, פון הײַנטצײַטיקער בילדערישקײַט, פון א וועלט-אָנשויונג פון די לעצטע יאָרצענדליקער פונעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט... מיר דאַרפן זײַן א פּאָלבלוטיקע סאָוועטישע ייִדישע ליטעראַטור, דאָס הייסט — ניט פּאָשעט יאַרשענען די טראַדיציאָנעלע פּרינציפּן און אָריִענטירן פון דער ייִדישער ליטעראַטור — זאָל אַפילע זײַן די סאַמע העכסטע פון זיי! — נאָר ווערן פּיאָנערן, דרייסטער זיך פאַרמעסטן אַף אַנטדעקונגען, אַף קינסטלערישער ריזיקע און אַף עקספּערימענטן.

פעליקס כאַימאָוויטש: איך פאַרשטיי, אין וואָס פאַר א קאָנטעקסט עס איז דאָ געזאָגט געוואָרן ווערן דעם, אַז עס איז ווייניק יאַרשענען טראַדיציעס, און שטרײַטן מיט דעם וועל איך ניט. נאָר איך וויל עפּשער באַמערקן, אַז מיך ציִען צו די טראַדיציאָנעלע פאָרמען, וועלכע גיבן ברייטע מעגלעכקײַטן פאַר זעלבסט-אויסדריקונג און פאַרשמעלערן ניט דעם קרײַז פון לייענער ביז צו א קרײַזל פון ראַפינירטע עסטעטן.

באָריס סאַנדלער: פאַרשטייט זיך, אַז יעדערער קלײַבט אַליין אויס, צו וועמען זיך אַדרעסירן אין דער לייענער-סוויווע, און בײַ איין שרײַבער וועט זײַן מערער לייענער, בײַ א צווייטן ווייניקער. צוליב דעם דאַרף קיינער ניט בײַטן זײַנע איבערצײַגונגען. מיר, אַשטייגער, איז וויכטיק, עס זאָל מיר לייענען די סוויווע, פון וועלכער איך פּערזענלעך שטאַם — דאָס זײַנען פּאָשעטע אַרבעטס-מענטשן, טוישוּוים פון מײַן קינדהײַט-גאַס, כ'ווייס ניט צי צופעליק — פון דער גאַס אַף שאָלעם-אַלייכעמס נאָמען אין דער שטאָט בעלץ. איר ווייסט, דאָס איז א לייענער א שטרענגער און א דאַנקבאַרער. און גראָד בײַ אָט די מענטשן קאָנען מיר, שרײַבנדיקע, שעפּן קלוגשאַפט, הומאָר, לעבנס-פילאָסאָפיע. איך קאָן נישט ניט דערמאָנען דאָ און ניט דערציילן וועגן צוויי מײַנע לאַנדסלײַט — כ'בין דאָך א פּראָזאַיִקער, א דערציילער. ווען איך קום צו פאָרן קיין בעלץ, גיי איך אומבאַדינגט אַרײַן צו די ראָזנבערגס — צו עלקען און בערלען. איצט שוין עלטערע מענטשן, פאַרשרײַבן זיי אין א שילעריש העפטל (געוומען, א סוואָרע, פון דעם אייניקלס זאַפּאַסן) מוסטערן פון ייִדישן פאָלקלאָר, וועלכער איז פאַרשפּרייט אַף דער מאָלדאַווישער ערד. „פאַרלאָזן זיך אַף דעם זיקאָרן טאָר איך זיך שוין ניט, — פאַרענטפערט זיך די מומע עלקע, — ס'פליט עפּעס אַרײַן אין מויעך מיצקעדערינען — פאַרנאָטיר עס איך גלײַך. אַזוי זיך, פאַר זיך... און עפּשער וועט עס נאָך עמעצן צוניץ קומען..." דעם עמעס געזאָגט, האָבן ניט ווייניק וואָרט-פּערל פון דער מומע עלקעס העפטל איבערגעוואַנדערט אין מײַנע נאָוועלעס, איך מאַך דערפון ניט קיין סאָד, פאַרקערט, כ'שטאָלציר מיט דעם. ווי עס זאָגט בערל ראָזנבערג: א פאָלקס-וואָרט איז פּונקט אַזוי טײַער, ווי א וואָרט אין דער טוירע.

• • •

אַן היסטאָרישע סקיצע

מאַרק קופּאָוועצקי

# ייִדן אין מאָסקווע

אויב מישפּטן לויט די פאַראַנענע קוואַלן[1], האָבן די ייִדן אָנגעהויבן זיך באַזעצן אין מאָסקווע שוין צום סאָף פונעם 15־טן יה. אַזוי, האָט אין 1490 באַם הויף פון איוואַן III אַלס פּערזענלעכער דאָקטער געדינט אַ ווענעציאַנער ייִד לעאָן. איינצלנע פאַלן, ווען ייִדן פלעגן קומען קיין מאָסקווע, זײַנען באַוווּסט אויך אין משך פון די קומענדיקע הונדערט פופציק יאָר. אַ גרעסערע מיגראַציע קיין מאָסקווע איז געווען ניט מעגלעך איבער פאַרשיידענע פאַקטאָרן, אָבער אַן אַנטשיידנדיקע ראָליע האָט געשפּילט דער שטרענגער פאַרבאָט, אַז ייִדן זאָלן זיך באַזעצן אין די גרענעצן פון דער מאָסקווער מדינה, וועלכער איז געווען פאַרבונדן מיט דער רעאַקציע פון די מאַכט־אָרגאַנען און פון דער קירך אויף דער פאַרשפּרייטונג אין סאָף פונעם 15־טן יה. פון דער אַזוי־גערופענער „אַפּיקאָרסעס פון זשידאָווסטוויושטשיע“.

די צאָל ייִדן אין מאָסקווע איז אויסגעוואַקסן צו דער מיט פונעם 17־טן יה. מערסטנטייל זײַנען דאָס געווען געפאַנגענע פון ווײַסרוסלאַנד און אוקראַינע, וועלכע מע האָט פאַרכאַפּט אין 1632—1667 בעשאַס די מילכאָמעס מיט פּוילן. אייניקע האָבן דאַך איבערגעוואַנדערט פרײַוויליק מיט דער הילף פון דאַניעל פאָן גאַדען — אַ ייִדישן דאָקטער, וואָס האָט אָנגענומען די ליוטעראַנישע עמונע און געדינט אין יענע יאָרן באַם רוסישן הויף. די ייִדן, וואָס זײַנען אָנגעקומען קיין מאָסקווע אַלס געפאַנגענע, האָבן ביזן 1659 (ווען מע האָט זיי קימאַט אַלע אַריבערגעפירט קיין סיביר) געוווינט אין נעמעצקאַיאַ סלאָבאָדאַ, צפון־מיזרעכדיקער טייל פון דער שטאָט, אויפן רעכטן ברעג פונעם טײַך יאַוזע. שפּעטער האָבן זיי אַזוי ווי אַנדערע אָפּשטאַמיקע פון פּוילן, זיך באַזעצט אין מעשטשאַנסקאַיאַ סלאָבאָדאַ, וואָס איז אויפגעקומען אין 1670—1671 יאָרן אין ראַיאָן פון די הײַנטיקע גיליאַראָווסקי־, מעשטשאַנסקאַיאַ־, שטשעפּקין־גאַסן און אין אָנהייב פון דעם פּראָספּעקט מירא. לויטן רעגיסטראַציע־בוך פון מעשטשאַנסקאַיאַ סלאָבאָדאַ פאַרן 1684 זײַנען דאָרט געווען לעכאָלעהאַפּאָכעס אכט ייִדן־הויזבאַזיצער. אַ סאַך ייִדן האָבן געוווינט אויך אין געדונגענע הײַזער. נאָכן אָנעמען די קריסטלעכע עמונע פלעגן זיי זיך גיך אַסימילירן מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג. אייניקע זײַנען אַפילע געוואָרן שטאַמפאָטערס פון באַוווּסטע רוסישע אַדל־פאַמיליעס (די יעווריעינאָווס, וועסעלאָווסקיס, שאַפּיראָווס, קאָפּיעווס און אַנד.).

אין משך פונעם גאַנצן 18־טן יה. איז אין מאָסקווע קיין שום ייִדישע באַפעלקערונג ניט געווען, אויב ניט רעכענען אַ קורצדויערנדיק געפינען זיך דאָ אין די 20־ער — 30־ער יאָרן פון עטלעכע ייִדן — האַנדלס־אַגענטן פון דער בײַבאַלטיק, וואָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין נאָוואַיאַ נעמעצקאַיאַ סלאָבאָדאַ אָדער, ווי מע האָט אַנדערש גערופן דעם טייל פון דער שטאָט, נאָוואָ־איִנאָזעמסקאַיאַ סלאָבאָדאַ (דער ראַיאָן פון לעפאָרטאָוואָ). אַזוי ווי פריער, איז אַזאַ מאַצעוו געווען פאַרבונדן מיט דער רעליגיעזער אומטאָלעראַנטקייט פון דער מעלוכע.

ייִדן האָבן ווידער אָנגעהויבן זיך באַזעצן אין מאָסקווע ערשט אין די 80־קער יאָרן פונעם 18־טן יה., נאָך דעם ווי ווײַסרוסלאַנד איז אַרײַן אין באַשטאַנד פון רוסלאַנד. מערסטנטייל זײַנען דאָס געווען אָפּשטאַמיקע פון שקלאָוו, וואָס האָבן זיך פאַרשריבן אין סאָכרים־שטאַנד פון מאָסקווע און געהאַלטן זייערע קלייטן אין פּאַנסקי ריאַד. אָבער דעם 23 דעקאַבער 1791 איז אונטערן דרוק פון די מאָסקווער סאָכרים, וועלכע האָבן געזען אין די ייִדן זייערע ערנסטע קאָנקורענטן, אָנגענומען געוואָרן אַן אוקאַז, אין העסקעם מיט וועלכן מע האָט פאַרווערט פאַרשרײַבן די ייִדן אין סאָכ־

[1] די געשיכטע פון ייִדן אין דער מיטלאַלטערלעכער מאָסקווע איז גענוג אויספירלעך באַלויכטן מיצאַד י. געסען און אי. קונין. די זעלבע טעמע איז באַרירט אין די אַרבעטן פון די באַוווּסטע סאָוועטישע היסטאָריקער מ. נ. טיכאָמיראָוו און ס. ק. באָגאָיאַוולענסקי.

רים־שטאַנד און אין מעשטשאַנעטום פון אינערלעכע רוסלענדישע גובערניעס. פון דעמלט אָן האָבן די ייִדן געקאָנט קומען קיין מאָסקווע בלויז צײַטווײַליק אַף א געוויסן טערמין. אזויארום, האָט, אָנהייבנדיק פונעם סאָף 18־טן יה., זייער בײַזײַן אין דער שטאָט רעגולירט די דיסקרימינירנדיקע געזעצגעבונג מיקויעך דעם טכום־האַמוישעוו.[1]

אין אָנהייב פונעם 19־טן יה. פלעגן קיין מאָסקווע געוויינלעך קומען ייִדן פון שקלאָוו, מאָהיליאָוו און אָרשע — סאָכרים און קאָמיסיאָנערן, וואָס פלעגן אײַנקויפן סכוירע צוליב ארויספירן זי אין די מײַרעוודיקע גובערניעס. א סאַך ייִדן פלעגן זיך אָפּשטעלן אין דער אכסאַניע, וועלכע האָט זיך געפונען אין זאריאדיע, אינעם סטאראָזנאמענסקי־געסל (אַפן אָרט, ווו עס שטייט איצט דער האָטעל „ראָסיִיא"). דאָס דאָזיקע הויז, וואָס איז געווען באַוווּסט אין די 20־ער יאָרן פונעם 19־טן יה. אַלס גליעבאָווסקאָיע פּאָדוואָריע, איז פונעם 1828 יאָר אָן געוואָרן דאָס איינציקע אָרט אין דער גאַנצער שטאָט, ווו די אָנגעפאָרענע ייִדן האָבן געהאַט רעכט זיך אָפּשטעלן. אַף וויפל דער קאָנטינגענט פון די אײַנוווינער איז דאָרט באַשטאַנען אויסשליסלעך פון ייִדן, איז די אכסאַניע געוואָרן אַן אייגנאַרטיקע ייִדישע געטאָ אין מאָסקווע.[2]

אכוץ סאָכרים, זייערע פּריקאַזטשיקעס און אָנפאַרטרויטע, וואָס האָבן באַטראָפן די מערהײַט צווישן די אײַנוווינער פון דער אכסאַניע, פלעגן זיך דאָרט אויך אָפּשטעלן ייִדן פון אַנדערע סאָציאַל־פּראָפעסיאָנעלע גרופּעס, וועלכע — לויט די „טאַקאָנעס מיקויעך ייִדן" פון 1804 יאָר — האָבן געהאַט דאָס רעכט צו געפינען זיך צײַטווײַליק אויסער דעם טכום. דאָס זײַנען געווען ייִדן, וואָס פלעגן קומען קיין מאָסקווע, קעדיי אויסלערנען זיך אייניקע מעלאָכעס, אויך סאָכרים אדג. אין צווייטן פערטל פונעם 19־טן יה., ניט געקוקט אַף די שווערע שטייגער־באַדינגונגען, וואַקסט באַשטענדיק די צאָל אײַנוווינער פון גליעבאָווסקאָיע פּאָדוואָריע. אזוי, אויב אין 1827 זײַנען אין מאָסקווע אָפּגעווען 72 ייִדן, איז אין 1846 זייער צאָל אויסגעוואַקסן ביז 192, און אין 1855 — ביז 3250.[3] בעהאַדראָגעדיק בײַט זיך אויך דער באַשטאַנד פון די אײַנוווינער. אין די 20־ער יאָרן זײַנען דאָס מערסטנטייל געווען אָפּשטאַמיקע פון ווײַסרוסלאַנד („ליטוואַקעס"), שפּעטער קומען אַלץ אָפטער ייִדן פון דער בײַבאַלטיק (אזויגערופענע „קורלענדער"), ליטוואַקעס פון דער ווילנער און קאָוונער גובערניעס, אָפּשטאַמיקע פון וואָלין.

פונעם 30 יון 1856 יאָר אָן האָט מען די ייִדן דערלויבט זיך אָפּשטעלן אין א באַליביק אָרט פון דער שטאָט. דעמלט האָבן זיי אָנגעהויבן זיך באַזעצן, כוץ אין גליעבאָווסקאָיע, אויך בישכיינעס, אין מוראשקאָווסקאָיע פּאָדוואָריע און אין געדונגענע דירעס, קוידעמקאָל אין זאריאדיע. צו אָט דער צײַט איז אין מאָסקווע שוין געווען א באַשטענדיקע ייִדישע באַפעלקערונג, אויסגעדינטע אונטערשטע מיליטערישע ראַנגען און זייערע בנייבאַיִס. אין 1846 האָט די דאָזיקע גרופּע אָנגעציילט 313 נעפּאַשעס, 253 מאַנצבלען און 60 פרויען), און צום אָנהייב פון די 50־ער יאָרן — 374 נעפּאַשעס.[1] די גרופּע איז אויפגעקומען נאָכן אָנעמען אין 1827 דעם אוקאַז מיקויעך דער רעקרוטישער פליכט פאַר די ייִדן. די ייִדן, וואָס האָבן געדינט אין די אײַנקוואַרטירטע אין מאָסקווע מיליטערישע טיילן, פלעגן ברענגען מיט זיך זייערע ווײַבער, קינדער, קאַלעס. נאָכן אַוועקגיין אין דעמיסיע פלעגן זיי זיך צושרײַבן צום אָרטיקן מעשטשאַנעטום. די, וואָס האָבן באַקומען אין דער אַרמיי א געוויסע פּראָפעסיאָנעלע צוגרייטונג, האָבן געקאָנט זיך פאַרנעמען מיט עפּעס א מעלאָכע, אַנדערע — מיט דריבנעם מיסכער. די אָפּגעדינטע ייִדן האָבן זיך באַזעצט אין די האַנדלס־האַנטווערקערישע קוואַרטאַלן פון דער שטאָט — לעפאָרטאָוואָ, זאַריאַדיע און אַנד. זיי האָבן באַקומען א צונעמעניש — „ניקאָלײַעווער סאָלדאַטן", בײַס די איבערוואַנדערער פון טכום־האַמוישעוו זײַנען געווען באַוווּסט ווי „פרײַע ייִדן".

אין 1859 זײַנען אַנולירט געוואָרן די באַגרענעצונגען בענעגייע די רעכט אַף וווינען אויסער דעם טכום פאַר די ייִדן־סאָכרים פון דער ערשטער גילדיע, און אין 1861 — פאַר די ייִדן מיט הויכבילדונג. מאַכמעס די געזעצגעבערישע ענדערונגען איז די צאָל ייִדן אין מאָסקווע געוואָרן א ביסל גרעסער. אָבער בלויז נאָך דעם, ווי די ייִדן־באַלמעלאָכעס האָבן אין 1865 באַקומען א מעגלעכקײַט זיך באַזעצן מיכוץ דעם טכום, האָט דער צופלוס פון ייִדן קיין מאָסקווע אָנגענומען היפּשע מאַסשטאַבן. אין 1865—1870 האָבן אין דער שטאָט זיך באַזעצט קאָרעוו 7 טויזנט, אין 1871—1881 יאָרן — באַ 8 טויזנט, און אין 1882—1891 יאָרן — נאָך ארום 13 טויזנט ייִדן.[2] די מיגראַציע פון די ייִדן איז פאָרגעקומען גלײַכצײַטיק מיט א ראַשיקן וווּקס פון דער מאָסקווער באַפעלקערונג ביכלאַל אינעם נאָכרעפאָרמעדיקן פעריאָד.

א סאַך ייִדן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין מאָסקווע אין די 60־ער — 80־ער יאָרן פונעם 19־טן יה., זײַנען געקומען אַהער אומלעגאַל (דאָס זײַנען קוידעמקאָל געווען קליינע הענדלער). די איבערוועגנדיקע מערהײַט פלעגט אויסמײַדן רעגיסטרירונג. דעריבער, לויט דער אָפּשאַצונג פון ס. ווערמעל, האָבן אין 1871 אין דער שטאָט פאַקטיש געוווינט ניט 5,8 טויזנט ייִדן, ווי עס ווײַזט

[1] לויט דער געזעצגעבונג האָט דאָסראָוו ייִדן געהאַט רעכט אַף א שטענדיק וווינאָרט בלויז אין 15 מײַרעוודיקע גובערניעס און אין פּוילן.

[2] די געשיכטע פון גליעבאָווסקאָיע פּאָדוואָריע איז געשריבן אין די אַרבעטן פון יו. געסען און פּ. מאַרעק.

[3] מער פּראָטים זע אין:
Гессен Ю. Московское гетто. — Пережитое, т. I, СПб., б. г., с. 51; Москва в 1846 г. — журнал Министерства внутренних дел, 1847, № 19, с. 84; Еврейская энциклопедия, т. XI, СБб, б. г., с. 333.

[1] Москва в 1846 г. — Журнал Министерства внутренних дел, 1847, № 19, с. 84; Захаров М. Указатель Москвы. ч. 2, М., 1852, с. 212.

[2] Вермель С. Статистические данные о движении еврейского населения Москвы за последние 20 лет. — Восход, 1893, № 6, с. 35—37.

די ערשטע שטאַטישע פֿאָלקסציילונג, נאָר אַן ערעך 8 טויזנט. אין 1882 האָט דער אונטערשייד באַטראָפֿן אַן ערעך 3 טויזנט נפֿאשעס (אַנטשפּרעכיק 15,1 און 18 טויזנט). צום 1891 יאָר האָבן אין מאָסקווע, לויט די אָנגאַבן פֿון דער פּאָליציי (פֿאַרעפֿנטלעכטע פֿון ל. אײַזענבערגן), געוווינט 35 טויזנט ייִדן. ניט געקוקט אויף דער פֿאַרגרעסערונג פֿונעם כײלעק פֿון אָפּשטאַמיקע פֿון די דאָרעם־מײַרעוודיקע, בײַבאַלטישע און בײַוויַסלדיקע גובערניעס, איז דער גרעסטער טייל פֿון דער מאָסקווער ייִדישער באַפֿעלקערונג, אַזוי ווי פֿריִער, באַשטאַנען פֿון „ליטוואַקעס", וואָס זײַנען געקומען פֿון די צאָפֿן־מײַרעוודיקע גובערניעס.

אויב כאַראַקטעריזירן דעם פּראָפֿעסיִאָנעלן באַשטאַנד פֿון דער שטאָטישער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין דער צײַט צווישן דעם לעצטן דריטל פֿון 19־טן יה. און דעם אָנהייב פֿון 20־טן יה., דאַרף מען באַטאָנען, אַז ער איז פֿאַרבונדן מיט דער דיסקרימינאַציִאָנעלער צאַרישער געזעצגעבונג, וואָס האָט פּראַקטיקירט סאָציִאַלע „איבערקלײַבערישקײַט" בײַסן דערלויבן די אָדער יענע ייִדן זיך באַזעצן אויסער דעם טכום־האַמוישעוו. צווישן די ייִדישע שטאָטישע באַלמעלאָכעס זײַנען דאָסראָוו געווען שוסטערס, קירזשנער און שנײַדערס. אין 1870־ער יאָרן האָבן די ייִדישע שנײַדערס די ערשטע אין דער שטאָט אָנגעהויבן אויסאַרבעטן גרייטע האַלבאָשע. צווישן די קליינהענדלער, וואָס פֿלעגן אומלעגאַל קומען קיין מאָסקווע און זיך אויסגעבן פֿאַר באַלמעלאָכעס, האָבן געשאַפֿן די מערהײַט קאָראָבייניקעס און אַלטוואַרג־הענדלער. דאָסראָוו סאָכרים האָבן זיך פֿאַרנומען מיט מאַנופֿאַקטור־מיסכער. די סאַמע רײַכע צווישן זיי זײַנען געווען קאָמיסיִאָנערן, וואָס פֿלעגן אויספֿילן באַשטעלונגען פֿון די מײַרעוודיקע גובערניעס אויף די מאָסקווער אויסאַרבעטונגען, קוידעמקאָל אויף מאַנופֿאַקטור. אינעם לעצטן פֿערטל פֿון 19־טן יה.

טאַבעלע 1 דער סאָציִאַלער באַשטאַנד פֿון די מאָסקווער ייִדן אין 1860—1897 יאָרן (%)

| סאָציִאַלע גרופּע | 1860 | 1871 | 1882 | 1981* | 1897* |
|---|---|---|---|---|---|
| | יאָרן | | | | |
| באלמעלאָכעס, הענדלער, באאמ־טע אדג. | – | 71,5 | 77,7 | 86,0 | 37,9 |
| אויסגעדינטע אונטערשטע ראַנגן | 100,0 | 16,2 | 15,4 | 5,1 | 25,0 |
| סאָכרים | – | 12,2 | 5,9 | 6,2 | 25,6 |
| פּערזאָנען מיט העכערער בילדונג | – | 0,1 | 1,0 | 2,7 | 11,5 |

* — אין אָפּשאַצונג.


אויסגערעכנט לויט:

Указатель г. Москвы. М., 1866, с. 21; Статистические сведения о жителях г. Москвы по переписи 12 декабря 1872 г. М., 1874, с. 81; Перепись Москвы 1882 года, вып. 2, М., 1885, с. 259; Айзенберг Л. М. Великий князь Сергей Александрович, Витте и евреи — московские купцы. — Еврейская старина, т. 13, 1930, с. 81, 87; Еврейская энциклопедия, т. XI, СПб, б. г., с. 232; Первая всеобщая перепись населения Российской империи, т. 24а, тетр. 2, СПб, 1904, с. 3.

האָט אין מאָסקווע זיך אײַנגעוואָרצלט ניט קיין גרויסע אין דער צאָל, אָבער א גענוג אײַנפלוסרײַכע גרופּע פון דער ייִדישער גרויס־בורזשואזיע. דאָ האָבן זיך באַזונדערס אויסגעטיילט די פאַמיליעס פּאָליאַקאָוו און וויסאָצקי. באַלמעלאָכעס און קליינהענדלער מיט שפּײַז אָדער גאַלאַנטעריי זײַנען מערסטנטייל געווען פון די אָפּגעדינטע ניקאָלײַעווער סאָלדאַטן און זייערע יאָרשים. צווישן די מאָסקווער ייִדן איז גענוג גרויס געווען דער שיכט פון פריקאַזטשיקעס, געשעפטספירער, פאַרמאַצעווטן, פעלדשערס און ציין־דאָקטוירים. ביז סאָמע סאָף 19־טן יה. זײַנען פּראַקטיש אַלע ייִדן מיט הויכבילדונג געווען דאָקטוירים אָדער יוריסטן. פון אָנהייב 20־טן יה. איז קאָנטיק אויסגעוואַקסן דער צאָל־באַשטאַנד פון דער טעכנישער אינטעליגענץ און פון די פּערזאָנען מיט פרײַע פּראָפעסיעס. ניט געקוקט אַף די האַרבע באַגרענעצונג־מיטלען, וואָס זײַנען אײַנגעפירט געוואָרן אין די 1880־ער יאָרן בעשאַסן אָננעמען די ייִדן אין די העכערע לערן־אַנשטאַלטן, איז דער צאָל־באַשטאַנד פון די ייִדן־סטודענטן אין מאָסקווע טאָמיד געוואַקסן. אַזוי, אויב אין 1886 ציילן זיי אָן בלויז 298 נעפאַשעס, זײַנען אין 1912 שוין פאַרפיקסירט מער פון טויזנט, און אין 1916 — בא דרײַ טויזנט (אין 1912 האָבן אין אוניווערסיטעט זיך געלערנט 344 ייִדן, אַף די העכערע פרויען־קורסן — 259, אין דער טעכנישער שול — 171, אינעם קאָמערץ־אינסטיטוט — 154, אין אנדערע העכערע לערן־אַנשטאַלטן — 134).

מאָסקווע פון דער צווייטער העלפט 19־טן יה. — אָנהייב 20־טן יה. איז געווען א טיפּישע קאַפּיטאַליסטישע שטאָט מיט א דײַטלעכער סאָציאַלער סטראַטיפיקאַציע פון דער באַפעלקערונג אין פאַרשיידענע ראַיאָנען. אין די גאַסן ארום פּרעטשיסטענסקאַיאַ און ארבאַטסקאַיאַ האָבן געווינט דעריקער די אריסטאָקראַטישע שיכטן. בורזשואזע און אמטלעך־אינטעליגענטישע לויט זייער באַשטאַנד זײַנען געווען טווערסקאַיאַ, מיאַסניצקאַיאַ, סרעטענסקאַיאַ, יאַוזסקאַיאַ און טיילווײַז ארבאַטסקאַיאַ. אין סושטשעווסקאַיאַ, מעשטשאַנסקאַיאַ, באַסמאַנאַיאַ, גאָראָדסקאַיאַ און לעפאָרטאָווסקאַיאַ שטאָט־טיילן האָבן געווינט קליינהענדלער און באַלמעלאָכעס. די פּרעסנענסקאַיאַ, כאַמאָווניטשעסקאַיאַ און ראָגאָזשסקאַיאַ טיילן זײַנען צום סאָף 19־טן יה. געוואָרן פּראָלעטאַרישע ראַיאָנען.

האַגאַם דײַטלעך אויסגעדריקטע עטנישע ראַיאָנען זײַנען געווען ניט כאַראַקטעריסטיש פאַר מאָסקווע, באַמערקט זיך דאָך א טענדענץ צו קאָנצענטרירונג פון באַזונדערע עטנישע גרופּעס אין די אָדער יענע הײַזער, קוואַרטאַלן און גאַסן. ייִדן, ביפּראַט, האָבן לעכאַטכילע געשטרעבט זיך באַזעצן אין דעם גאָראָדסקאַיאַ טייל, קוידעמקאָל אין זאַריאַדיע. גראָד דאָ, אין גרויסע אַלטע הײַזער פון די יערשאַווסקי־, מאַקרעווסקי־, סטאַראָזנאַמענסקי־ און סקאָפּסקי־געסלעך[1] באַזעצט זיך אין דער צווייטער העלפט פון די 60־ער — אָנהייב 70־ער יאָרן פונעם 19־טן יה. דאָסראָוו ייִדן, וואָס זײַנען אָנגעקומען פונעם טכום. ייִדן־סאָכרים זײַנען געוואָרן טוישווים פון ראַיאָנען מיט א גרעסערן סאָציאַלן פּרעסטיזש: פון דער מיאַסניצקאַיאַ, סרעטענסקאַיאַ, טווערסקאַיאַ, ארבאַטסקאַיאַ, יאַוזסקאַיאַ טיילן. דאָ און אויך אין די יאַקימאַנסקאַיאַ און פּיאַטניצקאַיאַ טיילן האָבן זיך ביסלעכווײַז קאָנצענטרירט פאַרמעגלעכע באַלמעלאָכעס און קליינהענדלער פון זאַריאַדיע, פאַרשיידענע אָנגעשטעלטע, ווי אויך די אינטעליגענץ.

די שאַרפע פאַרערגערונג פון דער רעכטלעכער לאַגע פון די ייִדן, וואָס איז פאָרגעקומען אין די לעצטע יאָרצענדליקער פון 19־טן — אָנהייב 20־טן יה., האָט זיך געפילט אויך אין מאָסקווע. דעם 28 מאַרט 1891 איז אָנגענומען געוואָרן א באַשלוס וועגן באַזײַטיקן אַלע ייִדן־באַלמעלאָכעס און אומלעגאַלע מיגראַנטן. נאָכן 15 אָקטיאַבער 1892 האָט מען ארויסגעזעצט פון מאָסקווע אַלע אָפּגעדינטע נידעריקסטע ארמייִשע טשינען און זייערע יאָרשים, וועלכע זײַנען ניט געווען צוגעשריבן צו די אָרטיקע שטאָטישע שטאַנדן. דה. די פאַמיליעס, עטלעכע דוירעס פון וועלכע האָבן שוין אָפּגעוווינט אין דער שטאָט.

אַף וויפל די דאָזיקע מאַסן־ארויסזעצונג האָט געהאַט א בוילעט אויסגעדריקטן סאָציאַלן כאַראַקטער און איז געווען געריכטעט קוידעמקאָל צו די צומווייניקסטן פאַרמעגלעכע און פּילצאָליקע גרופּעס, איז א סאַך קלענער געוואָרן דער כיילעק פון די ייִדן אין די פאַרהעלטעניסמעסיק אָרעמע ראַיאָנען (די גאָראָדסקאַיאַ, פּיאַטניצקאַיאַ און יאַקימאַנסקאַיאַ טיילן) און, אין לעצטן סאַכאַקל, איז גלײַכמעסיקער געוואָרן די באַזעצונג פון די ייִדן איבער דער שטאָט.

נאָך איין אייגנאַרטיקײַט פון דער ייִדישער באַזעצונג אין לעצטן פערטל פון 19־טן יה. — אָנהייב 20־טן יה. איז איר קאָנצענטרירונג אין די סאַמע נאָענטסטע מאָסקווער פאָרשטעט. דער דאָזיקער פּראָצעס האָט זיך אָנגעהויבן אין די 80־ער יאָרן און איז פאַרבונדן קוידעמקאָל מיט דער אומלעגאַלער מיגראַציע. א סאַך ייִדן, וואָס זײַנען געקומען אומלעגאַל קיין מאָסקווע, האָבן זיך גלײַך באַזעצט אין די פאָרשטעט, ווו ס׳איז גרינגער געווען אויסמײַדן דעם פּאָליציי־קאָנטראָל. אנדערע זײַנען אריבערגעפאָרן אַהין נאָך די ארויסזעצונגען פון דער שטאָט. די ייִדן האָבן זיך, לעמאָשל, באַזעצט אין מאַריינאַ ראָשטשאַ, ווו די געזעלשאַפט „שערעמעטיעווסקאַיאַ פּאָזעמעלנאַיאַ אָבשטשעסטוואָ” האָט אין די 80־ער יאָרן אויסגעבויט א באַדײַטנדיקע צאָל קליינע הילצערנע הײַזער, וואָס זײַנען געווען באַזעצט מיט באַלמעלאָכעס און אָרעמע הענדלער. צווישן אנדערע נאָענטע פאָרשטעט, ווו א סאַך ייִדן האָבן זיך באַזעצט אין די 80־ער יאָרן, זײַנען געווען טשערקיזאָוואָ, באָגאָראָדסקאָיע, ווסעסוויאַטסקאָיע (דער ראַיאָן פון סאָקאָל), פּעטראָווסקי פּאַרק (באַם איצטיקן סטאַדיאָן „דינאַמאָ”). די צאָל ייִדן איז דאָ גלײַך גרעסער געוואָרן אין דער צײַט פון דער מאַסן־ארויסזעצונג אין 1891—1893. שפּעטער בײַס דער ערשטער וועלט־מילכאָמע, זײַנען אַהער געקומען אויך בעזשענצעס און דעפּאָרטירטע פון די מײַרעוודיקע גובערניעס און פון פּוילן.

---

[1] אין 1964—1967 יאָרן האָט מען אַפן אָרט פון די געסלעך אויסגעבויט דעם האָטעל „ראָסיִיאַ”.

פאַר די צוויי יאָר פון די מאַסן־אַרויסזעצונ־
גען האָט זיך די צאָל פון דער מאָסקווער ייִדישער
באַפעלקערונג פאַרקלענערט מער ווי אַף 80 פּראָ־
צענט. א נייַער וווּקס פון דער צאָל ייִדן אין דער
שטאָט איז פאַרהאַלטן געוואָרן מיצאַד אַדמיניסטראַ־
טיוו־פּאָליציייִשע מניעים און מערקט זיך ערשט אָן
נאָכן 1905, וואָס עס איז פאַרבונדן מיט א צופלוס
פון דער אינטעליגענץ און פון דער גרויס־בור־
זשואַזיע.

דער צופלוס פון ייִדן קיין מאָסקווע האָט זיך
פאַרגרעסערט בעשאַס דער ערשטער וועלט־מיל־
כאָמע מאַכמעס דעם אָנקומען פון עטלעכע טויזנט
בעזשענצעס און דעפּאָרטירטע פון די מייַרעוודיקע
מעקוימעס. זייער מאַסן־מיגראַציע קיין מאָסקווע
האָט זיך אָנגעהויבן נאָך דעם, ווי די צייַטווייַליקע
רעגירונג האָט אין מאַרץ 1917 אַנולירט דעם טכום
און אַלע פריערדיקע באַגרענעצונגען.

די דאָזיקע מיגראַציע פון פאַרשיידענע ראַיאָ־
נען פונעם טכום־האַמוישעוו האָט געבראַכט צו
דעם, אַז די היגע ייִדישע באַפעלקערונג האָט
פאָרגעשטעלט מיט זיך א שוואַך קאָנסאָלידירטע
גרופּע. אין איר האָבן זיך קוידעמקאָל אויסגעטיילט
די אַלטגעזעסענע — „ניקאָלייַעווער סאָלדאַטן“,
וואָס האָבן זיך שוין אין א באַדייַטנדיקער מאָס
אַקולטורירט אין דער רוסישער סוויווע און פאַר־
לאָרן, אַלס קלאַל, זייער מאַמע־לאָשן. די מער
שפּעטערדיקע איבערוואַנדערער (פון די 60־ער —
80־ער יאָרן פון 19־טן יה. און פון אָנהייב 20־טן
יה.) האָבן געהערט צו פאַרשיידענע עטנאָגראַפישע
גרופּעס ייִדן־אַשקענאַזים. דאָס זייַנען מערסטנטייל
געווען ליטוואַקעס, אויך ניט ווייניק קורלענדער,
אָפּשטאַמיקע פון וואָלין, פּאָדאָליע און פּוילן. זיי
האָבן גערעדט אַף פאַרשיידענע דיאַלעקטן פון
ייִדיש, און צווישן די קורלענדער איז געווען ברייט
פאַרשפּרייט אויך דייַטש.

א באַזונדערע גרופּע, וואָס האָט זיך אַקטיוו
אַסימילירט מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג,
האָבן פאָרגעשטעלט געשמאַדטע ייִדן. פאַרהעלט־
ניסמעסיק פיל אַזעלכע ייִדן זייַנען געווען צווישן
די קאַנטאָניסטן, ניקאָלייַעווער סאָלדאַטן און דער
אינטעליגענץ. א באַדייַטנדיקע צאָל ייִדן האָט זיך
געשמאַדט בייַס די מאַסן־אַרויסזעצונגען פון די
יאָרן 1891—1893.

די ייִדישע מיגראַנטן, וואָס האָבן זיך באַזעצט
אין מאָסקווע און אירע פאַרשטעט, פלעגן אײַנגיכן
זיך אײַנשליסן אין די אינטענסיווע פּראָצעסן פון

טאַבעלע 2

די דינאַמיק פונעם צאָל־באַשטאַנד פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין מאָסקווע (1864—1917 יאָרן)

| יאָרן | דער צאָל־באַשטאַנד פון די מאָסקווער ייִדן | |
|---|---|---|
| | טויזנט נעפאָשעס | פּראָצענט צו דער גאַנצער באַפעלקערונג |
| 1864 | 0,7 | 0,2 |
| 1871 | 8,0 | 1,3 |
| 1882 | 18,0 | 2,4 |
| 1891 | 35,0 | ... |
| 1897 | 8,2 | 0,8 |
| 1902 | 9,1 | 0,8 |
| 1912 | 15,0 | 0,9 |
| 1917 | 60,0 | 3,0 |

אויסגערעכנט לויט:

Указатель г. Москвы, с. 21; Вермель С. Указ. соч., с. 35—37; Айзенберг Л. М. Указ. соч., с. 8; Первая всеобщая перепись..., т. 24а, тетр. 2, с. 3; Перепись Москвы 1902 г. ч. I, вып. 2, с. 216—224; Статистический ежегодник города Москвы, с. 21; Браудо Х. Материалы о росте численности еврейского населения в Москве в 1870—1917 г. — В кн. Вопросы биологии и патологии евреев, вып. I, Л., 1926, с. 67.

דער עטנישער קאָנסאָלידאַציע. אין 1870 איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ ייִדישע קהילה. אויף סאָליאַנקאַ־גאַס, אין אַ געדונגענעם לאָקאַל, האָט מען געעפֿנט אַ קאָרשול. שפּעטער, אין 1891, איז די שול אַריבערגעפֿירט געוואָרן אין אַ ספּעציעל אויסגעבויט הויז אין ספּאַסאָגלינישטשעווסקי־געסל (הײַנט אַרכיפּאָוו־גאַס). אויף אַן ערד־כײַלעק לעבן דעם דאָראָגאָמילאָווער פּראַוואָסלאַווונעם צווינטער, וווּ מע האָט נאָך אין די 1830־ער יאָרן אָנגעהויבן ברענגען צו קווּרה די ניקאָלײַעווער סאָלדאַטן און אײַנווינער פֿון גליעבאָווסקאָיע פּאָדוואָריע, איז צום סוף פֿון די 60־ער יאָרן אויסגעטיילט געוואָרן אַ ייִדישער בעסוילעם (סײַ דער צווינטער, סײַ דער בעסוילעם זײַנען פֿאַרשוווּנדן אין די 1950־ער יאָרן בעשאַס דער בויונג פֿונעם קוטוזאָווסקי־פּראָספּעקט). אין די 1870־ער יאָרן האָבן זיך באַוויזן צדקה־געזעלשאַפֿטן, טראַדיציאָנעלע פֿאַר אַ ייִדישער קהילה. אין 1872 האָט מען אויף דער סאָליאַנקאַ־גאַס געעפֿנט אַ טאַלמעטוירע פֿון צוויי קלאַסן און אין 1866, לויט דער איניציאַטיוו פֿון סטודענטן פֿונעם אוניווערסיטעט, בעראָש מיט וו. אַ. האַרקאַווין — די ערשטע געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט זיך גערופֿן „געזעלשאַפֿט פֿון ייִדישע שילער אין מאָסקווע". די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע מיט אירע אויפֿקלערערישע צילן איז געווען, אין טאָך גענומען, אַ מאָסקווער אָפּטיילונג פֿון דער „כעווּרע מעפֿיצעס האַסקאָלע", וועלכע איז געשאַפֿן געוואָרן אין פּעטערבורג אין 1863. די צאָל פֿאַרשיידנאַרטיקע ייִדישע געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס אין מאָסקווע איז געוואָרן באַדײַטנדיק גרעסער נאָך דער רעוואָלוציע פֿון 1905 יאָר.

באַנאַנד מיט דער קאָנסאָלידאַציע אין סוף 19־טן יה. און באַזונדערס אין אָנהייב 20־טן יה. ווערט צווישן די מאָסקווער ייִדן שטאַרק פֿאַרשפּרייט די אַקולטוראַציע און, גאַנץ אָפֿט, די אַסימילאַציע מיט דער אַרומיקער באַפֿעלקערונג. צווישן די סיבעס, וואָס זײַנען געלעגן אין יעסאָד פֿון דער דאָזיקער דערשײַנונג, דאַרף מען אָנרופֿן: דאָס לערנען וויסנשאַפֿטן אין דער רוסישער שפּראַך, די ענדערונגען אינעם סאָציאַלן באַשטאַנד נאָך דער אַרויסזעצונג פֿון די 1890־ער יאָרן, די שטאַרקע צעשפּליטערונג פֿון די ייִדן אין מאָסקווע כּימעט איבער דער גאַנצער שטאָט, די רעליגיעזע אינדיפֿערענטקײַט. מאַכמעס אָט די סיבעס איז אין די יאָרן ערעוו דער רעוואָלוציע אַ סך גרעסער געוואָרן די צאָל נאַציאָנאַל־געמישטע הייראַטן.

אין די ערשטע יאָרן נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע האָבן אין מאָסקווע זיך באַזעצט נײַע גרופּעס ייִדן. אָבער מאַכמעס דעם הונגער און דעם עקאָנאָמישן קריזיס בעשאַס בירגערקריג איז די באַפֿעלקערונג פֿון דער שטאָט (דערין אויך די ייִדישע) געוואָרן צוויי מאָל קלענער. די גרויס־בורזשואַזיע און אַ טייל אינטעליגענץ האָט עמיגרירט. מאַנצבלען זײַנען געווען מאָביליזירט אין דער רויטער אַרמיי. און זייערע געזינדן זײַנען אַריבערגעפֿאָרן אין דערפֿער.

גלײַך נאָכן בירגערקריג הייבט אָן גיך וואַקסן די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון מאָסקווע. די מיגראַנטן אין דער הויפּט־שטאָט האָבן זיך געטיילט אויף דרײַ גרופּעס. די ערשטע צוויי גרופּעס זײַנען באַשטאַנען פֿון די, וואָס זײַנען אַוועקגעפֿאָרן פֿון מאָסקווע בײַס דעם בירגערקריג, ווי אויך די, וואָס האָבן זיך פֿריִער, אין דער ערשטער וועלט־מילכאָמע, באַזעצט אין די צענטראַלע ראַיאָנען פֿון רוסלאַנד, לעבן דער וואָלגע און אויפֿן אוראַל אַלס בעזשענצעס און דעפּאָרטירטע פֿון די מײַרעוודיקע גובערניעס. אין באַשטאַנד פֿון דער דריטער, אַמערסטן פֿילצאָליקער גרופּע זײַנען אַרײַנגעגאַן די אוקראַיִנישע ייִדן, וועלכע האָבן פֿאַרלאָזט זייערע כאָרעווע פֿונעם בירגערקריג און פּעטליורישע פּאָגראָמען שטעט און שטעטלעך. אין 1920—1922 האָבן קיין מאָסקווע מיגרירט סאַכאַקל 56 טויזנט ייִדן.

דער צופֿלוס ווערט נאָך גרעסער אין דער צווייטער העלפֿט פֿון די 20־ער — אָנהייב 30־ער יאָרן. אין משך פֿון 1924—1933 זײַנען אין דער הויפּט־שטאָט אַריבערגעפֿאָרן אַן ערך 125 טויזנט ייִדן, דאָס רוב פֿון אוקראַיִנע, וווּ עס האָט זיך דעמאָלט צונויפֿגעלייגט אַ שווערע עקאָנאָמישע לאַגע. די יוגנט פֿלעגט פֿאָרן קיין מאָסקווע, כּדי באַקומען בילדונג און זיך אײַנאָרדענען אויף אַרבעט אין דער גרויסער אינדוסטריע. אַלס רעזולטאַט האָבן די ייִדן געבילדעט בײַ 7,8 פּראָצענט צווישן אַלע מיגראַנטן, וואָס זײַנען אָנגעקומען קיין מאָסקווע אין משך פֿון 1920—1933.

אָנהייבנדיק פֿון 1933, נעמט אָן די מיגראַציע אין דער הויפּט־שטאָט אַ שטרענג רעגולירטן כאַראַקטער. דעריבער איז די לעצטע פֿינף יאָרצענדליקער די דינאַמיק פֿונעם צאָל־באַשטאַנד פֿאַרבונדן קודעמקאָל מיט דעמאָגראַפֿישע און עטנישע פּראָצעסן. אין די נאָכמילכאָמעדיקע יאָרן איז פֿאַר די ייִדן, אינגאַנצן גענומען, אייגנטימלעך אַ פֿאַרלאַנגזאַמטע רעפּראָדוצירונג, דאָס הייסט, אַז דורכשניטלעך פֿאַר אַ יאָר צײַט שטאַרבן מער מענטשן, איידער עס ווערן געבוירן. אַלס וויכטיקסטע סיבע פֿון אַזאַ מין לאַגע קאָן מען אָנרופֿן די אומגינסטיקע עלטער־סטרוקטור. וואָס איז שײַך דער האַשפּאָע פֿון געמישטע הייראַטן, איז וויבאַלד די קינדער אין אַזעלכע מישפּאָכעס קלײַבן אויס, אַלס קלאַל, די נאַציאָנאַליטעט פֿון די ניט־ייִדישע עלטערן, פֿירט עס אויך צום וווּקס פֿונעם כײַלעק פֿון די עלטערע מענטשן.

אין סוף פֿון די 70־ער יאָרן האָבן אין דער הויפּט־שטאָט געוווינט אַן ערך 220—225 טויזנט ייִדן.[1] בײַ הײַנטיקן טאָג בלײַבן די ייִדן לויט דער צאָל די צווייטע נאָך די רוסן עטנישע גרופּע אין דער שטאָט.

---

[1] די מאַטעריאַלן פֿון דער פֿאָלקסציילונג פֿונעם 1979 יאָר בענעגייע דעם נאַציאָנאַלן באַשטאַנד פֿון דער מאָסקווער באַפֿעלקערונג זײַנען ניט פֿאַרעפֿנטלעכט. מיר ברענגען דאָ אַן אָפּשאַצונג, וואָס באַזירט זיך אויף די אָנגאַבן פֿון דער פֿריִקער פֿאָלקסציילונג (1970 יאָר) וועגן דעם עלטער־באַשטאַנד פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין רספֿסר (דעמאָלט האָבן אין מאָסקווע געוווינט 31,1 פּראָצענט ייִדן פֿון דער רעפּובליק).

אין דער סאָוועטישער צײַט האָט זיך שטאַרק געביטן די סאָציאַל־פּראָפֿעסיאָנעלע סטרוקטור פֿון דער מאָסקווער ייִדישער באַפֿעלקערונג. שוין צום 1929 זײַנען צווישן די מאָסקווער זעלבסטעטיקע ייִדן געווען: 43,4 פּראָצענט באַאַמטע, 13,9 פּראָצענט ניט־קאָאָפּערירטע קוסטאַרן, 12,2 פּראָצענט אַרבעטער, 8,4 פּראָצענט שטודירנדיקע און פּענסיאָנערן, 2,1 פּראָצענט קליינהענדלער, 1,4 פּראָצענט פּערזאָנען פֿון פֿרײַע פּראָפֿעסיעס, 18,6 פּראָצענט אַרבעטלאָזע און דעקלאַסירטע עלעמענטן[1]. אין די 30־ער יאָרן איז די אַרבעטלאָזיקייט פֿאַרשוווּנדן געוואָרן; ס'האָט אָנגעהויבן גיך וואַקסן דער צאָל־באַשטאַנד פֿון דער טעכנישער און וויסנשאַפֿטלעכער אינטעליגענץ, פֿון די אינדוסטריעלע אַרבעטער, אָנגעשטעלטע אין דער באַדינונג־ספֿערע. נאָך דער מלחמה וואַקסט שנעל אויס די גרופּע אינטעלעקטועלע אַרבעטער. צום אָנהייב פֿון די 70־ער יאָרן זײַנען צווישן די סאָוועטישע וויסנשאַפֿטלער פֿאַראַן העכער 25 טויזנט ייִדן, וואָס וווינען אין מאָסקווע. אין די העכערע לערן־אַנשטאַלטן פֿון דער שטאָט האָבן זיך דאַן געלערנט 19,5 טויזנט ייִדן[1].

נאָך אין די 20־ער — 30־ער יאָרן האָבן היפּשע גרופּעס ייִדן זיך באַזעצט ניט ווײַט פֿון

[1] Зингер Л. Еврейское население в Советском Союзе. М., 1932, с. 79.

[1] Москва в цифрах, 1966—1970. М., Статистика, 1972, с. 132, 140.

טאַבעלע 3

די דינאַמיק פֿונעם צאָל־באַשטאַנד פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין מאָסקווע (1920—1979 יאָרן)

| יאָרן | דער צאָל־באַשטאַנד פֿון די מאָסקווער ייִדן | | |
|---|---|---|---|
| | טויזנט פּערזאָנען | פּראָצענט צו דער גאַנצער באַפֿעלקערונג פֿון מאָסקווע | פּראָצענט צו דער גאַנצער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿון פססר |
| 1920 | 28,0 | 2,7 | ... |
| 1923 | 86,2 | 5,6 | *3,5 |
| 1926 | 131,3 | 6,5 | 4,9 |
| 1933 | 226,5 | 6,6 | ... |
| 1939 | 250,2 | 6,1 | 8,3 |
| 1959 | 239,2 | 4,7 | 10,5 |
| 1970 | 251,5 | 3,6 | 11,7 |
| 1979 | *225—220 | *2,9—2,8 | *12,4—12,1 |

* — אין אָפּשאַצונג

אויסגערעכנט לויט:

Статистический ежегодник г. Москвы и Московской губернии, вып. 2, М., 1927, с. 16; Всесоюзная перепись населения 1926 ., отд. I, т. 2, М., 1928, с. 135; Материалы о хозяйстве Москвы в итоге первой пятилетки. М., 1934, с. 119; Платонова А. М. Национальный состав населения Москвы в период между переписями. — В кн.: Основные вопросы статистической методологии, вып. 2, М., 1975, с. 94; Итоги Всесоюзной переписи населения 1970 г., т. IV, с. 103.

דער הויפּט־שטאָט. שוין אין 1926 יאָר האָבן די ייִדן געציילט העכער 10 פּראָצענט פֿון דער באַפֿעלקערונג פֿון קוסקאָוואָ און וועשניאַקי, קאַרעוו 20 פּראָצענט אין מאַלאַכאָווקע און פּערלאָווקע[1]. א באַדײַטנדיקע צאָל ייִדן האָט זיך שפּעטער באַזעצט אין פּושקינאָ און אין קליאַזמאַ.

פֿאַר די פֿאַרגאַנגענע זיבעציק יאָר האָבן די מאָסקווער ייִדן דורכגעמאַכט א קאָמפּליצירטן וועג, וועלכער איז דערווײַל נאָך ווייניק דערלערנט. דעריבער דאַרף מען דעם ווײַטערדיקן אַנאַליז באַטראַכטן ווי א פֿאָרלויפֿיקן.

בעשאַס דער מאַסן־מיגראַציע פֿון די 20־ער—30־ער יאָרן האָט זיך ראַדיקאַל געביטן דער עטנאָגראַפֿישער באַשטאַנד פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג. דער כּיילעק פֿון ליטוואַקעס האָט זיך אין מאָסקווע פֿאַרקלענערט. אַפּאָנעם, ביז 10—15 פּראָצענט, און פֿון די אַלטגעזעסענע — ביז 5 פּראָצענט. דער טייל פֿון אוקראַיִנישע ייִדן (פֿריִער זייער א קליינער) איז אויסגעוואַקסן ביז אַן ערך 80 פּראָצענט. כאָטש דעם, איז קיין מאָסקווע אַריבערגעפֿאָרן א ניט־גרויסע צאָל אָפּשטאַמיקע פֿון דער בײַבאַלטיק און פֿון פּוילן, פֿאָרשטייער פֿון די מיזרעכדיקע ייִדישע אײדעס — באַרג־ייִדן, בוכאַרער און גרוזינישע ייִדן, קרימטשאַקעס. שפּעטער האָט זיך דער עטנאָגראַפֿישער באַשטאַנד פֿון די מאָסקווער ייִדן קימאַט ניט געביטן, אויב ניט רעכענען, אַז דער כּיילעק פֿון די מיזרעך־ייִדן איז געוואָרן עטוואָס גרעסער.

ווי מע קאָן זיך מעשאַער זײַן, איז שוין אין די 20־ער — 30־ער יאָרן שטאַרקער געוואָרן די עטנאָקולטורעלע איינִיקײַט פֿון דער מאָסקווער ייִדישער באַפֿעלקערונג.

אָבער באַנאַנד מיט דער קאָנסאָלידאַציע ווערן אַלץ שטאַרקער די פּראָצעסן פֿון אַקולטוראַציע און אַסימילאַציע. נאָך דער מילכאָמע זײַנען די דאָזיקע אָביעקטיווע דערשײַנונגען פֿון דער עטנישער אַנטוויקלונג אין באַדינגונגען, ווען א נאַציאָנאַלע מינדערהײַט וווינט אין א גרויסער סאָציאַליסטישער שטאָט, געוואָרן גרינטלעכע פֿאַר די מאָסקווער ייִדן. קימאַט אַלע מאָסקווער ייִדן ניצן זיך איצט אין שטייגער מיט רוסיש. זיי טיילן זיך ווייניק־וואָס אויס אין דער מאַטעריעלער און גײַסטיקער קולטור. פֿאַר א סאַך מאָסקווער ייִדן איז כאַראַקטעריסטיש אַן אָפּשוואַכונג פֿונעם עטנישן זעלבסטבאַוווּסטזײַן. דער הויפּט־וועג פֿון דער אַקטיווער אַסימילאַציע ליגט דורך געמישטע הייראַטן (אויף אַזאַ אופֿן זײַנען איצט פֿאַרהייראַט פֿון א דריטל ביז א העלפֿט מאָסקווער ייִדן פֿון די מיטעלע און יונגע דורעס).

[1] Всесоюзная перепись населения 1926 г. отд. I, т. 2. с. 248.

טאַבעלע 4

די מוטער־שפּראַך פֿון די מאָסקווער ייִדן לויט אָנגאַבן פֿון די פֿאָלקסציילונגען

| די מוטער־שפּראַך | יאָרן | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1871 | 1882 | 1897 | 1902 | 1912 | 1926 | 1959 | 1970 |
| ייִדיש | 96,7 | 80,2 | 60,7 | 49,0 | 44,6 | 49,6 | 8,5 | 7,6 |
| רוסיש | – | – | – | 49,6 | – | 49,2 | 91,3 | 92,2 |
| | 3,3 | 19,8 | 39,3 | – | 55,4 | – | – | – |
| אַנדערע | – | – | – | 1,4 | – | 1,2 | 0,2 | 0,2 |

• • •

## מיכאיל יאכילעוויטש

(זע דאָס ארטיקל אף דער זײַט 131)



באַרג־אַראָפּ

אין הויף



## באַריס מינקאָווסקי



נאַטאַשע

טשערנאָוויץ. א געסעלע



## מיכאַיל יאַכילעוויטש



לעוואַנע־שײַן. גורזוף

באַם ברונעם





## דאַניִעל ראָמאַנאָווסקי

געבוירן געוואָרן אין 1952 אין לענינגראַד. פֿאַרענדיקט דעם לענינגראַדער מעלוכע־אוניווערסיטעט. אַרבעט אַלס פּראָגראַמיסט. וווינט אין לענינגראַד.

# האָראָדאָק — די ערד פֿון מײַנע אָװעס

האָראָדאָק איז אַ שטעטל הינטער וויטעבסק. דער נאָמען באַטײַט אויף רוסיש — פּשוט אַ שטעטל, און גאָר. בײַ אונדז אין לענינגראַד ווייסן אָט דעם נאָמען עפּשער נאָר די ליבהאָבער פֿון קאָנדענסירטער מילך: אין האָראָדאָק געפֿינט זיך אַ מילך־קאָנסערוון־זאַוואָד.

פֿאַר מיר איז האָראָדאָק ניט בלויז אַן אויפֿשריפֿט אויף אַ קאָנסערוון־בלעכל. פֿון דאָרט שטאַמט מײַן באָבע. עטלעכע דורות פֿון מײַנע אָװעס קומען פֿון דאָרט אַרויס...

איצט — וועגן זיך. איך בין אַ פֿיר־און־דרײַסיקיאָריקער אינזשעניר־פּראָגראַמיסט. ווי דאָס רוב ייִדן, וואָס זײַנען אין איין עלטער מיט מיר, רעד איך אויף רוסיש. ייִדיש האָב איך געלערנט שוין לויט די לימודים אין „סאָוועטיש היימלאַנד". קיין האָראָדאָק בין איך געקומען צו פֿאָרן אין יולי 1985, אין אורלויב. ס'האָט מיך געצויגן אַ קוק צו טאָן, ווו עס האָבן געוווינט מײַנע עלטערן און אורעלטערן, וויאַזוי דאָס אָרט זעט אויס הײַנט.

די שטאָט גופֿא ציט צו זיך מיט גאָרנישט ניט צו. ס'זעט זיך גלײַך, אַז נאָך דער מילכאָמע האָט מען פּראַקטיש אויסגעבויט אַ נײַעם ייִשעוו.

אַמאָל איז האָראָדאָק געווען אַ געוויינלעך ייִדיש שטעטל. צום סאַך פֿון די דרײַסיקער יאָרן, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס אַ טייל ייִדן זײַנען אַרויסגעפֿאָרן קיין וויטעבסק און אין אַנדערע שטעט און ס'האָבן זיך דאָ באַזעצט ווײַסרוסן פֿון די אַרומיקע דערפֿער, האָט די שטאָט אײַנגעהיט איר ייִדישן אָנבליק, אויך דאַן האָבן די ייִדן נאָך באַטראָפֿן אין האָראָדאָק אַ העלפֿט אָדער קימאַט אַ העלפֿט פֿון דער באַפֿעלקערונג. „די אַנשטאַלטן האָבן גערעדט אויף ייִדיש", — ווערט מיר זאָגן איינער פֿון די האָראָדאָקער טױשװים. אויף ייִדיש האָבן גערעדט ניט בלויז די אַנשטאַלטן (דער שטאָט־אויספּירקאָם, דער ראַיקאָם, דער געריכט אאַז״וו.) — אויך די גאַסן, הײַזער, קלייטן און, פֿאַרשטייט זיך, איינע פֿון די קינדער־שולן — די האָראָדאָקער ייִדישע שול.

הײַנט וווינען אין האָראָדאָק זיבן און אכציק ייִדישע מישפּאָכעס (ס'קאָן זײַן, אַז מײַנע מיטשפּרעכער האָבן אײַנגעשלאָסן אין דער צאָל אויך די געמישטע געזינדן). די האָראָדאָקער ייִדן, אַפֿילע די באַיאָרטע, רעדן קימאַט אויסשליסלעך אויף רוסיש. אין דער שטאָט איז פֿאַראַן בלויז איין מישפּאָכע, ווו עס הערשט ייִדיש, מע לייענט „סאָוועטיש היימלאַנד" און ייִדישע ביכער.

יעדעס יאָר, דעם 22 יוני, קלײַבן זיך אַלע האָראָדאָקער ייִדן צונויף אויף אַ טרויער־אַקט בײַ די צוויי ברידער־קוואָרים, וועלכע עס האָט דאָ איין־און־פֿערציקסטן איבערגעלאָזט די מילכאָמע. ס'קומען מענטשן פֿון פֿאַרשיידענע ערטער, צווישן זיי קינדער און זקײנים. אַ סאַך ברענגען מיט זיך צו פֿירן ניט־ייִדישע ווײַבער. דער אָרגאַניזאַטאָר פֿון די יערלעכע באַגעגענישן איז דער געוועזענער מאַיאָר פֿון דער סאָוועטישער אַרמיי אַרקאַדי בודמאַן. בודמאַן שטאַמט פֿון מאָלדאַוויע. אָבער ער האָט אין באַשטאַנד פֿון דער 84־ער גוואַרדייִשער דיוויזיע גענומען אַן אָנטייל אין באַפֿרײַען האָראָדאָק, און שפּעטער האָט ער זיך דאָ באַזעצט. דעמלט, אין פֿינף־און־אכציקסטן, האָט דער אומ־

דערמידלעכער אַרקאַדי באָריסאָוויטש גענומען צוויי מאַשינען — אַן אויטאָבוס און אַ געדעקטן לאַסט־אויטאָמאָביל: די בײדע קוואַרים געפינען זיך ווײַט פונעם צענטער שטאָט. אָבער סײַ ווי זײַנען אַ סך מאַנצבלען געפאָרן שטייענדיק — ס׳איז געווען אַ גרויסער עולם.

דער יערלעכער ריטואַל איז איינער און דער זעלבער. אַלע קלײַבן זיך צונויף אַרום דעם קייווער. מע לייגט אַוועק קוויטן. אַ קורץ וואָרט, אַ געוויינלעכס פּאַר אַזעלכע פאַלן. דער ערשטער קייווער, בײַ דעם דאָרף בעריאָזאָווקאַ, איז מיט אַ מאַציייווע. דער צווייטער געפינט זיך לעם וואָראָביאָווי גאָרי, ווײַטלעך פון דער שטאָט, אין אַ וואַלד. הינטער אַ צוים ליגט דאָרט אַ שטיין מיט אַן אויפשריפט.

אין די דאָקומענטן פון דער אויסעראָרדנטלעכער מעלוכע־קאָמיסיע, וועלכע זײַנען צונויפגעשטעלט געוואָרן אין סאָף פון דער מילכאָמע, ווערט ווייניק דערציילט וועגן דעם, וואָס עס איז געשען אין האַראָדאָק אין איין־און־פערציקסטן יאָר. ס׳זײַנען אָנגערופן בלויז דאָס אָרט, די דאַטע און, בערערכדיק, די צאָל אומגעקומענע. אַ ביסל דערציילט זיך אויך וועגן דער געטאָ. די פּראַטים ווייס איך פון איידעס, דעריקער פון צוויי רוסישע פרויען, דער מוטער און דער טאָכטער קוקסינסקעס, געוועזענע פּאַרטיזאַנערנס. די ייִנגערע, ראַיִסע סעמיאָנאָוונע, איז געווען אַ פּאַרטיזאַנישע פאַרבינדלערן.

פון האַראָדאָק האָבן באַוויזן אַוועקגיין אַ העלפט ייִדן (די דײַטשן זײַנען אַרײַן אין דער שטאָט דעם 9—10 יול). ס׳זײַנען געבליבן אַן ערעך 880 נעפאַשעס.

קוידעמקאָל האָבן די אָקופּאַנטן „אָפּגעצייכנט" די ייִדן מיט אַ רונדער געלער לאַטע, וועלכע יעדער איינער האָט געדאַרפט טראָגן אויפן רעכטן אַקסל. דערנאָך איז דורכגעפירט געוואָרן אַ רוייבעריי. קאָרבאָנעס זײַנען געווען די ייִדן פון קאַרל מאַרקס־גאַס, סטאַראָנעוועלסקאַיאַ־גאַס און נאָך עטלעכע אַנדערע גאַסן. דער ציל פון דער דאָזיקער אַקציע איז באַשטאַנען ניט אַזוי אין דעם רויבן גופע, ווי אין דער אופהעצונג פון דער נאַציאָנאַלער סינע. די דײַטשן זײַנען אַרומגעגאַן צוזאַמען מיט פּאָליצײַען. אַרײַנרײַסנדיק זיך אין די שטיבער, האָבן זיי אַרויסגעטראָגן אויף דער גאַס דאָס האָב־און־גוטס, דעמאָנסטרירנדיק די „ייִדישע רײַכקײַט". די ניט־ייִדן איז פאָרגעלייגט געוואָרן צו נעמען פאַר זיך די דאָזיקע „רײַכקײַט", כאָטש די בעסטע זאַכן האָבן די דײַטשן צוגענומען. ס׳האָבן זיך געפונען מענטשן, אויף וועלכע דאָס האָט געווירקט. די מערהײַט אָבער האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנטיילצונעמען אין דער רויבערײַ. דאַן האָבן די דײַטשן געלאָזט אין גאַנג דראָונגען, און די שכיינים האָבן אָנגעהויבן נעמען די זאַכן. אַ סאַך פון אָט די מענטשן האָבן געבעטן מעכילע בײַ די ייִדן: „ניטאָ קיין אַנדער אויסוועג. נאָך דער מילכאָמע וועל איך דיר אַלץ אומבאַדינגט אומקערן..."

דערנאָך איז געווען אַ פּאָגראָם. („אַן עכטער פּאָגראָם, — דערציילט ראַיִסע סעמיאָנאָוונע, — וועגן אַזוינס האָב איך פריִער געלייענט אין ביכער און ניט געקאָנט זיך פאָרשטעלן, אַז עס קאָן פאָרקומען אין אונדזערע צײַטן"). די פאַשיסטן זײַנען זיך דורכגעגאַן איבער אַלע ייִדישע שטיבער. מע האָט צעקלאַפּט די פענצטער, די שפּיגלען, זיך איזדיעקעוועט איבער די אײַנוווינער.

אין אָנהייב אויגוסט, ווייניקער ווי אין אַ כוידעש אַרום נאָך דעם, ווי די היטלעריסטן האָבן פאַרכאַפּט האַראָדאָק, איז פאָרגעקומען די ערשטע צעשיסונג פון די ייִדן. די קאָרבאָנעס זײַנען געווען מאַנצבלען, קוידעמקאָל פּאַרטייִשע און קאָמיוגישע אַקטיוויסטן, סאָוועטישע טוער. דער ציל איז געווען — אָפּנעמען בײַ דער קומענדיקער געטאָ דעם גרונט־קערן, דעם קויעך, וואָס וואָלט געקאָנט אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד. אַזאַ איז געווען די געוויינלעכע טאַקטיק פון די פאַשיסטן בעשאַס דער אויסראָטונג פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין ווײַסרוסלאַנד.

גלײַך נאָך דער צעשיסונג האָט מען די איבעריקע ייִדן (אַן ערעך 500 מענטשן) אַריבערגעפירט אין געטאָ. דערשלאָגענע, אויפגעטרייסלטע פונעם פאַרלוסט פון זייערע נאָענטע, אַלס קלאַל, בלויז פרויען, זקיינים און קינדער, — זײַנען זיי אַלע געווען אויסגעשטעלט אויף אומקום. אַלע, כוץ די, וואָס זײַנען אַוועק צו די פּאַרטיזאַנער, אָדער ס׳האָבן זיי אויסבאַהאַלטן ווײַסרוסן.

ווי־אַזוי ס׳האָט אויסגעזען די געטאָ, דערציילט אידע דאָבראָמיסלאָווע (זי איז דעמאָלט אַלט געווען נײַן יאָר):

„בײַ אונדז אינעם צימער — צען מעטער די גרייס — זײַנען אַלע געלעגן אויפן דיל. ס׳איז געשטאַנען בלויז איין בעט, וועלכע ס׳האָט פאַרנומען מײַן מאַמע, ווײַל זי איז געווען מיט אַ קליין קינד.

אין דער געטאָ זײַנען אַלע געווען הונגעריק. די קינדער פלעגן דורכקריכן אונטער דעם שטעכלדראָט, אַרומגיין איבער האַראָדאָק און איבער די דערפער נאָך עסנוואַרג. איך פלעג אַרײַנגיין צו זיך אַהיים. דאָרט האָט געוווינט אַ זאָקן, בערזין. ער פלעגט טאָמיד מיר געבן קאַרטאָפל, וויפל איך האָב נאָר געקאָנט אַוועקטראָגן. די פּויערים פלעגן אויכעט געבן.

דאָס גרויסע הויז, וואָס איז געשטאַנען אין געטאָ, איז געווען מיט אויסגעקלאַפּטע פענצטער, מע פלעגט זיי פאַרשטעקן מיט קישנס, שמאַטעס. די קראַנקע זײַנען געלעגן אינעם קאָרידאָר, אין לײַז, אָן קויכעס אפילע אויף צו קרעכצן. דאָ אויפן אָרט פלעגן זיי שטאַרבן.

די דײַטשן האָבן קעסיידער אַוועקגעפירט גרופּעס צו צוואַנציק־דרײַסיק מענטשן. מער האָט די צוגענומענע קיינער ניט געזען. טיף אָסיענצײַט, ווען ס׳האָט שוין געשנייט, האָט מען אַלע איבעריקע ייִדן אַרויסגעפירט אין אַ קאָלאָנע פון דער געטאָ. ס׳איז געווען פיר אַזייגער גאַנצפרי — קעדיי קיינער פון די ווײַסרוסן זאָל עס ניט זען. די מאַמע האָט מיך אָנגעטאָן אין אַ ווינטער־מאַנטל, אַרומגעבונדן דעם קאָפּ מיט אַ וואַרעם טיכל. מע האָט אונדז דורכגעפירט איבער דער שטאָט און

איבער דעם דאָרף וואָלקאָווא. הינטער דעם דאָרף זײַנען מיר צוגעגאַנגען צו א שטײַלן באַרג־ארויף. די זקיינים־טשקעס, וואָס האָבן ניט געקאָנט ארופגיין, האָט מען דערשאָסן גלײַך דאָ. אונדז האָט מען געפירט ווײַטער, צו וואָראָביאָווי גאָרי.

די דײַטשן און פּאָליצײַען זײַנען געווען ווייניק אין צאָל. קינדער האָבן אָנגעהויבן אנטלויפן. איך בין אויך ארויסגעגאַן פון דער קאָלאָנע. קיינער האָט מיך קיין רוף ניט געטאָן. איך בין געפאַלן און האָב זיך אראָפּגעקוליעט פונעם באַרג, צו דער אָזערע. צוזאַמען מיט מיר איז פון דער מענגע ארויס עפּעס א מיידל, מיר זײַנען אינייינעם געלאָפן פינף און צוואַנציק קילאָמעטער ביזן דאָרף ווישאַדקי. דאָרט האָבן געווינט מײַנע באַקאַנטע ווײַסרוסן. אָבער דאָס מיידל האָט זיך פלוצעם דערשראָקן און איז אוועק קיין האָראָדאָק.

אין וועג האָט מיך אָפּגעשטעלט א פּאָליצײַ: „וווּהין גייסטו?". איך האָב צוגעטראַכט: „אפן וואָקזאַל, קעדיי פאָרן אהיים". ער האָט מיך אָפּגעלאָזט".

די דאַטע פון דער לעצטער צעשיסונג אף וואָראָביאָווי גאָרי איז — דער 14 אָקטיאַבער 1941. ראַיִסע קוקסינסקאַיאַ האָט דאָס אַלץ געזען מיט די אייגענע אויגן. צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע דערוואַקסלינגען האָט זי זיך פאַרבאַהאַלטן אין די קוסטעס באַם אָרט פון דער בלוטבאָד. זי דערציילט:

„די דײַטשן האָבן צעשאָסן אַלעמען, כוץ א קליינער גרופּע, וועלכע האָט געמוזט באַגראָבן די מייסים. דערנאָך האָט מען זיי אויך דערשאָסן, און די פּאָליצײַען האָבן שוין אַליין פאַרשאָטן דעם לעצטן קייווער, זייער ניט אקוראַט. בעשאַס דער צעשיסונג איז געשטאַנען א שרעקלעכער געשריי, די פאַרוווּנדעטע האָבן געקרעכצט און געשריגן, די קינדער האָבן געוויינט, די פרויען געקוויטשעט. אייניקע קינדער האָבן געפּרוּווט אנטלויפן, מע האָט זיי נאָכגעשאָסן און דערהאַרגעט. איין מיידל האָט באַוויזן דערלויפן ביז דער אָזערע, אָבער אויך זי האָט געטראָפן א קויל.

ווען איך בין צוגעגאַן צו די קוואָרים, האָבן בא מיר די האָר זיך געשטעלט קאַפּויר — די ערד האָט געאָטעמט".

בעריאָזאָווקאַ און וואָראָביאָווי גאָרי...

וואָלאָדיע אָפּענבערג — ער איז מיט מיר קימאַט אין איינע יאָרן — פירט מיך אוועק צו די טרויעריקע ערטער. אין עטלעכע טעג ארום קום איך אהין צו גיין נאָכאַמאָל, מיט אַן אַנדער היגן אײַנוווינער, יויסעף דאַכיִע.

בעריאָזאָווקאַ און וואָראָביאָווי גאָרי... צוויי ערטער אף דער ווײַסרוסישער ערד. זיי זײַנען טיף דורכגעזאַפּט מיט בלוט פון די ייִדן פון האָראָדאָק, וואָס עס באַטײַט אף רוסיש — פּאָשעט א שטעטל, און גאָר...

## כראָניק

### א יאָמטעוו פון דער ייִדישער ליד

דער מעלוכישער אקאַדעמישער כאָר פון לעטלאַנד איז לעצטנס ארויסגעטראָטן אין דער אָדעסער פילהאַרמאָניע מיט א קאָנצערט פון ייִדישע זינגלידער, וועלכע עס האָט באַאַרבעט דער קאָמפּאָזיטאָר מאַקס גאָלדין. דער טאַלאַנטפולער קאָלעקטיוו, בעראָש מיטן פאָלקס־ארטיסט פון דער לעטלענדישער סאָוועטישער סאָציִאַליסטישער רעפּובליק, דעם לאַורעאַט פון דער רעפּובליקאַנישער מעלוכע־פּרעמיע אימאַנטס צעפּעטיס האָט דעמאָנסטרירט א פּרעכטיקע מוזיקאַלע קולטור און א ראַפינירטן געשמאַק.

צווישן די ייִדישע לידער, וועלכע האָבן געקלונגען אף דער אָדעסער בינע איז קעדײַ אָנצורופן שאָלעם־אַלייכעמס „וויגליד", די פאָלקס־ניגונים „מעכוטענעסטע", „בין איך מיר א שנײַדערל", „בלײַבט געזונטערהייט" א. א.

די צושויער האָבן הארציק אופגענומען דעם קאָנצערט. אייניקע לידער האָבן די ארטיסטן געזונגען עטלעכע מאָל.

וועלי ליובטשאַנסקע
אָדעס

אירינע קאָכמאַן, אַן ארבעטערן פונעם ביראָבידזשאַנער זאַוואָד פון קראַפטס־טראַנספאָרמאַטאָרס,
איז געווען א דעלעגאַט פונעם 20־טן צוזאַמענפאָר פון אללקיופ





וואָלאָדימיר קנעפּמאַן — דעפּוטאַט פונעם בירעבידזשאַנער שטאָטסאָוועט, ארבעט אפֿן זאַוואָד
פון קראַפטס־טראַנספאָרמאַטאָרס.

•

יונגע בירעבידזשאַנער כאָקייִסטן, זיגער אינעם אַלפאַרבאַנדישן טורניר אפֿן פּריז פון
צק אַללקיופ „געפלאָכטענע פילקע״



# עמאנועל זינגעריס



געבוירן געוואָרן אין קאָוונע אין 1957. פארענדיקט דעם פילאָלאָגישן פאַקולטעט פונעם ווילנער מעלוכע־אוניווערסיטעט. אספיראנט פון דער קאַטעדרע פאר ליטע־קענטשאפט אין זעלבן אוניווערסיטעט. ארבעט איבער א דיסערטאציע אף דער טעמע „ייִדיש־ליטווישע ליטערארישע פארבינדונגען". אָנגעהויבן זיך דרוקן אין דער ליטווישער פרעסע אין 1983. פארעפנטלעכט א ריי ארטיקלען איבער די פראגן פון געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראטור אין ליטע. איז אויך טעטיק אינעם זאמלען ייִדישן פאָלקלאָר און אין איבערזעצן ייִדישע ליטעראטור אף ליטוויש. וווינט אין קאָוונע.

# די עוואָליוציע פונעם באגריף „ליטע" אין דער ליטעראטור פון די ליטווישע ייִדן

מיר קאָנען זיי איצט טרעפן אין די שטאָט־סקווערן פון קאָוונע און ווילנע. קעדיי זיך אויסזעצן, זײַנען פאר זיי שוין גענוג עטלעכע בענק. שמועסנדיק צווישן זיך, מאכן זיי שטארק מיט די הענט. לאָמיר צוגיין און א פרעג טאָן: „פונוואַנען זײַט איר, ייִדן?" זיי וועלן ענטפערן מיט א פראגע: „פונוואַנען זײַט איר, רעב ייִד?" און דערציילן: „מיר קומען פון די שטעטלעך אליטע, קראַזש, פלונגיאַן... איצטער רופן זיי זיך אָן אליטוס, קראַזשײַ, פלונגע..." — און מיט א טרויעריקן שמייכל וועלן זיי צוגעבן: „מיר זײַנען „ליטוואַקעס", און א „ליטוואַק", זאָגט מען, שטארבט ניט..."

זייער אָטעם פילט זיך אין די ייִדישע לידער פון ליטווישע פויערים, וועלכע קלינגען אף די פאַריאָסעמטע פעלדער פון זאמעט[1]. בעשאַס מע פירט בעהיימעס פון די פעלדער, פארקערעוועט מען אין פלונגיאַנער וועלדל, וואָס איז אויסגעוואקסן אף די קוואָרים פון די זאמעטער ייִדן זינט זומער 1941... עס קלינגט אין די אויערן די דויערעסדיקע ליטוואַקישע וויגליד:

אוי, פישן, פישן, איר טײַערע פישן,
כ'האָב געבראכט פאר אײַך א גוטן ביסן,
פאר אײַך האָב איך א גוטן ביסן,
מײַן קינדס נעשאָמעלע צו געניסן.

די ייִדישע קולטור אין ליטע האָט פארמאָגט איר אײגנערלעכן לעבנס־פולס. לויט אים קאָן מען אופשטעלן די אמאָליקע פאנאנדערגעבליטע צווײַג פון דעם ייִדישן קולטור־בוים.

אין מעשעך פון דער היטלער־אָקופאציע איז פארניכטעט געוואָרן דער גרעסטער טייל שעפער און די אבסאָליוטע מערהײַט לייענער פון דער ליטוויש־ייִדישער ליטעראטור. נאָך דער צווייטער וועלט־מילכאָמע האָבן די איבערגעבליבענע ייִדן אין ליטע זיך צונויפגעמישט מיט כוואַליעס פון אנדערע, אָנגעקומענע ייִדן, אָדער זיך צעשפרייט איבער פארשיידענע לענדער פון דער וועלט. זיי זײַנען שוין ניט בעקויעך געווען נאָכצוהאלטן די הונדערטעריאָריקע גאנצקײַט פון דער אָרטיקער (אין ליטע פאָרמירטער) טראדיציע, איבערגעבן די קינדער זייער דיִאלעקט און דעם באוווסטזײַן פון זייער אָרטיקער עטנישער קאָמפאקטער גרופע. די לייענער האָבן פאמעלעך אופגעהערט צו שפירן די גאנצקײַט פון דער ליטווישער ייִדישער ליטעראטור, איר ספעציפיק אין קאָנטעקסט פון דער ייִדישער ליטעראטור ביכלאַל. ס'האָט זיך איבערגעריסן די פאָרזעצונג פון דער ליטוויש־ייִדישער קולטור, וועלכע איז געווען א טייל פון דער אלגעמיינער קולטור פון ליטע.

אין 1939 האָבן אין ליטע געלעבט העכער 240 טויזנט ייִדן. נאָך דער צווייטער וועלט־מילכאָמע זײַנען געבליבן ארום 10 טויזנט. די ספעציפישע ליטוויש־ייִדישע ליטעראטור פאָרשן מיר איצט ווי א יערושע פון אן אומגעבראכטן ייִשעוו. ניט געקוקט אף דער סיסטעמאטישער פארניכטונג פון אירע דענקמעלער, וועלכע עס האָט דורכגעפירט דער אײַנזאץ־שטאב־רײַכסלײַטער ראָזענבערג, זײַנען ארויסגעראטעוועט געוואָרן גענוג מאטעריאלן, קעדיי אופצושטעלן א פאנאָראמע פון דער ייִדישער ליטעראטור אין ליטע.

---

[1] א געביט אין ליטע.

אונדזער מעגלעכקייט זיך פאָרצושטעלן דעם אָנפאַנג־פּעריאָד פון דער עוואָליוציע פונעם באַגריף „ליטע" איז באַגרענעצט דורך דער דעמלטיקער טראַדיציע פון דער ייִדיש־העברעיִשער ליטעראַטור אויסצומײַדן די טעמעס און מאָטיוון פון די „גאָלעס"־לענדער.

געקומען און זיך אײַנגעגלידערט אין ליטווישן פירשטנטום, האָבן ייִדן זיך ניט צוזאַמענגעשטויסן מיט פעלקער, וואָס האָבן געהאַט א טיפע טראַדיציע פון שטודירן טעקסטן. דעריבער אויך צוליב דעם האָבן זיי זיך ניט צוזאַמענגעגאָסן מיט די אַרומיקע קולטורן. די אַרומיקע פויערישע פעלקער זײַנען פּראָפילירט געווען אין קולטורעלן געביט אויסשליסלעך אין פאָלקלאָר־שאַפונג. ביכלאַל דאַרף מען זאָגן, אַז די וועלטלעכע ליטעראַטור אין ליטע, סײַ די ליטווישע, סײַ די ייִדישע, איז געבוירן געוואָרן רעלאַטיוו שפּעט.

די ייִדישע שרײַבער אין ליטע האָבן ניט באַנוצט אין זייער שאַפונג די פּוילישע שפּראַך און זײַנען ניט געגאַנגען אויפן וועג פון אַסימילירן זיך. פאַרן קומען אין גרויסן פירשטנטום האָבן די ייִדן דערשפּירט די ווירקונג פון אייראָפּעיִשע און מיזרעכדיקע קולטורן. אין ליטע האָבן זיי געפונען באַדינגונגען פון רעליגיעזן און קולטורעלן פּלוראַליזם, ס'איז ניט געווען קיין הערשנדיקע קולטור. עס האָט זיך געשאַפן א ספּעציפישע לאַגע, וועלכע האָט מיטגעהאָלפן דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער קולטור בלויז אויפן שפּראַך־יעסאָד פון העברעיִש און ייִדיש. אַזאַ מין פאַרשלאָסנקייט אין זיך אַליין האָט סטימולירט די אָפּוועזנהייט אין די ווערק פון ייִדישע שרײַבער אין ליטע פון דער אָרטיקער טעמאַטיק.

די אײַנוווינער פון ליטע — ליטווינער, ווײַסרוסן, פּאָליאַקן און אַנדערע — זײַנען אין די שאַפונגען פון די ייִדישע האַסקאָלע־שרײַבער און פון זייערע דירעקטע נאָכפאָלגער ניט אידענטיפיצירט געוואָרן אין נאַציאָנאַלן זין. אין דער דערמאָנטער טקופע ביזן סאָף פונעם 19־טן — אָנהייב 20־טן יאָרהונדערט פלעגן די ייִדישע שרײַבער באַזיניקן די עטנישע באַציִונגען מערסטנטייל לויטן שטאַנד מער, איידער לויט דער נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקײַט. דער פּויער פון ליטע איז אין די דאָזיקע שאַפונגען געווען אָנגערופן „א פּויער" (ער האָט געקאָנט זײַן א ליטווינער אָדער א ווײַסרוס), דער פּעאָדאַל — „א סראָרע" אָדער „א פירשט", דער פּאָרעץ — „א פּאָרעץ" (ניט קוקנדיק אויף זײַן נאַציאָנאַליטעט).

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די האַסקאָלעבאַוועגונג אין ליטע, האָבן פיל ייִדיש־ליטווישע שרײַבער אויסגעלערנט אויסלענדישע און קלאַסישע שפּראַכן און זײַנען באַווירקט געוואָרן פון דער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור. דאָ האָבן זיי זיך אויך אָנגעשטויסן אויף דער מיזרעכדיק־ביבלישער טעמאַטיק, וועלכע האָט זיך אײַנגעגלידערט אין ראָמאַנטישע ליטעראַטור־שטראָמען.

און דאָך זײַנען אין די שאַפונגען פון דעם ערשטן העברעיִשן ראָמאַניסט אַווראָם מאַפּו אויסגענוצט געוואָרן אַנאָנימע פּייזאַזשן פון ליטע. בײַסן באַשרײַבן די ראָמאַנטישע פאַרגאַנגענהייט פון ערעץ־ייִסראָעל האָט ער ניט געקאָנט אויסמײַדן די ווירקונג פון דער אַרומיקער נאַטור פון ליטע.

ביזן סאָף פונעם 19־טן יאָרהונדערט האָט זיך פאָרמירט דער דיאַלעקטישער אַנקלאַוו פון די „ליטוואַקעס" (ליטוויש־ווײַסרוסישע ייִדן) און זייער אייגענער עטנישער זעלבסטבאַוווסטזײַן. די ליטווישע ייִדן האָבן אַקטיוו זיך קעגנגעשטעלט דעם כאַסידיזם. אינעם באַוווסטזײַן פון די „ליטוואַקעס" האָט זיך פאָרמירט א געפיל פונעם אָרטיקן עטנישן פּאַטריאָטיזם. אַזוי האָט זיך אין סאָף 19־טן — אָנהייב 20־טן יאָרהונדערט פאַרפעסטיקט אין דער ייִדיש־העברעיִשער ליטעראַטור א נײַער באַגריף — „ליטע". די מעטאַפאָרע „ליטע, דאָס געבורטלאַנד" האָט זיך באַצויגן צו דער טעריטאָריע, וווּ ס'האָבן געלעבט די „ליטוואַקעס", די ייִדישע שרײַבער פון ליטע האָבן פּרעטענדירט אויף אַן אויטאָנאָמיע אינעם קאָנטעקסט פון דער אַלגעמיינער ייִדישער ליטעראַטור.

צווישן די צוויי וועלט־מילכאָמעס איז דער באַגריף „ליטע" אין דער אָרטיקער ייִדישער ליטעראַטור געווען פאַרבונדן מיט דער העראָיִק און דער געשיכטע פון די ליטווישע ייִדן, וועלכע ס'האָט געהערט דאָס אָרט, וואָס איז אין דער ליטווישער ליטעראַטור געווען פאַרנומען מיט די געשטאַלטן פון מיטלאַלטערלעכע ליטווישע פירשטן. די ייִדישע מעכאַברים האָבן געשריבן וועגן די גדולים פון דער ליטוויש־ייִדישער קולטור־געשיכטע: וועגן דעם ווילנער גאָען עליִאָהו, דעם גרויסן כאָכעם פונעם 18־טן יאָרהונדערט, וועגן דעם גראַף וואַלענטין פּאָטאָצקי (גר־צדק), וועלכער איז זיך מעגײַער געווען און איז דורכגעגאַן די פּײַניקונגען פון דער אינקוויזיציע און דער מיט פונעם 18־טן יאָרהונדערט — פאַרברענט געוואָרן אין ווילנע אויפן שײַטער; וועגן דעם גוטהאַרציקן פאָלקסמענטש, דעם וויצלער מאָטקע כאַבאַד, וועלכער האָט געכויזעקט פון די ווילנער גווירים. די אַלע היסטאָרישע געשטאַלטן זײַנען באַם פאָלק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין לעגענדעס, אין לידער און באַלאַדעס. דאָס אויפהייבן זייער אייגענע העראָיִק אין ליטע, די אַקצענטן אויף די אַלטע היסטאָרישע וואָרצלען אינעם לאַנד האָבן אָנגעשטויסן אייניקע ייִדיש־ליטווישע שרײַבער צו באַזיניקן אין זייערע ווערק ליטע אַלס היימלאַנד, אין וועלכן ס'איז מעגלעך די פאָרזעצונג פון זייער אייגענער נאַציאָנאַלער קולטור־טראַדיציע. דעם באַגריף „ליטע" האָבן די ייִדן שוין פאַרבונדן מיט דער נאַציאָנאַלער ליטווישער סוויווע. אין ייִדישע דערציילונגען זײַנען באַהאַנדלט געוואָרן, צוגלײַך מיט אַנדערע טעמעס, אויך די פּראָבלעמען פונעם אינערלעכן לעבן פון די ליטווינער.

אַזויאַרום, איז דער באַגריף „ליטע" אין דער שאַפונג פון דעם לעצטן דאָר פון די ייִדישע שרײַבער אידענטיפיצירט געוואָרן מיטן ליטווישן פאָלק, מיט זײַנע שטרעבונגען. גראָד דעמלט האָבן זיך געשאַפן דירעקטע פאַרבינדונגען צווישן דער ליטווישער און ייִדישער ליטעראַטורן אין ליטע.

■ ■ ■

באַריס מיליאווסקי

# אײן גורל און א סאַך גורלעס

## (לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" אין וואָלגאָגראַד)

זינט איך בין אַליין געוואָרן א שטענדיקער לייענער פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" און זיַין הייסער פאַרערער, האָב איך זיך גענומען זוכן, ווי מע זאָגט עס, „מיטקעמפּער", אין געגעבענעם פאַל — אַזוינע, ווי איך, לייענער. איך האָב זיך געווענדט אין דער היגער קאָנטאָר פון „סאָיוזפּעטשאַט" צו קריגן נייטיקע אָנגאַבן וועגן אונדזערע לייענער.

אַנטאָנינע סטעפּאַנאָוונא, וועלכע פירט דאָרט אָן מיטן אַבאָנירונגס-אָפּטייל, האָט מיך אויסגעהערט אופמערקזאַם, און האָגאַם זי איז גאָר ניט מעכוּיעוו צו געבן אַוועלכע-ניט-איז אָנגאַבן א זיַיטיקן מענטשן, נאָר זיַיענדיק א האַרציקע נעשאָמע און פאַרשטייענדיק מיַין איניען, האָט זי איבערגעשריבן פאַר מיר די נומערן פון אַלע פּאָטשט-אָפּטיילונגען, וווּהין עס קומט אָן דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", און מיר איז געבליבן בלויז אויסקלאָרן אויפן אָרט די אַדרעסן און די פאַמיליענעמען פון די אַבאָנענטן.

איך וויל זאָגן פון פריִער, אַז בעשאַס מיַין באַקאַנען זיך מיט די דאָסראָוו באַיאָרטע מענטשן, בייס אונדזערע שמועסן, זיַינען פאַר מיר דורכגעגאַנגען גורלעס און געשעענישן, אידעס און אַנטיילנעמער פון וועלכע עס זיַינען געווען אָט די מענטשן, און עס האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט א וועלט פון דעם שוין אָפּגעוויַיטערטן פאַר מיר „אָוואַר", פון די יאָרן פון גרויזאַמע קאַליוויעס, וואָס האָבן אופגעטרייסלט און איבערגעשטאַלטיקט די גאַנצע וועלט.

און אָט האָב איך אָפּגערוקט אַלע מיַינע דיַיגעס אין א זיַיט און בין צוגעטראָטן צו דער „סאָציאָלאָגישער אויספאָרשונג" פון די לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" אין דער שטאָט וואָלגאָגראַד.

דער נאָענטסטער פון זיי, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, וווינט גלײַך אַנטקעגן מיר, אויף דער צווייטער זיַיט גאַס, און איך האָב ניט געוווּסט וועגן זיַין עקזיסטענץ בלויז דערפאַר, וואָס זיַין זיַיט גאַס געהערט צו אַן אַנדער פּאָטשט-אָפּטיילונג, איידער מיַינע.

שמועל אַלטערמאַן, אַזוי הייסט מיַין שאָכן. אים קאָן מען האַלטן פאַרן עלטסטן אין אַלע הינזיכטן: סיַי אין זיַין עלטער, סיַי אין די יאָרן, דורכגעלעבטע דאָ אין שטאָט, סיַי אין זיַין לייען-סטאַזש. צווישן די לייענער איז ער דאָ דער סאַמע היגער, שוין קימאַט זעכציק יאָר, ווי ער וווינט אין וואָלגאָגראַד. קוקנדיק אויף דעם ריַיכן מיט יאָרן מענטשן, וועלכער האָט ניט אָנגעוווירן די לעבנס-ענערגיע און דעם ווילן צו טאָן וואָס מער און וואָס בעסער, הערנדיק זיַין אַרט דערציילן, הערסטו ניט אויף זיך כידעשן, וויפל א מענטש קאָן איבערלעבן און אַריַינטראָגן אין לעבן.

שמועל אַלטערמאַן איז געבוירן געוואָרן אינעם שטעטל רעזשיצע, לעטלאַנד, אין 1902. אין סאָף 1918 פאָרט די מישפּאָכע אַריבער קיין ריגע. שמועל קומט אָן לערנען אין דער רעאַלער שול, וועלכע ער פאַרענדיקט אין צוויי יאָר אַרום, דינט בא פאַרשיידענע באַלעבאַטים אַלס קאָנטאָרשטשיק און קאַסירער, שליסט זיך דערביַי אַקטיוו איַין אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. אין סאָף פון די צוואַנציקער יאָרן פאָרט ער אַריבער אין סאָוועטנפאַרבאַנד, באַזעצט זיך אין סטאַלינגראַד. א יונגער, קרעפטיקער יאַט, הייבט ער אָן אַרבעטן אויף א בויונג, פאַרענדיקט א מעכאַנישן טעכניקום און פאַרבינדט אויף וויַיטער זיַין גורל מיט דעם מעטאַלורגישן זאַוואָד „קראַסני אָקטיאַבער".

באַם געגנטלעכן פּאַרטיי-קאָמיטעט איז דעמלט געווען אַן אָפּטייל פאַר די נאַציאָנאַלע מינדערהיַיטן. ס'האָבן פונקציאָנירט אין דער שטאָט נאַציאָנאַלע קלובן: א דיַיטשישער, א טאָטערישער און א ייִדישער.

דער היפשער ייִדישער ייִשעוו איז אין צאַריצין אַנטשטאַנען בייס דער ערשטער וועלט-מילכאָמע, דאָסראָוו — פון פּליטים און פון ייִדן, פאַרשיקטע מיצאַד דער צאַרישער רעגירונג פון דער ביַי-פראָנט-ליניע.

אין אָנהייב פון די דריַיסיקער יאָרן האָט מען אין דער שטאָט אָרגאַניזירט א זעלבסטעטיקן ייִדישן טעאַטער, און איינער פון זיַינע אָרגאַניזאַטאָרן איז געווען שמועל אַלטערמאַן. ער איז אויך געווען צווישן יענע, וועלכע האָבן אַלס שעליכים פון דער סטאַלינגראַדער געזערד-אָרגאַניזאַציע געשאַפן דעם ייִדישן קאָלווירט „סטאַלינדאָרף", וועלכער האָט עקזיסטירט ביז זומער 1942. דער קאָלווירט האָט זיך געפונען לעבן דער שטאָט קאַלאַטש-אויפן-דאָן.

— אַן עלטערער אינזשעניר אויף פּענסיע, — זאָגט מיר שמועל אַלטערמאַן, — האָב איך ניט אויף וואָס זיך צו קלאָגן, אָט איז די מאַטושקע-וואָלגאַ, אָט איז מיַין זאַוואָד...

צו דער ייִדישער ליטעראַטור איז ער ווי שטענדיק צוגעבונדן מיט דער נעשאָמע. וועגן „סאָוועטיש היימלאַנד" זאָגט ער אַזוי:

— אונדזער זשורנאַל איז בא מיר אַלע פינף און צוואַנציק יאָר אונטער דער האַנט...

אין דער היסטאָרישער העלדן-שטאָט אויף דער וואָלגע באַגעגן איך זיך אָפט מיט די לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד", רעד מיט זיי אין טעלע־

פאַן... קוידעמקאָל זײַנען דאָס באַיאַרטע מענטשן — וועטעראַנען פון דער מילכאָמע און פון דער מי: אווראָם באַלאַק, גיטע ווײַסבערג, פּינכעס שטייניק, יאַנקעוו בורמאַן, לייב ליפּאָווסקי, די שוועסטער זיסל און כײַע טעפּער, מירע פּענקאָוויטש און אַנדערע, פאַר וועמען דאָס לייענען „סאָוועטיש היימלאַנד" איז געוואָרן אַן אָרגאַנישער באַשטאַנדטייל פונעם לעבן. מיט איינע גייט דאָס מאַמע־לאָשן שוין אַ סאַך יאָרן, אַנדערע האָבן זיך אומגעקערט צו דעם, ס'איז זייער קינדהײַט און יוגנט. פאַראַן אויך יונגע לייענער, וועלכע האָבן גענומען דעם וועג צו דער שפּראַך פון זייערע עלטערן און אורעלטערן. פאַר זיי איז ייִדיש זייער הײַנט און זייער מאָרגן. מע דאַרף אָפּמערקן, אַז צווישן די וואָלגאָגראַדער טוישווים פונעם מיטעלן דאָר (מיסטאָמע, פּונקט אַזוי, ווי צווישן ייִדן אין אַנדערע ערטער) קאָן מען טרעפן אַזעלכע פאַרערער פון „סאָוועטיש היימלאַנד", וועלכע רופן זיך אַליין, שמייכלענדיק, — „הערער", דאָס הייסט, זיי פאַרשטייען ייִדיש, אָבער קענען ניט לייענען און דעריבער הערן זיי אויס די מאַטעריאַלן, וואָס זײַנען פאַרעפנטלעכט אינעם זשורנאַל, פונעם מויל פון זײַערע מער גענויטע קרויווים און באַקאַנטע.

איניקע יונגעלײַט שטעלן הײַנט די ערשטע טריט אינעם באַהערשן דאָס מאַמע־לאָשן און אָבאָנירן זיך אויפן זשורנאַל, האָגאַם זיי פאַרשטייען דערווײַל גאָר ווייניק פון דעם, וואָס זיי לייענען. וויפל מענטשן — אַזויפיל גורלאָלעס, און וועגן יעדן איינעם קאָן מען אָנשרײַבן אַ פאַרצייכענונג...

צווישן די אָבאָנענטן פון „סאָוועטיש היימלאַנד" אין וואָלגאָגראַד איז פאַראַן איינער אַ רוסישער באָכער, אַנדריי פּאָפּאָוו. געבוירן איז ער געוואָרן אין 1965, איצט פאַרענדיקט ער דעם מעדיצין־אינסטיטוט. זײַנע עלטערן, מיליציע־אָפיצערן, זײַנען זייער פאַרנומענע מענטשן, און אַנדריי פלעג אין דער קינדהײַט פאַרברענגען גאַנצע טעג בא זייערע שכיינים, אַן אַלט ייִדיש פּאָרפאָלק, וואָס האָט אים פאַרביטן די באָבע מיטן זיידן. האָט ער פון קינדווײַז אָן געהערט ייִדיש, געזען דאָס פּראַווען ייִדישע יאָמטויווים. דאָס האָט אים געשטויסן אָנצוהייבן דערלערנען די שפּראַך. אין 1984 האָט ער זיך אָבאָנירט אויפן זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", און זינט דעמלט איז ער אַ לײַדנשאַפטלעכער לייענער.

# כראָניק

## „ראָטשילדס פידל" אַף דער באַשקירער בינע

„ראָטשילדס פידל" איז אַ נײַער ספּעקטאַקל פונעם באַשקירישן מעלוכע־טעאַטער פון אָפּערע און באַלעט. די דאָזיקע אָפּערע האָט געשאַפן לויט א. פּ. טשעכאָווס דערציילונג מיטן זעלבן נאָמען דער קאָמפּאָזיטאָר וו. פליישמאַן נאָך אין די פאַרמילכאָמע־יאָרן.

דער קאָמפּאָזיטאָר איז אַלט געווען אַכט־און־צוואַנציק יאָר, ווען ער איז פרײַוויליק אַוועק אויפן פראָנט און איז אומגעקומען אין די שלאַכטן פאַר לענינגראַד. פליישמאַנס אַרבעט האָט רעדאַגירט און צוגעגרייט פאַר אַן אָרקעסטער ד. ד. שאָסטאַקאָוויטש אין 1943. אין 1960 איז די אָפּערע אויסגעהערט געוואָרן אינעם קאָמפּאָזיטאָרן־פאַרבאַנד פון פססר, און אין 1962, נאָכן אויספירן זי דורך ראַדיאָ, האָט מיט איר זיך באַקאַנט אַ ברייטער קרײַז צוהערער.

די צושויער, וועלכע זײַנען בײַגעווען אַף דער פּרעמיערע פון דער אָפּערע, האָבן וואַרעם אופגענומען דעם אויספירער פון דער פּאַרטיע פונעם הויפּט־העלד בראָנזאַ — נ. שיק, די פאַרדינסטפולע אַרטיסטן פון דער באַשקירישער אססר ג. כאַלדייעווא, ז. גאַזיזאָווא, די סאָליסטן פונעם טעאַטער א. קוטשימאָווא, ג. קאַראַבאָוו, פּ. לאַטיפּאָוו, א. גאַניעוו, דעם סטודענט פונעם פערטן קורס פון דעם קונסט־אינסטיטוט וו. בעלאָוו.

נ. גרעטשאַניק

# ביכער-גראַפיק



## קינסטלער
## מאַרק איבשמאַן

מאַרק איבשמאַן איז געבוירן געוואָרן אין 1949 אין מאָסקווע. פאַרענדיקט דעם קינסטלעריש-גראַפישן פאַקולטעט פונעם מאָסקווער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט אף וו. אי. לענינס נאָמען און אָנגעהויבן אַרבעטן אין דער ביכער- און געשטעל-מאַלערײַ-גראַפיק. זיך באַטייליקט אין אַ רײ אויסשטעלונגען פון יונגע מאָלער און קינסטלער-גראַפיקער. לויט דער באַשטעלונג פונעם פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“ און פון אַנדערע פאַרלאַגן אויספּאַרמירט אַ רײ ביכער פון ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער. אַוטאָר פון רעקלאַם-פּלאַקאַטן פאַר דער שאָר-גרופּע „פּרײַלעכס“ און פון רובריקעס פאַרן זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“.




הילע פון דער זאַמלונג „אין אונדזערע טעג“




שמוצטיטל צו דער זאַמלונג „אין אונדזערע טעג“



אילוסטראַציע צו וו. מאַיאַקאָווסקיס ליריק

אילוסטראַציע צו פּ. קאַפקאַס „אין דער פאַרניכטונגס-קאָלאָניע“

ציכענונג צו דער הילע פון כ. ביידערס לידער-זאַמלונג

אילוסטראַציע צו דאַנטעס „געטלעכער קאָמעדיע“








Con breves reseñas intervienen Alexandr Lokshín (Moscú): "Pilota del océano de memorias", sobre la edición bibliográfica en varios tomos "Historia de la Rusia prerrevolucionaria en diarios y memorias"; Igor Krúpnik (Moscú): "Nuevos estudios de jóvenes orientalistas en el campo de la hebraística"; Ala Márkova (Leningrado), que escribe sobre las "Obras Escogidas" del poeta húngaro Miklós Radnóti y Alexéi Míller (Moscú), que trata del anuario búlgaro "Godíshnik-86".

El apartado "Nuestras noticias" presenta la investigación "Los colofones en las ediciones incunables en hebreo", de Semión Yakersón (Leningrado).

A la pintura están dedicados los artículos "Exposición: un experimento", de William Méiland (Moscú), sobre la 17ª muestra de jóvenes pintores moscovitas en la calle Kuznetski Most; "Enamorado de todo lo vivo", de Oleg Barkán (Moscú), sobre el animalista Alexandr Tsukermán, de 33 años, autor de más de 1.500 dibujos; "Artistas, preparad vuestros pinceles", de Roman Spéktor (Moscú), sobre los escenógrafos Mijaíl Yajilévich y Borís Minkovski.

La música es el tema de los artículos "Que suene la música", de Marina Vainshtéin (Leningrado) y "El aniversario de la sección de la nueva canción judía en la revista "Soviétish Heimland", de Vladímir Bitkin (Kishiniov).

En el "Club de discusiones" toman parte Víctor Lenzon (Moscú), que opina sobre los problemas del teatro judío contemporáneo, abordados en el artículo "El título y la esencia", de A. Kordúner (revista "Teatrálnaia zhizn", N° 21, 1986); Alexandra Aijenvald (Moscú), con su réplica a las notas críticas de L. Vílsker acerca de su artículo "Formación del idioma hebreo moderno como experimento lingüístico", publicado en el primer número juvenil de nuestra revista; y los jóvenes escritores L. Berinski, B. Sándler, G. Estraij y F. Jaimóvich, que debaten, en mesa redonda, sobre las perspectivas del desarrollo de la literatura en yiddish.

Mark Kupovetski (Moscú) ofrece sus notas históricas "Los judíos en Moscu".

En la sección "Tierra natal" publicamos los ensayos "El shtetl Gorodok", de Daniíl Romanovski (Leningrado); "Páginas lituanas", de Emanuelis Zíngueris (Kaunas), y "Encuentros con compatriotas", de Borís Miliavski (Volgogrado).

La lámina pictórica está consagrada a la obra de los jóvenes artistas M. Yajilévich y B. Minkovski.

Las obras de los jóvenes escritores judíos, representados en el número, están ilustrados por pintores, cuales pertenecen también a la generación de post-guerra: Alexandr Radutski,, Irina Frénkel, Igor Ganikovski, Olga Rytman, Mark Ibshman y Borís Minkovski.

★

**Suplemento: "En los días de tormenta",**
**recopilación de relatos de escritores judíos,**
**dedicada al 70° aniversario de la Revolución de Octubre.**

